ש. טענענבוים

# דיכטער און דורות




ניו־יאָרק,

1955

# Poets and Generations

*Essays and Miniatures*

By S. TENENBAUM



Copyright, 1955, By S. Tenenbaum
New York, N. Y.



Address of the Author:
*SHEA TENENBAUM*
45-35, 44th Str. Sunnyside L.I.





בדפוס „נאָבעל" אָפסעט קאָ. (שלום ווײנרײך)

***Printed in U.S.A. by***

**NOBLE OFFSET & PRINTING CO.**
**400 Lafayette Street**
**New York 3, N. Y.**

דאָס בוך „דיכטער און דורות" הייליק איך
צום אָנדענקען פון מיינע יונג־פאַרשטאָרבענע
שוועסטער און ברידער:

זאב־וועלוול טענענבוים (1951־1889)

שרה יערקע וויינטרויב (1912־1883)

חייה פיגה שערמאַן (1921־1895)

חנה׳לע יענטע טענענבוים (1904־1900)

יונה אהרן טענענבוים (1915־1893)

דבורה׳לע טענענבוים (1905־1904)

דער מחבר.

# אין לאַמענט נאָך דעם גרויסן מענטש און קינסטלער אברהם רייזען

אין דעם גרויסן אוצר פון אברהם רייזענס פּאָעזיע — ווי איך דענק, אַרום זעקס טויזנט לידער — האָט דער פּאָעט אַ ליד וואָס ווערט ווייניק ציטירט. איך האָב עס געפונען אין אַן אַלטן וואָלום פון זיין פּאָעזיע. דאָס ליד גייט אַזוי :

ניִשט אַלץ האָב איך אייך אויסגעזאָגט
אין ליד אויף דעם פּאַפּיר —
אוי, וואונדן פיל פאַרבאָרגענע,
זיי ליגן נאָך אין מיר.

זיי זיינען סודות שרעקלעכע,
כ'האָב איִיך זיי נישט געטרויט :
זיי זיינען פינצטער ווי די נאַכט,
און גרויזאַם, ווי דער טויט.

אָ, שטאַרבן וועלן זיי מיט מיר,
איך וועל זיי נעמען מיט —
און זאָל אפילו פרעגן גאָט,
אים זאָגן וועל איך ניט ! . . .

נישט קיין דיכטערישער קאַפּריז איז דאָס ליד. רייזענס אַלע לידער האָבן זייער אורשפּרונג, אורזאַך און פעסטע סיבה. דאָס ליד דייטעט אָן אויף אַ סך עוולהס, וואָס מען איז באַגאַנגען אַנטקעגן ריי־זענען. אָבער רייזען האָט אַלץ פאַרשוויגן. רייזען האָט געזען אַ סך אומגערעכטיקייט אפילו אין דער שרייבערישער דזשאָנגל־וועלט. און די דזשאָנגל־וועלט האָט רייזענען, העכסטנס, אַ גרויסן דאַנק איר, טאָלערירט. די סנאָבן פון דער קאַפּע האָבן אויף רייזענען געקוקט ווי אויף אַן אַלטן דזשיאַד, אַ בטלן, וואָס זאָגט אַלעמען אַ טייער וואָרט. מען האָט זיינע לידער טאָלערירט. מען האָט שטילערהייט זיינע רע־דעס אויסגעלאַכט. מען האָט זיך אָנגעטשעפּעט אין זיינע ליטעראַרישע רעוויוס אין אהרן קאַרלינס „די פעדער". רייזען פלעגט דערויף זאָגן :
— די אַלע וואָס איך לויב נישט — אַטאַקירן מיך פאַר דעם וואָס איך לויב אַנדערע יאָ . . .

אברהם רייזען איז געווען אַקטיוו אויף באַנקעטן, היימישע שמחות, ליטעראַרישע אָוונטן און לוויהס, אָבער ער איז קיינמאָל נישט געווען קיין ספּעקטאַקולערע פיגור. קאָנגרעסן און קאָנפערענצן האָבן מיט אים נישט געטומלט. מען האָט אים איינגעלאַדן אויף יוצא צו זיין. מען האָט אים נישט געשיקט אויף אינטערנאַציאָנאַלע וואַיאַזשן. מען האָט זיינע ווערק נישט איבערגעזעצט אין קיין וועלט־שפּראַכן. מען האָט אים אפילו אין די ברענענדיקע ניו־יאָרקער זומערן אויף

קיין גרינער דאַטשע נישט געשיקט. אפילו אויף דער גרויסער פאָלקס־פייערונג לכבוד זיין 75־יאָריקן יובילײ, האָבן געלויכטן מיט זייער אָפּוועזנקייט די ליטעראַרישע מאַסקעס פון צדיקים און הייליקע . . . מען האָט אים אַזוי דראַמאַטיש קיין ארץ ישראל נישט איינגעלאַדן. פון דעם „פינף און צוואַנציק טויזנט דאָלער פאָנד”, וואָס מען האָט פּראָקלאַמירט צו זאַמלען פאַרן פּאָעט, האָט מען קוים צונויפגעשלעפּט אַ פּאָר טויזנט דאָלער. און וועגן דעם הויז, וואָס מען האָט געפּלאַ־נעוועט לכבוד אים אויפצושטעלן, אַ גרויס הויז פאַרן דיכטער און זיין פאַמיליע, האָט מיר רייזען אַליין געזאָגט, אין אַ פּרעכטיקן שאַרזש, וואָס ער האָט אַמאָל גאַנץ פיין באַזעסן און געוואָגט אַרויסצוזאָגן, קיי־נער זאָל, חלילה, נישט הערן:

— מייך הויז וועט זיין אַ וואונדערלעך הויז. אויבן, אויפן העכסטן גאָרן, וועט וואוינען רייך דער סעקרעטאַר פונם פאָנד . . . אויפן מיטלסטן גאָרן וועט וואוינען דער פּאַרזיצער. אויפן פּאַרטער — דער פינאַנצירער . . . אין פינצטערן קעלער וועט אפשר אויך זיין אַ שטיקל פּלאַץ פאַרן פּאָעט . . .

דעם דאָזיקן וויץ ציטיר איך נישט חלילה פון דער ביבליאָטעק פון זכרון, נאָר דירעקט פון מיין טאָג־בוך, דאַטירט: פון 11טן יולי, 1951.

---

פאַראַן פּאָעטן וואָס רעדן נישט. איך קען אַ היפּשע צאָל אַזעל־כע. זיי האָבן מורא טאָמער וועלן זיי ביים מאַרמאָרנעם טישל פון קאַפע, פּראָוואָצירט פון וויין און פון די רייד פון אַנדערע דיכטער, פאַרלירן אַמאָל אַ געדאַנק, אַ פּלאַן פון אַ דערציילונג, אַ שטיק שיל־דערונג פון אַ נאָוועלע. זיי האַלטן טייער אַלע זייערע רייד פאַרן לי־טעראַרישן ווערקשטאַט, פאַר דער פּייעוו־קוויטניע, וואו זיי שמידן די אייזערנע פּאָדקאָוועס פון קינסטלערישן דערפאָלג.

אָבער אברהם רייזען האָט שטענדיק גערעדט. איך פלעג אפילו באַוואונדערן זיינע רעדעס אויף פאַרזאַמלונגען. דאָס זיינען געווען רעדעס, פול מיט וויסן און מיט קענטעניש פון דעם אידישן שאַפן דורך די דורות. אברהם רייזען, ווי ביאַליק, ווי פּרץ, ווי די גרויסע שמוע־סער אין דער עליזאַבעטישער עפּאָכע, אין דעם לאָנדאָן פון באָסוועל און פון זיינע גרויסע קאָלעגן — האָט זייער פיל גערעדט. און פּערל זיינען געגאַנגען פון זיין מויל. ער האָט גערעדט מיט ליבשאַפט. און, ווי באַקאַנט, אין ליבשאַפט — נישט אין שנאה — ווערן געבוירן גרויסע אידעען, געניאַלע געדאַנקען און זעאונגען. די גאַנצע נאַ־טור, זאָגט ערגעץ וואו לעאָנאַרדאָ דאַ ווינטשי, עפנט זיך צו דיר, ווען דוהאָסט ליב. אַ מימאָזע וועט זיך איינציען פאַר דעם ברוט, אָבער אַ בלום וועט זיך רייך עפענען צו דעם, וואָס באַשטראַלט איר מיט זיין ליבנדיקן בליק. די פרוי וועט זיך וואונדערלעך אַנטפּלעקן מיט אַלע אירע שיינקייטן פאַר דעם, וואָס זינגט צו איר אַ סאָנעט. און אַזוי האָט פאַר רייזענען זיך אינטים אַנטפּלעקט די וועלט פון לעבן און פאָרמען. ווייל ער האָט זיך האַרציק אַראָפּגעבויגן צו אַלע זאַכן מיט דער טיפישער ליבע פון זיין האַרצן. (ווער ווייס אויב זיין האַרץ

איז נישט געווען דאָס סאַמע גרעסטע ביי אַ מענטש פון אונזער צייט).

איינע אַזאַ וואָרט־פּערל איז מיר געבליבן אין זכרון. ׳ דאָס איז געווען ביים ליטעראַרישן טישל אויף איסט בראָדוויי. רייזען האָט דערציילט :

— מיט יאָרן צוריק איז דאָס געווען. נאָך פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה. איך בין געגאַנגען אין וואַרשע אויף אַ טומלדיקער גאַס, דאַכט זיך אַז אויף די נאַלעווקעס, צי אויף די גרויסע מאַרשאַל־קאָווסקע. פּלוצלינג, איר הערט, אידן, אַזוי ווי איך דערצייל אייך, איז דאָס געווען, האָב איך דערהערט אַ קרעכץ. מילא, מען הערט אַ קרעכץ און מען גייט ווייטער. אָבער דאָס מאָל בין איך ממש אויפּ־געציטערט געוואָרן. איר הערט, אידן, אַזאַ קרעכץ האָב איך צום ערשטן מאָל געהערט אין מיין לעבן. איך קוק זיך אַרום : אַן על־טערער איד גייט נעבן מיר, איילט זיך ממש, ווי מען וואָלט אים גע־יאָגט מיט בייטשן, און קרעכצט אַרויס טיף פון האַרצן : „אוי !״ דער „אוי״ האָט מיר געלעכערט דאָס האַרץ. אַזאַ פּראָסטן, קורצן, אָבער האַרצרייסנדיקן קרעכץ פון אַ איד האָב איך נאָך ביז היינט נישט געהערט. עס האָט ממש געלעכערט אַלע זיבן הימלען. איך האָב, פאַרשטייט זיך, געוואָלט געוואויר ווערן וואָס דעם איד פעלט, אים אפשר מיט עפּעס העלפן, אָבער דער איד, נאָכן אויסקרעכצן, איז ממש פאַרשוואונדן געוואָרן פון די אויגן. איך האָב אָפּגעשטעלט אידן אין גאַס : אידן, האָב איך געזאָגט : אפשר האָט איר דאָס געזען, אָט־ערשט, אַ אידן, דעם אידן, וואָס האָט געקרעכצט ? נו, האָבן מיך דאָך די אידן אָנגעקוקט ווי אַ משוגענעם. און זיי האָבן דאָך רעכט געהאַט. היינט פאַרשטיי איך דאָס : גיי און זוך אַן איינציקן אידן וואָס קרעכצט, ווען אַלע אידן נעבעך קרעכצן . . .

**ווער ווייסט, האָב איך געטראַכט, אפשר איז ׳דאָס נישט געווען קיין פשוטער איד. (און וועלכער איד איז דען יאָ אַזוי פשוט ? . . .) אפשר איז דער איד געווען אליהו הנביא. אפשר האָט ער דעמאָלט געקרעכצט פאַר אַ אידישן פּאָעט אויפן גורל פון די אידן אין פוילן, אויפן מזל פון די אידן אין דער וועלט.**

די דאָזיקע קינסטלערישע פּערל פון רייזענס מויל ציטיר איך אויך פון מיין טאָג־בוך. עס איז אסור ליטעראַרישע פיקציע.

---

זאָל דאָ דערמאָנט ווערן אברהם רייזענס אַ וואונטש, וואָס אפשר, אפשר וועלן די קומענדיקע דורות אים רעאַליזירן. איינמאָל, זייענ־דיק ביי רייזענען אין הויז, איז דער פּאָעט געווען באַזונדערס אין אַ גוטער שטימונג. געוויינלעך האָט ער שטענדיק גערעדט וועגן יענעם. די מערסטע שרייבער טוען פאַרקערט : זיי רעדן נאָר וועגן זיך. איך געדענק ווי איינמאָל זאָגט צו מיר לעאָ פינקעלשטיין אין אַ רעסטאָראַן אויף בראָדוויי :

— כ׳האָב געזען ז. סעגאַלאָוויטשן. ער האָט זיך צוגעכאַפּט צו מיר און האָט גערעדט גאַנצע דריי שעה וועגן זיך . . . איך בין שיעור אַוועקגעפאַלן . . .

אָבער נישט נאָר סעגאַלאָוויטש האָט גערעדט וועגן זיך. דאָס איז אַ קללה אַזאַ ביי אידישע שרייבער. (ווער ווייסט: אפשר אויך ביי וועלט־ליטעראַטן). אָבער רייזען האָט דורך זיין גאַנץ לעבן גע־רעדט וועגן יענעם וועלכע גרויסע מעלה פון אַ מערקווירדיקן כאַ־ראַקטער דאָס איז, קען מען קוים אָפּשאַצן. אָבער יענעם אָוונט האָט רייזען געבראָכן דאָס אייז. און ער האָט מיר געזאָגט:

— איך חלום די לעצטע יאָרן פון אַ געזאַמלטע אויסגאַבע פון אַלע מיינע לידער און פון אַלע מיינע דערציילונגען אין אַ באַגרענעצ־טער צאָל בענדער. דער פאָרמאַט פון די ביכער באַדאַרף זיין אַ גרויסער. די אותיות זאָלן זיין פון פעטיט. און דער זאַץ זאָל גיין אויף ביידע זייטן פונם בלאַט. פאַר אַ מוסטער האָב איך זיך גענומען די אַלטע אויסגאַבן פון, לאָמיר זאָגן, די ענגלישע קלאַסיקער. די ווערק פון בייראָן, פון טעקערייי, צי פון דיקענס, ווערן אַזוי אַרויסגע־געבן. ווען איך וואָלט האָבן געלט, וואָלט איך אַרויסגעגעבן אַזאַ אויסגאַבע פון אַלע מיינע ווערק . . .

לאָמיר דאָ צוגעבן: רייזען איז אפשר דער איינציקער שריי־בער וואָס האָט אויסגעהאַלטן די געפערלעכע פייער־פּראָבע פון זיין אַ אידישער שרייבער: ער האָט זיין פּען צו קיינעם נישט פאַרקויפט. ער האָט ביי קיין שום מעצענאַט קיין געלט נישט גענומען. ער האָט קיין בוך אַליין נישט אַרויסגעגעבן. ער האָט זיינע ווערק אַליין נישט פאַרשפּרייט. ער האָט קיינעם נישט געשמייכלט צוליב אייגננוצן. און ער האָט דאָך געקענט אַזוי לייכט געשטרויכלט ווערן: ער האָט געקענט האָבן די גרעסטע מעצענאַטן. עד האָט דאָך געקענט, מיטן פאַרבויגן אַביסל פון זיין כבוד, אַרויסגעבן די לוקסוריעזסטע אויסגאַבן. רייזען האָט אויסגעהאַלטן די גיהנום־פּראָבע פון זיין אַ אידישער שרייבער. ער איז געבליבן ריין ביזן לעצטן טאָג — ביזן לעצטן אָוונט — פון זיין גרויסן לעבן.

---

בעת מיינס אַ באַזוך ביי רייזענען, שטעלט פרוי רייזען אַוועק דאָס אַש־בעכערל נעבן אים, אויף אַ טישעלע. רייזען פילט זיך גע־שטערט. ער ווערט כמעט אויפגערעגט. ער זאָגט:

— נאָר דעם אַש האָט זי אין זינען. וואָס ווילסטו האָבן פון דעם אַש? אַש איז דאָך אַ ריינע זאַך, אַ שיינע זאַך, אַש איז דאָך אַ פאַרגעניגן אָנצוזען. באמת, איך וואָלט אומעטום אויסגעשאָטן אַביסל אַש . . . שטענדיק גייט זי מיר נאָך מיטן אַש־בעכערל . . . הער אויף, שׂרהלע, איך בעט דיך, אַש איז אַ וואונדערלעכע זאַך . . . דו קענסט גאָרנישט פאַרשטיין ווי שיין ס׳איז אַ ביסל אַש . . .

---

איינמאָל האָב איך געטראָפן רייזענען אויף צוויי און פערציקסטע גאַס. ער פלעגט ליב האָבן אין אַ שבתדיקן נאָכמיטאָג צו גיין אין קינאָ „אַפּאָלאָ", זען אַן אויסלענדישן פילם. בשעת אַזאַ צוזאַמענ־טרעף זאָגט צו מיר רייזען:

— איך פאַרבעט אייך אין אַ רעסטאָראַן. קומט, מיר ווען

טרינקען אַ גלעזל וויין. איר וועט עפּעס צובייסן.

איך, וויסנדיק אַז רייזען איז ניט קיין גרויסער גביר, זאָג צו אים: — אַן אַנדערש מאָל, טייערער רייזען.

רייזען: וואָס איז, איר טרינקט נישט קיין וויין? איר זענט דאָך אַ דיכטער און פון אייער וואָרט פינקלט דאָך מיט פייער. קומט מיט מיר, מיר וועלן אויסטרינקען אַ ביסל וויין . . .

איך: נישט היינט, רייזען.

רייזען: זעט, דאָס געפעלט מיר שוין נישט. איך פאַרבעט אייך פאַר אַ גלעזל וויין און איר ווילט מיט מיר נישט טרינקען. וואָס, איר שעמט זיך אפשר צו זיצן מיט אַן אַלטן איד אין רעסטאָראַן? איך האָב אויך אַמאָל אויסגעזען ווי איר. איצט בין איך שוין אויף דער עלטער . . .

איך: רייזען, וואָס פאַלט אייך איין? זיך צו שעמען מיט אייך? איר זענט דאָך אַ קעניג מיט אַן אָרעאָל פון שטראַלנדיקן גאָלד אַרום אייער קאָפּ. איך טרינק נישט קיין אַלקאָהאָל . . .

רייזען: קעניגן זיינען מיר אַלע . . . איר זענט אַ גרעסערער קעניג פאַר מיר . . . וואָס איז, אייך קומט נישט קיין קרוין? זיי ווייסן דען וואָס איר שרייבט? באמת, אייער עסיי וועגן „דאָן קי־כאָט" איז דאָך אַ מייסטער־ווערק. איך האָב דאָך ביי אייך געלערנט ליטעראַטור. קומט אַריין, וועלן מיר טרינקען אַ גלעזל וויין. וואָס, עס טויג חלילה נישט פאַר אייך קיין וויין, זאָגט איר, דאָס איז שוין אַן אַנדערע זאַך. קראַנק מאַכן וויל איך דאָך אייך נישט. פאַרקערט, איך וויל אַז דער וויין זאָל אייך גוטס טאָן . . . נאָר אויב דער דאָק־טאָר האָט אייך פאַרבאָטן, טאָרט איר נישט טרינקען. סיי ווי, איר זענט שטענדיק שיכּור. אפילו אָן וויין. נו, ווייסט איר וואָס, קומט, וועלן מיר טרינקען אַביסל סאָדע־וואַסער. סאָדע־וואַסער מעגט איר דאָך טרינקען, האַ? סאָדע־וואַסער שאַדט נישט. אפשר גאָר אַ גלעזל טיי . . .

איך האָב געמוזט מיט רייזענען טרינקען טיי. עס איז געווען פאַרנאַכט. דורך די שויבן פון קאַפע האָבן גענומען פאַלן שטיקלעך פלאַמענדיקער אַש פון דער אונטערגייענדיקער זון . . . רייזען האָט אויסגעזען מיד און דורכזיכטיק. די זון האָט געפלאָכטן אַ גאָלדענעם לאָרבער־קראַנץ אויף זיין בלאַסן שטערן . . .

**דעם דרייצנטן נאָוועמבער פון יאָר ניינצן הונדערט צוויי און פופציק האָב איך צום לעצטן מאָל באַזוכט אברהם רייזענען. איך ציטיר פון מיין טאָג־בוך:**

**„איך בין היינט געווען ביי אברהם רייזען. ווען איך בין אַריינ־געקומען אין זיין צימער, בין איך געווען שטאַרק דערשראָקן: איך האָב פאַר זיך דערזען רייזענען זיצן אויף דער סאָפע, זייער אַ בלאַסן, מיט אַ קליינעם, איינגעשרומפּענעם פּנים. דאָס טיפּישע פּנים פון אַ מת. זיין נאָז איז געווען שפּיציק. ס'האָט זיך מיר דערמאָנט שעק־ספּירס פראַזע, ווען פאַלסטאַף שטאַרבט: „היס נאָז איז שאַרף לייק עי פען". רייזען האָט געטראָגן אַ שוואַרצן אַנצוג. אויפן טיש איז גע־**

שטאַנען אַ פלאַש מיט בראָנפן. עס איז געלעגן אַ שטיקל געלער, שווייצאַרישער קעז. מיר דאַכט אַז דאָס האָט געבראַכט דער פּאָעט נחום יוד. נחום יוד איז געזעסן אין צימער.

ווען איך האָב רייזענען געפרעגט צי אַ פּאָרטרעט פון אים, וואָס איז געהאָנגען אויפן וואַנט, איז פון אַ געוויסן מאָלער, האָט רייזען מיר געזאָגט, אַז איך זאָל דאָס בילד נישט לויבן. ווייל נאָכדעם ווי ער האָט געזען מאָדיליאַני'ס אויסשטעלונג, קען ער נישט זען קיין שום אַנדערן מאָלערס בילדער . . . ער דענקט אַז ער האָט אפילו געקענט מאָדיליאַני. ווארעם אין יאָר 1924 איז ער, רייזען, געווען אין פּאַריז, און ער פלעגט אין דער קאַפע „לאַ ראָטאָנד" זען די אַלע קינסטלער. ער האָט אַוודאי, צווישן די פּאַריזער באָהעמען, געזען אויך דעם שווינדזוכטיקן איטאַליענישן איד, וואָס האָט געמאָלן ווי מיט פייער. קיין צווייטער ווי מאָדיליאַני, זאָגט רייזען, איז נישטאָ . . .

עס קומט צו רייד וועגן סאָוועט־רוסלאַנד. און רייזען דערמאָנט זיך פון די יאָרן ווען ער איז געווען ביים צאַרישן מיליטער אַ מוזי־קאַנט. ער דערציילט מיט זיין טיפישער ליבשאַפט וועגן פיינע רוסן, וועגן דער פרייהייט וואָס ער האָט געהאַט ביים רוסישן מיליטער. ער לויבט דאָס רוסישע פּאָלק אונטער די צאַרן. עס איז געווען, זאָגט ער, אַ גרויס; טייער פּאָלק. און אפילו שוחד ביי די צאַרישע טשינאָוו־ניקעס איז די אידן שטאַרק צונוץ געקומען. אַדאַנק „לאַפּואוקע" האָט מען זיך געקענט דורכדרייען אין די שטעט, וואו עס איז אידן געווען פאַרבאָטן זיך אויפצוהאַלטן. אַז עס פלעגט קומען אַ פּריסטאַוו אין שטעטל און ער האָט נישט גענומען קיין כאַבאַר, איז געווען פאַר די אידן אַן אומגליק . . .

רייזען דערמאָנט זיך פון זיינע איבערלעבענישן אַלס קלאַרנע־טיסט ביים צאַרישן מיליטער. איינמאָל, ווען ער האָט זיך געוואָלט אַרויסגנבענען פון קאַזארמע, צוליב אַ ראַנדעוואו מיט אַ שיינע מיידל, האָט ער זיך אָנגעטאָן אין אַן אָפיצערסקן שינעל. אָבער דער עלט־סטער האָט אים געפּאַקט און גוט אויסגעמוסרט . . .

אפשר, וועגן יענעם שיינעם מיידל, מיט אַ סך יאָרן צוריק, האָט דאָס רייזען אָנגעשריבן איינס פון זיינע צאַרטסטע און איידלסטע לידער:

„איך האָב אויך דורכגעלעבט
דעם אינערלעכן שטורעם
אין יענע שיינע טעג
פון שטראַלן און פון גאָלד ·
אין גאַנג אַרויפקוקן
צום זייגער אויפן טורעם,
ווען זי האָט אָנקומען
פון עלטערנס היים געזאָלט . . .

און דאָס פאַרשפּעטיקן
אויף עטלעכע מינוטן,
וואָס ס'האָט מיט פּינקטלעכקייט
דאָס קלוגע קינד געטאָן;

ביז דו' האָסט פאָרט דערזען
איר שמייכלען דיר אַנטקעגן,
ווען זי, גאָלד־שטראַלנדיק,
קומט שענער, קליגער אָן.

דאָס ציטריק גריסן זיך,
דאָס מורמלען און דאָס שווייגן,
דאָס לאָזן זיך דערביי
צום קילן, שטילן פּאַרק,
די באַנק אין דער אַלעע,
דער גרינער רויש פון צווייגן,
דער זיידענער, ליבער בליק,
וואָס האָט געבונדן שטאַרק".

דער טיש איז געגרייט מיט ווײַן און מיט ליקער און מיט שטיק־לעך לעקעך מיט שווייצאַרישן קעז . . . עפּעס שרעקט מיך דער דאָזיקער טרויעריק־יום־טובדיקער טיש . . . עפּעס פיל איך אַז דאָס איז אַן אומעטיקער באַנקעט . . . אַז אויבנאָן זיצט אין זיין שוואַרצן סמאָקינג דער מלאך המות . . . עס איז זיין באַנקעט . . . רייזען איז זייער בלאַס. זיין פּוס איז פאַרבאַנדאַזשירט. רייזען איז מאָדנע אָפּ־געצערט. ער מיידט אויס צו ריידן וועגן זיין קראַנקהייט, ווי ער האָט זיין גאַנץ לעבן אויסגעמיטן וועגן זיך צו ריידן. איך דערמאָן זיך ווי איך האָב דאָ באַזוכט רייזענען אין יאָר 1935, ווען איך בין געקומען קיין אַמעריקע . . . איך דערמאָן זיך ווי איך האָב רייזענען נאָך פריער געזען אין אַנטווערפּן, אין יאָר 1929, אויף זיין דורכרייזע קיין סאָוועט־רוסלאַנד . . . פון האַרצן רייסט זיך אַרויס אַ געוויין. טרערן שטיקן אין האַלז, אין די אויגן. נאָר מען מוז אַלץ דערשטיקן. איך טרינק אַ גלאָז ווײַן. איך קיי אַ שטיקל שווייצאַרישן קעז, וואָס נחום יוד דערלאַנגט מיר. איך באַטראַכט די בילדער אויף די ווענט. רייזען האָט ליב געהאַט מאָלעריי. ער האָט ליב געהאַט מוזיק. זיין נעק־סטער שכן פלעגט זיין דער גרויסער אידישער מאָלער אברהם מאַ־ניעוויטש און רייזען פלעגט אים שטענדיק לויבן מיט ליבשאַפט. אויך פלעגט ער זיך פאַרהאַלטן האַרציק מיטן טאַלאַנטפולן מאָלער אברהם לעווין.

איך קוק אויפן אומבאַהאָלפענעם רייזען. פון האַרצן גייט לאַ־מענט: זע ווי דער קעניג ליגט דאָ אַ געפאַנגענער . . . זע ווי דער קעניג איז פאַרבלוטיקט פון דער טויטלעכער וואונד . . .

איך געזעגן זיך און רייזען דריקט מיר שטאַרק די האַנט . . . איך פיל, אַז ער געזעגנט זיך מיט מיר אויף אייביק . . . און, ער לאָזט גריסן די קאָלעגן, די גוטע ברידער . . .

גרויסע שטערן האָבן געלויכטן פון הימל. איך האָב פאַר זיך געמורמלט רייזענס איבערדיכטונג פון ספר קהלת:

„אַלץ, מיין זון, איז גאָרנישט,
אַלץ איז נאַרעריי:
ס׳גייט דאָס גאַנצע לעבן,
ווי אַ ווינט פאַרביי.

און צו וואָס דאָס מיען
פון דעם מענטש אויף דר׳ערד,
ווען די אַלע גליקן
האָבן ניט קיין ווערט?

אַלע קוואַלן פאַלן
אין דעם ים אַריין;
און דער ים קאָן פולער
אַלץ דערפון ניט זיין.

דורות גייען, קומען —
ווייס ווער — ווער זיי טרייבט?
בלויז די ערד די איינע
אַלץ די זעלבע בלייבט.

וואָס עס איז געוועזן,
דאָס וועט זיין צוריק, —
ס׳בייטן זיך די מענטשן,
דאָך די זעלבע שטיק . . .״

---

דעם פינפטן אַפּריל פון יאָר ניינצן הונדערט דריי און פופציק איז אין דאָזיקן שיינעם פרילינגס־טאָג געווען די לויה פון דעם גרויסן

און טייערן אברהם רייזען. איך בין שפּעט נאָכמיטאָג אַהיימגעקומען און איך בין אַריינגעגאַנגען אין פּאַרק. עס איז געווען פֿאַרנאַכט. ביים אָפּגרונט פֿון סאַבוויי איז געשטאַנען דער גריכישער מאַן מיטן קיישל בלומען. די בלומען האָבן אין צופּאַלנדיקן אָוונט אַרויסגע־קוקט פֿול מיט מידקייט און מיט טרויער. דער פֿאַרנאַכט איז געווען אַ טינט־בלויער. מיידלעך זיינען דורך דער נאַכט געגאַנגען ווי פֿאַר־כישופֿטע פּרינצעסינס. די זון וואַרפֿט נאָך לעצטע שטיקער גאָלד. די נאַכט גיסט אויס אורנעס מיט בלויע אַש און בלויע קאָלירן. אין פּאַרק, אונטער אַ בוים, איז געזעסן אַ מיידל און זי האָט געמאָלן אַ בילד. זי צייכנט צאַרטערהייט אויפֿן לייוונט די נאָענטסטע בוימער. זי וואַרפֿט אָן די ערשטע פֿאַרבנפּלעקן. די לאַנדשאַפֿט אַנטוויקלט זיך. דאָס צאַרטע מיידל מאָלט אַ צאַרטע לאַנדשאַפֿט אין דאָזיקן צאַרטן און טרויעריקן פֿרילינגס־טאָג. מיידל דינע און זילבערנע, צי ווייסטו אַז היינט האָט מען ברוטאַל און באַרבאַריש אַריינגעלייגט אין דר׳ערד אַ גרויסן דיכטער פֿון אַלטן פֿאָלק ?!

אָבער, טראַכט איך, רייזען איז פֿריינטלעך אפֿילו צו די זעמדע־לעך, וואָס רינגלען אים אַרום. רייזען איז פֿריינטלעך צו די וואָרצלען פֿון די בוימער און פֿון די פֿלאַנצן, וואָס נידערן אין דר׳ערד צום דיכטער מיט גרויס געגנאָד. זיי קומען דאַנקען דעם פּאָעט וואָס האָט זיי אַ גאַנץ לעבן באַזונגען. אמת, אין זיין דערציילונג האָט רייזען כמעט די נאַטור נישט געשילדערט. די מענטשן זיינען פֿאַרדאַגה־טע. זיי זעען כמעט נישט גאָטס אָנגעצונדענע לאַנדשאַפֿט. זאָל רייזענס פּראָזע־ווערק זיין געווידמעט בלויז דעם שטילן, צער־פֿולן מענטש. אָבער אין זיין ליד עפֿנט רייזען רייך און איידל אויף די פּאַנאָראַמע פֿון דער נאַטור. דאָס ליד האָט ער געווידמעט צו בוים און בלום און בלעטל גראָז און צו אַלע שטילע און ציטעריקע נאַטור־וועזנס, אין דינסטן ניואַנס דיכטעריש אַרויסגעבראַכט . . .

---

איך וויל זיין אַליין אין דעם דאָזיקן פֿאַרנאַכט פֿון גרויסן טאָג פֿון רייזענס לויה. איך טוליע זיך צו די שאָטנס פֿון די בוימער. היינט איז דער פֿינפֿטער אַפּריל פֿון יאָר 1953. די הימלישע טויערן עפֿע־נען זיך. רייזען איז געקומען אין הימל אַריין. אים פֿירט ביי דער האַנט אַן אַלטער איד. אליהו הנביא פֿירט דעם דיכטער וואָס האָט דאָ אויף דער ערד פֿאַרטראַכטן דעם פֿלאַץ און די ראָלע פֿון אליהו הנביא. ביידע אידן גייען מיט געבראָכענע טריט . . . רייזענס פּנים איז פֿאַרגאָסן מיט טרערן . . . אליהו הנביא וויינט ביטער . . .

עס ברענען בליציק די לאָמפּן אין הימל. יעדער לאָמפּ איז אַ שטערן. עס קומט אַנטקעגן אַ געשטאַלט. אליהו הנביא זאָגט צו רייַ־זענען:

— דאָס איז געקומען פּרץ אייך צו באַגריסן.

און פּרץ, זיין פּנים פֿול מיט טרערן, נעמט אַרום און האַלדזט אברהם רייזענען.

— מייסטער ! — זאָגט רייזען, — איך בין אייך געטריי געבליבן דורך די אַלע יאָרן. איך האָב, וואו נאָר אַן אויער פֿון אַ איד, אייער

נאָמען דערמאָנט . . . איך האָב געליבט אייערע ווערק, אייער חכמה און אייערע גרויסע קענטענישן. איך בין געווען אייער געטרייער תלמיד.

— אמת, אמת ! — זאָגט פּרץ. — איר זענט מיר געטריי געבליבן. איר זענט געטריי געבליבן אייער פאָלק. איר האָט אויסגעהאַלטן דעם גרויסן עקזאַמען : דאָס לעבן. ס'האָט גאָט אייך מיט אַ האַרץ באַ־שאָנקען, זעלטן צווישן די מענטשן . . . איך האָב אייך געזען זיצן קראַנקערהייט אויף דער פייערונג לכבוד דער אַנטהילונג פון מיין מאָנומענט . . .

פּרץ וויל נאָך עפּעס זאָגן . . . נאָר עס רייסן זיך אַריין מחנות שאָטנס און געשטאַלטן. אליהו הנביא רעכנט אויס :

— מענדעלע דער זיידע, שלום עליכם דאָס אייניקל, און די זיינען יעקב דינעזאָן און ש. אַנסקי און יצחק יואל לינעצקי און ביאַליק. און אָט קומען ערשט אָן מאָריס ראָזענפעלד, מאָריס ווינטשעווסקי, דוד עדעלשטאַדט, יוסף באָוושאָווער . . .

רייזען דריקט אַלעמען האַרציק די בלאַסע הענט . . . ער האַלזט זיך מיט אַלעמען . . .

— עס קומען אָן גאַנצע מחנות דיכטער און שריפטשטעלער ! — זאָגט אליהו הנביא. — אָט זיינען משה נאַדיר, משה לייב האַל־פּערן, זישע לאַנדוי, אברהם משה דילאָן, אבא שטאָלצענבערג, ראובן גראַנאָווסקי, ש. אַדלער . . . און אָט קומען אָן ווייסנבערג, קאַציזנע, יהושע פּערלע, הערשעלע, ישראל שטערן, שלמה גילבערט, פּרץ אָפּאָטשינסקי, משה שימעל . . . און זיי, רייזען, דער־קענט איר דאָך אַוודאי : אסתר רחל קאַמינסקאַ . . . דר. יצחק שי־פּער, נח פּרילוצקי . . . זיי רייסן זיך אַלע אומצוהאַלזן דעם דיכטער... און צוויי פּאָעטן שטייען אין אַ זייט און זיי ווילן אייך באַזונדערס זען : ר' שלמה איבן גבירול און ר' משה איבן עזרא . . .

רייזען רייסט איבער אליהו הנביא :

— אוי, ר' שלמה איבן גבירול און ר' משה איבן־עזרא וויל איך שטאַרק זען . . . איך וויל זיך פאַר זיי אַנטשולדיקן טאָמער האָב איך נישט ריכטיק איבערגעזעצט זייערע לידער . . . אפשר האָב איך אַנדערש אויסגעטייטשט אַ שורה . . . כ'מיין, איך האָב געמיינט גוט, נאָר . . . מען איז דאָך אָפּגעוואוינט פון לשון קודש . . . אַמאָל אַ וואָרט, דאַכט זיך . . .

— איר האָט אונז וואונדערלעך איבערגעזעצט ! — זאָגן איינע נאָך די אַנדערע די צוויי אידעלע שאָטנס צו רייזענען . . . איר האָט אונזערע בלומען געשענקט פרישן טוי און מיר האָבן ווידער געלויכטן אין אייער ליד.

— טייערע ברידער־דיכטער, אייער פּאָעזיע, וואָס דאָס פאָלק האָט פאַרוואַנדלט אין תפלה, לעבט ביים פאָלק שוין טויזנט יאָר . . . אָבער מיינע לידער — ווער ווייסט צי אין עטלעכע דורות וועלן אידן וויסן פון מיין נאָמען . . .

— רייזען, אייער ליד וועט אויך ווערן תפלה ביים פאָלק . . . דעמאָלט וועט עס לעבן צען טויזנט יאָר . . . — הערט זיך אַ שטימע פון די פּאָעטן.

— יהודה הלוי און עמנואל הרומי ווילן אייך שטאַרק זען! — מעלדעט אליהו הנביא. און צוויי דינע, אײדעלע שאָטנס דערנעענ־טערן זיך . . .

— אוי, פון אייך האָב איך דאָך דאָס גאַנצע לעבן געחלומט אייך צו זען . . . איך האָב זיך דאָך שטענדיק מחיה געווען מיט אייער פּאָעזיע. דעם הייליקן נאָמען יהודה הלוי האָב איך דאָך טויזנטער מאָל אויף מיינע ליפּן דערמאָנט . . . נישט דער אַראָבער האָט אייך דערשטאָכן, נאָר איר זענט געשטאָרבן אויף דער ישראלדיקער ערד פון דער אייביקער וואונד אין האַרצן, ווי היינע וואָלט געזאָגט. און אייך, טייערער עמנואל הרומי, האָב איך דאָך שטענדיק באַוואונדערט: אייער הומאָר, אייער רייכע פּאָעזיע. איך פלעג דאָך כסדר ציטירן אייער וואונדערלעך ליד „גיהנום און גן־עדן״:

שוין ליבערשט גיהנום, איידער דער גן־עדן
האָב איך אַריינגענומען זיך אין זינען:
דאָסבעסטע קען מען דאָך ביי דיר געפינען,
די שענסטע פרויען און די צאַרטסטע פריידן.

וואָס פאַר אַ מחותן בין איך מיט גן־עדן?
פאַרזעעניש בלויז מיט אויגן, וועלכע רינען,
און באבעצעס מיט בראָדעווקעס נאָך דרינען —
ס׳איז נודנע לאַנגווייליק, נישטאָ גאָר וואָס צו ריידן.

אָ, דו גן־עדן! האָסט צענויפגענומען
אַלץ, וואָס איז אַלט, געפּעלערט און נישט שיין —
דאַריבער ווילט זיך מיר צו דיר נישט קומען!

דו גיהנום! ציסט מיך צו מיט ליבע און מיט חן,
דאָרט שפּילן יונגפרויען אין פּראַכט און ציר — — — —
דאָס שענסטע טוט געפינען פלאַץ ביי דיר!

(פון העברעאיש: י. י. שוואַרץ)

רייזען האַלזט זיך מיט ר׳ יהודה הלוי און עמנואל הרומי . . . אַרום פלאַטערן מיליאָנען יאָמערנדיקע נשמות.

— ווער זיינען זיי? — פרעגט רייזען.

— דאָס זיינען די נשמות פון די זעקס מיליאָנען. זיי זיינען יאָ־מערנדיקע געקומען אייך באַגריסן. זיי יאָמערן טאָג און נאַכט. דער גאַנצער הימל ווערט פאַרקלונגען פון זייערע לאַמענטן . . . די הימלי־שע שטורעמס קענען נישט פאַרשטילן זייער יאָמער . . .

רייזען ברעכט אויס אין אַ געוויין. ער הויבט אויף זיינע ביידע הענט אין דער הויך און ער גריסט די יאָמערנדע נשמות. ער רייסט זיך צו זיי . . .

— מאַכט זיך גרייט, אברהם רייזען. דער רבונו של עולם וויל איך זען . . .

— איר מאַכט פון מיר חוזק, ר׳ אליהו! — זאָגט רייזען.

— אין הימל מאַכט מען נישט קיין חוזק. ס׳האָט גאָט ביי אייער געבורט אייך געקושט אין שטערן און אַריינגעקושט אין אייך אַלע אייערע גאָלדענע לידער . .. איצט וויל אייך דער רבונו של עולם זען פערזענלעך . . .

— איר מאַכט אַ טעות, ר׳ אליהו, נישט מיך, נאָר היינריך היי־נען האָט גאָט געקושט אין שטערן . . .

— אייך אויך, רייזען. נו, מאַכט זיך גרייט . . .

— וואָס רעדט איר, ר׳ אליהו? ווי וועל איך קענען קוקן גאָט אין פנים אַריין?

— איר וועט קענען, רייזען. איר האָט זיך נישט וואָס צו שעמען מיט אייער לעבן אויף דער ערד. איר האָט אַלעמען געטריי געדינט. דעם מינדסטן ליידנדן האָט איר אָפּגעגעבן כבוד. קיין איינציקן טאָג און קיין איינציקע נאַכט איז אייך נישט געגאַנגען לאיבוד. איר האָט יעדער רגע ליב געהאַט. אייער פּאָעזיע איז געווען געבעט, תפילה, תהלים. גייט צו דרייסט צו גאָט און פאַרנויגט אייך פאַר זיין מאַ־יעסטעט. אָט גיב איך אייך איצט איבער אין די הענט פון —

— פון וועמען? — פרעגט רייזען. — ר׳ אליהו הנביא, אום גאָטס ווילן, פאַרלאָזט מיך נישט אין גאַנג צום רבונו של עולם . . . איך ציטער . . .

— איך וועל אייך באַגלייטן. אָבער צו גאָט אַליין פירט אייך אַ גרעסערער פאַר מיר.

— ווער, ר׳ אליהו? בכלל זוך איך נישט קיין „גרעסערע״. ווער איז נאָך אַזוי גרויס ווי איר, ר׳ אליהו? באמת, דאָס פאָלק האָט דאָך אייך אַזוי ליב . . .

— אָט קומט ער אָן. איר זענט זיין גרויסער תלמיד. קוקט אין זיין שטראַלנדיקן פנים. איר דערקענט אים? ס׳איז דוד המלך!

— דוד המלך? געוואַלט, אידן, איר טוט מיר אָן שוין צופיל כבוד. ניין, דאָס קען איך שוין נישט פאַרטראָגן. נאָך אַלעם, ווער בין איך דען, וואָס איר טוט מיר אָן אַזויפיל כבוד?

— טייערער אברהם רייזען! אַזוי האָט הקדוש ברוך הוא גע־הייסן. ס׳איז אַ באַפעל: די פּראָפעסיאָנעלע ליטעראַטן אויף דער ערד האָבן אייך נישט אָפּגעגעבן דעם פאַרדינטן כבוד. אייער אמתן כבוד קריגט איר אין הימל . . . אָט קומט טאַקע אָן דוד המלך . . .

ביידע, רייזען און דוד המלך, נעמען זיך האַרציק אַרום. די אויגן ביי ביידע זיינען פאַרגאָסן מיט טרערן.

— אוי, אייער תהילים, ס׳איז דאָך אמתע פּערל. און איך, אָרע־מער דיכטער וואָס איך בין, ווי האָב איך געקענט וואַגן אין אידיש איבערצוזעצן פון אייער גרויסן „תהילים״, און פון אייער זונס „קהלת״, און פון „שיר השירים״, וואָס אפילו היינע, דער גרעסטער ליבע־דיכטער, האָט אַזוינס נישט געקענט אָנשרייבן . . . בכלל

אי׳ז קיין גרעסערער פון אייך, מאַיעסטעט און געבענטשטער דיכטער, אויף דער וועלט נישט געוועזן . . .

— אַ דאַנק, ר׳ אברהם רייזען! — זאָגט דוד המלך — איך האָב אַלע אייערע לידער געלייענט. איר האָט אין האַרצן מער ליבשאַפט פון מיר. דער קעניג, דער פּאָליטיקער, דער מלחמה־סטראַטעג און דער גענעראַל איז געשטאַנען אין וועג דעם דיכטער אין מיר . . . נו, מיר דערנעענטערן זיך צו דעם וואָס לעבט אייביק . . .

— יאָ, אָבער מיט איין באַדינג! — זאָגט רייזען.

— וואָס פאַרלאַנגט איר, ר׳ אברהם רייזען? אַלץ וואָס איר פאַרלאַנגט, וועט צו אייך דערפילט ווערן. איר זענט אין הימל, נישט אויף דער ערד . . .

— איך בין אַוודאי גרייט צו באַגעגענען דעם וואָס לעבט אייביק. עס איז דער גרעסטער כבוד וואָס מען טוט מיר אָן . . . איך האָב פון אַזוינס נישט געקענט חלומען אפילו . . . אָבער אָן די זעקס מיליאָן נשמות ריר איך זיך נישט פון אָרט. מיט זיי צוזאַמען וויל איך גיין צום רבונו של עולם . . .

— אייער ביטע איז דערפילט! אַלע זעקס מיליאָן יאָמערנדיקע נשמות וועלן אייך באַגלייטן אויף אייער ראַנדעוואו מיטן אַלמעכטיקן...

— און איך וויל פרעגן גאָט פאַרוואָס ער האָט דערלאָזן אויסצו־שעכטן זעקס מיליאָן הייליקע אידן . . .

— איצט שווייגט, ר׳ אברהם רייזען. איר וועט פאָרלעגן אייע־רע טענות פאַרן אויבערשטן אַליין. פריער לאָזט מיך אייך אָנטאָן מיין גאָלדענע קרוין אויף אייער געזאַלבטן קאָפּ . . .

— אוי, ר׳ דוד המלך, לאָזט אָפּ . . . וואָס טויג דאָס אייך? בין איך דען אַ קיסר? איך האָב מיין גאַנץ לעבן אפילו געווייכט פונם וואָרט „בלוט״. איר קענט דאָס נישט געפינען אין קיין שום ווערק מיינס . . . איך וויל נישט, ניין, איך וויל נישט קומען צו גאָט מיט קיין גאָלדענע קרוין . . . בעסער זאָל איין נשמה פון די זעקס מיליאָן פאַרשאָלטענע נשמות, מיר אָנטאָן אַ זאַק מיט אַש אויף מיין קאָפּ . . . מיט אַש און ערד אויף מיין קאָפּ — אַזוי אָרום וויל איך קומען פון פאַר די אויגן פון גאָט . . . און איך וועל פרעגן דעם רבונו של עולם פאַרוואָס . . .

— אייער פאַרלאַנג איז דערפילט, ר׳ אברהם רייזען . . . אָט דערנעענטערט זיך די נשמה פון אַ קליין אידיש אינגעלע מיט אַ זאַק פול מיט אַש און ערד . . .

רייזען בויגט איין זיין קאָפּ צום וויינענדיקן קינד, ווענס פנימל איז אויסגעשמירט אין טרערן. אַש און ערד פאַלט אויף רייזענס גרויען קאָפּ . . .

— שרעק דיך נישט, קינד מיינס, טייער אידיש אינגעלע . . . ווי הייסן דיינע טייערע, הייליקע טאַטע־מאַמע? אוי, אַ געזונט אין דיין ליכטיק קעפּל אַריין . . . אוי, אַ לעבן אויף דיר . . . טו אַזוי, וואַרף אַרויף דעם זאַק מיט אַש אויף מיין קאָפּ, און קום מיט מיר, אידיש קינד מיינס, צום רבונו של עולם . . .

אַלע דריי גייען פּאַראויס: דוד המלך, אברהם רייזען און דאָס אויף קויל דורכגעברענטע אידישע אינגעלע. און איבער זיי שוועבן ווי ווירבל־ווינטן געוואַלטיקע וואָלקנס מיט פּאַרסמאַליעטע, אויף אַש און אויף שטויב פּאַרשרפהטע נשמות. רייזען קוקט זיך יעדער ווײַלע
צי' אום די נשמות פּאָלגן אים נאָך . . .

און פּאָרויס ווערט אַלץ ליכטיקער, שטראַלנדיקער: זיי דער־נעענטערן זיך צום אומגעהויערן טראָן פונם רבונו של עולם . . .

רייזען גייט פּאַראויס, מיט דרייסטע טריט און מיט אָפענע, טרערן־פאַרגאָסענע אויגן . . . רייזען האַלט ביי דעם אַש־בלויען הענטל דאָס אינגעלע. דוד המלך, אומגעווײנלעך־הויך, האַלט רייזע־נען אונטערן אָרעם . . . רייזען האָט נישט קיין מורא . . . ער גייט פרעגן גאָט: פּאַרוואָס? . . .

ניו־יאָרק, 29 אַפּריל, 1953.



# די שקלאַפֿין פֿון מאַלאַגאַ

(דערציילונג)

עס איז געווען פֿאַרנאַכט. די זון איז פֿאַרגאַנגען און אָנגעוואָרפֿן אויפֿן הימל גאָלדענע, פֿלאַמענדע אימאַזשן. שטיקער פֿייער האָבן אַרויס־געפֿלאַמט, אַרויסגעכליפּעט פֿון די וואָלקנס און זיך פֿאַרלאָשן, זיך פֿאַר־וואַנדלט אין אַש.

ר׳ שמואל הנגיד איז געזעסן אויף אַ שטיין.

עס איז געווען אַזוי גוט צו זיצן אויף אַ פּשוטן שטיין, אין מיטן דעם פֿריושענעם פֿעלד, אַרומגערינגלט מיט בוימער און מיט בלומען. האָט ער דען נישט אַ גאַנץ לעבן, נאָכדעם ווי ער האָט דערגרייכט רום און מאַכט, געטרוימט ווידער צו זיין אָרעם, ווידער זיך צו פֿאַרוואַנדלען אין אַן איינזאַמען מאַן, וואָס האָט ליב די שטילקייט, וואָס קען טרינקען די שיינקייט פֿון דער נאַטור און דעם וויין פֿון חכמה, וואָס קוואַלט אַרויס פֿון אַלטע, רייכע ספֿרים. דער ריח פֿון ערד, פֿון פּשוט אויפֿגעאַקערט פֿעלד אין פֿרילינג. אַ פֿעלד וואָס ציט זיך אין דער אומענדלעכקייט אַריין — אַ בוים וואָס לויפֿט צווישן שטיינער, בוים־וואָרצלען און רויט־אָנגעצונדענע ערד — ווי שיין דאָס אַלץ איז! ווי גוט דאָס איז צום האַרצן. און ר׳ שמואל הנגיד דערמאָנט זיך אין דער שטילקייט פֿון דעם פֿאַר־נאַכט אין מאַלאַגאַ, וואו ער האָט איינזאַם געלעבט, איינזאַם און אָרעם. ווי האָט ער זיין גאַנץ לעבן געטראַכט וועגן זיינע ערשטע יאָרן...

דאָס איז געווען אין זיין צוואַנציק־יאָריקן עלטער. זיינע האָר זיינען נאָך דעמאָלט געווען פּעך־שוואַרץ, אַזוי ווי די האָר פֿון די נביאים, פֿון די ביבלישע העלדן. זיין פּנים — ווייס ווי שניי. און די אויגן — לויכטנ־דיק ווי גאָלד. ער זעט זיין פֿאַרטרעט אַציגד אינם הימל, איינגעפֿאַסט אין אַ ראַם פֿון גאָלד, וואָס די זון האָט פֿון איר האַרץ אויסגעגאָסן. ער איז געווען יונג און מוטיק. און ער האָט געהאַט גרויס אַמביציע. ביי־טאָג פֿלעגט ער שטיין אין זיין קרעמל און לייזן ביי די שטעטלדיקע שפּאַניער און אידן אויף פּרנסה. פֿרויען פֿלעגן אַריינקומען מיט אַן אויס־רייד עפּעס צו קויפֿן. ער האָט געזען ווי אין זייערע אויגן צינדן זיך פֿייערלעך אָן, ווען זיי קוקן אויף אים. זיי האָט גערייצט די הויכע, שלאַנקע פֿיגור זיינע, שלאַנק און אויסגעשטרעקט, ווי אַ שווערד. און דער שמייכל מיט וועלכן ער באַגילדט זיינע רייד. אַ דינער, איראָניש־שמערצפֿולער שמייכל. דער שמייכל פֿון אַ אידן וואָס איז דורכגעגאַנגען דעם מאַרטירער־וועג פֿון דער אידישער געשיכטע, אַ זון פֿון די נביאים, אַן אור־אייניקל פֿון די אָבות...

שיין זיינען געווען די פֿרויען, וואָס פֿלעגן אַריינקומען אין ר׳ שמואל הנגידס קרעמל. פֿרויען, אַזוי ווי זיי וואָלטן אַרונטערגעגאַנגען פֿון זייערע הייליקע בילדער, געמאָלן מיט גאָלד און מיט פֿייער.

עס זיינען געקומען די שענסטע פֿרויען פֿון מאַלאַגאַ, און די רייכסטע, די וואָס האָבן זיך פֿאַרשטאַנען צו פּוצן, צו שמירן אין טייערע זאַלבן, צו קויפֿן די שענסטע פֿערפֿיומען פֿאַר זייערע לייבער. און זיי

האָבן ליב געהאַט צו גיין אין בשמים־קרעמל צום דאָזיקן געהיימניש־פולן איד, וואָס האָט זיך נישט געלאָזט פּראָוואַצירן דורך זייערע קאָמ־פּלימענטן צו אים, דורך זייער אָנציענדער דערשיינונג.

אָבער ווי נאָר די נאַכט פלעגט צופאַלן, פלעגט ר׳ שמואל הנגיד זיך צוריקציען אין זיין קליינעם, פּריוואַטן חדרל. דאָס קרעמל האָט ער פאַרמאַכט און פאַרפּאַנצערט מיט אַן אייזערנעם פּרענט, וואָס האָט שוין היפּש געזשאַווערט. און אין זיין איינזאַמקייט פלעגט ער איצט פאַר־ברענגען מיט ספרים.

אין חדרל האָט געברענט אַ קליינער לאָמפּ, וואָס האָט אַרויסגעגעבן אַ קוים־באַלויכטנדיקן ליכט. דאָס געלע, דאָס האַניק־צאַרטע ליכט איז געפאַלן אויפן מעש פונם צעבויגענעם חנוכה־לאָמפּ ; אויף צוויי פון צייט אויסגעקרימטע, גאָלדענע לייכטער, וואָס ר׳ שמואל הנגיד האָט געבראַכט פון זיין פאָטערס הויז, פון קאָרדאָוואַ, ווען ער האָט גע־מוזט אין יאָר 1013 אַנטלויפן, ווען סולאַמין, דער קעניג פון בערבערי, איז אָנגעקומען מיט אַן אַרמיי פון אַפריקע. דאָס ליכט האָט באַלויכטן אַ בלעכענעם שפּיגל, אין וועלכן זיין טייערע מוטער האָט זיך פון קינד־ווייז אָן געשפּיגלט און — אַ סך ספרים, וואָס זיינען געווען צעוואָרפן אין אַלמער, אויפן בעטל, אויף די בענקלעך. צווישן די ספרים — דער תלמוד, וואָס ר׳ שמואל הנגיד האָט ליב געהאַט. און ספרים פון גריכישע און לאַטיינישע, פון אַראַבישע און העברייאישע פּאָעזיע. ספרים וועגן אַסטראָנאָמיע און מאַטעמאַטיק און אַלערליי אַנדערע וויסנשאַפטן און, דער תנ״ך.

די נעכט פלעגן פאַר ר׳ שמואל הנגיד פאַרשוואונדן ווערן ווי קורצע מינוטן פון גליק. פּאָעטן פון די פאַרגאַנגענע צייטן זיינען, ליכטיקע ווי די זונען, אויפגעגאַנגען אין דאָזיקן קליינעם חדרל. די פּאָעזיע וועגן ליבע און פריינטשאַפט, וועגן גערסט און נאַטור, וועגן שיינקייט און גליק, זיינען אויפגעגאַנגען פון די געלע ספרים, אויף וועמענס ברעגן מען האָט געקענט זען די צייכנס פון די הענט פון דורות. און דאָס וועגן וואָס די פּאָעטן זינגען אין גרויסע, כאָראַלע הימנען צו די שטערן —קען מען געפינען אין דער וויסנשאַפט, אין אַ ניכטערער שפּראַך.

אין פּאָעזיע און וויסנשאַפט לייכטן אויף אינם תלמוד. איז נישט דער תלמוד דאָס גרויסע הייליקע בוך וואָס האָט קאָנצענטרירט יאָר־טויזנטער חכמה? דו מישסט איבער אַ בלאַט — און עס איז ווי דו וואָלסט באַרירט דאָס לעבן פון דורות.

די לבנה פלעגט צושווימען צום פענצטער, און מיט איר אַלטן, רויטן און צעאַקערטן פּנים אַריינלייכטן אינם קליינעם חדר. זי פלעגט אויפשווימען מיט גאָלד צווישן די בלעטער און די שוואַרצע הייליקע אותיות, רייך אילומינירט מיט רויזן און מיט בלומען, פלעגן אויפגיין, ווי באַפליגלטע אין דער לופט. וויין פלעגט זיך גיסן פון די בלעטער ווי פון פולע קרוגן. און ווען ר׳ שמואל הנגיד פלעגט אין באַגינען, ווען עס האָט שוין בלוי געשאַריעט אויף טאָג, צופאַלן צום געלעגער, פלעגן אויפגיין פאַר אים קעניגלעכע זאַלן און מאַסקנבעלער. מאַסקעס נאָך מאַסקעס גייען אויף, אונטער וועלכע עס פאַרבאָרגן זיך שיינקייטן. איינע שענער פון דער אַנדערער. אין זייערע קליידער רוישן געהיימנישפול און

רייצן די בלוטן. און מען קען זען ווי פון אונטער די קליידער לויכטן אַרויס, ווייס ווי שניי, די וואונדערלעכע קערפּערס פון די פרויען. און קרוינען ציטערן אין דער לופט. קרוינען פון גאָלד, וואָס פאַרוואַנדלען זיך אין שפּינוועבס-פאַנטאַסטישע קרוינען מיט איידלשטיינער און ברי־ליאַנטן, קרוינען וואָס גלאַנצן אויף פון דער נאַכט אַרויס און פאַלן אַריין אין שטויב, אין קאַלך, אין לופט. און אַט פאַרשווינדן די דאַמען און די קרוינען און פּיקעס און לאַנצעטן גייען אויף; שלאַכטן פון קריגער מיט קריגער; עס ווערן אויפגעריסן בייכער מיט פערד און בערג מיט בלוטיקע געדערים פאַרפלייצן די טויטע. געשרייען פאַרהילכן די לופט. שרעק און העלדישקייט. און דאַן גייען אויף גרינע פעלדער פון פלו־שענעם גראָז. בוימער — ווי אויף כינעזישע מאָלערייען. דינע וויניעטן — פון אַן איידעלן קינסטלער, געצייכנט מיט זילבער אינם זילבער פון דער לופט. און עס עפענען זיך ווידער רייכע זאַלן. פּרעכטיקע באַנקעט־האַלעס. אַלייען פון פּייערלעכע גאַרדעס, וועלכע היטן דעם אַריינגאַנג צום קעניגלעכן שלאָס. און דאַמען וואָס קניען און קושן די הענט פונם טריאומפאַרטאַר, פונם זיגער — — —

די היץ פון טאָג האָט אויפגעוועקט ר׳ שמואל הנגיד. די זון האָט ווי אַ פּייערלעכער גלאָק געוועקט די מענטשן און ר׳ שמואל הנגיד פלעגט מיט אַ נאָך נאַסן געזיכט לויפן אין זיין קרעמל און האַרציק באַגריסן זיינע קונים.

אָבער פון אַלע קונים און געסט צייכנט זיך אַרויס אויפן טאָוול פון זכרון — די שקלאַפין פון וויזיר אבן־אַלאַריף. זי פלעגט צום ערשט קומען צו אים אין קראָם און בעטן ר׳ שמואל הנגיד זאָל שרייבן פאַר איר בריוו צו איר געליבטן. אין אָנפאַנג פלעגט זי אויף אַן אומבאַהאָל־פענעם אופן דיקטירן אירע בריוו, די בריוו פון אַ שקלאַפינס זיידענע האַרץ, וואָס בענקט נאָך ליבע. עס איז געווען אַ רחמנות ווי דאָס אַפרי־קאַנישע מיידל, געבראַכט מיט אַ שיף פון אַ וויטן לאַנד, פלעגט זיך באַמיען מיט אַזוי פיל אָנשטרענגונג אַרויסצוברענגען די ווערטער פון איר האַרץ. זי איז געווען שיין. איר הויט האָט ווי בלאָנדז געלויכטן. מען האָט געקענט דערקענען אַז די קליידער זיינען פאַר איר אַ לאַסט, דען זיי פאַרבאָרגן די פּרעכטיקע ליניעס פון איר רייצנדן גוף, דעם ווייכן ציטער פון איר לייב, וואָס איז נאָך פון קיינעם נישט באַרירט גע־וואָרן, אויסער פון די גאָלדענע הענט פון די אימאַזשן וואָס זי טראַכט אויס אין אירע ליידנשאַפט־האַלוצינאַציעס — ביינאַכט. זי איז געווען אַזוי ווי אַ סטאַטוע אין אַ טיפן, שאָטנדיקן פּאַרק, פון אַ גריכישער גע־טין פון ליבע. אַ צאַרטער ווינט באַרירט אירע רונדע בריסט, איר גע־האַמערט־גאָלדענעם נאַקן, און די געטין דערוואַכט און ציט אַריין אין זיך דעם הערלעכן כישוף, דעם פאַרפיום פון וואונדערלעכן פרילינג . . .

און די דאָזיקע טונקעלע געטין, פעסט געהאַמערט אין מאַסיוון בראָנדז — ווען זי דיקטירט צו ר׳ שמואל הנגיד אירע אומבאַהאָלפענע ווערטער ביים שרייבן דעם בריוו, ווערט זי רויט און עס איז ווי אַ פּייער וואָלט זיך דורכגעשפּאַרט איר בראָנדזענע הויט...

ר׳ שמואל הנגיד האָט געוואוסט וואָס זי וויל שרייבן צו איר געליבטן. האָט ער דען נישט וויניק אַראַבישע פּאָעטן, וואָס זינגען

זייערע גליענדיקע לידער וועגן ליבע, געלייענט? זינגט דען זיין האַרץ נישט צו דער מיסטעריעזער, צו דער גאָלד־געלאָקטער פרוי, וואָס פאַר־פלייצט זיין האַרץ מיט אַזוי פיל ליבע און טרערן? יענע געהיימניש־פולע דאַמע, ער האָט זי געזען אין קאָרדאָוואַ, ווען ער איז געווען אַ קליין אינגל. ער געדענקט דעם נערוועזן צוק־און־ציטער פון אירע ברעמען, ווען ער האָט זי דורכגענומען מיט זיין בליק. ער געדענקט די טונקעלע כוואַליע מיט האָר וואָס פאַלט אַרויף אויף איר גאָלדענע ברוסט און רופט אין איר אַרויס אַ זעלטן געפיל פון תענוג... און בשעת די שעמעוודיקע שקלאַפין פלעגט דיקטירן צו אים אירע בריוו פון ליבע, פלעגט זיין האַרץ פול ווערן מיט פיין... און ער פלעגט שוין איצט פאַר איר אַליין שרייבן אירע בריוו... ער פלעגט שרייבן זיינע ליבע־בריוו צו דער ווייטער געליבטער, צו דער וואָס האָט די ערשטע גאָל־דענע פערזן אין זיין האַרצן געוועקט...

צו יענער צייט האָט זיך צום העברייאישן פּאָעט געעפנט דאָס קעניגטום פון פּאָעזיע. די ווערטער האָבן געשטראָמט פון זיין פאַנטאַזיע מיט ליידנשאַפט, געטריבן דורך געוואַלטיקע געפילן. די העברייאישע שפּראַך האָט אָנגעהויבן צו קוואַלן אין זיין ליד מיט עכטקייט, מיטן לעבעדיקן באַריר פון זאַכן. ר׳ שמואל הנגיד האָט אין זיך דערפילט דעם כוח פון וואָרט, דעם כישוף פון לשון קודשדיקן וואָרט, וואָס איז געקומען צו אים פון די בלעטער פון תהלים און פון קהלת. תפילות און הימנען האָבן אַ שטראָם געטאָן פון זיין דיכטערישן האַרצן. אַ קוואַל האָט זיך אָן עפן געטאָן. עס איז געווען ווי דאָס העברייאישע לשון האָט פאַרלוירן זיין געדולד צו שווייגן, צו ליגן באַהאַלטן אין די בלעטער פון תנ״ך. באַרירט פון אַראַבישער ליריק, פון וויין און ליבע־לידער, פון גאָלדענער, כוואַליענדיקער פּאָעזיע, אין אַ גרויסער עפּאָכע פון פריי־הייט און לעבנס־געניס און שאַפונגס־פרייד — האָט די העברייאישע שפּראַך באַטראָטן די שוועל פון דעם בשמים־קרעמל, זיך אויסגעמישט מיט די מעלאָדיעפולע רייד פון שיינע פרויען, מיטן רויש פון זיידענע קליידער — און זיך באַוויזן צו ר׳ שמואל הנגיד, כדי ער זאָל איר אויפנעמען אין זיין האַרצן און אַ קוש טאָן אין איר גאָלדענעם פּנים...
און ר׳ שמואל הנגידס געגנדזענע פעדער האָט דורך די נעכט זיך באַ־וועגט איבער ווייסן פּאַפּיר, אָנגעוואָרפן די לידער פון זיין געמיט. לידער וואָס וועלן עפענען די גאַנצע גאָלדענע עפּאָכע פון דער אידי־שער פּאָעזיע אין שפּאַניע; לידער וואָס וועלן לעבן טויזנט יאָר צייט, ביז צו אונזערע טעג, ווען די אידישע מלוכה איז געוואָרן אויפגעריכט אויף דער הייליקער ערד פון ישראל.

און אָפט, ווען די טונקעלע שקלאַפין פלעגט איבערבלייבן, און די לבנה פלעגט אויפגיין אין הימל, ווי אַן אָפּגעריבענע קופּער־מטבע — פלעגט ר׳ שמואל הנגיד פאַרבעטן די שקלאַפין אין זיין טונקעלן חדר. ער האָט איר געבעטן נישט אָנצורירן די הייליקע ספרים. ער האָט איר געוויזן דעם שפּיגל אין וועלכן זיין מוטער האָט זיך געשפּיגלט. און מיט גרויס פאַרזיכט פלעגט ער פאַר איר דורכלייענען אַ ציקל פון זיינע שירים.

ער האָט פאַרגעלייענט צווישן אַנדערעס דאָס „וויין־ליד״:

„דער פרילינג־רעגן האָט דעם האַרבסט שוין לאַנג באַגראָבן,
עס זיינען שוין די כמורנע, קאַלטע טעג אַריבער ·
די טורטל־טויבן האָבן זיך אין לאַנד באַוויזן
און פון די צווייגן־שפּיצן רופן זיי זיך איבער
דעריבער, מיינע פריינט, היט אָפּ דעם פריינטשאַפטס־אָפּמאַך,
און איילט זיך צו און נעמט אייך וואָס מען קען נאָר קריגן:
קומט אין מיין גאָרטן און קלייבט אויס די שענסטע רויזן,
וואָס זייער ריח וועט אייך לאָבן און פאַרוויגן.
און צווישן בלומען און געזאַנג פון פייגל טרינקט אייך
דעם וויין, וואָס איז באַלד אַזוי רויט ווי מיינע טרערן
ביי דער געזעגעניש מיט פריינט, און בלאַס ווי ס׳פּנים
ביי די געליבטע און באַטריבטע פון באַגערן״

**אידיש: מרדכי יאָפע.**

אַ סך לידער פלעגט ר׳ שמואל הנגיד פאַרלייענען און דעקלאַמירן צו דער צאַרטער, אַפריקאַנער שקלאַפין. זי פלעגט אויפצאַפּלען אין ענטוזיאַזם צו זייער שיינקייט. ר׳ שמואל הנגיד פלעגט אָנגיסן צוויי גאָלדענע בעכערס מיט וויין, און, ווען זיי פלעגן טרינקען, פלעגן דעמאָלט אויפגיין נייע לידער אין פּאָעטס אָנגעצונדענעם האַרצן. ווי מאָדנע, ער האָט געפילט אַז דאָ זיצט פאַר אים, אין דעם געשטאַלט פון דער אַפריקאַנער שקלאַפין — זיין שיקזאַל. אַז דאָ ווערט דעצידירט זיין גורל, זיין צוקונפט.

איין מאָל רופט דער וויזיר ר׳ שמואל הנגיד צו זיך אין הויף, אין גראַנאַדאַ. ער דערציילט אים אַז זיין טונקעלע שקלאַפין ווייזט אים אירע בריוו און ער באַוואונדערט זיין שיינע האַנטשריפט... ער באַוואונדערט די קלוגשאַפט און די פּאָעזיע און, ער לאַדט איין ר׳ שמואל הנגיד צו ווערן זיין פּערזענלעכער סעקרעטאַר, דער עצה־געבער פונם וויזיר...

שפּעטער ווערט אבן־אַלאַריף קראַנק. ר׳ שמואל הנגיד ווערט וויזיר פונם קעניג האַבוס און נאָך שפּעטער פון זיין טראָנפאָלגער, קעניג באַדיש.

פון איצט אָן הויבט זיך אָן די גרויסע קאַריערע און ר׳ שמואל הנגידס לעבן. עס גייען דורך אידישע מענער פון חכמה און פון פּאָעזיע, וועלכע ער האָט מקרב געווען. צווישן זיי, דער שניי־בלייכער, פאַרקלערטער און אומהיימלעכער פּאָעט ר׳ שלמה אבן־גבירול. עס גייען דורך קעניגן און דיפּלאָמאַטן. די גאַנצע מיטלאַלטערלעכע וועלט גייט דורך פאַר זיינע אויגן.. און שטענדיק באַמיט זיך דער אידישער „נגיד״ צו אַרבעטן פאַר זיין פאָלק. זיין מאַכט און יחוס נוצט ער אויס לטובת הכלל, אַוועקצושטעלן די אידן אויף געזונטע יסודות. ער גרינדעט ישיבות, כדי אידן זאָלן לערנען תורה און פאַרזעצן זייער גייסטיקן לעבן.

כבוד און גאָלד האָבן ר׳ שמואל הנגידס האַרץ און מוח נישט פאַרבלענדט. ער פאַרבלייבט דער מעצענאַט פון געלערנטע און פּאָעטן. ער פאַרבלייבט געטריי זיין געפייניקט פאָלק. און ער בלייבט

אויך דער ראש ישיבה אין גרענאַדאַ.

און, ווי אין מאַלאַגאַ, אַזוי האָט ער אויך איצט די נעכט געהאַלטן פאַר זיך. אין די נעכט איז ער ווידער געווען אין דער הייליקער און פרעכטיקער געזעלשאַפט פון זיינע ספרים.

אין די נעכט האָט ער געדיכטעט זיינע לידער וועגן ווייַן און פרויען. וועגן געוואונענע שלאַכטן אין קריג און אין פרויענהערצער. און וועגן די לבנה פלעגט אויפגיין גאָלדן איבערן פענצטער פון זיין איינזאַמען צימער, אָפּגעשיידט פון שלאָס, צווישן זיינע טויזנטער ספרים און אַלטערטימלעכע מאַנוסקריפּטן, פלעגט ער זיך דערמאָנען אין יענער איינזאַמער שקלאַפין, וואָס האָט געשריבן ליבע־בריוו צו איר אויסגעטראַכטן געליבטן און איז דערשינען אויף דער אַרענע — אַ שליח פון גאָט — כדי אים אַרויסצופירן פאַר דער געשיכטע... דאַן איז זי צוריק פאַרשוואונדן געוואָרן... ווי אַ גייסט, ווי אַ צאַרטער, זילבערנער גייסט... אפשר איז זי געווען אַ מלאך וואָס איז דערשינען אויף דער ערד, כדי אים צו געבן רייכטום און גליק, ער זאָל העלפן זיינע געפּייניקטע ברידער. — — —

און טרערן האָבן אָנגעפילט ר׳ שמואל הנגידס אויגן. ער האָט געפילט אַ טיפע דאַנקבאַרקייט צו יענער איידעלער שקלאַפין...

— — — — — — — — — — — — — — —

עס איז געווען נאַכט. גרויסע שטערן האָבן געלויכטן אין הימל, ווי פנימער פון חכמים, פון גרויסע ווייזע לייט. אין הימל איז פאַרגעקומען אַ גוואַלטיקע אַסיפה. און ר׳ שמואל הנגיד איז אויסגעגאַנגען, דאָ, אויפן שטיין, נאָכדעם ווי ער האָט אין וויזיע געזען זיין גאַנץ לעבן. ער איז געלעגן טויט און אַ גייסט, איינגאַנצן פון גאָלד, האָט געמורמלט ר׳ שמואל הנגידס פערזן פון זיין ווידוי:

„איך האָב אָפּגעהיט אַלע יום־טובים, זיי געפייערט דערהויבן און גרויס; ראש־השנה, יום־כיפור און שבת, טעג פון סוכות, ביז יום־טוב איז אויס. איך וועל מאַכן איצט טאָפּלטע לידער אויף די ניסים, וואָס גאָט האָט געטאָן; און איך וועל זיינע שבחים באַזינגען און וועל אויפהויבן מעכטיק זיין פאָן. ווען געבראַכט האָט מיין פאָלק און די סוכות די לולבים און פריש־גרינע מירט — האָט מיך גאָט אין זיין האַנט אויפגעהויבן און האָט מיך אין זיין סוכה געפירט. איז די סוכה געווען מיר אַ פעסטונג, איז אַ פעסטונג געווען מיר אין זיג; און צעפליקט איז מיין שונא געוואָרן, ווען מיין פאָלק האָט אתרוגים געפליקט. און עס האָבן די בלעטער די ברייטע פון דעם לולב פאַרגעבן אויף מיר; און געגרויסט איז געוואָרן זיין נאָמען מיט די פּראַכטיקע מינים די פיר. יאָ, מיר פייערן סוכות מיט שמחה — און זיי זיינען אין טרויער פאַרקלעמט; און מיר טוען מיט פרייד זינגען הלל, ווען זיי וויינען און קלאָגן פאַרשעמט. האָסט, מיין גאָט, מיט דעם אַלץ מיך באַלוינט היינט און איך האָב דאָך דאָס גאָרנישט פאַרדינט, וואָס בין איך, האַר, און וואָס איז מיין לעבן? איך בין קליין און געמיין, פול מיט זינד, אויב דו האָסט מיר מיין שכר אָפּגעגעבן ביים לעבן פאַרן הייפעלע גוטס, וואָס כ׳פאַרמאָג — היינט מיט וואָס וועל איך

גיין צו דיין משפט אין דעם גרויסן און, אייביקן טאָג?"

(אידיש: י. י. שוואַרץ)

דער גייסט פון לויטער גאָלד — דער ציטערנדער גייסט — האָט געשוועבט אין דער לופט, אַרום דעם אומבאַוועגלעכן גוף פון דעם העבריישן שטאַטסמאַן, דענקער, פּאָעט, תלמודיסט און גענעראַל, מיט וועמענס שניי־ווייסע באָרד דער ווינט האָט געשפּילט, און האָט דעקלאַמירט פון דעם פּאָעטס בונטן און קאָלירנרייכן רעפּערטואַר. פון זיינע דריי זאַמלונגען „בן־תהלים"; „בן־משלי" און „בן־קהלת". לאַנג, לאַנג האָט דער מלאך פון לויטער גאָלד אַרומגעשוועבט און אויסגעזונגען פּעריזן פון אַ פּאָעטס גאַנצער, רייכער לעבנס־דיכטונג... און די הויט פון דעם גאָלדענעם מלאך איז געווען ענלעך צו דער הויט פון דער בראָנדזענער אַפריקאַנער שקלאַפין... אַ מאָדנע, אַ פאַרדעכטיקטע ענלעכקייט...

און די לבנה איז אויפגעגאַנגען און געקושט מיט איר קופערנעם מויל זיין טויטע ברוסט און אַריינגענומען דעם פּאָעט אין זיך און האָט מיט אים באַלויכטן די ערד. ער איז געוואָרן ליכט — דיכטונג — און די לבנה האָט אים אויף דער ערד, אויף אַלע לאַנדשאַפטן און אַצעאַנען, ווי אַ פייער אויפגעלויכטן און אויסגעפלאַמט און באַהאַלטן אין אַלע בוימער און בלומען און ווידער אַריינגעגאָסן, ווי ווייַן, אין אַלע שיינע, סענסיטיווע און פּאָעטישע הערצער...

ניו־יאָרק, יולי, 1944.



# דער איינזאַמער דענקער פון אַמשטערדאַם
(1632 — 1677)

אין די לעצטע אָוונטן האָב איך דורכגעלייענט די קאָרעספּאָנ־דענץ צווישן ברוך שפּינאָזאַ און זיינע פריינט. געוויינלעך פלעגן עס זיין פילאָסאָפישע מענטשן, ווי העברי אָלדענבורג, מיטגליד פון דער ענגלישער קעניגלעכער סאָסייעטי פאַר וויסנשאַפטלעכער פאָרשונג; דער באַרימטער דייטשער פילאָסאָף לייבניץ; די וויסנשאַפטסמענער הוגהענס און פאַבריציוס; שפּינאָזאַס געוועזענער תלמיד אַלבערט בורג און אַנדערע בורגערס און פילאָסאָפיש־געשטימטע מענטשן. שווער צו זאָגן: צווישן שפּינאָזאַ און זיינע תלמידים. ווייל שפּינאָזאַס אמתע תלמידים, מיר דאַכט, זיינען געקומען ערשט נאָך זיין טויט, ווען עס איז שוין לאַנג געווען פאַרעפנטלעכט זיין קרוינווערק „די עטיק". בשעת שפּינאָזאַס לעבן זיינען דאָ און דאָרט אַרומגעגאַנגען טיילווייזע קאָפּיעס פון די „עטיק" צווישן זיינע נאָענטערע מענטשן. שפּינאָזאַס רום האָט זיך צעפלאַמט אַ סך יאָרן נאָך זיין טויט. יעדער גרויסער פילאָסאָף, יעדער ליבהאָבער פון פילאָסאָפיע, מוז, צו אַ געוויסער צייט, צאָלן טריביוט צום איינזאַמען אַמסטערדאַמער דענקער, וואָס האָט גע־קענט אַזוי שרייבן:

... „די מענטשלעכע קראַפט, אָבער, איז ביז צום העכסטן גראַד באַשרענקט און זי ווערט אומענדלעך איבערטראָפן פון דער קראַפט פון אויסנווייניקסטע אורזאַכן; מיר האָבן נישט, דעריבער, קיין אומ־באַדינגטע מאַכט צוצופּאַסן די זאַכן, וואָס זיינען אויסנווייניק פון אונז, צו אונזער נוצן. פונדעסטוועגן וועלן מיר מיט גלייכן מוט אי־בערטראָגן אַלץ, וואָס באַגעגנט אונז אין ווידערשטרעב צו די פּרעטענ־זיעס אויף אונזער אייגענעם נוץ, אַזוי לאַנג, ווי מיר זיינען באַוואוסט־זיניק, אַז מיר האָבן געטאָן אונזער פליכט, אַז די מאַכט, וואָס מיר באַזיצן, איז נישט גענוג אויף צו מאַכן אונז אימשטאַנד זיך פול־שטענדיק צו באַשיצן, און אַז מיר זיינען נאָר אַ טייל פון דער אוניווער־סאַלער נאַטור, וואָס איר סדר פאָלגן מיר. זעען מיר דאָס איין קלאָר און דייטלעך, וועט דער טייל פון אונזער נאַטור, וואָס געפינט זיין אויסדרוק און דער דערקענטעניש, דאָס הייסט, דער בעסערער טייל אין אונז, דערביי זיך זיכער באַרואיקן, און ער וועט זוכן דויערהאַפטיק צו בלייבן אין דער דאָזיקער רו. דען אַזוי ווייט ווי מיר דערקענען, קאָנען מיר נאָר באַשטרעבן דאָס, וואָס איז נויטווענדיק, און גאָר אין גאַנצן צו רו קומען נאָר אין דעם אמת. אויף אַזוי ווייט, אַלזאָ, ווי מיר זעען דאָס ריכטיק איין, שטימט דער באַשטרעב פון דעם בעסערן טייל אין אונז צונויף מיט דעם סדר פון דער גאַנצער נאַטור" („די עטיק").

יעדער אויפריכטיקער מאַן פון געדאַנק שטייט אין שטוינונג פאַר אָט דער פּיראַמידע פון גייסט. פאַר דעם מעכטיקן כאַראַקטער. און ווען מען לייענט שפּינאָזאַס בריוו, האָט מען אַ דאַנקבאַרע מעגלעכקייט אַ ביסל אַריינצוקוקן אין שפּינאָזאַס סביבה, אין דעם פּנים פון זיינע

פרייִנט, אין זיין פילאָסאָפישער וועלט. די בריוו זיינען אייגנטלעך פילאָסאָפישע דיסקוסיעס. געהאַלטן אין אַ העפלעכן טאָן. די מכלומרשטע תלמידים שפּינאָזאָס זיינען גאַנץ שטומפּיק אויף צו באַנעמען דעם אַמסטערדאַמערס תורה.

זיין אייזן־פעסטע לאָגיק, אויסגעדריקט אויף אַ געאָמעטרישן אופן. די גרויסאַרטיקייט פון געדאַנק. דאָס געוועב פון זיין פילאָסאָ־פישער וועלט־קאָנסטרוקציע.

כמעט אין אַלע בריוו קומט אויס שפּינאָזאָן צו פאַרטיידיקן זיין תורה. ער נעמט אָן העפלעך די דערקלערונגען פון פאַרקרונג צו אים, וואָס איז געווען אַ בריוו־מאַניר פון יענער צייט. דאָ און דאָרט שי־מערט אַ קאָמפּלימענט, הגם קיינמאָל נישט אין אַן עקסטראַוואַגאַנטן טאָן. זיינע אָפּאָנענטן זיינען, טראָץ זייער אינטערעס און פילאָסאָפיע, רעליגיעזע מענטשן, מערסטנס געטרייע קריסטן, וועלכע גלויבן אין קריסטטוסעס תורה, גלויבן אין גייסטער און שדים, גלויבן אין טייוול און אין אַלע מיטלאַלטערלעכע זאַבאַבאָנעס. פאַרגעסט נישט אַז די צייט פון שפּינאָזאָס טעטיקייט איז נישט דער „געבענטשטער" צוואַנ־ציקסטער יאָרהונדערט. עס איז אַ צייט־מהלך פון יאָר 1661 ביז 1676 אין וועלכער די קאָרעספּאָנדענץ גייט אָן. אַ טייל בריוו צו שפּינאָזאָן זיינען שטוינענד מיט זייער פאַנאַטישקייט און מיט זייער איגנאָראַנץ, טראָץ דעם וואָס די שרייבער פון די בריוו פאַרנעמען גרזיסע און וויכטיקע פּאָסטנס, מכלומרשט אין דער וועלט פון וויסנשאַפט. מיט איין וואָרט, די אַלע פערסאָנאַזשן שטעקן נאָך טיף אין דעם פינצטערן מיטלאַלטער.

אָבער אין פאַרגלייך צו די אמתע פאַנאַטיקער, זיינען די דאָזיקע מכלומרשטע וויסנסליבהאָבער, פרינצן פון געדאַנקען־פרייהייט. ווייל זיי האָבן נאָך אַ באַציאונג צו שפּינאָזאָן. ווייל זיי באַטראַכטן אים ווי אַ פילאָסאָפישן סעניאָר. ווייל זיי פילן אַז דער דאָזיקער שפּאַנישער איד, וואָס באַהאַלט זיך אויס אין זיין אַמסטערדאַמער אָדער דע האַאַגער וואוינונג, צי גאָר אין דעם קליינעם שטעטל ריינסבורג, איז אַ מאַן וואָס באַזיצט אַן אויסערגעוויינלעכן גייסטיקן געשאַנק פון גאָט: ער באַזיצט אויסער אַ געניאַלן מוח — דעם גרעסטן מוח פון אַלע צייטן, ווי היינריך היינע האָט אים טיטולירט — אויך אַ געוואַלטיקן סכום וויסן אין דער וויסנשאַפט. ווייל עס איז נישט געווען צו יענער צייט קיין גרעסערער אויטאָריטעט וואָס זאָל אַזוי גרינטלעך פאַרשטיין דעקאַרטן און זיין פילאָסאָפיע, ווי שפּינאָזאַ. זיי פילן אין אים אויך אַ געוואַלטיקן עטישן גייסט. זיי שטייען אין דער אָנוועזנקייט פון אמת אַליין. ווענעמס איינציקער באַשטרעבן אין דער פילאָסאָפיע, ווי אין לעבן, איז געווען דער אמת. אָבער, ווי שוין אויבן דערמאָנט, טראָץ די הויכע טיטולן און אַריסטאָקראַטישע מאַניערן, טראָץ די העפלעכע רייד און אויסדרוקן פון מליצה, ווייסט גאַנץ גוט ברוך שפּינאָזאַ אַז דאָס זיינען שטומפּע קעפּ אויף צו פאַרשטיין זיין תורה. ער קען זייע־רע כאַראַקטערן אויסערגעוויינלעך. אַז שפּינאָזאַ קען דעם מענטש, זיין פּסיכיק, זיינע גייסטיקע אייגנשאַפטן, זיין גאַנץ עמאָציאָנעלן לעבן

— באַווייזט זיין „עטיק". שווער צו זאָגן ווי אַזוי דער אָפּגעשלאָסענער, איינזאַמער מאַן פון האָלאַנד, וואָס האָט קיינמאָל נישט חתונה געהאַט, האָט קיין ליבעס נישט געפירט, איז קיין טאַטע נישט געווען, האָט פרי זיך געמוזט שיידן מיט זיין אידישער משפחה, האָט אין גע־זעלשאַפט נישט צופיל פאַרקערט — איז דעריבער שווער צו זאָגן ווי אַזוי דער דאָזיקער אַריסטאָקראַט פון געדאַנק זאָל אַזוי גוט קענען אַנאַליזירן די מענטשלעכע נשמה, ווי ער טוט עס אין זיין הויפּט־פילאָסאָפישן ווערק. פונדעסטוועגן האָט ער עס געטאָן און, מיט אַזאַ אַבסאָלוטער „אָביעקטיוויטעט, וואָס עס איז אפשר ביז איצט נאָך קיין מענטשן נישט געלונגען צו טאָן. שרייבט דאָך שפּינאָזאַ: „איך וועל, אַלזאָ, באַהאַנדלען די נאַטור, און די קראַפט פון די עמאָ־ציעס עס פּי דער זעלביקער מעטאָדע, וואָס איך האָב אָנגעווענדט פריער אין מיינע אונטערזוכונגען וועגן גאָט און גייסט. איך וועל באַטראַכטן מענטשלעכע האַנדלונגען און באַשטרעבונגען גענוי אַזוי, ווי עס וואָלט געווען אַ פראַגע פון ליניען, פלאַכן און קערפּער". („די עטיק").

דער ענטפער, פאַרוואָס עס איז שפּינאָזאַן געלונגען אויפצושטעלן אַזאַ גרויס ווערק פון מענטשנדערקענטעניש איז אין דער פּשוטער דערקלערונג: ער איז געווען אַ געניאַלער מענטש. און דער געניאַלער מענטש קען אַלץ. ער באַזיצט אַן אומגעהויערע אינטואיציע; אַ גע־וואַלטיקן אינסטינקט פּלוס אינטעלעקט. פּלוס געטלעכע חכמה.

פאַר סטודענטן פון שפּינאָזאַס פּאַנטעאיסטישן סיסטעם דאַרפן די בריוו זיין פון אויסערגעוויינלעכן אינטערעס, ווייל אין יעדן בריוו ברעכט זיך אָפּ אַ שטיק פון זיין פילאָסאָפישן געדאַנקענגאַנג. ווייל זיינע קאָרעספּאָנדענטן דיסקוטירן מיט אים געוויסע טיילן און פּראָ־בלעמען פון זיין פילאָסאָפיע. שפּינאָזאַ מוז האַמערן איבער די קעפּ פון זיינע אַזוי גערופענע תלמידים. ער מוז אויך בלייבן העפלעך. אָבער שאַרף און קלאָר אין אויסדרוק. שפּינאָזאַ מוז אַרויסברענגען זיינע געדאַנקען קלאָר ווי קרישטאָל. ער איז סיי ווי נישט קיין מייס־טער פון דער פּראָזע. ווען עס דערשיינט זיינס אַן אָפּהאַנדלונג איבער דעקאַרטס פילאָסאָפיע, וואָס מאַכט, אַגב, שפּינאָזאַן באַלד באַרימט ווי דעם גרעסטן ספּעציאַליסט אין דעקאַרט, וועלכער איז געווען דער דעמאָלטיקער פּאָפּולערסטער דענקער, שרייבט שפּינאָזאַ צו אָלדענ־בורגן: „זיי בעטן אַ דערלויבעניש עס אָפּצודרוקן, וואָס איך בין גרייט צו דערלויבן, מיט דעם באַדינג דאָס עמעצער זאָל, אונטער מיין אויפ־זיכט, עס אָנטאָן אין אַ מער עלעגאַנטער פראַזעאָלאָגיע, און אויך צו געבן אַ קליינעם פאָרוואָרט, וואָרנענדיק די לייענער אַז איך אָנערקען נישט אַלע די מיינונגען דאָרטן אויסגעדריקטע פאַר מיינע אייגענע", א. א. וו. פון דעם זאָך קען מען זען ווי וויניק צייט און געדולד שפּי־נאָזאַ האָט פאַר דער ליטעראַרישער שפּראַך, וואָס ער בעט אַז אַן אַנ־דערער זאָל עס טאָן פאַר זיין ווערק. שפּינאָזאַ האָט געלעגט דעם שווערגעוויכט אויפן געדאַנק, און שפּראַך איז אים אָנגעגאַנגען אויף אַזוי פיל אויף וויפל קלאָרער ער דריקט אויס דעם עסענץ פון גע־

דאַנק, אַגב, באַשולדיקט וואָלטער אַז שפּינאָזאַ האָט געשריבן אין אַ „שלעכטן לאַטיין". איך קען נישט געננוי זאָגן אין וואָס עס איז באַשטאַנען שפּינאָזאָס „שלעכטער לאַטיין". יעדנפאַלס איז עס פאַר וואָלטערן, וועלכער האָט לאַטייניש נישט געשריבן, לייכט צו זאָגן. מיר ווייסן וואויל אַז וואָלט שפּינאָזאַ געשריבן זיינע ווערק אין העבּרעאיש, וואָלט ער קיין שוועריקייטן נישט געהאַט. מיר קומט עפּעס אויס שווער צו פאַרשטיין ווי אַזוי שפּינאָזאַ האָט בכלל זיך געקענט אונטערנעמען צו שרייבן זיין קאָמפּליצירטן ווערק אין דער לאַטיינישער שפּראַך, וואָס ער האָט אַוודאי געמוזט דערווערבן אין געציילטע יאָרן, נאָכדעם ווי ער איז אַוועק פון דער אידישער געטאָ. אָבער, ווי אַן אוניווערסאַל ווערק, האָט די „עטיק" געמוזט צו יענער צייט געשריבן ווערן אין דער שפּראַך פון די געלערנטע.

די בריוו זיינען וויכטיק, ווי געזאָגט, פאַר שפּינאָזאַ־סטודענטן, כדי צו זען ווי אַזוי שפּינאָזאַ האָט געדענקט, ווי אַזוי זיין פילאָסאָפיע איז צושטאַנד געקומען. (הגם צו דער צייט פון די בריוו איז שוין דער פילאָסאָפישער שפּינאָזאַ אינגאַנצן רייף און פאַרטיק. דער „טעאָלאָגיש־פּאָליטישער טראַקטאַט" איז שוין געווען אָפּגעדרוקט און ער רופט אַרויס דעם צאָרן פון דער רעאַקציאָנערער געזעלשאַפט, פון דער גלחים־וועלט, און אָפּגעשריבענע טיילן פון די „עטיק" זיינען שוין פאַרטיילט אין אַנדערע שטעט און לענדער). ווי אַזוי שפּינאָזאַ האָט אַרגומענטירט און האָט פאַרשטאַנען זיין אייגענע פילאָסאָפיע און אויך די געדאַנקען פון אַנדערע.

די בריוו זיינען נישט פון קיין פּריוואַטן כאַראַקטער. עס איז זעלטן אַנצוטרעפן אַ שטריך אַפילו פון דער צייט, אויסער אין הענרי אָלדענבורגס בריוו, (לאָנדאָן, 8 דעצעמבער, 1665), וואו ער דערציילט וועגן דער נייעס אַז די אידן קערן זיך, נאָך צוויי טויזנט יאָר, קיין ארץ־ישראל (מיינענדיק די דעמאָלטיקע שבתי־צבי־באַוועגונג) און אויך דערמאָנענדיק די פּלאָג אין לאָנדאָן. שפּינאָזאַ האָט וועגן זיך, טראָץ דעם וואָס ער איז געווען אַזאַ טראַגישע און פּאַטעטישע פיגור, קיינמאָל נישט געשריבן. ער האָט אויסגעמידן דאָס פּערזענלעכע, הגם נישט זעלטן איז ער דורך זיינע פאַרלוימדער ביטער אַטאַקירט געוואָרן אַלס איד. ווען אַ געוויסער אייזאַק אָראַביאַ שיקט אים איבער אַ פּאַמפלעט געשריבן קעגן זיין טעאָלאָגיש־פּאָליטישן טראַקטאַט, וואו ער אַטאַקירט שפּינאָזאַן אַלס אַטעאיסט און אַלס אַזאַ וואָס האָט אָוועקגעוואָרפן אַלע רעליגיעס, שרייבט שפּינאָזאַ אַז וואָס שייך די באַשולדיקונג אין אַטעאיזם, ווייסט מען אַז אַטעאיסטן האָבן ליב כבוד און רייכקייט, „וואָס איך האָב תמיד פאַראַכטעט, ווי אַלע וואָס קענען מיך, ווייסן". שפּינאָזאַ זאָגט אויך אין דעם זעלביקן בריוו: „אָבער נאָך אַלעם בין איך נישט איבעראַשט. דעקאַרט איז פריער באַהאַנדלט געוואָרן אויפן זעלביקן אופן דורך וואָעט, און די בכבודיקסטע שרייבערס זיינען כסדר אַזוי באַהאַנדלט געוואָרן".

ווי שוין עטלעכע מאָל אָנגעוויזן, זיינען די בריוו אויסשליסלעך פילאָסאָפישע. אַ סך פון די דאָזיקע פּראָבלעמען זיינען איצט פאַר־

עלטערט. די אייזן־פעסטע לאָגיק פון שפינאָזאַס פילאָסאָפיע, אויס־געדריקט אין אַ געאָמעטרישן סיסטעם, איז איצט נישט מער אַזוי אייזן־פעסט. אָבער דאָס זעלבע קען מען זאָגן וועגן יעדער פילאָסאָפיע פון דער פאַרגאַנגענהייט. ריזיקע פילאָסאָפישע סיסטעמען זעען איצט אויס ווי קינדער־שפּילן. מען דאַרף אָבער באַטראַכטן זייער ווערט, זייער רעוואָלוציאָנערע ראָלע, אין די ראַמען פון זייער צייט. זייער דעמאָלטיקער אויפטו. און אין דער ראָם פון דער אַלגעמיינער עוואָ־לוציע פון געדאַנק. ווי אַבסטראַקט און טרוקן שפינאָזאַס בריוו זאָלן נישט זיין, ווערט מען איבעראַשט, נאָך עטלעכע אָוונטן לייענען זיי, ווי מען איז אומבאַמערקט אַריינגעצויגן געוואָרן אין שפינאָזאַס פי־לאָסאָפישן סיסטעם. ווי אַזוי עס איז ווידער דערוועקט געוואָרן די באַוואונדערונג פאַר שפינאָזאַס גרויסע, פּרעכטיקע געדאַנקען פון גאָט און פון נאַטור. ווי אַזוי ער אַרבעט אויס מיט אַ גוואַלטיקער לאָגיק, מיט אַ גרויסאַרטיקער אָרדענונג זיין קאָסמישע געביידע. ווי אַזוי ער שלייפט זיינע זאַצן ביינאַכט, אַזוי ווי ער שלייפט בייטאָג זיינע לענ־סעס (גלעזלעך), און ער פּאַסט זיי אַריין אין דער מעכטיקער געביידע פון זיין ווערק. מען בלייבט שטיין פאַרכישופט, נישט אַזוי שטאַרק פאַר קלענערע אַקסיאָמעס, פּרעפּאָזיציעס און דערקלערונגען, ווי פאַר דער אַלגעמיינער, קאָלאָסאַלער קאָנסטרוקציע פון זיין ווערק. איבער־הויפּט איז פאַרכאַפּנדיק זיין עטישע וועלט־אָנשויאונג, וואָס איז דאָס אייביקע און דויערהאַפטיקע אין זיין סיסטעם. די געוואַלטיקע ראָם אין וועלכער אַלע דערשיינונגען פון דער נאַטור, אַלע אַטריביוטן ווערן אַריינגעפּאַסט אין דער סובסטאַנץ — אין גאָט, וועמעס איינציקייט און איינהייטלעכקייט, וועמענס גאַנצקייט און געשלאָסנקייט שפּינאָזאַ בויט אויף ווי אַ קאָלאָסאַלע, מאָנאָליטישע סטרוקטור און פאַרטיידיקט מיט אַזאַ מעכטיקער לאָגיק און מיט אַזאַ מעכטיקן כאַראַקטער.

כאַראַקטער! דאָ קומען מיר אייגנטלעך צו צום צוועק פון אונ־זער איצטיקן אַרטיקל. עס איז נישט געווען מיין אויפגאַבע צו שרייבן עפּעס וועגן די בריוו אַלס פילאָסאָפישע ווערקצייג כדי זיך צו אַריינ־טירן אין שפינאָזאַס ווערק. דאָס איז אַן אויפגאַבע פאַר די סטודענטן. וואָס מיך האָט פאַראינטערעסירט אין די בריוו, איז ווי אַזוי עס אַנטפּלעקט זיך אין זיי שפינאָזאַס כאַראַקטער.

סוף־כל־סוף איז שפינאָזאַ געווען אַן איינזאַמער מאַן אין האָלאַנד. טראָץ דעם ליבעראַלן גייסט פון לאַנד, איז דער קאַטוילישער קלער געווען באַזונדערס שטאַרק. אייראָפּע איז געווען באַהערשט פון כסדרדיקע מלחמות. שפינאָזאַ, ווי אַלע ווייסן, איז געווען מצד דער אַמסטערדאַמער אידישער קהלה אַריינגעלייגט אין חרם. ער האָט קיין פאַרבינדונג נישט געהאַט מיט די אידן. ער איז געווען אָפּגע־זונדערט פון זיין פאַמיליע. די רעגירונג פון לאַנד האָט צייטנווייז געהאַט גרויסע קריזיסן, ווען די רעאַקציאָנערע קליקעס האָבן געמאַכט אויף איר אַטאַקעס, מיט דער הילף פונם אויפגערייצטן, פּרימיטיוון המון, (בשעת איינעם אַזאַ אָנפאַל קומט אום אַ האָלענדישער שטאַטס־מאַן, שפינאָזאַס אַ וואַרעמער פריינט). שפינאָזאַ איז אַלזאָ געווען אַן

איינזאַמער און קראַנקער מאַן, דערצו נאָך אַ ביטערער אָרעמאַן, וואָס האָט קוים אויסגעאַרבעט זיין חיונה פון שלייפן גלעזלעך, אַן אַרבעט וואָס איז געווען שעדלעך פאַר זיינע קראַנקע לונגען.

מען קען פאַרשטיין אַז עס איז דעריבער געווען אין זיינע אינטע־רעסן אַנצוהאַלטן פריינטלעכע באַציאונגען מיט די קאָרעספּאָנדענטן פון לאַנד און פון אויסלאַנד.

אָבער שפּינאָזאַ איז קיינמאָל קיין אָפּאָרטוניסט נישט געווען. פון חנפענען מענטשן און פון יעדער מין מליצה איז ער געווען ווייט ווי הימל פון דער ערד. אין זיינע בריוו, טראָץ זיין העפלעכן טאָן, וואָס איז דער מאַניר פון דער צייט, איז שפּינאָזאַ קלאָר, שאַרף, קאַ־טעגאָריש און אייזנפעסט. ווען מען לייענט זיינע בריוו צו הוגאָ באָקסעל, און צו אַנדערע, וועגן שדים און רוחות, דערזעט מען ווי אַזוי שפּינאָ־זאַ האָט געמוזט האַמערן איבער די פינצטערע קעפּ פון זיין צייט מיט די קלעפּ פון זיין מעכטיקער, ראַציאָנאַליסטישע לאָגיק. אַ סך זייטן פון זיינע בריוו זיינען געווידמעט דער עוואַנגעליע, קריסטוס, זיין „ווידערגעבורט", ווי אויך דאָס פּראָבלעם פון נסים, וועלכע שפּינאָזאַ וואַרפט שטרענג אָפּ ווי דער הויפּט־יסוד אויף וועלכער די קריסט־לעכע רעליגיע, ווי רעליגיעס בכלל, האַלטן זיך. פאַר שפּינאָזאַן איז דער גלויבן אין נסים — בלויז איגנאָראַנץ פון די מאַסן. ווייל לויט שפּינאָזאַ איז אַ נס אַ נאַטור־געשעעניש, וועמענס געזעצן, וועלכע מיר ווייסן נישט, מיר טייטשן אויס ווי אַ נס. די דיסקוסיע אַרום קריס־טוסעס „ווידער לעבעדיק ווערן", וואָס דאָס איז דער הויפּט־יסוד אויף וועלכער די קאַטוילישע קירכע איז געשטעלט, וואַרפט שפּינאָזאַ אַנטשידן אָפּ, בשעת ער באַשטעטיקט — עס קלינגט איראָניש — זיין געבורט, זיין טויט און זיין באַגרעבעניש... דאָס דאָזיקע טעאָלאָגישע פּראָבלעם, ווען מען לייענט וועגן דעם איצט, קלינגט ניי און אַקטועל, באַזונדערס אין ליכט פון די שלום אַש־אַנטפּלעקונגען". און מען קען קלאָר איינזען, ווי אַזוי מיט איבער דריי הונדערט יאָר צוריק, אין אַ פאַרהעלטניסמעסיק־פינצטערער צייט אין גאַנץ אייראָפּע, האָט אַן איינזאַמער, אָרעמער און קראַנקער איד געוואַגט צו זאָגן דעם אמת אין די אויגן פון דער גאַנצער קריסטלעכער וועלט, בשעת מיט אי־בער דריי הונדערט יאָר שפּעטער, קומט אַ קוטנער איד, נאָכדעם ווי זיין פאָלק האָט פאַרלוירן זעקס מיליאָן ברידער און שוועסטער, און ער טראָגט אונטער דער קריסטלעכער וועלט זיסע באַשרייבונגען פון גאָטס מוטער וואָס האָט זיך „באַהעפט מיטן הייליקן גייסט" און דעם „תחית המתים" פון דעם „זון פון גאָט". אַ פאַרגלייך צווישן דעם אַמסטערדאַמער איד — אין זיבעצנטן יאָרהונדערט (!) און דעם קוטנער איד, אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט (!), וועט ווייזן אויף וועמעס זייט עס שטייט שטאָלץ, כאַראַקטער און קלאָרקייט פון געדאַנק. (למען האמת מוז מען אָבער אויך צוגעבן אַז עס איז אַ ביסל פריקרע וואָס שפּינאָזאַ פאַרנעמט זיך בכלל אַזוי פיל מיט קריסטלעך־טעאָלאָגישע פראַגן. און צו מאַנכע, לויט זיין אינערלעכער איבערצייגונג, האָט ער אַפילו אַ פּאָזיטיווע ראָלע. מען קען דאָס פאַרשטיין ווען מען באַגרייפט

אין וואָס פאַר אַ סביבה ער האָט געלעבט און ווי אַזוי די דאָזיקע פּראָבלעמען זיינען אויף אים מיט געוואַלט אַרויפגעצוואונגען גע־וואָרן).

שפּינאָזאַ, דער מאַן פון כאַראַקטער, אַנטפּלעקט זיך מעכטיק און גרויס אין זיינע בריוו. בריוו וואָס וועלן בלייבן אומשטערבלעכע דאָקומענטן פון מענטשלעכן כאַראַקטער און פון אינערלעכער פרייהייט פון געדאַנק. נישט אומזיסט רעכנט מען פאַרן פיאָנער פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע נישט דווקא רוסאָ און דעם פריער דער־מאָנטן וואָלטער, נאָר בענעדיקט דע שפּינאָזאַן. שפּינאָזאַ איז דער ריכטיקער טאַטע פון פרייהייט פון געדאַנק און קעמפער פאַר טאָלע־ראַנץ פון דער נייער צייט. אין דעם זין איז ער דער אמתער פיאָנער פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, אין איר הויפּט־קרעדאָ פון טאָלע־ראַנץ און פעלקער־פרייהייט.

עס וואַרפט זיך אין די אויגן, ווען מען לייענט אויפמערקזאַם שפּינאָזאַס בריוו, פון איין זייט די גייסטיקע פיזיאָנאָמיע פון זיינע קאָרעספּאָנדענטן, ביי וועמען עס איז וויכטיק, צום ביישפּיל, צו וויסן צי די גייסטער זיינען פון ווייבלעכן אָדער פון מענלעכן געשלעכט, און „ווי לאַנג דויערט זייער לעבן?" וואָרעם אַ טייל האַלטן זיי פאַר שטערבלעכע און אַ טייל פאַר אומשטערבלעכע" (הוגאָ באָקסעל, 14 סעפּטעמבער, 1674). און פון דער צווייטער זייט שטראַלט אויף דאָס ראַציאָנאַליסטישע, קלאָר־דענקענדיקע געשטאַלט פון שפּינאָזאַ, וואָס שטייט אומדערשראָקן פאַר זיינע פאַנאַטישע אָפּאָנענטן. אין דער הינזיכט זיינען וויכטיק אַ גאַנצע רייע בריוו, באַזונדערס אָבער דער באַרימטער בריוו צו פאַבריציוס, וועלכער לאַדט איין שפּינאָזאַן צו אַ פּראָפעסאָר־שטעלע אין דעם היידעלבערגער אוניווערסיטעט. דער דאָ־זיקער ענטפער פון שפּינאָזאַן, וואו ער זאָגט זיך העפלעך, אָבער קאַטע־גאָריש אָפּ פון גרויסן כבוד, איז אַ מוסטערהאַפטער דאָקומענט פון מענטשלעכן כאַראַקטער. פון אַ דענקער וואָס ווילט אויס אָרעמקייט און איינזאַמקייט, כדי צו קענען דענקען פריי און אומאָפּהענגיק פון פאַטראָנען און מעצענאַטן.

אויך זיינען וויכטיק די בריוו צו די שוין דערמאָנטע אָלדענבורג און הוגאָ באָקסעל און אויך דער בריוו צו זיין געוועזענעם תלמיד, אַלבערט בורג, וואָס איז פון אַ פרייען גייסט געוואָרן אַ קאַטוילישער יעזואיט, וואָס שרייבט צו זיין געוועזענעם רבין און וויל אים „באַ־קערן". דרייסט, מעכטיק און אומדערשראָקן זיינען די דאָזיקע בריוו, (וואָס צום ציטירן זיי וואָלט פאַרנומען צופיל פּלאַץ). דאָס זיינען בריוו פון אַ גרויסער פערזענלעכקייט, פון אַ שטאַרקן כאַראַקטער. שליסלעך מיינט כאַראַקטער — פערזענלעכקייט און, פערזענלעכקייט מיינט כאַ־ראַקטער. כאַראַקטער איז אויך דאָס וואָס מען רופט: סטיל אין דער ליטעראַטור.

מען וואָלט די דאָזיקע בריוו באַדאַרפט איבערזעצן אין אידיש, ווייל זיי זיינען אַ גרויסער ביישפּיל פון מענטשלעכן קוראַזש, ריינקייט און גרויסקייט.

אַזוי ווי דאָס דרוקן פון ביכער און אַלערליי אויסגאַבן, וואָס אין אונזער צייט איז עס געוואָרן אַ גרינגע און אַ פּאָפּולערע זאַך, אַזוי איז אויך בריוו־שרייבן אין אונזער צייט אַ זייער אָנגענומענע זאַך. מען טאָר אָבער נישט פאַרגעסן אַז אין דער צייט פון שפּינאָזאַ איז זייער שווער אָנגעקומען אָפּצושיקן אַ בריוו, בפרט אַזעלכע בריוו וואָס מען האָט נישט געטאָרט אָנטרויען אַ ליאַדע פּאָסטמאַן. בריוו, וועמענס אינהאַלט האָט געדאַרפט בלייבן אַ סוד פאַרן פּובליקום, איבערהויפּט פאַר די מאַכט־אָרגאַנען און רעאַקציאָנערע קליקעס.

ווי שווער עס איז געווען די בריוו־קאָמוניקאַציע, קען מען זען פון אַזעלכע באַמערקונגען: „איך וועל אייך בלויז בעטן, אַז ווען די צייט קומט, קענט איר זיי געטרויען צו אַ האָלענדישן סוחר, וואָס לעבט אין לאָנדאָן, וועלכער וועט שוין זען זיי זאָלן איבערגעשיקט ווערן צו מיר." אָדער: „אונזער פריינט דע ווריעס האָט צוגעזאָגט צו נעמען דאָס (דעם בריוו, — ש. ט.) מיט זיך; אָבער זעענדיק אַז ער ווייסט נישט באַשטימט ווען ער וועט זיך אומקערן צו אייך, האָב איך עס געשיקט דורך אַן אַנדערע האַנט". אָדער אַזאַ זאַץ: „מר. דימערברוק לעבט נישט מער דאָ. איך בין, דעריבער, געצוואונגען איבערצוגעבן עס צו אַ געוויינלעכן בריוו־טרעגער. איך צווייפל נישט אַז איר קענט עמעצן אין האַאַג, וועלכער וואָלט אַכטונג געגעבן אויף אונזערע בריוו. איך וואָלט געוואָלט הערן פון אַזאַ פּערזאָן, אַזוי אַז אונזער קאָרעס־פּאָנדענץ זאָל ווערן מער באַזאָרגט אין באַקוועמלעכקייט און זיכער־קייט".

עס איז קיין צווייפל נישט אַז די קאָרעספּאָנדענץ צווישן שפּינאָזאַ און זיינע קאָרעספּאָנדענטן האָט געדאַרפט שטאַרק אָפּגעהיט ווערן, כדי זי זאָל נישט אַריינפאַלן אין די הענט פון זיינע שונאים. אָבער אויך אין געוויינלעכן זינען איז געווען צו שיקן אַ בריוו אַ גאַנץ וויכטיקע אונטערנעמונג. בריוו צו יענער צייט האָבן דעריבער געדאַרפט אַנט־האַלטן אַ וויכטיקן אינהאַלט. און דאָס זעען מיר אין די דאָזיקע בריוו.

שפּינאָזאַ, וועלכער האָט וואויל געוואוסט אַז ער טאָר נישט אויפ־הערן די מאַסן פון לאַנד, וואָרעם סוף־כל־סוף איז ער דאָך געווען אַ שפּאַנישער איד, פול מיט דערפאַרונג פון ביטערע פאַרפאָלגונגען אויף אידן, האָט זיך אָפּגעהאַלטן פון עפנטלעכע אַרויסטרעטונגען. ער שרייבט וועגן דעם צום דערמאָנטן פאַבריציוס, וועלכער האָט אים איינגעלאַדן צו דער היידעלבערגער קאַטעדרע. ער זאָגט, אַז אַזוי ווי עס איז קיינמאָל נישט געווען זיין פאַרלאַנג צו לערנען עפנטלעך, דעריבער זאָגט ער זיך אָפּ פון דעם פרעכטיקן פאָרשלאַג. אויסערדעם ווייסט ער נישט אויף ווי ווייט ער וועט האָבן פרייהייט פאַר זיין פילאָ־סאָפישן אופן פון דענקען, אויב ער וועט דאַרפן זיך אָפּהאַלטן פון צו באַרירן די פּראָבלעמען פון דער הערשנדיקער רעליגיע. האַלטנדיק אַזאַ הויכן פּאָסטן, האָט שפּינאָזאַ מורא אַז ער וועט דאַרפן זיין מער פאַראַנטוואָרטלעך פאַר זיינע געדאַנקען, ווען ער ווערט אַפילו איצט, אין איינזאַמקייט און שטילקייט, שאַרף אַטאַקירט פאַר זיין ליבעראַליזם פון דענקען. וועפל מער וועט מען אים אַטאַקירן, ווען ער וועט אָפיציעל האַלטן אַזאַ הויכן פּאָסטן, א. אַ. וו.

אויף אַ זייער העפלעכן אופן זאָגט שפינאָזאַ זיך אָפּ פון דער פּראָפעסור־שטעלע. ווי געזאָגט, שפּינאָזאַ איז קיינמאָל עפנטלעך נישט אויפגעטראָטן. ער האָט זיך שטענדיק, מיט אייניקע אויסנאַמען, באַנוצט מיט דער פעדער. און באַזונדערס איז ער צופרידן זיך אויסצודריקן אין די בריוו, וועלכע, ווי ער איז געווען איבערצייגט, ווערן בלויז געלייענט פון די סאַמע נאָענטסטע. אַפילו זיין „עטיק״ האָט ער זיך אָפּגעזאָגט צו דרוקן בשעת זיין לעבן. שפינאָזאַ האָט געוואוסט אַז זיינע יאָרן זיינען געציילטע. אין זיין איינזאַמען חדר, אין די גרויסע, פינצטערע נעכט, האָט דער אַמסטערדאַמער איד געהוסט מיט בלוט און די שווינדזוכטס־קראַנקהייט האָט איבערן אים טריאומפירט. צו יענער צייט איז שווינדזוכט דאָך געווען אַ פאַטאַלע קראַנקהייט, ווי איצט אַ ראַק. שפינאָזאַ האָט נישט געפילט די צערטלעכקייט פון אַ מוטער, פון אַ שוועסטער, פון אַ ווייבלעכער פערזאָן, וואָס זאָל אים געטריי און מיט ליבשאַפט אָפּהיטן אין זיין קראַנקהייט. שפינאָזאַ האָט דעריבער געוואוסט אַז עס בלייבט אים בלויז איבער אין שטילקייט און אין איינזאַמקייט אַלץ צוצוגרייטן. אָבער דאָס וואָס שפינאָזאַ האָט געוואָלט זאָגן, האָט ער דרייסט געזאָגט אין זיינע בריוו.

נאָך איצט, נאָכדעם ווי די קאַטוילישע רעליגיע איז היפּש דיסקרעדיטירט, און די מעשים פון די פויפסטן זיינען אַן עפנטלעכע זאַך, וואָלט געווען זייער געוואַגט צו שרייבן אַזאַ בריוו ווי שפינאָזאַ האָט געשריבן צו זיין געוועזענעם תלמיד אַלבערט בורג. (שלום אַש וואָלט דעם בריוו געמעגט לייענען). אין דעם דאָזיקן בריוו רייסט שפינאָזאַ אַרונטער די מאַסקע ניט נאָר פון זיין יעזואיטישן תלמיד, נאָר פון דער גאַנצער קאַטוילישער קירך, פון איר אַנטשטייאונג ביז צו דער קעגנוואַרט — ער דעקט סאַרקאַסטיש אָפּ דאָס פּנים פון דער קריסטלעכער היעראַרכיע; פון אירע פויפסטן, פּריסטער און מעשים. אין דעם דאָזיקן, ווי אין אַלע זיינע בריוו, מערקט זיך שפינאָזאָס ליידנשאַפט צו דענקען פריי. די ליידנשאַפט פאַרן רעכט צו קענען פילאָסאָפירן פריי. דער קאַמף פאַר טאָלעראַנץ און פרייהייט פון געדאַנק פאַנגט זיך דאָ פאַקטיש אָן. און דעם געדאַנק, צו מעגן דענקען פריי, צו מעגן באַנוצן אַ נייעם מעטאָד פון דענקען בנוגע גאָט, דעם אוניווערס און דעם מענטש, איז שפינאָזאַ געוועזן היפּש באַווירקט פון זיינעם אַ פאַרגייער, פראַנסיס בייקאָן (1626—1561), וועלכער האָט פּראָפּאַגירט אין דער אייראָפּייאישער פילאָסאָפיע און וויסנשאַפט אַ נייע מעטאָדע פון לערנען עמפיריש, פון אונטערזוכונג פון די געזעצן פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט ווי די פּראָצעסן פון דער נאַטור. שפינאָזאַ איז אויך געווען באַווירקט פון דעקאַרט, (1650—1596), זיין קאָנטעמפּאָרערי, וועמעס ליבשאַפט צו מאַטעמאַטיק האָט באַוואויגן שפינאָזאַן אויפצושטעלן אַ ריזיקע קאָנסטרוקציע פון גאָט, וועלט און מענטש, אויף אַ שטרענג־געאָמעטרישן אופן. („איך וועל דעריבער שרייבן איבער מענטשלעכע ווענס אַזוי ווי איך וואָלט זיין באַשעפטיקט מיט ליניעס, פלאַכן און קערפּערס״). אָבער טראָץ זיין מכלומרשטן מעכאַנישן באַהאַנדלען גאָט, דעם וועלטאַל און מענטשן, האָט שפינאָזאַ, „דער גאָט־שיכורער״, ווי נאָוואַליס האָט אים אָנגערופן, באַהערשט די גאַנצע

פּאָעטישע וועלט פון די שפּעטערדיקע יאָרהונדערטער. עס איז גע־נוג אָנצורופן אַזעלכע נעמען פון דער ליטעראַטור, ווי געטע, וואָרדס־וואָרטה, שעללי, אויף וועלכע שפּינאָזאַ האָט געהאַט אַ געוואַלטיקע ווירקונג.

ווי געזאָגט, שפּינאָזאַס בריוו האָבן מיך אינטערעסירט פון שטאַנד־פּונקט פון כאַראַקטער. וואָרעם אין אונזער סביבה קען מען דערשטיקט ווערן. ביי אונז צייכנט זיך אויס די כאַראַקטערלאָזיקייט מיט אומגע־וויינלעכער חוצפּה. דאָרטן וואו עס פעלט סאָלידער גרונט אונטער די פיס, שטייגט אויף חניפה און זיס־שמייכלעריי. אין אונזער ליטעראַטור קען מען כסדר זען דאָ און דאָרט ביישפּילן פון כאַראַקטערלאָזיקייט. די ליטעראַרישע קריטיק איז באַהערשט פון אָפּאָרטוניזם און שוואַכ־קייט. שוואַכע פּאָעטן זיצן פעסט אויף זייערע געהויבענע פּאָזיציעס ווי גוט־איינגעפונדעוועטע געטער. געוויסע מענטשן, וועלכע האָבן ביים אָנפאַנג פון זייער קאַריערע געוויזן כאַראַקטער, זיינען אין משך פון יאָרן צעברעקלט און צעשטויבט געוואָרן, ווערנדיק דעמאָראַליזירט אין אַ סביבה פון פאַלשקייט, שמייכלעריי און געמיינקייט. אַ ליטעראַ־טור, וואָס אירע שעפער זיינען אַליין שוואַך אין זייערע כאַראַקטערן, זיך מוזנדיק צופּאַסן צו קהילה־טוער, רעדאַקטאָרן, דירעקטאָרן, מע־נעדזשערס, פּובליסיטי־אַגענטן; אַזעלכע קענען נישט אַרויסברענגען מאָנומענטאַלע כאַראַקטערן אין דער ליטעראַטור.

מיר זיינען אין די לעצטע פּאָר צענדליק יאָר געווען עדות ווי אַזוי ליטעראַרישע מייסטער און קינסטלער האָבן קאַפּיטולירט פאַר דיקטאַטורן און רעזשימען. גאַנצע ליטעראַטורן זיינען געשטעלט גע־וואָרן אין דינסט צו באַזינגען איין גרויסן מערדער און הענקער. דעאיס־טישע קוואַליטעטן האָבן די איבערגעשראָקענע און טעראָריזירטע דיכ־טער צוגעשריבן צו אַ דערפּאָלגרייכן, שטערבלעכן הערשער. די קרוין פאַר געטלעכקייט איז געזעצט געוואָרן אויפן קאָפּ פון אַ מערדער, אויף וועמען עס פאַלן די שטראָמען בלוט פון זיינע אויסגעמאָרדעטע רעוואָלוציאָנערע קאָלעגן. שרייבער האָבן זיך קעגנזייטיק פאַרניכטעט. זיך אומגעבראַכט. געמסרט איינע אויף די אַנדערע.

כאַראַקטער איז שטענדיק, אין יעדן דור, געווען אַ זעלטענע זאַך. מענער ווי דזשיאָרדאַנאָ ברונאָ און קראָפּאָטקין, באַקונין און טאָלסטאָי; מענער ווי די נביאים און תנאים; בר־כוכבא און רבי עקיבא; דער בעל שם טוב און ר׳ נחמן בראַסלאַווער; מענער ווי טראָצקי און לענין און די קעמפער פון וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד זיינען נישט פון די אָפּטע דערשיינונגען. געוויינלעך הערשט אין מאַסן־לעבן, אין די באַ־וועגונגען און געזעלשאַפטלעכע אַקטיוויטעטן, בפרט אין פּריוואַטן לעבן, אין די קעגנזייטיקע באַציאונגען צווישן די מענטשן — זייער ווייניק כאַראַקטער. נאָך זעלטענער איז כאַראַקטער אין אונזער צייט פאַראַן. מיר זעען עס אויף אַלערליי פאַרזאַמלונגען פון פאַרטייען, אָרגאַניזאַ־ציעס, ברענטשעס, רינגען און גרופּעס, וואו די נישטיקייט ווערט גע־לויבט פאַר אַ פּאָר דאָלער און וואו די אמתע פערזענלעכקייט ווערט באַליידיקט און אונטערדריקט. דאָס גאַנצע היגע געזעלשאַפטלעכע

לעבן שטייט אויף מה־יפית און שמייכלעריי. עס איז זעלטן צו געפינען אַ מוטיק וואָרט. אויף צו זוכן כאַראַקטער מוז מען צוריקגיין צו די נביאים, צו די גרויסע געשטאַלטן פון דער אידישער געשיכטע. אין זכות פון די דאָזיקע גרויסע געשטאַלטן לעבט דאָס פאָלק. אַ פאָלק, אין זיין העלדישער עקזיסטענץ, אין קאַמף מיט זיינע שונאים, מוז שטענדיק שעפּן אינספּיראַציע פון זיינע מאָנומענטאַלע, היסטאָרישע כאַראַקטערן. אַנדערש וואָלט דאָס פאָלק צעריבן געוואָרן אונטער די מיל־שטיינער פון דער געשיכטע.

עס איז דעריבער מיט גרויס פאַרגעניגן, וואָס איך האָב די לעצטע וואָכן פאַרבראַכט מיט די בריוו פון שפּינאָזאַ. אויב אַ סך פון זיין פּי־לאָסאָפיע, ווי געזאָגט, איז שוין איצט פאַרעלטערט, איז אָבער אייביק ניי און אמתדיק און אינספּירירנדיק די עטיק פון זיין פילאָסאָפיע. די באַציאונג פון מענטש צו גאָט און צו דער נאַטור. די קעגנזייטיקע באַ־ציאונגען צווישן די מענטשן און זיין ראָלע אין אוניווערס. און דער גרויסער געדאַנק פון דער געטלעכער השגחה, וואָס פירט אַלע זאַכן אינם וועלטאַל. און דער הערלעכער געדאַנק פון פּאַנטעאיזם, וואָס האָט באַגייסטערט די גרויסע פּאָעטן, הונדערטער יאָרן שפּעטער. דער געדאַנק אַז די וועלט איז דורכגענומען מיט גאָטהייט. אַז אַלץ איז הייליק, ווייל עס איז גאָט. אַז מאַטעריע און גייסט זיינען ביידע פאַר־שיידענע זייטן פון דער סובסטאַנץ. אַז גאַר דאָס לעבן אויף דער ערד איז אַ כסדרדיקע געשטאַלטונג פון גאָט. דאָס אַלץ איז ניי און פון געוואַלטיקער שעפערישער באַדייטונג פאַר דער וועלט־קולטור.

ווען ברוך דע שפּינאָזאַ, אין זיין עפּאָכע, ווען מען האָט זיך גע־מוזט היטן מיט אַ ניי, פריי וואָרט, ווערט אַנטקעגנגעשטעלט די מענטשן פון אונזער צייט, ווען דער מענטש קען אין די פרייע, דעמאָקראַטישע לענדער אומבאַשטראָפט אַרויסזאָגן זיינע מיינונגען און אידייען, איז דער קאָנטראַסט זייער גרויס. מעכטיק און הויך ביז צו די הימלען שטייגט אויס מאָנומענטאַל דאָס געשטאַלט פון בענעדיקט דע שפּינאָ־זאַ, וועמענס כאַראַקטער געהערט צו די כאַראַקטער־קוואַליטעטן פון די אומדערשראָקענע און אומשטערבלעכע נביאים, וועלכע זיינען שטאָלצע און פעלדזיק־געשלאָסענע געשטאַנען פאַר גאָט און פאַר מענטש און געשליידערט דעם אמת אין די אויגן פון אַלע צייטן און אַלע דורות.

פון שפּינאָזאַס כאַראַקטער וועט מען אייביק נעמען אַ ביישפּיל. מען וועט פון אים לערנען און, דורות נאָך דורות וועלן שעפּן מוט און קוראַזש פון זיין גרויסן לעבן. פון דער דרייסטער געדאַנקען־פריי־הייט פון זיין מוח און פון דער גרויסקייט פון זיין האַרצן. —

ניו־יאָרק, יאַנואַר 17, 1950.



# מייסטער, דיין שיקזאַל איז צו שאַפֿן!

סטעפאַן צווייג, דער גרויסער אידיש־עסטרייכישער ביאָגראַף פון גרויסע מענטשן, ווי עראַזמוס פון ראָטערדאַם, מאַגעללאַן, קעניגין מאַריאַ פון סקאָטלאַנד, קעניגין מאַריאַ אַנטואַנעטע, האָט פאַר זיין טויט — דורך זעלבסטמאָרד, אָנגעשריבן אַ ביאָגראַפיע פון דעם גרויסן פראַנצויזישן ראָמאַניסט, אָנאָרע דע באַלזאַק. צען יאָר צייט האָט צווייג צוזאַמענגעקליבן דעם מאַטעריאַל וועגן באַלזאַקן. צווייג האָט דאָס ווערק נישט דערלעבט צו זען געדרוקט. ער האָט דעם מאַנוסקריפּט איבערגעגעבן צו זיינס אַ פריינט, אַ געוויסן ריכאַרד פרידענטהאַל, וואָס האָט דאָס ווערק צוזאַמענגעשטעלט און רעדאַגירט. צווייג איז געווען זייער צופרידן פון זיין באַלזאַק־ביאָגראַפיע. און, צווישן זיינע אַנדערע ביאָגראַפיעס איז דאָס זיין גרעסטע ווערק, אַן צווייפל. צווייג האָט זיין באַלזאַק־ווערק געשריבן לייכט, גראַציעז, עלאַסטיש און מיט גרויס זין און פאַרשטענדעניש פאַר די געשטאַלט פון באַלזאַק. ער האָט מיט יעדן קאַפּיטל אַלץ העכער און גרינטלעכער אויפגעשטעלט אַ ריזנגעשטאַלט. נאַטירלעך איז דאָס געשטאַלט פון דעם פראַנצויזישן שריפטשטעלער אַזאַ וואָס לאָזט זיך לייכט פאַרוואַנדלען אין אַ גרויסן כאַראַקטער פון אַ ביאָגראַפיזירטער נאָוועלע. צווייג האָט גיכער דאָ בלויז געדאַרפט גוט אָראַנזשירן די פאַקטן, די לעבנסגעשעענישן פון דעם ראָמאַניסט.

וואָס שייך די געשטאַלט פון באַלזאַק, איז זי פיל מער ווי די געוויינלעכע געשטאַלט פון אַ שריפטשטעלער. באַלזאַק וואַקסט אויס צו אַ קאָלאָסאַלע, טראַגישע פיגור. ער געהערט אין דער רייע פון די גרויסע העלדן פון גייסט. דאָס איז אַן איינזאַמער מאַן וואָס האָט געהאַט אַ טרויעריקע קינדהייט, אַן אומעטיקע יוגנט, אַ שלעכטע מוטער. נאָר האָט זיך דאָך מיט אייגענע כוחות אַרויפגעדראַפּעט צום סאַמע אָלימפּ פון קונסט. ער האָט באַזעסן פאַבלהאַפטע כוחות. די פאַנטאַזיע פון אַ גאָט. ער האָט געאַרבעט זעכצן שעה אין מעת־לעת. ער האָט אין געציילטע טעג געקענט אָנשרייבן אַ גרויסע דערציילונג. אין וואָכן האָט ער געקענט ליפערן אַ ראָמאַן. אין ווייניקע חדשים האָט ער געקענט אָנשרייבן דיקע בענדער. אין אַ משך פון צוויי יאָר האָט ער אָנגעשריבן דאָס וואָס אַן אַנדערער שריפטשטעלער דאַרף אַרבעטן זיין גאַנץ לעבן. ער האָט אָנגעשריבן קנאַפּע הונדערט בענדער אין פאַרלויף פון אַרום צוואַנציק יאָר אַקטיווע אַרבעט. זיינע ווערק האָט ער געגעבן אַ געזאַמטן טיטול „די מענטשלעכע קאָמעדיע“. זיין ווערק האָט געדאַרפט אַרומנעמען גאָר דאָס לעבן פון דער פראַנצויזישער געזעלשאַפט, אין מלוכה, מיליטאַריזם, ביזנעס, פאַרמעריי, לאַנד־בוי, מלחמה, לוקסוס, קונסט, ליטעראַטור און סאָציאָלאָגיע. ער האָט געוואָלט באַהאַנדלען די ספּרוזשינעס פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט. אַלע עמאָציעס, פּאַסיעס און רעאַקציעס פון מענטש. ער האָט זיך גיגאַנטיש פאַרמאָסטן אויף צו געבן אַ ריזיקע פרעסקאָ

פון דער מענטשהייט אין גאַר איר דראַמע און טראַגעדיע. ער האָט פּשוט געוואָלט באַשרייבן דעם פּלאַנעט. מאָלן אַן אומגעהייער בילד פון פראַנקרייך פון 18טן יאָרהונדערט — און דורך פראַנקרייך אַ פרעסקאָ פון אַלע פעלקער, אין אַלע צייטן.

די דאָזיקע גיגאַנטישע אונטערנעמונג איז געווען דווקא צוגע־פּאַסט פּאַר באַלזאַקן, דעם מאַן, וואָס האָט געשטאַמט פון פּויערים, פון מענטשן פון דער ערד. קיינער האָט נישט באַזעסן אַזאַ פיזישן כוח און אַזאַ פלאַמענדיקע פאַנטאַזיע. קיינער האָט נישט באַזעסן אַזאַ גע־וואַלטיקע אַמביציע און אַזאַ מעכטיקע אַרבעטס־קראַפט. כדי דאָס צו רעאַליזירן, האָט באַלזאַק דעם טאָג פאַרוואַנדלט אין דער נאַכט, און די נאַכט אינעם טאָג. ביינאַכט פלעגט ער אָנטאָן זיין ווייסן כאַלאַט און זיין כהן גדול און דעם בית המקדש וואָס ער האָט אַליין אָוועק־געשטעלט. אין דער נאַכטיקער שטילקייט, ווען די שטאָט פּאַריז איז פאַרזונקען אין אַ טיפן שלאָף, פלעגט דער ראָמאַניסט אָנוואַרפן זיינע הונדערטער און הונדערטער בלעטער. בלעטער פון אַ גיגאַנטישן ספר פון צענדליקער טויזנטער זייטן. ער פלעגט, כדי זיך צו סטימולירן, כדי שטענדיק צו האַלטן געשפּאַנט זיין ענטוזיאַזם און זיין ריזיקן אַרבעטס־כוח — אויסטרינקען גאַנצע שטראָמען קאַווע. אין זיין קורצן לעבן, אָנגעפּאַקט מיט אומאויפהערלעכער גייסטיקער טעטיקייט, האָט דער דאָזיקער ריז געמוזט אויסטרינקען טייכן הייסע קאַווע. (מען רעכנט אויס, אַז ער האָט אויסגעטרונקען פופציק טויזנט טעפּ מיט שאַרפע, שוואַרצע קאַווע.) קאַווע און איינזאַמקייט — דאָס איז געווען זיין סטימולוס צום שאַפן. די גרויסע בענקשאַפט, דער גרויסער הונגער נאָך ווייב, נאָך געלט, נאָך אַ היים, נאָך קאָמפאָרט, נאָך רו, נאָך רום און נאָך גייסט און גלאָריע — דאָס איז געווען די טרייב־קראַפט פון זיין מעכטיקן געניוס. אין אַן עלטער פון אַרום עטלעכע און צוואַנציק יאָר האָט זיך אין דעם יונגען, אָרעמען, הונגעריקן און דורשטיקן באַל־זאַק אָנגעפּאַנגען די דאָזיקע אַרבעט און דאָס דאָזיקע ווילדע, טייוולישע יאָגן זיך נאָך די קוואַליטעטן פון לעבן. אין הונגער נאָך דעם לעבן האָט ער זיך אַריינגעלאָזט אין זיין אימאַזשינערער וועלט. אין דראַנג נאָך לוסט האָט ער אַרויסגעכישופט אַ גאַלעריע פון די שענסטע און דראַמאַטישסטע פרויען־כאַראַקטערן. אין דורשט נאָך גאָלד — האָט ער שפּעקולירט, געמאַכט ביזנעס־קאַלקולאַציעס, געגנבֿעט און פּרעציז אויסגעאַרבעט פּלענער אין זיינע ראָמאַנען, געשאַפן אַ קאָסמאָס פון צוויי טויזנט מענטשלעכע כאַראַקטערן, וואָס ער האָט געלאָזט באַוועגן מיט אַ שטורעם און אַ דינאַמיק אומפאַרגלייכלעך אין דער וועלט־ליטעראַטור. די דאָזיקע צוויי טויזנט העלדן האָט באַלזאַק געגעבן זיין בלוט און זיין פלייש. ער האָט זייערע טאָטן און זייער אַקטיוויטעט געגנערט מיט זיין האַרץ. ער האָט זיי אויסגעהאַלטן פיזיש און גייסטיק מיט זיין מענטשלעכער ענערגיע. ער האָט זיי, ווי אַ גאָט וואָס גיט פון זיך אַרויס לעבן צו די דורות, געגנערט מיט זיין אייגענעם לעבן. ווי די זון וואַרעמט און מאַכט גרויסן טאָג אין דער וועלט מיט אירע פלאַמען — אַזוי האָט ער געגנערט דעם אומפאַרגייענדיקן טאָג פון זיין ווערק

מיט דעם ליכט פון זיין בליצאַרטיקן, עלעקטרישן געניוס.

באַלזאַק וואָלט, טראָץ זיין גיגאַנטישער אַרבעט, דערגרייכט אַ הויכע עלטער און ער וואָלט ווירקלעך אָוועקגעשטעלט אויף אייביקע צייטן אַלע געפּלאַנעוועטע ווערק — אַרום הונדערט און פופציק אין צאָל, וואָס ער האָט פאַרטראַכט אויף אויפצובויען זיין „מענטשלעכע קאָמעדיע". באַלזאַק וואָלט ווירקלעך אויסגעפירט זיין אומגעהייערן פּלאַן — צו אומגעהייער פאַר דער אַמביציע פון איין שטערבלעכן מענטש, ווען נישט יענע כאַראַקטער־אייגנשאַפטן וואָס זיינען געבוירן געוואָרן אין זיין פּערזענלעכקייט צוזאַמען מיט זיין געניוס צום שאַפן. די דאָזיקע כאַראַקטער־אייגנשאַפטן האָבן אים דערפירט צו טראַגעדיע. דער טראַגישער פינאַל איז געווען אין זיין נאַטור זעלבסט. יעדער העלד פאַלט ביי די פיס פון זיין ספינקס־שיקזאַל. אומפאַרענדיקט בלייבט דאָס ווערק פון יעדן מענטשלעכן געניוס. נאָר אין פאַל פון באַלזאַק איז דאָס אָפּגעטועטע ווערק פון אומפאַרגלייכבאַרער גרויסקייט.

באַלזאַקיס טראַגעדיע איז באַשטאַנען דערין וואָס ער האָט אויך געוואָלט זיין אַ נאַפּאָלעאָן נישט נאָר אין זיין שאַפן, נאָר אויך אין זיין לעבן. („וואָס נאַפּאָלעאָן האָט אָנגעהויבן מיט דער שווערד, וועל איך רעאַליזירן מיט דער פּען.") באַלזאַק האָט נישט נאָר געוואָלט איינ־נעמען די ליטעראַרישע וועלט, נאָר אויך די פינאַנציעלע און די אַריס־טאָקראַטישע וועלט. באַלזאַק'ס אַמביציעס זיינען געגאַנגען אין צוויי ריכטונגען: אין ליטעראַטור, אין לעבן. ער האָט אַפילו זיינע ערשטע שונד־ראָמאַנען אָנגעהויבן צו שרייבן מיט אַזאַ טייוולישער איילעניש כדי צו מאַכן געלט. ער האָט די פּען געוואָלט באַנוצן צו פּראָדוצירן גאָלד און גיטער. עס איז פּיליכט אַ צופאַל וואָס דער דאָזיקער גיגאַנט פון ליטעראַטור האָט זיך בכלל גענומען צו דער פּעדער. עס האָט גע־קענט געשען אַז אַ באַלזאַק זאָל דורך זיין גאַנץ לעבן זיין אַ סוחר, אַן אונטערנעמער, אַ הייזער־בוי־טראַנזאַקציאָנער, אַ ליפעראַנט, אַ פּראָ־דוצענט, אַ פּראַצענטניק, אַ באַנקיר, אַ מיניסטער, אַ דיפּלאָמאַט, אַ גע־נעראַל — און נישט קיין מייסטער פון דער וועלט־נאָוועלע. וואָלט ער זיך נישט איינגערעדט, אַז ער קען דורך שונד־ראָמאַנען רייך ווערן, וואָלט ער בכלל זיך צו דער פּעדער נישט גענומען. אַ מעכטיקער טאַ־לאַנט וואָלט פאַרלוירן געגאַנגען פאַר פראַנקרייך און פאַר דער וועלט. עטלעכע יאָר לאַנג האָט באַלזאַק פּראָדוצירט אַ סאָרט ראָמאַנען מיט שותּפים, פאַר ביליקע פאַרלעגערס, פאַר דער בולוואַר־פּרעסע, פאַר געלע, טונקעלע פּובליקאַציעס. מיט זיינע ערשטע שונד־ראָמאַנען האָט ער זיך שפּעטער ביטער געשעמט. כדי נישט צו שטאַרבן פאַר הונגער און אויף צו באַצאָלן פאַר זיין אָרעמער וואוינונג, האָט ער געשריבן אַלערליי רעדעס פאַר פּאָליטישנס, פּראָפּאַגאַנדע־שטיק, געדינט די ראָיאַליסטן און רעאַקציאָנערן, געאַרבעט פאַר דער קעניגס־פּאַרטיי און געדינט מיט זיין פּען יעדן פּאָליטישן אינטריגאַנט און אַוואַנטיוריסט. אָבער שרייבנדיק די דאָזיקע וואולגאַרע און סענסאַציאָנעלע ראָמאַנען, האָט זיין האַנט אָנגערירט דער גאָט פון שאַפונג. האָט ער אַנטדעקט אין זיך דעם גרויסן מייסטער פון ראָמאַן און דעם ריזיקן שעפער פון

כאַראַקטערן. האָט ער דערקענט אין זיך דעם נביא און דעם דענקער. האָט ער ביסלעכווייז געפונען אין זיך באַלזאַק דעם גרויסן שריפט־שטעלער. און ער האָט זינט דעם מאָמענט אָנגעהויבן צו אַרבעטן איבער זיך. פון דעם שרייבער־שאַרלאַטאַן איז געוואָרן אַ נביא, וואָס נערט מיט אייגענעם בלוט און פייער זיין ווערק. פון דעם ביליקן מאַסן־פּראָדוצירער פון בולוואַר־ראָמאַנען איז געוואָרן אַ גיטלעכער שעפּערי־שער כוח און ער האָט אָנגעהויבן צו עפענען פאַרן פראַנצויזישן פּובלי־קום זיינע אומגעהייערע רייכטימער. ער האָט פאַרן וועלט־פּובליקום שפּעטער געעפנט די גראַנדיעזע פּאַנאָראַמע פון זיין אומגעהייערער שאַ־פונגס־טעטיקייט. און ער איז אַריין מיט זיינע ביידע דיקע פיס אינם פּאַנטעאָן פון דער וועלט־ליטעראַטור. אָבער אַפילו שוין אַלס וועלט־באַרימטער שריפטשטעלער האָט באַלזאַק מיט זיין שרייבן געזוכט אָנצויאָגן זיין שיקזאַל. ער האָט דורך זיין שרייבן געוואָלט רייך און באַרימט און גליקלעך ווערן. אַנטדעקט איינמאָל אינם שרייבן אַ מעג־לעכקייט צו שעפּן אוצרות געלט פאַר האָנאָראַר, האָט ער די אַקס אָנגע־טריבן מיט אַ פּייערדיקער פוריע. גאַטיעי, דער פראַנצויזישער פּאָעט, וועלכער האָט אים גוט געקענט, זאָגט אַז ער האָט נישט באַזעסן דווקא דאָס וואָס שרייבער באַזיצן. אַז עס איז אין אים געווען אַ גרויסער אָפּגרונט צווישן געדאַנק און פאָרם. צווייג ווייזט אָן, אַז דאָס שרייבן האָט אים בלויז געדינט ווי אַ מעגלעכקייט צו ווערן אַ גרויסער מענטש, צו וועלכן ער האָט פון תמיד אָן געשטרעבט. צו זיין מוטער אין יאָר 1832 שרייבט ער: „פריער אָדער שפּעטער וועל איך מאַכן אַ פאַרמעגן, אָדער אַלס אַ שרייבער, אָדער אין פּאָליטיק, צי גאָר אין זשורנאַליזם, אפשר דורך אַ רייכער הייראַט אָדער דורך עפּעס אַ גרויסן ביזנעס־שריט.״ אָבער ווען באַלזאַק האָט זיך געזעצט שרייבן די ערשטע גרויסע נאָוועלע, האָט זיך פאַר אים געעפנט אַ ריזיקער קוואַל פון ענערגיע. ער איז געבליבן שטיין אין עקסטאַז פאַר זיין אייגענעם אומ־געהייערן כוח. ער האָט גענומען פילן אַז ער איז באַשטימט צו אַ גרוי־סער, געטלעכער מיחיע. ס׳האָט זיך צו אים געעפנט דער נביא. ער האָט אָנגעהויבן האָבן צו טאָן מיט אַ גאַנצע וועלט, וואָס ער האָט ערשט געדאַרפט באַשרייבן, אָרגאַניזירן און האַרמאָניש פּאַנאַנדער־טיילן. ער האָט גענומען טראַכטן אַז ער מוז די דאָזיקע וועלט אָרגאַני־זירן און אַוועקשטעלן אין דער וועלט ווי אַ ריזיקע קאָנסטרוקציע. ער האָט געזען אַז ער מוז, ווי גאָט, דעם דאָזיקן שעפערישן תוהו ובוהו מייסטערן און געבן פאָרם, אידעע און אָרדנונג. ער איז געוואָרן דער טיטאַנישער אַרכיטעקט פון אַ געוואַלטיקער סטרוקטור וואָס האָט זיך געהויבן אין מעכטיקן פאַרמעסט צו די הימלען. באַלזאַק איז געוואָרן באַוואוסטזיניק פון זיין אומגעהייערן קרעאַטיוון כוח און ער האָט דעם דאָזיקן כוח געפּרוווט געבן פאָרם, האַרץ און געדאַנק. און ער האָט די דאָזיקע אַרויסגעבראַכטע וועלט, אָן אַרבעט צו וועלכער זיין עפּאָכע האָט אים באַשטימט צו שאַפן און אַרויסצוברענגען פון ים פון כאַאָס מיט קרישטאָלענער קלאָרקייט — אָנגערופן „די מענטשלעכע קאָ־מעדיע״.

וואָלט באַלזאַק קיין נייע אַמביציעס נישט אַנטוויקלט, ווי בלויז די שאַפונג און די פאַרענדיקונג פון זיין וועלט־קאָמעדיע, פון דער אומגעהויערער געביידע וואָס אַ שריפטשטעלער האָט ווען עס איז געוואָגט אויפצושטעלן אויף גאָט׳ס ערד — וואָלט ער, ווי שוין געזאָגט, אָן צווייפל דערגרייכט זיין ציל און ער וואָלט געבליבן שטיין ווי אַ ריזיקע פיגור אין די האַלן פון דער וועלט־ליטעראַטור.

אָבער, דער גאַנג פונם מענטשלעכן געניוס איז טונקעל און שטאַרק קאָמפּליצירט. די סטרוקטור פון דעם מענטשלעכן גיגאַנט איז גע־היימנישפול. די מעכאַניק וואָס טרייבט און באַוועגט דאָס לעבן און דאָס שאַפן פון אַ גייסטיקן ריז — איז מיסטעריעז. און עס שיינט אַז איבער אים, ווי אין די אַנטיקע טראַגעדיעס פון קעניגן און העלדן, הערשט אַן אומפאַרשטענדלעכער כוח, וואָס דירעקטירט זיינע מעשים און וואָס באַוועגט מיט זיינע אַקטיוויטעטן. רופט עס אָן ווי אַזוי איר ווילט: גורל, פאַטום, שיקזאַל. באַלזאַק׳ס שיקזאַל איז געווען אַ טונ־קעלער, אַ שווערער, אַן אומפאַרשטענדלעכער און מאָנסטעריעזער. עס איז געווען דער שיקזאַל פון באַלזאַק וואָס האָט אים פיבעריש געטריבן צו שאַפן, האָט אים אומגעהייער און פייערדיק סטימולירט און האָט אים פאַרניכטעט, האָט אים אין אַ פאַרהעלטנישמעסיק יונגען עלטער געבראַכט צו זיין קבר.

וואָס איז געווען באַלזאַק׳ס שיקזאַל? פאַרוואָס האָט ער נישט געקענט פאַרענדיקן זיין ריזיק ווערק, פון וועלכן ער האָט שוין געהאַט אָנגעשריבן אַזאַ באַדייטנדיקן פראַגמענט? וועלכע כוחות האָבן מיט אים באַוועגט און אים געטריבן צו זיין שאַפן און צו זיין צעשטערונג?

אין אַנאַרע דע באַלזאַק איז געווען דער גרויסער קאַמף מיטן לעבן. ער האָט געוואָלט זיין מייסטער אין דער געזעלשאַפט, ווי ער איז געווען מייסטער אין זיין אַרבעטסצימער. ער האָט געוואָלט באַפעלן מיט די מענטשן פון פאַריז ווי ער באַפעלט מיט די צוויי טויזנט מענטשן פון זיינע ראָמאַנען. ער איז געווען אין זיין נאַטור אַ שפּעקולאַנט. אַ גרויסער סוחר. צו וואָס ער האָט זיך צוגערירט, האָט ער געזען „ביזנעס״. פון יעדער זאַך, ווי אַ מיטלאַלטערלעכער אַלכעמיקער, האָט ער געוואָלט אַרויסשלאָגן געלט. ער האָט פון יוגנט אָן געוואָלט זיין רייך. צום ערשט האָט ער עס פּרובירט ווערן, ווי שוין דערמאָנט, דורך שונד־ראָמאַנען. ווען דאָס איז נישט געגאַנגען, האָט ער געוואָלט ווערן רייך דורך דרוקערייען, דורך פאַונדריס, דורך פאַרלאַגן. ווען דאָס איז נישט געגאַנגען, האָט ער געוואָלט ווערן רייך דורך אויסגאַבן פון געזאַמלטע ווערק פון גרויסע קלאַסישע שרייבער. און ווען אויך דאָס איז נישט געגאַנגען, האָט ער זיך גענומען פּרואוון זיין גורל אין „שערס״, דאָס געלט האָט ער געבאָרגט ביי זיינע פריינט. ווען ער האָט, ווי געוויינ־לעך, פאַרלוירן אין די שערס, האָט ער געפּרואווט זיין גורל אין די פאַנ־טאַסטישע זילבערמינען פון סאַרדיניען, פאַרלאָזענע מינען, וואָס די רוימער האָבן עקספּלואַטירט מיט צוויי טויזנט יאָר צוריק. ווען דאָס איז נישט געגאַנגען, האָט ער זיך גענומען צו בויען הייזער, אָפּצוקלייבן אַ הויז פאַר זיך און פאַר זיין צוקונפטיקן ווייב, די גרעפין דע האַנסקאַ,

פון די פּאַלאַצן פון אַריסטאָקראַטן. ער האָט פּרובירט אויפצושטעלן דענקמעלער, צו פלאַנצן גערטנער און צו פּאַרקויפן די ערד פון זיין עסטייט, וועלכע, ווי ער האָט גענוי אויסגערעכנט, מוז כסדר שטייגן אין פּרייז. ווען דאָס איז נישט געגאַנגען, האָט ער אַרויסגעגעבן אַ ליטעראַרישן זשורנאַל, כדי ער זאָל זיין פריי פון אַלע ליטעראַרישע עקספּלואַטאַטאָרס, בלוט־צאַפּערישע פּאַרלעגערס און אויסנוצערס פונם אינטעליעקטועלן און שעפערישן מענטש. אַלע זיינע סוחרישע און גע־וואַגטע אונטערנעמונגען זיינען געווען דורכפאַלן, בשעת שפּעטער, ווען אַנדערע האָבן זיי איבערגענומען, זיינען זיי געוואָרן גרויסע דערפאָלגן. ווייל באַלזאַק האָט זיי ריכטיק קאַלקולירט. אין זיינע ווערק, אויס־נוצנדיק פאַר קינסטלערישן שטאָף זיינע ריזיקע אונטערנעמונגען, זיינען זיי געווען מייסטערשטיק פון סוחרישער געניאַליטעט. נאָר אין לעבן האָט באַלזאַק געמוזט דורכפאַלן. אַזוי איז געווען זיין פאַרשאָלטענער שיקזאַל.

באַלזאַק איז צו די אַלע צרות געווען אַ הולטאַי, אַ פאַרשווענדער, אַ פרעסער, אַ זויפער. באַלזאַק איז דורך זיין גאַנץ לעבן געווען פאַר־פאָלגט פון אַלערליי שיילאָקס. די חובות האָבן אים געדריקט טאָג און נאַכט. ער, דער וועלט־באַרימטער ראָמאַניסט, וועמעס נאָמען האָט דערגרייכט צו די ווייטסטע ווינקעלעך פון דער ערד — האָט זיך געמוזט אויסבאַהאַלטן פאַר די בעלי־חובות. ער האָט אין פּאַריז געהאַט עטלעכע געהיימע דירות, וואו ער האָט געלעבט אין אָבסקוריטי, אַזוי לאַנג ווי די דאָזיקע באַהעלטענישן זיינען נישט אויסגעפונען געוואָרן פון די שיילאָקס. אין ערגסטן פאַל פלעגט ער אַנטלויפן אַפילו אויפן דאָרף, וואו זיינע פריינט האָבן שוין געהאַט אין זייער הויז פאַר אים אַ באַזונדער צימער, אויף צו שרייבן. אַלץ וואָס באַלזאַק האָט אונטער־גענומען, האָט געטויגט אויף כפּרות. די הייזער וואָס ער האָט געבויט און אַריינגעפּאַקט אין זיי הונדערטער טויזנטער פראַנק, זיינען געווען געשטעלט אויף ליימיקער ערד און די ווענט האָבן געקראַכט. דער גרונט וואָס ער האָט געקויפט און געוואָלט אויף אים פלאַנצן נייע סאָרטן פּרוכטן, איז געווען אַ שלעכטער און האָט נאָר געטראָגן דערנער אויף זיך. די זילבערמינען פון סאַרדיניען זיינען אויסגעשעפּט געוואָרן דורך אַנדערע און ווען ער איז, נאָך וואָכן לאַנגע וואַנדערונגען, אַהינ־געקומען אַ טויט־קראַנקער, איז שוין געווען צו שפּעט. אַנדערע האָבן דאָרט שפּעטער געמאַכט מיליאָנען. אַלץ וואָס ער האָט דאָרט געקענט טאָן, איז צו באַזוכן דאָס באַרימטע סאַנקט העלענאַ־אינזל, וואו נאַ־פּאָלעאָן באָנאַפּאַרטע, וועמען באַלזאַק האָט געוואַלטיק פאַרערט זיין גאַנץ לעבן, איז געווען געפאַנגען. ער האָט יאָרנלאַנג איינגעהאַנדלט פאַר זיין צוקונפטיקע היים אַלערליי אַנטיקן, בילדער, אַלטע מעבל, טעפּיכן, וואַזעס, אַנטיקע קונסטווערק. ער האָט אויסגעגעבן אַ סך געלטער אויף צירונג און מאָלערייען. ער האָט געוואָלט באַזיצן אַ רי־זיקע און זעלטענע גאַלעריע פון קונסט־בילדער. זיין פאַנטאַזיע, וואָס האָט אַזוי גלענצנד געדינט אין זיינע נאָוועלן, האָט דאָ אין יעדער בילד געוואָלט זען רעמבראַנדטס, דורערס, האָלביינס, וועראָנעזעס,

וואַטאָס און פוסענס. אָבער די מערסטע בילדער זיינען געווען פאַלשע, קאָפּיעס, אימיטאַציעס. די שווינדלערישע קאָלעקטאָרס האָבן אים אָפּגענאַרט. ער האָט געוואָלט שטעלן פּיעסן אין טעאַטער, דראַמעס און קאָמעדיעס, כדי אָפּצוצאָלן זיינע חובות, האָבן די דראַמעס נישט גע־טויגט, דאָס פּובליקום האָט זיי אויסגעפּיפן, זיי האָבן לענגער ווי איין פאָרשטעלונג נישט אויסגעהאַלטן. באַלזאַק האָט זיי אַפילו אַליין נישט געשריבן. נאָר האָט זיך באַנוצט מיט שלעכטע אַרויסהעלפערס. די איינציקע דראַמע וואָס האָט יאָ געהאַט אַ גרויסן דערפאָלג, איז גע־שפּילט געוואָרן ערשט נאָך זיין טויט...

באַלזאַק, ווי געזאָגט, האָט ליב געהאַט לוקסוס און ספּלענדאָר. ער האָט אויף אַ משוגענעם אופן געפּטר׳ט גאַנצע בערג מיט געלט. דערצו האָט ער נאָך געהאַט אַ מאַניע צו דער אַריסטאָקראַטיע. אים האָט געצויגן צו קעניגן, צו פּרינצעסינס, צו פירשטינס און גרעפינס. שטאַמענדיק פון פויערשע עלטערן, פון זיידעס פון דער ערד, קומענדיק פון דער רויער ערד — האָט ער געוואָלט ווערן אַ נאָבלמאַן. האָט ער אַליין צוגעטשעפּעט אַ „דע" צום נאָמען באַלזאַק. האָט ער זיך אויף אַ גראָטעסקן אופן געקליידט אין אַריסטאָקראַטישע קליידונג, וואָס האָט נישט געפּאַסט צו זיין ריזיקן, פלעבייאישן, פעטן גוף. דאָס האָט אַרויסגערופן דעם חוזק פון קאָלעגן, פון די קאָלומניסטן און פּראָפעסיאָ־נעלע חוזק־מאַכער. באַלזאַק איז אויף אַ קריינקלעכן אופן געפאַלן פאַר יעדער קורטעזאַנע מיט אַן אַריסטאָקראַטישן טיטול. דערצו האָט ער נאָך געהאָפט, אין זיין שטענדיקער פינאַנציעלער נויט, צו נעמען אַ רייכע אלמנה, אַ פירשטלעכע פרוי. ער האָט כסדר געבעטן זיין שוועס־טער, און אויך זיינע אינטימע פריינט, אַז זיי זאָלן פאַר אים אויסזוכן אַ רייכע פרוי, אַ גרישה, אַן אַלמנה, מעג זי זיין עלטער און נישט אַזוי שיין, אַבי זי זאָל האָבן אַ סך געלט. ער אַליין האָט קוים צייט געהאַט צו זוכן אַליין אַ פרוי. ער איז, אין זיין פאַרגעטערונג פון דער אַריסטאָ־קראַטיע, געוואָרן אַ שקלאַף צו גרעפין דע האַנסקאַ, אַ באַגרענעצטע פּוילישע אַריסטאָקראַטקע, אַ מרשעת, אַ פוילענצערין, וואָס האָט באַל־זאַקן מיט אַלע זיינע ראָמאַנען באַטראַכט מינדערוויכטיק צו איר שליאַכטעשישן יחוס און זי האָט אים שטענדיק באַהאַנדלט ווי אַ לאַקיי, ווי אַ „פּאַראַבעק" (דינער). באַלזאַק האָט אויף איר געוואַרט מער ווי אַ יאָרצענדליק. ער האָט צוליב איר געמאַכט אומנויטיקע רייזעס אין איטאַליע, אין עסטרייך, אין דער אוקראַינע, אין רוסלאַנד — רייזעס וואָס האָבן אונטערגעגראָבן זיין שעפערישע אַרבעט. און ווען נאָר באַלזאַק איז אַוועק פון זיין שרייב־טיש, איז געקומען אומגליק און קאַטאַסטראָפע. גאָט האָט אים געבענטשט און פאַרשאָלטן צו אַרבעט. ער האָט נישט געטאָרט ווידערשפעניקן גאָט׳ס ברכה און קללה. וואָרום אַלץ וואָס דער דאָזיקער שעפערישער און אינטעלעקטועלער ריז האָט געטאָן אין לעבן, האָט נישט געטויגט. דאָס לעבן האָט נישט פאַר־טראָגן וואָס ער רירט זיך צו צום לעבן. זיין שיקזאַל האָט אים שטענדיק צוריקגעשליידערט צו זיין איינזאַמען צימער. עס איז ווי זיין שיקזאַל וואָלט צו אים געשריען:

— טשעפּע זיך נישט צום לעבן. לאָז אָפּ די וואונדערשיינע דאַמען. שטעל נישט אויף קיין לופטשלעסער אין די הימלען. זאַמל נישט אָן קיין מיליאָנען דעקאָריר נישט דיינע וואוינונגען מיט די טייערסטע מעבל. שטרעב נישט צו זיין אַן אַריסטאָקראַט פון טיטול. דו ביסט דער גרעסטער אַריסטאָקראַט פון גייסט. דיר איז באַשערט צו טאָן בלויז איין זאַך: צו שרייבן. דו מוזט אַרויסברעכן פון זיך אַ גאַנצע וועלט. ווי אדם האָט אָפּגעבראָכן דאָס ווייב פון זיין לייב, מוזסטו אָפּ־ברעכן פון זיך צוויי טויזנט העלדן. דו ביסט געקומען פון דער ערד, פון דער היים פון אַ פּויער — פאַרוואָס רייסטו זיך אויף אַ לעכערלעכן אופן צו באַראָנען און צו פּרינצעסינס? אַ שטאַל פון פערד דאַרף דיר זיין גענוג אויף צו אַרבעטן ביינאַכט פאַר דער „מענטשלעכער קאָ־מעדיע". באַגראָב דיינע אילוזיעס פון גלאַנץ און לוקסוס. וואַרף אַוועק דיינע פּוסטע, קעניגלעכע מלבושים מיט גאָלדענע קנעפּ און דיין פּיל־אויסגעלאַכטן, לעגענדאַרן שטעקן, מיט דעם הענטל פון גאָלד וואָס אַ פירשטין האָט דיר מכלומרשט געשענקט. שיילאָקס, שווינדלערס און שפּעקולאַנטן, קומטס און נעמט צו ביי אים די געפּארבטע קארעטע מיט די בלאָנדע פערד, באַהאַנגען מיט צירונגען. טראָגט אַרויס אין אייערע גיריקע, טייוולישע הענט די אַנטיטשנע מעבל און די פּרייסישע טעפּיכער. באַלזאַק איז נישט געבוירן געוואָרן צו זיין אַ קעניג אָדער דעם קעניגס מיניסטער. און אַוודאי נישט קיין פּאזש פון דעם קעניג און נישט זיין זשעסטער. באַלזאַק טאָר נישט זיצן אויף אַ גאָלדענע שטול אין דער אַקאַדעמיע פון די פּערציק „אומשטערבלעכע". נישט פאַר דיר, באַלזאַק, איז רו און כבוד און זאַטקייט פון די אימפּאָטענטע אַקאַדעמיקער. נישט פאַר דיר זיינען פּוסטע אַריסטאָקראַטישע טיטולן און נאַרישע כיבודים. דיך האָב איך, דיין שר, באַשטימט צו אַרבעטן שווער מיט שווייס און מיט בלוט. ווען נאָר דו רייסט זיך אָפּ פון דיין נאַכטיקן שרייב־טיש, און דו פּרואווסט שפּעקולירן מיטן לעבן, שלאָג איך דיך ביטער איבערן קאָפּ און איבער די הענט. איך גראָב שוין אונ־טער דיין געזונט. איך וועל צעברעכן דיין האַרץ. איך וועל פאַרניכטן דיין קאָפּ. איך וועל דיך באַדעקן מיט אַ שווייס פון מידקייט. דו וועסט ביי מיר קראַפּירן. איך ווע לדיך פאַרניכטן פאַרן וואַגן זיך צו אַנטקעגנ־שטעלן דיין גורל. דו מוזסט אַרויסברעכן פון זיך אַ קאָנטינענט פון פייער און פון פלאַמען. דו מוזסט באַפּעלקערן די ערד פון דיינע ראָ־מאַנען מיט אַ נייער מענטשהייט — מיט דיינע צוויי טויזנט כאַראַק־טערן. איך וועל דיך אַנדערש נישט לאָזן לעבן. דו ביסט מיין אַרעס־טאַנט. איך בין דיין שיקזאַל. נאָר צו מיר מוזסטו געהערכן, און נישט צו דיינע אַמביציעס. איך צווינג דיך צו שאַפן. איך האָב דיך נאָך אין דער מוטערס בויך, ווי דער נביא ירמיהו, אויסגעוויילט צו דיין מיסיע. דור בלוט און טרערן און אומגעוויינלעכן שמערץ מוזסטו גיין צום געבורט פון דיין ווערק — פון דיין וועלט.

אַזוי האָט, ווי עס שיינט, דער שיקזאַל פון באַלזאַק גערעדט צו באַלזאַקן, און באַלזאַק האָט געמוזט שאַפן זיינע מייסטערווערק. וואָס גרעסער דער אומגליק איז געווען, אַלץ ווילדער איז געווען זיין שאַ־

פונגס־שטורם. וואָס טיפער ער איז געווען פאַרבאָדן אין חובות, אַלץ בליצאַרטיקער האָט ער געאַרבעט איבער זיין ווערק, כדי צו קריגן נייע האָנאָראַרן און טאַנטיעמעס פאַר זיינע ניי־אָנגעהויבענע ראָמאַנען. כדי דאָס שאַפונגס־פייער זאָל אים נישט פאַרלאָזן, האָט ער אויסגעטרונקען קעסלען מיט קאַווע. אין נעכט האָט ער געקענט אָנשרייבן גאַנצע ראָ־מאַנען. ער האָט אין די נעכט געהערשט מיט דער שאַרף פון זיין פען, ווי נאַפּאָלעאָן האָט געהערשט מיט זיין שווערט איבער אייראָפּע און דעם אָריענט. ער האָט געוואָלט זיין אַ נאַפּאָלעאָן אין דער ליטעראַטור. ער האָט, ווי אַ רענעסאַנס־קינסטלער, אַריינגענומען אין זיך אַן אומגע־הייערן וויסן און ער האָט דאָס אויסגעלאָדן אין זיינע ווערק. ער האָט גרינטלעך געקענט דעם מענטש אונטער אַלע אומשטענדן. נאָך שעקס־פּירן איז נישט געווען קיין צווייטער קינסטלער מיט אַזאַ אינטעלעקט און וויסן פון דער וועלט. און, אין זיין שטורם פון שאַפן, האָט ער קוים צייט געהאַט פאַר דער וועלט. ער האָט קוים צייט געהאַט זיך צו טרעפן מיט זיינע קאָלעגן. ער האָט קוים צייט געהאַט צו רעדן וועגן ליטעראַטור מיט זיינע פריינט. באַלזאַק האָט וועגן ליטעראַטור נישט גערעדט. ער האָט געמאַכט ליטעראַטור. און אַזוי איז געווען גוט. עס איז געווען גוט וואָס ער האָט אויפגעגעסן זיין לעבן אין שרייבן. ווען ער האָט זיין צייט און זיין בלוט אָפּגעגעבן צו זיינע העלדן. ווען די פען האָט אויסגעזויגן דעם מאַרך פון זיינע ביינער.

שלעכט איז געווען ווען באַלזאַק האָט זיך אָפּגעריסן פון שרייבן, כדי צו הערשן אין לעבן. אין לעבן איז ער געווען אַ קאַריקאַטור. די צייט־גענאָסן האָבן אים לעכערלעך געמאַכט. די הומאָריסטישע זשור־נאַלן האָבן געדרוקט וועגן אים אַלערליי לעכערלעכע מעשות און וויצן. די בולוואַרד־פּרעסע האָט געחוזקט פון אים. קאָמעדיע־אַקטיאָרן האָבן אים אימיטירט אויף דער בינע. די קונסט־הענדלער האָבן אויף אים געוואַרט מיט זייערע קונסט־שמאָכטעס אויף אָפּצונאַרן אים. די שפּע־קולאַנטן האָבן אים פאַרפירט. די זשורנאַליסטן האָבן אים באַליידיקט. די פאַרלעגער האָבן געמאָנט זייער סחורה: זיינע ראָמאַנען. די איי־גענע מוטער, וואָס האָט אים פון קליינערהייט אָן שלעכט און ברוטאַל באַהאַנדלט, האָט אים געמוסרט, געשטראָפט און געפאָדערט פּראָצענט פאַר איר געלט, וואָס זי האָט אים געבאָרגט. די אַריסטאָקראַטיע האָט אים סנאָבירט. די ראַיאַליסטן האָבן אים אויסגענוצט פאַר זייערע טונקעלע פּאָליטישע מאַכינאַציעס. די פרויען האָבן אויסגענוצט זיין פיזישן כוח. ער האָט צו די גרעפינס געדינט ווי אַ קלאַון, נישט ווי אַ געניוס. זיין שעשפּערישער כוח איז פאַרניכטעט געוואָרן אין זייערע אונטערהאַלטונגס־סאַלאָנען. און, די חובות זיינען געשטיגן איבער זיין קאָפּ און נאָך דער קבר האָט געקענט זיין אַ זיכער פּלאַץ וואו זיי וועלן אים נישט קענען נאָכפאָלגן. קיין שום קינסטלער האָט אַזוי נישט געליטן פון זיינע בעלי־חובות ווי באַלזאַק. און מען קען באַלזאַקן, ווען מען לייענט זיין לעבנס־געשיכטע, נישט מוחל זיין זיין עקסטראַ־וואַגאַנץ און שפּענדערישקייט. זיין אומפּראַקטישקייט אין באַצוג צו געלט.

דער געניוס טרייבט אים ווידער צוריק צום שאַפֿן. ווייל דאָרטן,ביים שרייב־טיש, צווישן קרוגן מיט קאַווע, איז ער אַלמעכטיקער הער־שער. איז ער קעניג. אָבער, ער איז שוין איצט אויסגעמאַטערט. דער ריז איז שוין געבראָכן. די קאַווע האָט אים פֿאַרגיפֿטעט דעם מאָגן, דאָס האַרץ, די געדערים און דאָס בלוט. גרעפֿין דע האַנסקאַ, אויף וועמען ער האָט געוואַרט אַ לעבן לאַנג, האָט אים אָפּגענאַרט דאָס גאַנצע לעבן. און עס פֿאַרדריסט וואָס אַזאַ געניאַלער פּסיכאָלאָג ווי באַלזאַק, אַזאַ קרעפּטיקער מענטשנקענער, האָט זיך דערנידעריקט פֿאַר אַ מיטל־מעסיקער פֿרוי, מיט פֿלאַכער אינטעליגענץ, מיט צווייפֿלהאַפֿטע געפֿילן לגבי אים. אויך זיינע ריזיקע נאָוועלן, די קאָלאָסאַלע אַרבעט און אָנשטרענגונג, און כסדרדיקער פֿאַרפֿאָלגונג פֿון זיינע בעלי־חובֿות, האָט אים געקאָסט שטיקער ריזיקע געזונט און האָט צעבראָכן זיין אייזערנעם פֿיזישן געבוי. זיינע וואַנדערונגען אין איטאַליע, אין דער אוקראַינע, אין רוסלאַנד, אין די רוסישע שנייען און פֿרעסט — זיך נאָכיאָגנדיק נאָך דעם ספּעקטער פֿון גליק, האָט אים, ווי נאַפּאָלעאָנען, צעבראָכן און פֿאַרניכטעט. אַ גאַנץ לעבן געהאָפֿט מיט גרעפֿין דע האַנסקאַ צו האָבן רו, שלום, זיכערקייט און אידעאַלע אַרבעטס־באַדינ־גונגען — שטייט ער איצט מיט איר אונטער דער חופּה אַ שטערבלעך־פֿאַרוואונדעטער, בלויז צו שטאַרבן איין יאָר שפּעטער. אַ גאַנץ לעבן געהאָפֿט אויפֿן דאָזיקן מאָמענט. אויסגענוצט זיין ריזיקן ליטעראַרישן טאַלאַנט אין הונדערטער בריוו צו דער פּאָלשער פּוילישער גרעפֿין, אויף איר איבערצוצייגן און באַאיינפֿלוסן מיט אים צו הייראַטן — שטייט ער איצט אונטער דער חופּה, דער פֿופֿציק־יאָריקער געניאַלער חתן, כדי צו שטאַרבן אין ווייניקע חדשים. אויסגעסטראָיעט אין פּאַריז אַ פּאַלאַץ פֿאַר איר — מיט פּאַבלהאַפֿטע אַנטיקן און מעבל, אין לעגענ־דאַרער פּראַכט און לוקסוס, קומט ער אַהיים אַ טויט־קראַנקער, כדי אין דעם דאָזיקן פּאַלאַץ — אין דעם זאָזיקן רעאַליזירטן טרוים פֿון זיין גאַנץ לעבן — צו שטאַרבן. און בשעת זיין אַגאָניע קומט נישט אַפֿילו אַריין דאָס ווייב צו זיין בעט, צו שטיין אין די לעצטע מינוטן ביים בעט פֿונם ריטער וואָס איז פֿאַר איר געפֿאַלן אַ שווער־פֿאַרוואונדעטער. בלויז די אַלטע מוטער דאַרף שטיין, צוזאַמען מיט די באַדינער, ביים טויט פֿון איר קאָלאָסאַלן זון . . .

סטעפֿאַן צווייג האָט אויפֿגעבויט אַ ריזיקע דערציילונג פֿון דעם לעבן פֿון באַלזאַק. ער האָט באַוויזן ווי אַזוי דאָס געשטאַלט פֿון באַלזאַק שטייגט איבער אַלע זיינע פֿיקטיווע געשטאַלטן. ווי די דערציילונג פֿון באַלזאַק׳ס לעבן שטייגט איבער די גרויסע נאָוועלן פֿון זיין מעכ־טיקער און פֿלאַמענדיקער פֿען. ער האָט באַוויזן אַז דאָס לעבן פֿון באַל־זאַק איז גרעסער ווי דאָס לעבן פֿון אַלע זיינע סענסאַציאָנעלע און מייסטערהאַפֿטע ראָמאַנען. דאָס לעבן — דער גרויסער ספֿינקס, נעבן וועמעס פֿיס עס ליגט דאָס אַש פֿון טויזנטער העלדן וואָס האָבן עס געוואָלט באַצווינגען, צוימען, באַהערשן און מייסטערן. דאָס לעבן — גאָט׳ס ראָמאַן — איז נאָך אַלץ דער גרעסטער ראָמאַן, וועלכער שטייגט איבער די גאַנצע וועלט־ליטעראַטור.

און צווייג האָט באַוויזן ווי אַזוי אַ געניוס ווי באַלזאַק ווערט געבוירן נאָר כדי צו שאַפן. פּרוּאווט ער זיך אַוועקרייסן פון זיין שאַפן, דעמאָלט שטראָפט אים דאָס לעבן ביטער. איינזאַמער מאַן, אין איינזאַמקייט ביסטו געבוירן צו דיין ווערק. פאַרראַטסטו דיין ווערק, ווערסטו צעבראָכן ווי איוב. דער שיקזאַל שליידערט דעמאָלט אויף דיר זיינע בליצן און זיינע פיילן און שטורעמס. ווילסטו זיין אַ פאַנטאַסטישער געמבלער, וועט דיך דאָס לעבן פאַרניכטן. דו קענסט שרייבן פילאָסאָפיש, אָבער אין לעבן האָסטו נישט קיין שום פילאָסאָפיע. דו טראָגסט דיך אויף די כוואַליעס פון אַ שטורמישן ים. דיך האָט גאָט באַשטימט אויף צו שאַפן דיין מעכטיקע קינסטלערישע וועלט. פּרואוו נישט טאָן קיין אַנדער זאַך ווי דיין שאַפן. אַנטרין נישט פון דיין באַשטימונג. זוך נישט, ווי יונה, צו אַנטלויפן פון דיין הימלישן פאַך. ווארים שטענדיק וועט דיך דאָס לעבן שטורמיש און צאַרנדיק צוריקשליידערן צו דיין שרייב־ווערקשטאַט. סיי ווי וועט דיך דיין „מעטיער" פאַרצערן. דיינע ביכער וועלן דיך אויפעסן. צום פאַרניכטן דיך אין דיין ווערק — דערצו האָט דיך גאָט באַשטימט. די נאַטור ליידט נישט קיין רעוואָלטירערס. די נאַטור האָט פיינט בונטאַרן. ליג צוגעשמידט צום שרייבטיש, ווי פּראָמעטעאוס צום פעלז געקאָוועט. טונק דיין פען אין די פלאַמען פון דיין האַרץ. אין די לעכער פון דיינע וואונדן. די נאַטור האָט אויך פיינט ווען מען שטייגט איר איבער. באַלזאַק האָט דעם געביט פון ליטעראַטור נישט נאָר געדינט געטריי, מיט ווייניקע אויסנאַמען, נאָר ער האָט זיין מיסיע איבערגעשטיגן. ער האָט פונם שרייבטישל געוואָלט מאַכן אַ שלאַכטפעלד. ער האָט פון זיין פעדער געוואָלט מאַכן אַ שווערט. ער האָט אין זיין שאַפן געפירט מלחמה. ער האָט די גאַבע פון גאָט געמאַכט צו אַן אייגענעם, באַוואוסטזיניקן, מענטשלעכן קאַמף. ער האָט גאָט'ס וואָרט, ווי דער נביא, פאַרוואַנדלט אין זיין אייגענעם וואָרט. ער האָט געוואָלט נישט נאָר זיין נביא, נאָר האָט זיך אויך צום גאָט געמאַכט. די נאַטור פאַרטראָגט נישט ווען מענטשן מאַכן זיך צו געטער. ווען די שטערבלעכע נעמען זיך די קוואַליטעטן פון די אומשטערבלעכע. פאַר דער מינדסטער איבערטרעטונג פון דיין גרענעץ באַשטראָפט די נאַטור טויטלעך. און באַלזאַק האָט געמוזט פאַלן, ווי צעזאַר, אַלעקסאַנדער, נאַפּאָלעאָן — זיינען געפאַלן. ווי ניטציע, העלדערלין, פּושקין זיינען געפאַלן. איבערטרעט נישט די גרענעץ. אַרבעט אין די ראַמען פון דיינע מעגלעכקייטן. דין גאָט אויף אַ באַשיידענעם אופן. אַלע איבערמענטשן און האַלבגעטער טרעפט די טויטלעכע פייל אין סאַמע האַרצן.

דאָס האָט סטעפאַן צווייג געפּרוּאווט דעמאָנסטרירן אין זיין גלענצנד ווערק. ער אַליין איז מיט זיין יונגער פרוי באַגאַנגען זעלבסטמאָרד, אין שטורם און אין שרעק־פאַר היטלערס „דריטע רייך". צווייג האָט דאָס בוך, ווי געזאָגט, געשריבן אַרום צען יאָר צייט. ריכאַרד פרידענטאַל, אין זיין „פּאָסט סקריפּט", באַשרייבט די גלגולים פון דעם בוך, וועלכן צווייג האָט באַטראַכט ווי זיין „מאַגנום אָפּוס", זיין הויפּטווערק, ביי וועלכן ער האָט געאַרבעט אַפילו אין די לעצטע טעג

פון זיין לעבן. דאָס בוך איז אָגב געשריבן געוואָרן אין עסטרייך, ענגלאַנד, אַמעריקע און בראַזיליע, און קיינמאָל האָט סטעפאַן צווייג, אויסער אין זיין עסטרייכישער היים, נישט געהאַט פאַר זיך דעם פולן מאַטעריאַל וועגן באַלזאַקן, וואָס ער האָט אין משך פון יאָרן געזאַמלט. קיינמאָל האָט צווייג פאַר זיך נישט געהאַט דעם פולן מאַנוקריפּט פון דער ביאָגראַפיע, אויך נישט די פילע באַמערקונגען זיינע. צום סוף האָט ערשט ריכאַרד פרידענטאַל געמוזט אויסענדיקן דעם מאַנוסקריפּט מיט דער הילף פון די באַמערקונגען. צווייג האָט געגלויבט אַז קיין שום ביאָגראַף קען נישט אימשטאַנד זיין אין איין בוך אַרומצונעמען דאָס קאָלאָסאַלע געשטאַלט פון באַלזאַקן. און אַזוי ווי זיין כאַראַקטער, וואָס האָט די „מענטשלעכע קאָמעדיע" נישט פאַרענדיקט, אַזוי האָט צווייג זיין ביאָגראַפיע נישט פאַרענדיקט...

ביים סוף פון לייענען די לעצטע בלעטער פונם בוך, טראַכט זיך:

— אפשר האָט אַזוי באַדאַרפט צו זיין. אפשר וואָלט קיין באַלזאַק נישט עקזיסטירט, ווען ער וואָלט נישט געגעמבלט און שפּעקולירט. פון זיינע פאַרלוירענע אילוזיעס און שרעקלעכע אַנטוישונגען זיינען אַנטשטאַנען זיינע ווערק. זיינע אומגליקן און ספּעקטאַקלען זיינען געווען דאָס ברויט און וויין פאַר זיין פּען. באַלזאַק האָט שטורמיש שפּעקולירט און געהאַנדלט, כדי זיינע ווערק צו געבן דעם אמתן קאָליר פון לעבן. דער קינסטלער קומט אויף דער וועלט צו לעבן און דאָס לעבן צו רעפּלעקטירן אין זיינע ווערק. נאָר דער גרויסער שלעגער און אַטלעט פון לעבן, נאָר באַלזאַק דער געמבלער מיט מיליאָנען, דער דאָן קיכאָט און דאָן זשואַן געקענט שרייבן די גרויסע „מענטש־לעכע קאָמעדיע", וואָס נעמט אַרום די גאַנצע דראַמע און קאָמעדיע און טראַגעדיע פון דער מענטשהייט. כדי זיינע גרויסע ווערק צו שאַפן, האָט זייער מחבר געמוזט לעבן זיין גרויס, דראַמאַטיש און אַוואַנטיור־ריסטיש לעבן. לעבן און ליטעראַטור — זיי זיינען אומצעשיידבאַר. אַ נישטיק לעבן שרייבט נישטיקע ליטעראַטור. באַלזאַק איז געווען אַ שאַפער אין גראַנד קאַליבער, ווייל ער איז געווען אַן אַקטיאָר אין דעם גרויסן טעאַטער פון לעבן. ער האָט געמוזט פון ביידן — פון לעבן און פון דער קונסט, פאַרניכטעט ווערן, כדי אויפצושטעלן מיט אַזאַ גע־וואַלטיקן טריאומף זיין פלאַמענדיק און שטורמיש ווערק אונטער דער זון.

ריכאַרד פרידענטאַל דערציילט אַז עס איז געבליבן אַן אומפאַר־ענדיקט קאַפּיטל פון סטעפאַן צווייג צום באַלזאַק־בוך. אינם דאָזיקן קאַפּיטל, דערציילט ער, ווי אַזוי, נאָך באַלזאַקס טויט, איז זיין אַלמנה און איר פאַמיליע באַהערשט געוואָרן דורך אַ מאָדנע באַגער פאַר עקסטראַוואַגאַנץ, פּונקט ווי איר באַרימטער מאַן. מאַדאַם גרעפין דע האַנסקאַ האָט אויף אַ פאַנטאַסטישן אופן פאַרשווענדט אירע מיליאָנען, וואָס איר פאַמיליע האָט צונויפגעזאַמלט דורך דורות.

מיר דערמאָנען זיך, לייענענדיק דאָס בוך, אַז גרעפין דע האַנסקאַ האָט באַלד פון אָנהויב אָן געקענט באַפרייען באַלזאַקן פון זיינע בעלי־חובות, וואָס האָבן אים פאַרפאַלגט אַ לעבן לאַנג און וואָס האָבן אים

שליסלעך געפירט צו דער טראַגעדיע. אויך האָט זי אים אָפט קרי־טיקירט פאַר זיין עקסטראַוואַגאַנץ און אַפילו אָפּגעהאַלטן איר חתונה־באַשלוס צוליב דעם . . .

און ריכאַרד פרידענטאַל גייט אָן מיטן דערציילן ווי אַזוי סטעפאַן צווייג, וואָס האָט שטענדיק געהאַט אַ גרויסע דיסציפּלין אין זיין אַרבעט, איז בשעת זיין שרייבן דאָס לעבן פון באַלזאַק, אויך אַרונטערגעפאַלן אונטער זיין מעכטיקער ווירקונג. אויך צווייג איז געוואָרן אַ „פאַר־שווענדער" פון צייט . . . צווייג האָט כסדר צוגעגעבן נייע מאַטע־ריאַלן צו די יעניקע וואָס ער האָט שוין פון לאַנג אָן געזאַמלט. נייע וויסטאַס זיינען כסדר פאַר אים געעפנט געוואָרן. די שוין געשריבענע קאַפּיטלעך האָט ער כסדר רעווידירט. אין זיין מאַנוסקריפּטן־זאַמלונג האָט צווייג געהאַט איין מאַנוסקריפּט פון באַלזאַקן, וואָס ער פלעגט איינבינדן צוזאַמען מיט די אומענדלעכע צאָל קאָרעקטורן וואָס ער האָט געמאַכט . . . טיילמאָל ביז פופצן קאָרעקטורן . . . פרידענטאַל זאָגט אַז דער דאָזיקער מאַנוסקריפּט מיט די אומענדלעכע קאָרעקטורן האָט געהאַט „אַ מיסטעריעזע, היפּנאָטישע ווירקונג אויף צווייגן". די דאָזיקע רעוויזיעס און קאָרעקטורן האָבן געהאַט אַ מעכטיקע ווירקונג אויפן בעלזאַק־בוך פון צווייג, וואָס איז פילע מאָל איבערגעשריבן געוואָרן דורך זיין פרוי, וואָס איז צוזאַמען מיט אים באַגאַנגען זעלבסט־מאָרד, נישט זעענדיק דאָס בוך פאַרטיקערהייט.

מען וואָלט געקענט אָנשרייבן אַ צווייטע אַרבעט וועגן דעם אופן ווי אַזוי סטעפאַן צווייג׳ס באַלזאַק־בוך איז געשריבן געוואָרן. דאָס בוך וועגן דעם שטורמישסטן, דינאַמישסטן און אומרואיקסטן שריפט־שטעלער אין דער גאַנצער געשיכטע פון ליטעראַטור — איז געשריבן געוואָרן דורך אַ איד פון זאַלצבורג אין דער סאַמע שטורמישסטער עפּאָכע פון דער וועלט־געשיכטע, אין דער היטלעריסטישער עפּאָכע, ווען די גאַנצע וועלט איז געשטאַנען ביים ראַנד פון אָפּגרונט.

דער שרייבער פון די שורות קען נאָר צוגעבן אַז אויך אים האָט דאָס בוך וועגן באַלזאַקן צעטרייסלט. ער האָט געדענקט אין אָנפאַנג, ביים לייענען דאָס בוך, גאָרנישט צו שרייבן. שפּעטער איז אים קלאָר געוואָרן אַז ער מוז שרייבן אַ קלענערע אַרבעט וועגן באַלזאַק־צווייגן. ענדלעך האָט ער, ווען ער האָט זיך גענומען צו שרייבן, אָנגע־שריבן אַ לענגערע אַרבעט. אָבער ביים איבערשרייבן איז די זאַך אויסגעוואַקסן צו דער איצטיקער לענג. אין שרעק אַז די אַרבעט וועט זיך פאַרציען און ער וועט פשוט נישט אימשטאַנד זיין צו פאַרענדיקן די אַרבעט, נעמט ער איצט צו די פעדער פונם פּאַפּיר און ענדיקט די זאַך בלויז מיטן דאַטום — ניו־יאָרק, מאַי, 5־6, 1950.



# דיאָגענעס פון קאָנקאָרד

(באַטראַכטונגען צום הונדערט־יאָריקן יוביליי פון זיין „וואַלדען")

העני דייוויד טאָראָ האָט אָפּגעדרוקט אין זיין לעבן בלויז צוויי ביכער, און עטלעכע אַרטיקלען אין זשורנאַלן. פון זיין ערשטן בוך „די וואָך" האָט ער אָפּגעדרוקט טויזנט עקזעמפּלאַרן. דער פאַרלעגער האָט אין עטלעכע יאָר צייט בלויז באַוויזן צו פאַרקויפן אַרום צוויי הונדערט קאָפּיעס. און אַכט הונדערט ביכער האָט ער אים צוריקגעשיקט. זיי זיינען געלעגן אין דעם קליינעם שטיבל, אין וואַלדען פּאָינט, און טאָראָ איז נישט געווען צופיל אומגליקלעך.

דער שעפערישער מענטש האָט זיין גלויבן אין דער צוקונפט. ער וואַקסט אַרויס ווי אַ ריזיקער דעמב פון דער פאַרגאַנגענהייט. ער האָט צייט. דער קרעאַטיווער מענטש איז געדולדיק. נאַטור פאַרמט אירע מאָנומענטן, אירע גראַניטענע גראָטעס, אירע בערג און אירע טאָלן טויזנט און מיליאָנען יאָרן לאַנג. שפּעטער עקזיסטירט זי מיליאָנען יאָרן לאַנג. דער געניוס אויך איז ווי די נאַטור. ער ווערט צוזאַמענגעשטעלט פון טויזנט דורות. ער נעמט זיך אָן פון אַלע קוואַלן פון דער מענטשהייט. ער איז דער רעזולטאַט פון לעבן און אַרבעט און ליבע און ליידן און טויט פון אַ סך גענעראַציעס. דער געניוס האָט צייט. פאַר אים שטרעקט זיך פאַראויס די לאַנדשאַפט פון דער אומענדלעכער צוקונפט. די פּאָטענץ פון דער אומענדלעכקייט. ער הערט דעם גאַנג פון קומענדיקע דורות. ער לייגט צו זיין אויער צו דער קילער ערד — די דורות גייען. זיי מאַרשירן פון צייט אַרויס. די דורות קומען — אים, זיין ספר, זיין חכמה, אויפצונעמען.

אין אונזערע צייטן, ווי עס איז שוין געווען אין טאָראָס צייט, דאַרף אַ שריפטשטעלער פאַרקויפן זיין ווערק, כדי צו לעבן. כדי צו קענען שאַפן. טאָראָ האָט דאָס גוט געוואוסט. דעריבער האָט ער זיך פאַרקליבן אין וואַלדען פּאָינט, כדי צו לעבן פון זיין חיונה און כדי צו קענען שרייבן. שרייבן פריי און אומגעשטערט. טאָג־טעגלעך פלעגט איצט טאָראָ שרייבן. ס'האָבן זיך אַרום אים, אויף די טישן, ביי די פיס, ביי די פאַרגאָסענע טינט־פלעקן אויפן פּאַפּיר — געדרייט גאָלדענע זשוקלעך, ברילליאַנטענע שמעטערלינגען, דינע פליגעלעך ווי פּורפּור, זיידענע אינסעקטן, קליינטשיק־באַפליגלטע וועזנס. און פילנדיק דעם פּולס פון דאָזיקן אומגעהויערן לעבן אַרום אים, אין ריינקייט פון נאַטור, האָט טאָראָ געשריבן. גרויס זיינען די ווערק וואָס ווערן געשאַפן פון ריינע געפילן, פון נביאישע געדאַנקען און זעאונגען, אַרומגערינגלט פון דעם טאַנצנדיקן לעבן פון חיות און פון פיש, פון פייגל און פון ווערים. גרויס זיינען די שריפטן וואָס אַן ערלעכע מענטשנהאַנט שרייבט אין זיין פרייער צייט, און בפרט ווען ער האָט דאָס גאַנצע לעבן צו זיין פרייער צייט.

שוין זינט דער צייט וואָס טאָראָ איז אַרויס פון קאַלעדזש, האָט ער געהאַט אַ דראַנג צו שרייבן. ניט קיין וואונדער — ער האָט געהאַט

פיל צו זאָגן. טאָלסטאָי דער גראַף גייט אַרום אין די רוסישע אור־וועלדער און עס וועקט זיך אין אים דער נביא. אונטערן טוי פון טריפנדיקע צווייגן־בוימער, ביים אויפגאַנג פון באַגינען, ווען די נאַטור איז פייכט פון ראָסע, ווען אַ פרוי גייט אויפן פעלד מיט אירע טויזנט שיינקייטן — גייט דער פראַנצויזישער דענקער זשאַן זשאַק רוסאָ און אַ קוואַל עפנט זיך אין זיין האַרצן. און ער צעווײנט זיך פון איבערפילטער שפע פון געדאַנקען. די פילאָסאָפישע האַנט פון גאָט האָט באַרירט זיין שטערן. און טאָראָ האָט פיל צו דערציילן און צו זאָגן דער מענטשהייט.

נאָך דעם ווי טאָראָ גיט אַרויס זיין ווערק „די וואַלד״, גייען פאַרביי זיבן יאָר. און ער גיט אַרויס זיין אומשטערבלעכן „וואָלדען״.

נאָך טאָראָס טויט דרוקט זיין שוועסטער, סאָפיאָ טאָראָ, פינף ביכער פון איר גרויסן ברודער. טאָראָ האָט געשריבן אַ וועלט מיט טאָג־ביכער. אַזאַ אָבסערוואַרנדיקע נאַטור ווי טאָראָ, האָט כסדר פאַרצייכנט. זיינע טאָג־ביכער זיינען די זשורנאַלן פון דער נאַטור, פון די בוימער, פון די חיות, פון דער זון אין איר קרייז אין אוניווערס. אָבער ווער טראַכט דען דעמאָלט אַז זיינע טאָג־ביכער האָבן אַ ליטעראַרישן ווערט? מיט דריי און דרייסיק יאָר שפּעטער דערשיינט אַ געזאַמלטע אויסגאַבע פון טאָראָס אַלע ווערק. צווישן זיי — גאַנצע פערצן בענדער פון זיינע טאָג־ביכער. צוזאַמען — צוואַנציק בענדער.

אָבער „וואָלדען״ מאַכט טאָראָן אומשטערבלעך. איצט, בשעת מען פייערט הונדערט יאָר זינט דעם אָנשרייבן פון „האָלדען״, גיי איך אויף דער אויסשטעלונג פון טאָראָס ווערק אין מוזעאום פון נאַטור־געשיכטע, אין ניו־יאָרק.

און איך זע:

„וואָלדען״ איז איבערגעזעצט געוואָרן אין פראַנצויזיש, ענגליש און טשעכיש. (אין טשעכיש הייסט עס „וואָלדען, אָדער דאָס לעבן אין די וועלדער״). אויך איז דאָס בוך איבערגעזעצט געוואָרן אין „ברייל״, די בלינדנשפּראַך. עס האַלט אַכט בענדער. עס איז אויך געמאַכט געוואָרן אַ פלאַטע מיט טאָראָס ווערק צו די יעניקע וואָס קענען זיך מיט דער ברייל־שפּראַך נישט באַנוצן. הערן זיי עס... ווי מוז די רוי־קייט פון די וועלדער, די קאָנווערסאַציע מיט די בוימער, די געלייטערטע באַטראַכטונגען, די ריינע געדאַנקען, די מאָראַל־פילאָסאָפיע, די סאָציאַלע אָנטפּלעקונג, דער אַנאַרכיסטיש־ביבלישער גייסט פון „וואָלדען״, דערפרייען די געמיטער פון די בלינדע... דער תנך איז פאַר אַלע מענטשן פון דער ערד, פאַר אַלע לײדנדיקע. עס לייענען אים פעלקער וואָס קומען אויף און פאַרגייען... אַזוי איז אויך „וואָלדען״. עס עפנט די אויגן פון די בלינדע צו דער אַזוי בונט און פאַרביק באַשריבענער פאַונאַ און פלאָראַ־וועלט פון ניי־ענגלאַנד. עס עפנט די אויגן צום מענטש און צו דער אוניווערסאַלער נאַטור.

***

די געשיכטע פון דער מענטשהייט קען פאַרצייכענען אין יעדן דור אַ מענטש, וואָס האָט זיך אַנטקעגנגעשטעלט די מאַכט־אַמביציעס פון צעזאַרס און צאַרן. געוויינלעך האָט יעדער אויגוסטוס צעזאַר זיין

ווירגיל. יעדער הויף — האָט זיך זיין פּאָעט, זיין גענױאַלן רעפּאָרטער. אָבער עס שיילט זיך אויך אַרויס אין דעם שטורעם פון צייטן, פון באַמבאַסטיש־היסטאָרישע געשעענישן, אַ מאַן, וואָס גייט ביי דער זייט פון וועג, וואָס נעמט נישט אָן די אָנגענומענע געזעצן און באַגריפן פון מאַראַל. וואָס צווייפלט אין דעם יושר פון די הערשנדיקע. וואָס שלאָגט זיך מכלומרשט שטומערהייט מיט אַן איינגעשפּאַרטער, פעל־זיקער וועלט. די דאָזיקע מענטשן זיינען די וואַנזיניקע פון זייער צייט. די משוגעים — פאַר די שכנים. דער חוזק פון די קינדער און „אויפגעקלערטע". זיי ווערן אָפט באַהאַנדלט ווי קרעציקע הינט. עס איז אַ גליק און אַ פּריווילעגיע פאַר זיי אַז מען מאַכט בלויז חוזק פון זיי — און מען דערשלאָגט זיי נישט צום טויט. אָדער מען ווענדט אויף זיי נישט אָן די קראַפט פון געזעץ. דען די הייליקע פּוריטאַנער פון אַלע צייטן קוקן קרום אויף זייערע הערעטיקער און אַפּיקורסים.

עזאָפּ ווערט געטויטעט, אים אַראָפּוואַרפנדיק פון אַ הויכן פעלז אין אָפּגרונט אַריין. מען פאַרקריפּלט זיין פּאָרטרעט פאַר די קו־מענדיקע דורות. מען גיט אים אַ הויקער. דער איטאַליענישער פּאָעט טאַסאָ ווערט געוואָרפן אין קערקער, אַלס משוגענער, ווייל ער וואַגט צו טרוימען פון אַן אַריסטאָקראַטישער טאָכטער פאַר אַ ווייב. וואַן גאָג ווערט אַריינגעזעצט אין משוגעים־הויז, ווייל עס ברענט מיט זון־קאָלירן זיין רויטהאָריקער, פלאַמענדער מוח. בעטהאָווען ווערט פאַר־משפּט צו ביטערער איינזאַמקייט. דיאָגענעס ווערט אויסגעלאַכט.

יאָ, דיאָגענעס! אָט איז אַן איינזאַמער גריכישער מאַן וואָס איז קעגנזאַץ צו די וואַנזיניקע מאַכט־אַמביציעס פון דעם גרויסן אַלעק־סאַנדער, וואָס וויל פאַרכאַפּן די גאַנצע וועלט, וואָס גייט אַ מאָער און אַ באַטרונקענער פון גלאָריע איבער ווייטע לענדער און קעניגרייכן — בלייבט דיאָגאַנעס זיין גאַנץ לעבן אין אַטען, וואו ער איז געבוירן גע־וואָרן. און ער באַמיט זיך צו פירן אַן אָרעם און פּשוט לעבן — וואוי־נענדיק אין אַ קליינער בודקע, שלאָפנדיק אין אַ וואַנע, זיך דערנערנ־דיק מיט טרוקענע פייגן און מיט וואַסער, אַרומגייענדיק נאַקעט — געהילט אין די ליכט און שאָטן־פלעקן פון דער זון. און טראָגנדיק אַן אָנגעצונדן ליכטל אין מיטן העלן טאָג — זוכנדיק אַ ריכטיקן מענטש אויף די גאַסן פון זיין געבורטסשטאָט... שליידערנדיק אויפ־ריכטיק און ברוטאַל די מיינונגען איבער זיינע לאַנדסלייט. ווער־ווער — נאָר דיאָגענעס האָט זיינע לאַנדסלייט געקענט פון זיין געבורט אָן. אוןביידע זיינען גלייך אַריין אין דער געשיכטע — דער מאַקעדאָניער אינפּעראַטאָר וואָס איז געוועזן אומדערזעטיקט אין זיין ווילדער מאַכט צו באַהערשן לענדער און פעלקער און דער וואָס האָט דעם קאָסמאָס רעדוצירט צו אַ פעסל און האָט דאָרט זיין לעבן געלעבט — דער ציניקער דיאָגענעס...

טאָראָ געהערט צו די דאָזיקע העלדן. ער וויל רעדוצירן דאָס לעבן צו די סאַמע פּרימיטיוווסטע באַדערפעגישן. ער וויל שרייבן אין זיין איינזאַמקייט — פון קיינעם נישט דיקטירט. ער וויל זיך דערנערן פון זיין אייגענער מי און אַרבעט. ער וואַרפט אָפּ יעדע הילף פון די חברים, אויסער וואָס ער גייט פון צייט צו צייט אין קאָנקאָרד, כדי צו

פאַרווײַלן אין גייסטרײַכער קאָנווערזאַציע מיט זײַן גרויסן פרײַנט, דעם רעליגיעזן דענקער, עמערסאָן. „וואָלדען" איז ענלעך צו „ראָ־בינזאָן קרוזאָ". ווי יענער אײנזאַמער העלד פון ים, וואָס ווערט גע־צוואונגען דורך אַ שיף־ברוך צו לאַנדן אויף אַן אינדזל און אויפצו־שטעלן זײַן וועלט, אַזוי שטעלט טאָראָ אויף זײַן וועלט אין וואָלדען פּאָינט, כדי צו לעבן אין איר לויט זײַן מאָראַלישער קאָנצעפּציע און זען צי עס איז גוט, כדי צו עקספּערימענטירן אין זײַן וועלט.

אין געטעס פּאָעמע וועגן פּראָמעטעאוס, זאָגט זיך דער גריכישער העלד, וואָס האָט געבראַכט פײַער צו די מענטשן, אָפּ פון יעדער הילף פון די געטער. ער בויט אַליין זײַן הויז, ער דערנערט זיך פון זײַן אײ־גענער פּראַצע, ער שאַפט אַליין זײַן ווערק. שטאָלץ און מעכטיק לעבט ער זיך אין זײַן אייגן־געשאַפענער וועלט.

דער פילאָסאָף, ווי שפּינאָזאַ, אַרבעט געדולדיק יאָרנלאַנג, כדי זיך אויפצובויען זײַן אוניווערסאַלן סיסטעם. און שפּינאָזאַ לעבט אין דעם דאָזיקע אוניווערס — לויט די געבאָטן פון זײַן אייגענער עטיק. דער אוטאָפּיסט שאַפט זײַן טרוים־וועלט — און ער פּרוּווט אין איר לעבן. טאָראָ שאַפט זיך זײַן קליינע וועלט, ביי דער שטילער אָזערע, וואָס ליפערט אים אירע ריינע, פּערלמוטערנע פיש. פאַר אַכט און צוואַנציק דאָלער האָט טאָראָ זיך אויפגעבויט אַ שטיבל אויפן ברעג. ער האָט אַליין געמאַכט זײַן גוטע מעבל, נייטיק צו די באַדערפענישן פון אַ פשוטן, ערלעכן מענטשן. ער האָט אַליין פאַרפלאַנצט זײַן גאָרטן, געניסנדיק דאָס גרינצײַיג און אַמאָל נאָך פאַרקויפנדיק אַרבעס אויפן מאַרק, כדי ער זאָל דאָס געלט קענען פאַרנוצן פאַר אַנדערע הצטרכותן. ער האָט געלעבט פאַר זיבן און צוואַנציק סענט אַ וואָך. זיבן און צוואַנציק סענט איז לײַכט אויסצואַרבעטן אין עטלעכע שעה. די איבעריקע צײַט קען מען לייענען האָמערס „איליאַדע" און דעמאָנ־סטענס „רעדעס", וואָס ליגן תמיד אָפן אויפן טיש. מען קען זיך אָפּגעבן צו דעם שטודיום פון ליטעראַטור און פילאָסאָפיע. מען קען עקספּע־רימענטירן ווי אַזוי צו לעבן. וואָרום די וויכטיקסטע זאַך פאַר אַ מענטשן איז נישט צו לעבן הפקרדיק, צו פאַרשווענדן נוצלאָז די כוחות און דאָס געזונט, און שפּעטער, פאַרן טויט, חרטה האָבן. מען דאַרף פון יעדן טאָג פון לעבן אויסגעפינען זײַן זיסקייט און זײַן ביי־טערניש. דאָס לעבן איז געגעבן געוואָרן פון גאָט עס אויסצופּרוּוון. צו טאָן דאָס גוטע. צו באַמיען זיך צו לעבן אויף אַ ריינעם און אַן ערלעכן אופן. צו רייניקן זיך פון דאָס חיהשע אינם מענטש. אמת, דאָס חיהשע וועט אינגאַנצן נישט פאַרשווינדן. אָבער לייטערן דאַרף מען זיך, לויט יעדן איינעמס מעגלעכקייטן. און דער מענטש האָט גענוג כוחות אין זיך גוטס צו טאָן. צו גיין אויפן פאַרנונפטיקן, גרויסן וועג פון לעבן. ער דאַרף נאָר וועלן. ער דאַרף זיך באַמיען. גאָט אין זײַן נאַטור, דאָס גוטע אין זײַן כאַראַקטער, וועלן אים העלפן.

„וואָלדען" איז אַלזאָ אַ קליינע, דורך די אייגענע הענט געבויטע וועלט, אין וועלכער אַ מענטש לעבט צוויי לאַנגע יאָרן — לאַנגע, ווײַל די גאַנצע צײַט געהערט צו אים אַליין. ווײַל די צײַט איז דורכגע־נומען מיט ריינע מחשבות און די בעסטע כוונות.

***

טאָראָ האָט זיך גרינטלעך באַקאַנט מיט די וועלדער; מיט די חיות; מיט די פיש; מיט דער פלאַנצנוועלט; און ער האָט אַלץ אַריינגעפּאַקט אין זיין „וואָלדען״, אין אַ געדיכטער און פאַרביקער פּראָזע. אַ פּראָזע, וואָס איז געדיכט ווי די אָזיערע, אין וועלכער ער האָט געזען אָפּגעשפּיגלט דעם גאַנצן הימל.

טאָראָ האָט שטודירט אינסעקטן. ער איז געווען אַ באָטאַניקער. ער האָט אַנטדעקט געוויסע פלאַנצן און בלומען. ער האָט געזאָגט אַז ער קען לויט דער פּאָזיציע פון געוויסע בלומען אָנזאָגן די צייטן פון טאָג. ער האָט זיך נישט באַנוצט מיט קיין ווענדקע, כדי צו כאַפּן פיש. ער האָט זיי געקענט צוימען מיט די הענט אין וואַסער. זיין כאַטקער איז געווען פול מיט חיות, מיט האָזן און מיט הירשן. און מיט מיליאָנען פליגעלעך, וואָס האָבן געפילט אין אים אַ פריינט, ווייל עס איז דער יעגער, דער רויבער אינם מענטשן, פאַר וועמען די חיות שרעקן זיך. זיי האָבן געוואוסט אַז טאָראָ וועט זיי נישט טויטן, כדי זיך צוצוגרייטן מיט פליייט „אויף מאָרגן״, ווי דער פאַרשאָלטענער מענטש פון דער ציוויליזאַציע טוט. פון צייט צו צייט פלעגט קומען אַ מאַן אין זיין כאַטקע, און טאָראָ האָט אים אויסגעהערט און זיך פאַר־אינטערעסירט מיט זיין לעבן, מיט זיין כאַראַקטער, מיט זיינע אידייען. ער האָט צייט געהאַט אים אויסצוהערן... פאַרקערט, עס איז געווען אַ פאַרגעניגן צו האָבן אַ גאַסט אין הויז. און טאָראָ, אַזוי ווי ער האָט געקענט חיות און נאַטור, האָט אויך גוט געקענט די מענטשן. ער איז געווען אַ פּסיכאָלאָג.

אין דער פרי פלעגט טאָראָ כאַפּן אַ שווים אין זיין „פּריוואַטער״ אָזיערע. דאָס וואַסער איז פריש, געלייטערט, געמישט מיט בראַנדזע פון דער זון. וועלכע פרישע לעבנס־כוחות באַקומט דער איינזאַמער נביא טאָראָ. דאַן רייניקט ער זיין צימערל. דאַן אַרבעט ער עטלעכע שעה אין זיין גאָרטן. דאַן גייט ער אויף לאַנגע שפּאַצירן אין די גע־דיכטענישן פון די וועלדער. דאָ עפנט זיך צו אים די גרויסע נאַטור פון גאָט. עס שפּילן צו אים גאָר די פויגל פון וואַלד. וועלכער שיינער קאָנצערט!

אָבער טאָראָ האָט פיינט צו זיין אַ פּאַראַזיט. אויך ער שפּילט אויף אַ פליייט. און זאָלן נאָר די פויגל שטיל בלייבן אַ סעקונדע, שפּילט ער דעמאָלט אויף זיינע פאָלקסלידער, אימפּראָוויזירט ער זיינע מעלאָדיעס. די פויגל פּרואוון זיך מיט אים, און קאָנקורירן מיט זייערע שטימען.

אַ באַרימטער מוזיק־קריטיקער, וועלכער האָט געשאַפן אַן אַמע־ריקאַנער סימפאָניע, האָט איין מאָמענט געזוידמעט טאָראָן. ער שרייבט אין אַן עסיי, מיט וועלכער איך באַקאַן זיך אויף דער דערמאָנטער אויסשטעלונג, אַז טאָראָס פּראָזע איז העכסט־מוזיקאַליש. ער מאַכט אַ פאַרגלייך צווישן טאָראָ און בעטהאָווען. ביידע האָבן געבענקט צום גוטן. צו העלפן די ליידנדיקע.

איבעריקנס, „וואָלדען״ איז נישט גלאַט אַזוי אַ פּאַסיווע באַשריי־בונג פון דער נאַטור. עס איז אַן אַקטיוו בוך. עס האָט זיין צוועק — איבערצוצייגן אַז דער מענטש קען לעבן אין פרידן. ראַדזשער פּעין,

אין זיין בוך „וואַי וואָרק״? (פאַרוואָס אַרבעטן), דערציילט אַז מען קען, ווי טאָראָ, אַרבעטן צוויי וואָכן אַ יאָר, און געניסן פון אַלעם גוטן. פאַר פערצן סענט אַ וואָך האָט טאָראָ געלעבט, און צו זיין מעבל געהאַט דעם גאַנצן הימל מיט זיינע שטערן, די גאַנצע ערד מיט אירע בוימער און בלומען און פאַרביקע פלאַנצן.

דער גרויסער מענטש פאַרשטייט די נאַטור. ער פילט די שייכות צווישן מענטש און נאַטור. ער פילט דער נאַטורס לעבן, איר רעספּאָנס צום מענטש, דער נאַטורס שיינקייט און נוצלעכקייט צום מענטש. דער גרויסער דענקער איז דיכטער. דער גרויסער דיכטער איז דענקער. דער קינסטלער זעט אומעטום לעבן אין די וועלטן. ער איז באַהערשט פון דעם געוואַלטיקן עקסטאַז פון לעבן. און אין דער נאַטור זעען מיר טויזנטער פאָרמען פון לעבן. די גאַנצע נאַטור איז אויסגעפילט מיט לעבן וואָס טאַנצט צו גאָט אין עקסטאַז. די נאַטור איז איין ריזיקער טאָל פון לעבן, אַ טאָל וואָס עס דויערט מיליאָנען ליכט־יאָרן דורכ־צושפּאַנען מיט דער פייערדיקער ליכט־שנעלקייט זיין דיסטאַנץ.

וויטמאַן, טאָראָ, דזשעק לאָנדאָן, טאָמאַס וואָלף — זיי זיינען די נביאים וואָס האָבן באַרירט די נאַטור אין איר סאַמע עסענץ. זיי האָבן מיט מאַגישע הענט אָנגערירט איר נשמה. און וואו מען זאָל נישט אויפמישן אין זייערע ווערק, טרעפט מען אָן אויפן גרויסן וואונ־דער פון לעבן און זייער עקסטאַז צום לעבן.

איך האָב היינט צופעליק אויפגעמישט טאָראָס „וואָלדען״ און איך בין געבליבן שטיין אין ענטוזיאַזם פאַרן גייסט פון טאָראָ, וואָס האָט מיט אַזאַ גייסטיקער מאַכט באַנומען די גרויסקייט און די שיינ־קייט פון דער נאַטור.

אין דער דאָזיקער שטעל, ביים סוף פונם קאַפּיטל וועגן „איינזאַמ־קייט״, זאָגט ער אומגעפער:

„די אומבאַשרייבלעכע אומשולדיקייט און גוטסקייט פון נאַטור, — פון זון, און ווינט, און רעגן, פון זומער און ווינטער, — אַזאַ געזונט, אַזאַ פרייד ליפערן זיי אויף שטענדיק! און אַזאַ סימפּאַטיע האָבן זיי שטענדיק מיט אונזער ראַסע, אַז די גאַנצע נאַטור וואָלט געווען פאַר־וואונדעט, און דער זונס גלאַנץ וואָלט אָפּגעבלאַקירט, און די ווינטן וואָלטן מענטשלעך זיפצן, און די וואָלקנס וואָלטן גערעגנט מיט טרערן, און די וועלדער וואָלטן אָפּגעוואָרפן זייערע בלעטער און אָנגעהויבן צו טרויערן אינמיטן זומער אויב ווען עס איז מענטש וואָלט פאַר וועלכער עס איז אורזאַך געליטן. זאָל איך נישט האָבן קיין פאַרשטענדעניש פאַר דער ערד? בין איך דען נישט אַליין פון בלע־טער און פון גרינצייג צוזאַמענגעקנאָטן?״ וואָס קען שוין זיין פּשוטער און מענטשלעכער ווי די דאָזיקע רייד פון דעם אַמעריקאַנער נאַטור־ראַליסט און פילאָזאָף, וואָס האָט געפּרואווט לעבן דאָס סאַמע פּשוט־סטע און מענטשלעכסטע לעבן — איינזאַם, פריי און שטאָלץ, אויף דעם שויס פון דער גרויסער נאַטור. מיר ווייסן נישט וואָס עס טוט זיך אונטער דעם אַלעם — אונטער דעם דאָזיקן קאָמפּליצירטן וועלטאַל. אָבער די איידעלע און די גרויסע פילן די גרויסקייט און די געטלעכ־

קייט פון דער נאַטור זעלבסט. און די צוגעבונדנקייט פון מענטש צו דעם נאַטור־נאַפּל.

טאָראָ זאָגט:

— וואָס איז דער וויטאַמין וואָס וועט אונז האַלטן גוט, סערען, צופרידן? נישט מיין אָדער דיין זיידע — נאָר אונזער גרויס־גרויס־גוטער נאַטורס אוניווערסאַלע גרינצייגן און באָטאַנישע מעדיצינען, דורך וועלכער זי אַליין האָט זיך שטענדיק געהאַלטן יונג, האָט איבער־געלעבט אַזוי פיל פּורעניות אין אירע טעג, און האָט איר געזונט דערנערט מיט דעם פוילנדיקן פּעטס.

טאָראָ זעצט פאָר צו זאָגן אַז, אַנשטאָט די אַלע מעדיצינען וואָס מען פאַרקויפט אין די אַפּטייקן, וויל ער בעסער טרינקען פונם מאָרגנ־רויטס פאָנטאַן אַ פרישן שטראָם לופט אין דער פרי. דער דאָזיקער שטראָם לופט היילט און רייניקט און גיט כּוח צום מענטש און טראָגט אים פאָרויס אין זיין טעטיקייט!

די דאָזיקע מענטשן — די וויטמאַנס, די טאָראָס, די דזשעק לאָנדאָנס — זיי זיינען די גרויסע דיכטער וואָס טראָגן אין זיך נאָך דעם אורמענטש. דעם אורמענטש — וואָס האָט געטרונקען פון דער זונס ברוסט אין פרימאָרגן איר מילך־לופט. וואָס האָט געגעסן פון די פרוכטן וואָס די יונגע און פייערדיקע ערד האָט אים געגעבן.

טאָראָ איז געווען אַ נאַטור־מענטש און ער טראָגט צו דער מענטשהייט וואָס פּוילט און ווערט אויפגעגעסן פון איר שלעכטס און משוגעת — אַן אומשטערבלעכע פילאָסאָפיע פון ריינקייט, קאָסמישן באַוואוסטזיין, הייליקייט פון לעבן און אַ פרייע אויסלעבונג פון די ענערגיעס פון שעפערישן און אַקטיוון מענטש.

טאָראָ איז געווען אַ ברודער פון אונזערע גרויסע נביאים און קעמפער פאַר אַ געזונטער און ברודערלעך־פרייער מענטשהייט.

***

די מענטשן האָבן טאָראָן באַטראַכט ווי אַ משוגענעם. צום גליק האָט ער געשטאַמט פון קאָנקאָרד, אַ שטעטל אין ניי־ענגלאַנד, וואו עס איז דעם 19טן אַפּריל, 1775, פאָרגעקומען די ערשטע שלאַכט פון דער אַמעריקאַנער רעוואָלוציע. ווייזט אויס, אַז פונקען פון דעם פייער פון דער דאָזיקער שלאַכט האָבן זיך אָפּגעריסן און אַריין אין די מוחות און הערצער פון די קאָנקאָרדער גייסטיקע שעפער. פון קאָנקאָרד שטאַ־מען מענער און פרויען פון דער אַמעריקאַנער ליטעראַטור, וואָס האָבן דאָרט צו איין צייט, אין פאַריקן יאָרהונדערט, געוואוינט, ווי דער פילאָסאָף־מיסטיקער, ראַלף וואַלדאָ עמערסאָן, בראָנסאָן אָלקאָט, נאַטהאַ־ניעל האָטאָרן, לואיזאַ מעי אַלקאָט און, אונזער פריינט, הענרי טאָראָ.

און די דאָזיקע מענטשן, עס שיינט, אַז איין פילאָסאָפיש־פרייער גייסט האָט זיי אַרומגענומען און געקושט. עס איז אָן צווייפל אַז צו דער דאָזיקער גרופּע, וואָס איז די וויכטיקסטע אין דער אַמעריקאַנער ליטעראַטור, געהערט דער לאָנג־איילאַנדער אַלטער בחור, וואָלט וויטמאַן, דער מחבר פונם אַמעריקאַנער תנ״ך, „די בלעטער פון גראָז״.

און הגם טאָראָ איז פון זיינע מערסטע לאַנדסלייט באַטראַכט געוואָרן ווי אַ פוילאַק, אַן עקסצענטריק, אַ מענטש וואָס_מאַכט זיך נאַריש, אַ בטלן און אַן אייגנאַרטיקע בריאה — דאָך האָבן מיטגלידער, און גאַנץ חשובע פון זיי, פון דער קאָנקאָרדער גרופּע געזען אין טאָראָן אַ גרויסן גייסט.

אויף דער אויסשטעלונג ליגט אָפן דאָס בוך פון דעם קאָנקאָרדער תושב, עלאָס בראָנסאָן אַלקאָט, אין וועלכן ער זאָגט וועגן אים: „טאָראָ איז אַליין אַ וואַלד און זיינע איינוואוינער". ער דערציילט אַז ער האָט אַ קרעפּטיקן הומאָר. ער איז ווי אַ בוים. ער וואָלט אים געשיקט קיין בערלין, ווין אָדער לאָנדאָן, ווי אַ מוסטער פון אַן אַמעריקאַנער געניוס... ער געהערט, לויט בראָנסאָן אַלקאָט, צו די האָמערישע העלדן, לויט זיין געוואַלטיקן פּאַרנעם. ער האָט אין זיך מעטאַל: אייזן, שטאָל און, רויטע ערד. ער איז קרעפּטיק געבויט. ער קען זינגען, זעגן, קאָכן און בראָטן. לעצטנס האָט ער זיך אויך גענומען צו ליטעראַטור... פון טויזנט ביכער האָט דער פאַרלעגער קוים פאַרקויפט צוויי הונדערט... אָבער מחבר און זיינע ביכער קענען וואַרטן...

צווישן זיינע נאָענטסטע פריינט געפינט זיך אויך ראַלף וואַלדאָ עמערסאָן. אויף דער אויסשטעלונג געפינען זיך געטעס צוויי בענדער „ווילהעלם מייסטער", מיט אַן אויפשריפט: „עמערסאָן — צו טאָראָ". עמערסאָן איז געווען טאָראָס לערער, פריינט און נאָענטער דענקער. זיין גייסטיקער פירער. און ניט קיין אַנדערער ווי עמערסאָן האָט געזאָגט ביי טאָראָס לוויה: „דאָס לאַנד ווייסט נאָך ניט, אָדער ווייסט נאָך זייער ווייניק, וואָס פאַר אַ גרויסן זון עס האָט פאַרלוירן".

הונדערט יאָר שפּעטער — אין יאָר 1945 — זעט זיך אַמעריקע אַרום אַז דאָס וואָס טאָראָ האָט אין יאָר 1845 זיך פאַרקליבן לעבן אַ וואַלד, אין ניי־ענגלאַנד, דאָרט צו וואוינען, איז געווען אַ גרויסער עקספּערימענט און אַ ביישפּיל פאַר גאַנץ אַמעריקע. איצט איז טאָראָ דער פילאָזאָף פון פרייהייט. דער אמתער פריי־דענקער, אין זין וואָס ער האָט געפּרוּאווט דענקען פריי, אָן דאָגמאַטישע טעאָריעס. און הגם אַן אינדיווידואַליסט לויט זיין נאַטור, ווייל ער האָט אַלץ אַליין אויסגעפּרוּאווט אויף זיין אייגענער הויט און האָט זייער ווייניק געפּרעדיקט צו אַנדערע — איז ער אַ מאַן וואָס האָט געהאַט גרויסע אידעאַלן און ער האָט מיטן ביישפּיל פון זיין פרייען לעבן, נישט זייענדיק קיין קרבן פון עקספּלואַטאַציע, און נישט ווילנדיק אַפילו צאָלן קיין „טעקסעס" צו דער רעגירונג, געוויזן אַ ביישפּיל נישט נאָר צו די איינוואוינער פון אַמעריקאַנער קאָנטינענט — נאָר צו דער גאַנצער מענטשהייט, צו ברעכן שקלאַפעריי און עקספּלואַטאַציע, צו לעבן פריי. טאָראָ האָט מיט זיין ריינעם און קרישטאָלענעם לעבן געוויזן אַ ביישפּיל אַז דער מענטש האָט אַ רעכט צו לעבן ווי אַזוי ער וויל. לויט זיינע אייגענע אידייען, לויט זיין פאַרשטאַנד. אַז ער דאַרף נישט זיין קיין געהאָרכזאַמער קנעכט צום שטאַט. צו געמאַכטע געזעצן פונם הערשנדיקן שיכט. אַז דער מענטש איז אַ הייליקטום. און אַז, ווי אַ וועלט פאַר זיך, לעבט ער לויט די געזעצן פון זיין אייגענער וועלט...

⁂

פאַראַן אויף דער אויסשטעלונג אַ מאַלעריי, געמאָלן פון אַ צייט־קאָלעגע, ווי טאָראָ טראָגט זיך אין זיין שיפל איבער פאַרביקע וואַסערן, גראָז־ברעגן און טייך־פלאַנצן און וואַסער־ליליעס. ער זעט אויס ווי וואָלט וויטמאַן, קרעפטיק און געזונט. אַ יינגער ריז. און די נאַטור עפנט אירע שיינקייטן. און זי אַנטפּלעקט קאָלאָריסטישע פּאַנאָראַמעס. זי עפנט אויף אירע פאַרביקע טאָלן און בערג און ביימער צו דעם וואָס האָט איר אַזוי ליב. ווייל די נאַטור פאַרשליסט זיך צום פרעמדן מענטש, וואָס האָט נישט קיין זין פאַר איר גרויסקייט.

און עס איז מאָדנע וואָס דווקא טאָראָ, דער וואַלד־מענטש, קיינמאָל נישט איינזאַם אין דער גרויסער נאַטור, איז געווען קראַנק אויף שווינדזוכט, און ער איז פאַרהעלטניסמעסיק יינג געשטאָרבן. די שווינדזוכט־באַצילן האָבן אויפגעגעסן זיינע לונגען. און זיין אַרבעטספול לעבן ציילט אינגאַנצן פינף און פערציק יאָר.

***

ווען איך קוק איצט ווידער אַריין אין „וואָלדען״, פאַרן שליסן פון דער דאָזיקער אַרבעט, און זוכנדיק צו ציטירן די בעסטע שטעלן, זע איך ווי נאַאיוו און אומבאַהאָלפן איך בין. „וואָלדען״ איז ווי אַ גרויסער ים, פון וועלכן דו קענסט קיין איינצלנע כוואַליע נישט אָפּברעכן. עס איז טונקל אינם בוך ווי אין אַ טיפן, געדיכטן וואַלד. די זון שלאָגט דורך אירע ליכט־פלעקן דורך די שפּאַרונעס. און עס שמעקט מיט פערפיום פון די ביימער, מיט זשיווויצאַ, מיט צעפוילטע האָלץ און מיט אינסעקטן. עס שמעקט מיט גרינער צווייג און מיט אַלטע קאָרע, וואָס אויבן, אויסערלעך, איז זי טרוקן, אָבער אינעווייניק אין די יינגע ביימער טריפט עס מיט שטורמישע בלוטן און זאַפטן. דו קענסט נישט אָפּברעכן קיין צווייג פון קיין וואַלד, אויב דו ווילסט ווייזן דעם גאַנצן וואַלד. טאָראָ פירט אַריין אין זיין בוך דעם לייענער ווי אין אַ טיפן, אוראַלטן וואַלד. דאָרטן באַקאַנט ער אים מיט אַלע לעבנס, מיט אַלע פאָרמען פון דער נאַטור. עס איז די שיינקייט און די הייליקייט און די קאָסמישע וויכטיקייט פון יעדן פיצל לעבן, וואָס מאַכט דאָס בוך וויכטיק. עס איז דאָס שענקען וויכטיקייט, באַדייטונג, אַלע פשוטע זאַכן פון דער ערד. עס הערשט אין דעם בוך אַן אייגענע אַטמאָספערע און געמיטלעכקייט. טאָראָ קומט נישט צו דער נאַטור ווי אַ שטאָטישער, כדי צו באַוואונדערן „יאָלדיש״ אירע מאַניפעסטאַציעס. ער איז אַ וואַלד־מענטש זינט דורות. זינט די אורצייטן פון מענטש. נאָר ער האָט זיך אויף אַ ווײַלע אָפּגעריסן, פאַרפרעמדט געוואָרן. איצט, ווען ער איז ווידער אין וואַלד, איז עס פאַר אים נאַטירלעך דאָרט צו זיין. און דאָס בוך קאָן נישט ציטירט ווערן. גיי און ציטיר אַ גאַנצן וואַלד.

***

פאַראַן אויף דער אויסשטעלונג אַ רייע צייכנונגען פון טאָראָס שטיבל אין וואָלדען פּאָינט. איינע פון זיין שוועסטער געצייכנט. זינט דער צייט איז דאָס שטיבל שוין אין גאַנצן פאַרשוואונדן געוואָרן. קאָנקאָרד איז אָבער פאַרבליבן אַזוי רואיק ווי מיט הונדערט יאָר צוריק. דער טייך איז רואיק, באַהאַלטנדיק אין זכרון די צוויי יאָר

לעבן פון טאָראָ, אויף איר איינזאַמען ברעג. דאָס שטיבל, וואָס טאָראָ, ווי שוין דערמאָנט, האָט אַליין געמאַכט און וואו עס איז געשטאַנען אַ בעט, דריי שטולן, אַ טיש צום שרייבן, אַ שענקל פאַר ביכער — איז מער נישטאָ. אָבער פּילגרימען קומען איצט, ווי זיי פלעגן קומען צום דעמאָלט אומבאַקאַנטן טאָראָ, און זיי לייגן די שטיינער אויפן פּלאַץ וואו טאָראָ האָט געהאַט זיין הויז, אין זיין גאָרטן. עס וואַקסט אַ פּי־ראַמידע — אַן אייגנאַרטיקער מאָנומענט — אַ ספינקס אינם וואַלד, לעבן דעם רואיקן טייך. אַ מאָנומענט צו טאָראָ — נישט פון קיין שקלאַפן פון פילע פעלקער געבויט, ווי אין אַלטן מצרים. נאָר געשטעלט פון פרייע מענטשן, וואָס פאַרערן דעם מאַן וואָס האָט געוואָלט לעבן לויט זיין געוויסן און וואָס האָט פאַר די פעלקער פון אַמעריקע אָנגעוויזן דעם וועג צו פרייהייט, לעבנדיק אַליין, ווי ווייט מעגלעך, זיין פריי לעבן.

ניו־יאָרק, 15טער נאָוועמבער, 1946.



# פּאָעט פון דער לינקאָלן־ערא

„איך הער דעם אידן לייענען זיינע שריפטן און זיין תהלים".

(„אַ גרוס דער וועלט") — וואָלט וויטמאַן.

עס איז געווען נאָך מיט יאָרן צוריק ווען איך האָב זיך באַקאַנט מיט די אומגעהויערע שטרעקעס לאַנד און שטרעקעס לעבן פון וואָלט וויטמאַנס „סאַלוט אָ מאָנד". יענע זוניקע טעריטאָריעס, יענע טייכן און טאָלן און בערגער; יענער ענטוזיאַסטישער גרוס צו דער וועלט איז מיר אַריין אין האַרצן. דער גרוס פון אַ רייפן, שטאָלצן און מעכ־טיקן מאַן, אָנרירנדיק מיט זיין ליבשאַפט די פעלקער, די נאַציאָנען פון נאָענטע און ווייטע לענדער. זינט דעמאָלט האָב איך ניט אויפגעהערט צו האָבן אַן אינטערעס אין דעם גרויסן אַמעריקאַנער פּאָעט. אין דעם דיכטער פון דער גרויסער לינקאָלן ערא. וויטמאַנס ווירקונג אין אייראָ־פּע, איף דער אייראָפּעאישער פּאָעזיע, איז געוואַלדיק גרויס. אַזאַ פּאָעט ווי ווערהאַערן, וועלכן מען רופט אָן „דער בעלגישער וויטמאַן", קען מען זיך נישט פאָרשטעלן אָן וואָלט וויטמאַנס רעוואָלוציע אין דעם קעניגרייך פון דיכטונג, אָן זיין ברעכן די טראַדיציע פון געשלאָסענע, געצוימטע פערזן, פון דער טעמאַטיק פון דיכטונג. וויטמאַן האָט געוואַגט צו שרייבן וועגן זאַכן וואָס קיינער האָט ביז אים נישט געפונען פאַר פּאַסיק צו שרייבן. ער האָט אַריינגעבראַכט אַ נייע וועלט אין דער דיכטונג. און פאַר דער דאָזיקער וועלט האָט ער געפונען אַ נייע פאָרם. אַ נייעם ריטם. נייע אויסדרוק־מעגלעכקייטן. ער האָט דעם מענטש, זיין האַרץ, זיינע געפילן — אויפגעבונדן. ער האָט מיט אַ ניי קול אָנגעפאַנגען צו שרייבן אַ נייע דיכטונג. אפשר איז זי שוין לאַנג געווען אין דער לופט. ווי אַלץ וואָס איז פאַראַן אין דעם קאָסמישן תוהו ובוהו, אין דער שוואַנגערדיקער נעבולא. נאָר וויטמאַן האָט זיך נישט געשעמט אויפצוכאַפּן אירע טענער. ער האָט אין זיין ליד אַריינ־געפירט ווינט, זון און רוים, וואָס געוויסע וואויל־געבוירענע קאָנסער־וואַטיוון האָבן נישט געקאָנט פאַרטראָגן. אָבער וואָס דאָס פאָלק האָט ליב געהאַט פון אָנפאַנג אָן און האָט אין וויטמאַנען דערהערט די שטימע פון איר פּאָעט.

איצט, בשעת איך לייען איינס נאָך איינס וויטמאַנס לידער, אין דעם בונטן בוקעט, אין דעם מעכטיקן בוקעט פון „אַ גרוס דער וועלט", פיל איך אויף זיך דעם אָטעם פון תנ"ך. איך פיל אַז ערגעץ האָב איך עס שוין לאַנג צוריק געלייענט. נאָר איך ווייס ניט באַשטימט וואו, אין וועלכן אוראַלטן ספר. די אורזאַך איז אַ קלאָרע: מיר האָבן זיי, די דאָזיקע מעכטיקע שטיקער דיכטונג, די דאָזיקע קאָסמישע סימ־פּאָניעס, נישט געלייענט געענוי ביי איין און איינציקן דיכטער נאָר ביי דער גאַנצער וועלט־ליטעראַטור. תנ"ך איז צאָלרייך מיט ענלעכע באַשרייבונגען פון מענטש און פון נאַטור. וואָרדסוואָרטה איז פול מיט אַזעלכע נאַטור־פּייזאַזשן. אין בייראָנס דיכטונג געפינט מען די דאָ־זיקע פאַנטעאיסטיש־פאַרשיכורטע וועלט. אין שעללי אָטעמט די דאָ־

זיקע וועלט מיט די שענסטע אידעאַלן. די גאַנצע וועלט־פּאָעזיע, מיט איין וואָרט, האָט די דאָזיקע גרויסע אייגנשאַפטן. עס שלאָגט אין איר דער פּולס פון אַ ריזיקן האַרץ. דאָס האַרץ פון דער גאַנצער מענטש־הייט.

וואָלט וויטמאַן איז אָבער רייכער פון זיי אַלע אין דעם סכום פון רוימלעכקייט וואָס ער נעמט אַריין אין זיין דיכטונג. אפשר טאַקע צוליב דעם איז ער ווייניקער קינסטלער ווי בייראָן, שעללי אָדער פּאָו. אויב קונסט מיינט פּולקאָמענקייט פון פאָרם און אינהאַלט. אויב קונסט איז אַזוינס וואָס איז נישט פּשוט און מענטשלעך. ווייל דער וואָס נעמט אַרום די גאַנצע וועלט, האָט ניט קיין צייט זיך צו צאַצקען מיט אַ וואָרט אָדער זיך צו פריידן מיט אַ מעטאַפאָר. דער וואָס נעמט אַרום דעם אוניווערס, איז ווי דער ים, דער ווינט, דאָס פעלד, דער וואַלד, וואָס קען נישט זיין צאַרט און דעליקאַט. דער יעניקער מוז אויסשרייען זיינע מעכטיקע עמאָציעס אין אַ גוואַלטיקער שפּראַך, ענלעך צו די זאַכן און עלעמענטן צו וועמענס אויסדרוק און שטימע ער ווערט. ער מוז געפינען יענעם שפּראַך־אינסטרומענט מיט וועלכן ער זאָל קענען אָפּערירן און געבן דאָס פּנים פון דער וועלט. ער מוז שאַפן אַ נייע שפּראַך, צו וועלכע דאָס מענטשלעכע אויער איז אין זיין צייט נישט צוגעוואוינט.

איוב איז דורכגעגאַנגען אַלע ליידן פון לעבן. פאַוסט איז דורכ־געגאַנגען אַלע גילדערנע תענוגים וואָס אַ מענטש איז אומשטאַנד דורכצוגיין, אונטער דעם טייוולס פירונג. דאַנטע האָט געזען דאָס הימלישע גיהנום און דעם גן־עדן, די פרייד און די לייד, און איז דורכ־געגאַנגען די ערד אַן איינזאַמער, אַן אַסקעט, מיט זיין בלייכער מאַסקע און טרויעריקע אויגן. וואָלט וויטמאַן איז אויך דורכגעגאַנגען דאָס גיהנום און דאָס גן־עדן פון דער ערד. ער איז געווען באַטרונקען פון דער לייד און פון דער פרייד. ער האָט געבענטשט די לייד און זי אָנגענומען באהבה. ער האָט געזען וואָס די ערד קען ברענגען. ער האָט באַרירט די צוקונפט און אירע אוטאָפּיעס. ער האָט מיט אַן אומ־פאַרגלייכלעכער כוואַליע אָפּטימיזם באַהערשט זיין דיכטונג. באַהערשט אַמעריקע.

אין דעם בוך „בלעטער פון גראָז" נעמט דער פּאָעט אַרום דאָס לעבן פון אַ מענטש. ער אומפאַסט אים אין אַלע זיינע עמאָציעס. ער נעמט אַרום דאָס לעבן פון אַ הייליקן מענטש. פון דער סטאַטור פון אַ וואָלט וויטמאַן.

קודם כל דערהויבט וואָלט וויטמאַן דעם איך דעם איך פון יעדן מענטש וואָס שאַפט און ווערט געטריבן דורך אַ טריב צו פּראָדוצירן, צו שאַפן, זיך צו פאַרטיידיקן, צו שלאָגן, צו בויען. ער זינגט די גלאָריע פונם איך. פונם עגאָ. פון דעם שעפערישן עגאָ. דער דאָזיקער איך איז ביי אים חשוב. גלייכצייטיק איז וויטמאַן דער פּאָעט פון די מאַסן. פון די ניי־דערוואַכטע מאַסן וואָס האָבן זיך אַ טראָג געטאָן צום אַמע־ריקאַנער קאָנטינענט פון אַלע ווינקלען פון דער ערד. וואָס בויען, שאַפן, מאַכן רעוואָלוציעס, שטרייקן, טראָגן פאָראויס דאָס לעבן און שפּרייטן גליק אויף דער ערד. גאַראַנטירן אַ גרויסע צוקונפט.

וואָלט וויטמאַן איז דער דיכטער פון די ליידנדע. ער וואונדערט זיך מיט וואָס ער איז ריינער פון דער גאַסן־פרוי און ער פאַרשטייט נישט מיט וואָס ער איז אומשולדיקער פונם אַרעסטאַנט. דער פּאָעט ליידט פאַר אַלע אַמביציעזע, אומרעאַליזירטע טרוימער, פאַר אַלע יונג־פאַרשטאָרבענע, נישט־דערגאַנגענע קינסטלער, פאַר אַלע די וואָס האָבן געוואַגט און אומגעקומען, פאַר די שטילע און די דרייסטע, פאַר די פאַרשעמטע און שרעקעוודיקע, פאַר די מוטיקע און די דערשראָקענע. ער איז אין דער אמתן דער פּאָעט פון לייד און מיטלייד. און דאָס נישט נאָר אין זיין בונטער דיכטונג. בשעת דעם אַמעריקאַנער בירגער־קריג פאַרוואַנדלען זיך זיינע לידער אין באַנדאַזשן מיט וועלכע ער הילט אַרום די וואונדן פון די פאַרוואונדעטע און פאַר וועלכע ער לייענט דעם תנ״ך, קאַפּיטלעך תהילים און ער היילט זייערע נשמות מיט זיינע אייגענע טרייסטנדיקע לידער.

וואָלט וויטמאַן איז דער פּאָעט פון אַרבעט. און ער נעמט אַרום די אַקטיוויטעט פון יבשה, ים און פון גאָר דעם פּלאַנעט. ער רעכנט אויס הונדערטערערליי אַרבעטן, פיזישע און גייסטיקע. ער האָט געזען די מענטשן אַרבעטן און ער ווייס פון זייערע אָנשטרענגונגען. ער זעט אין יעדער אַרבעט — גרויסקייט און שיינקייט און נוצלעכקייט צום לאַנד. די ברכה פאַר אַמעריקע. נישט אומזיסט איז יעדער מין אַרבעט געוואָרן מיט דער צייט אַ כבוד אין די פאַראייניקטע שטאַטן. און נישט נאָר די אַרבעט פון מענטש. עס גייט דורך דורך וויטמאַנס דיכטונג די אַרבעט אין דער נאַטור. די סימפאָניע פון קאָסמישער אַרבעט. עס אַרבעטן ניט נאָר די פעלקער אין די טאָלן און אויף די בערג. עס אַרבעטן אַלע כוחות אין דער נאַטור. דער קאָסמאָס איז איין ריזיקע טעטיקייטס־פאַבריק. ענערגיע שטראָמט אומגעהויער אין אַלע ווינקעלעך און וועלט־פלאַכן. דאָס איז גאָטס אוניווערסאַלע אַקטיוויטעט.

וואָלט וויטמאַן באַשטעטיקט דאָס געשלעכט און די געשלעכטס־טריבן און טעטיקייטן. אין דער פרוי זעט ער נישט קיין מער שענערן אידעאַל ווי צו זיין די מוטער פון גרויסע מענטשן. די פרוי איז ביי אים אַ טייל פון גאָט, פון דער נאַטור. ער זעט אין איר דעם געטלעכן אורשפּרונג פון לעבן. דעם מאַן לויבט ער פאַר זיין מוט און קראַפט. ער אָנערקענט ניט קיין שוואַכע. דער מאַן פאַרלאַנגט פון דער פרוי דאָס וואָס אים קומט — און אַזוי פאַרקערט. אָדם און חוה דאַרפן לעבן אין האַרמאָניע אויף דער ערד. און די ערד איז די בינע, דער גע־בענטשטער טאָל פון זייער טעטיקייט.

וואָלט וויטמאַן פאַרערט און גלאָריפיצירט דעם מענטשלעכן גוף. ער ליבט זיין אייגענעם מעכטיקן קערפּער. און אַזוי זאָל יעדער איינציקער אין זיין ליד געפינען זיך אַליין. זיין אייגענעם גוף. נאָכן טויט צע־פאַלט דער קערפּער צו זיינע באַשטאַנד־טיילן. הגם פאַר די טעאָסאָפן פון אַמעריקע איז וואָלט וויטמאַן אַ לערער און זיי טייטשן אויס דעם פּאָעט ווי זייערן אַ דיכטער, וואָס גלויבט אין אַ לעבן נאָכן טויט. דאָך, ווי מיר דאַכט, גלויבט וואָלט וויטמאַן נישט אין קיין אַנדער אופן פון לעבן, נאָכן טויט. עס זעט גיכער אויס אַז ער איז אין משך פון

זיין לאַנג און אַקטיוו לעבן געווען אַזוי פאַרשיכורט און פאַרכליניעט פון דער מאַניפעסטאַציע פון לעבן, אַז ער האָט גאָרנישט געטראַכט וועגן נאָכן טויט. איבעריקנס, פונקט אַזוי ווי ער דערמאָנט די פרוי און דעם מאַן אין דעם בונטן וואַלד פון זיינע לידער, אַזוי דערמאָנט ער אויך דעם גוף און די נשמה. די נשמה איז ביי אים דער גייסט, דאָס לעבן, די ענערגיע, די קראַפט וואָס טרייבט דעם מענטש צו זיינע גוטע מעשים און צו דער וויסטאַ פון זיין זוניקער צוקונפט. וויטמאַן איז דער גלאָריפיקאַטאָר פון לעבן, פון דעם קערפער, פון זיינע פונקציעס און זיין ראָלע אין לעבן. ער רעכנט אויס, ווי קיינמאָל פריער, אין דער דיכטונג, דאָס לעבן פון דעם גוף און ער בענטשט זיין אַקטיווי־טעט. —

וואָלט וויטמאַן איז דאָס געוויסן פון דער וועלט. דער פּראָפעט פון זיין צייט. אין די רייד צו אַ דורכגעפאַלענעם רעוואָלוציאָנער אין אייראָפּע פילט זיך דער אומצעבערכלעכער גלויבן אין שטירצן רע־זשימען, אין רעוואָלטירן קעגן דעם שלעכטס, און אומשליידערן דאָס אַלטע. ווי אַמאָל בייראָן, רופט ער די פעלקער צו רעוואָלט און ער שליידערט מוטיקע פּאַראָלן צו די אונטערדריקטע פון אייראָפּע. —

וואָלט וויטמאַן איז באַזונדערס דער דיכטער פון אַמעריקע. ער האָט געלעבט און געדינט אונטער דעם צייכן פון אַ צווייטן גרויסן מענטשן, אַ דורכגעגנומענער מיטן גייסט פון דעם מאַיעסטעטישן ישעיה —פּרעזידענט אייברעהעם לינקאָלן. און ווען דער בירגער־קריג איז געווען געענדיקט, האָט זיך אַמעריקע אָנגעהויבן בויען, צו אַנטוויקלען, זיך שמידן און שאַפן און ווערן אַ ריזיק לאַנד פון גרויסע אונטערנעמונ־גען אין אַגראַר־ און אינדוסטרי־געביטן. עס איז מיט אָט דעם דינאַ־מישן פּיאָנערן־גייסט מיט וועלכן וואָלט וויטמאַן איז אָנגעשטעקט. ער איז שיכור פון אַמעריקעס ענערגיע. פון אירע ריזיקע פּלענער און אַמביציעס. פון איר געוואַלטיקן פאַרמעסט. ער בענטשט אַמערי־קעס דעמאָקראַטישע אידייען. אירע פרייע פּרעזידענטן, איר געוואַל־טיקע קאָנסטיטוציע, אירע גרויסע מענער. ער איז אַמעריקעס טי־פּישער דיכטער אין דעם זין וואָס ער אָטעמט מיט איר לופט און פייער, מיט איר ענערגיע און קראַפט. ער נעמט אַרום גאָר דאָס לעבן פון אַמעריקע. פון שטאָט און פעלד, אָנפאַנגענדיק מיט זיין געבורטס־פּלאַץ לאָנג־איילאַנד, וואו די נאַטור איז פעט און רייך און פאַרגאָסן מיט גאָטס פייכטע און בונטע פאַרבן, און ענדיקט מיט די ווייטסטע און יונגסטע שטאַטן וואָס פאַראייניקן זיך מיט אַמעריקע. ער שילדערט יעדער שטאָט, זיינע טיפּישע און כאַראַקטעריסטישע אייגנשאַפטן, זיין לאָקאַלן קאָלאָריט, זיין אָרט און ראָלע אין די פאַראייניקטע שטאַטן. און אַזוי איז וואָלט וויטמאַן די ברייטע שטימע, דאָס ריזיקע קול פון אַמעריקע — פון אירע געמישטע פעלקער, פון אירע לאַנדשאַפטס־פּרעסקאָס, פון איר סימפאָניע פון אַרבעט און בויאונג. —

וואָלט וויטמאַן איז דער מיסטיקער. די גאַנצע וועלט איז פול מיט וואונדער. גאָרנישט איז מיאוס. אינם ליד „אַכט און צוואַנציק יונגעלייט באָדן זיך אין ים" זאָגט ער אַז דער מיאוסטער יונג איז דער שענסטער אין די אויגן פון דער יונגער פרוי. אין דעם זין איז ער

אַ ברודער פון אַלע יענע מיסטיקער און רעליגיעזע מענער, פון יענע גרויסע קינסטלער און דענקער, וואָס זעען וואונדער אין יעדן ווינקל פון דער ערד, וואָס אַלץ אין לעבן איז צו אים הייליק און אַלץ איז געבוירן געוואָרן כדי צו לעבן און צו זינגען און יעדער האָט זיין רעכט צו זיין גליקלעכער און פולקאָמענער עקזיסטענץ. עס איז קלאָר וועלכער דעמאָקראַטישער, הומאַניסטישער אידעאַל עס שטראָמט אַרויס פון די אַלע אידייען און געדאַנקען. די וועלט איז אַ קאָמונע, אַ ברידערשאַפט. גאָר דאָס לעבן איז הייליק. די וועלט איז דאָס אייגנטום פון אַלע. גאָט האָט די ערד דערלאַנגט צו די מענטשן. עס איז אַ געדאַנקענגאַנג ביי וואָלט וויטמאַן, וואָס גייט דורך די נביאים פון תנך און פאַרכאַפּט די מוחות פון מענער ווי פּרודאָן, רוסאָ, טאָלסטאָי, טאָראָ און עמערסאָן. די אַלע פּאָעטן, אוטאָפּיסטן, אידעאַליסטן, דענקער און טרוימער טראָגן דורך דורך די דורות די דאָזיקע גרויסע אידייען און זיי דעריזעען זיך אין וואָלט וויטמאַן אין אַן אַלט־ניי געשטאַלט און פּערסאָניפיצירונג. וואָלט וויטמאַן איז דער אמתער פּאָעט פון פרייהייט, פון גלויבן, פון גוטן ציל און גרויסן זין. ער איז דער „מייסטער" פון זיין דור, ווי די טעאָסאָפן גלויבן, אַז ער לעבט אין יעדער צייט, אין אַ נייעם געשטאַלט, פאַרקערפּערנדיק די חכמה וואָס פירט די מענטשן צום גוטן און צום שיינעם.

וואָלט וויטמאַן וואַרפט נישט אָפּ דאָס גוטע פון דער פאַרגאַנגענהייט. פאַרקערט, ער איז דאַנקבאַר גאָר די פאַרגאַנגענע גענעראַציעס, וואָס האָבן געהאָלפן בויען דאָס לעבן און דעם פּראָגרעס אויף דער ערד. ער איז שטענדיק באַוואוסטזיניק מיט די קינסטלערישע אויפטואונגען, די טאָטן פון די העלדן, די מוזיק־שעפער, מאָלער, קינסטלער און באַזונדער די גייסטער פון וואָרט, ווייל דאָס וואָרט האָט שטענדיק דירעקט אַפּעלירט צו די מאַסן, האָט געהאַט אַן אוממיטלבאַרע ווירקונג אויף די מענטשן און האָט געהאָלפן שמידן די פאָרם פון דער דעמאָקראַטישער געזעלשאַפט. וואָלט וויטמאַן נעמט אַרום מיט ליבשאַפט און מיט דאַנקבאַרקייט די פאַרגאַנגענהייט, וועלכער לעבט אין די ווערק, וואָס זי האָט געשאַפן פאַר דער צוקונפט. אין אַזאַ קורצן ליד — „דיכטער, וואָס וועלן ערשט קומען", איינס פון די פילע לידער אויף דעם געביט, איז קלאָר אויסגעדריקט זיין באַציאונג צו די קינסטלער פון דער קעגנוואַרט און פון דער פאַרגאַנגענהייט, מיט אַ בליק אויף פאָראויס. —

„דיכטער, וואָס וועלן ערשט קומען!
רעדנער, זינגער, מוזיקער פון דער צוקונפט!
ניט דער היינט וועט מיך באַרעכטיקן
און ענטפערן, צו וואָס איך בין.
נאָר איר, אַ נייער דור, אייגן אין דעם קאָנטינענט,
אַטלעטיש, גרעסער ווי ווער ס'ניט איז פריער,
שטייט־אויף! שטייט־אויף — ווייל איר מוזט ענטפערן —
איר מוזט מיך באַרעכטיקן.
איך אַליין שרייב נאָר אַ וואָרט צי צוויי,
וואָס דייט אָן די צוקונפט.

איך אַליין האָב זיך נאָר באַוויזן אַ מאָמענט,
און איך קייקל זיך שנעל צוריק
אין דער טונקלקייט אַריין.
איך בין דער מענטש, וואָס שפּאַצירנדיק פאַרביי,
וואַרף אייך צו אַ בליק און קער זיך ווידער אָפּ,
לאָזנדיק פאַר אייך צו איבערצייגן און באַשטימען,
דערוואַרטנדיק די הויפּט־זאַכן פון אייך.״

**אין דעם ליד ווי אין זיין ריזיקן ווערק „בלעטער פון גראָז״, וואָס ער האָט ביים לעבן כסדר פאַרפולקאָמט און אַרויסגעגעבן אויפס־ניי, ביז צו דער צענטער אויסגאַבע, זעט מען ווי וואָלט וויטמאַן, מיט זיין קאָלאָסאַלן אינסטינקט פאַרן לעבן, איז דער דיכטער פון דער צוקונפט, נאָך מער ווי פון דער פאַרגאַנגענהייט. ער פילט דעם אָטעם פון דער צוקונפט. אין פילע לידער דערמאָנט ער די קומענדיקע דורות, מיט וועלכע ער לעבט, שפּאַצירט אונטער דער זון, פרייט זיך און געניסט די אויפטואונגען פון דער מענטשהייט. די וויזיע פון דער צוקונפט, פון אירע דערגרייכטע פאַרבעסערונגען פאַר דער געזעל־שאַפט, פון אירע רעאַליזירטע אידעאַלן, פילט אים אָן מיט פרייד און מיט עקסטאַז. ווי דער טרוימער פון דער צוקונפט, שטייט ער אין איין רייע מיט די נביאים.**

**וואָלט וויטמאַן רעדט ווייניק וועגן גאָט, ווי אַנדערע דיכטער טועןְ עס. ער רעדט מער וועגן דעם לעבן. ער פרעגט קיינמאָל נישט: וואָס און וואו איז גאָט. ער דערקענט גאָט אין יעדן מענטשנס געזיכט, אין יעדער באַוועגונג פון לעבן, אין דער קליינער און גרויסער נאַטור. אין דער ערד, אין די וועלדער, אין די בערג און אין די טייכן. און אויב דערין מאַניפעסטירט זיך גאָט — וואָס דאַרף ער זוכן גאָט ערגעץ אַנ־דערש? און איבעריקנס, דאָס לעבן איז אַזוי גרויס ווי גאָט. גאָט אַליין איז ניט חשובער ווי יעדער איינער פאַר זיך. אין היינזיכט פון זען און פון דערפילן אומעטום גאָט, אין יעדער טייל פון לעבן — איז וואָלט וויטמאַן אַ פּאַנטעאיסט, אין דער טראַדיציע פון די גרויסע פּאַנ־טעאיסטישע דענקער פון אַלע צייטן. נאָר בשעת יענע זיינען פרעמד צום לעבן און זעען גאָט אין דער נאַטור, — איז וויטמאַן פרעמד צו גאָט און ער זעט פריִער דאָס לעבן אין גאָט. —**

„איך האָב געזאָגט,
אַז די נשמה איז ניט וויכטיקער פונם קערפּער,
און איך האָב געזאָגט,
אַז דער קערפּער איז ניט וויכטיקער ווי די נשמה;
און קיין זאַך, ניט גאָט אַליין, איז גרעסער פאַר עמעצן,
ווי זיין אייגענער איך איז.״

(„איך האָב געזאָגט״, 1855).

וואָלט וויטמאַן איז דער דיכטער פון דער אינדיווידואַליטעט און פון די מאַסן. פון זיין געבורטספּלאַץ, צו וועלכן ער קערט זיך ווידער אום, צו דער היים ביים טייך פּאָמאַנאָק, און פון די שטאָטן. פון אַמע־ריקע און פון אַלע לענדער און קאָנטינענטן. פון די וואָלקנס און פון

דער טטראַטאָספערע. פון דעם ליד און פון דער וועלט־פּאָעזיע. וויל וואָלט וויטמאַן סומירט די וועלט־פּאָעזיע. גיט איר רעזולטאַט און חשבון־הנפש אונטער די צוויי טאָוולען פון „בלעטער פון גראָז". ער רעדט מיט דער שפּראַך פון די פּראָסטע, מיט דעם לשון פון די דורות וואָס האָבן געלעבט אויפן קאָנטינענט. און מיט אָט דער קערנדיקער, ווי רוי־ערד געשניטענער, קרעפטיקער שפּראַך רעדט ער וועגן לעבן און קונסט און געאָגראַפיע און אַסטראָנאָמיע און דעמאָקראַטיע. ער גיסט אַריין ניי בלוט אין די אָדערן און אַרטעריעס פון דער ליטעראַטור, ברענגענדיק די שפּראַך פון די מאַסן צום גרויסן לשון פון פּאָעזיע. צו ריטם און אָרגאַניזאַציע, צו אַן אינסטרומענט פאַר גרויסע אידייען און זוניקע וויזיעס. זיין שפּראַך איז גוט געהאַמערט און אָרגאַניזירט. זי איז מכלומרשט לויז. אָבער עס איז די לויזקייט פון אַ וואַלד. אָדער פון אַ ים. די שפּיצן פון די בוימער באַוועגן זיך צום ריטם פון ווינט. אָדער די כוואַליעס באַוועגן זיך מעכטיק צום ריטם פון שטורעם. זיין שפּראַך איז דווקא נישט לויז, נאָר געשלאָסן. זי איז די שפּראַך פון אָרדענונג און ריטם. דורך איר רעדט די וועלט. די גאַנצע וועלט. —

„לופט, ערד, וואַסער, פייער — דאָס זיינען ווערטער;
איך אַליין בין אַ וואָרט מיט זיי צוזאַמען.
מיינע אייגנשאַפטן גיסן זיך צונויף מיט זייערע —
מיין נאָמען מיינט גאָרנישט פאַר זיי;
ווען מען זאָל אים אַפילו אָנרופן אין דריי טויזנט שפּראַכן,
וואָס וועט לופט, ערד, וואַסער, פייער, וויסן פון מיין נאָמען?"

וואָלט וויטמאַן ברענגט אַריין די מאַסן אין דער ליטעראַטור. אין דעם זין ברעכט ער טראַדיציעס פון דאָס סוביעקטיווע, פון דעם בייראָניסטישן אַריסטאָקראַטיזם אין דער ליטעראַטור, פון דעם אינדיווידואַליזם און פון די העלפאַנט ביינערנע טורעמס פון די איינזאַמע און לי־ריש־טרויערנדע פּאָעטן. זיינע געפילן זיינען די געפילן פון טויזנטער, זיינע געדאַנקען — די געדאַנקען פון די פאַראייניקטע שטאַטן. ער איז אין דעם זין דער פאָרגייער פון יענע קינסטלער און שריפטשטעלער פון אונזער צייט. וואָס נעמען אַריין דעם קאָלעקטיוו אין זייערע ווערק, דעם נייעם העלד פון דער ליטעראַטור פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט. דעם העלד — די מאַסע, וואָס בויט אינדוסטריעס, מאַכט שטרייקן און רעוואָלוציעס, קעמפט קעגן פאַשיזם, באַזיצט דעם אייזערנעם געדולד און די מעכטיקע אויסדויער־קראַפט. און דער קאָלעקטיוויזם שרייט אַרויס פון יעדער וויטמאַנישן ליד און לאָזט ניט איבער קיין שום צווייפל:

„דורך מיר — פיל לאַנגע, שטומע שטימעס;
שטימעס פון אומענדלעכע דורות פון קנעכט;
שטימעס פון גאַסנפרויען און פאַרזעעניש;
שטימעס פון קראַנקע און פאַרצווייפלטע;
און פון גנבים און קאַרליקעס;
שטימעס פון פאַרברייטונג און תקופות פון וואַקסן
און פון די פעדים, וואָס באַהעפטן די שטערן —
און פון מוטערטראַכט און פון זכרשאַפט,

און פאַר דעם רעכט פון יענע, וועלכע אַנדערע דערדריקן;
פון די נישטיקע, פלאַכע נאַרישע, פאַראַכטעטע.
דורך מיר — פאַרבאָטענע שטימעס;
שטימעס פון געשלעכט און תאווה;
שטימעס פאַרשלייערטע, פון מיר אַנטשלייערט;
שטימעס אומאַנשטענדיקע, פון מיר געלייטערטע און געענדערטע.
הייליק בין איך אינערלעך און אויסערלעך,
און הייליק ווערט אַלץ פון מיין באַריר,
און אַלץ וואָס באַרירט מיך ווערט הייליק."

**טראָץ זיין באַזינגען און אויסדריקן און אַריינברענגען דעם קאָ־לעקטיוו, זעט זיך אין אים אַרויס דער גרויסער מענטש וואָלט וויטמאַן. נישט קלענער ווי אַ משה, אַ בודאַ, אַ מאַרקס, אַ לענין, אַ קראַפּאָטקין, אַ טאָלסטאָי. ער געהערט אין דער רייע פון גרויסע מענטשן וואָס האָבן געפונען פאַר זייער הויפּט־מיסיע צו טרייסטן די מענטשן, צו היילן זייערע וואונדן, זיי אַריינשרייען אין די אויערן גרויסע אידעאַלן.**

**דעם געוויינלעכן ליטעראַט האָט וואָלט וויטמאַן פיינט. ער האָט נישט געהאַלטן אַז קונסט איז עפּעס אַזוינס וואָס דאַרף געשטעלט ווערן איבערן לעבן, העכער ווי דאָס לעבן. זיין אייגענע קונסט איז מיט אַלע נערוון־פּעדים און בלוט־אַרטעריעס געווען פאַרבונדן מיטן לעבן. און ער האָט דורך זיין פּאָעזיע געעפנט אַ קאַמף קעגן שלעכטס. דורך זיין פּאָעזיע ווערט ער אַ נביא, וואָס וואָלט עמעצן געהאַלטן פאַר משוגע ווען מען באַטראַכט זיין פייער־געצונדענעם וואָרט ווי אַ זאַך צוליב זיך זעלבסט, צוליב זיין שיינקייט אָדער מוזיק. קונסט, לויט וויטמאַן, דאַרף דינען די באַדערפעניש פון לעבן. דאַרף זיין דינאַ־מיש, אַקטיוו און כסדר אומוואַרפן די פאַרעלטערטע טראַדיציעס פון לעבן. ליד — דאַרף מאַכן רעוואָלוציע.**

וואָלט וויטמאַן איז מער דער דיכטער פון טאַט ווי פון געדאַנק. דערפון נעמט זיך וואָס לייענענדיק זיינע לענגערע פּאָעמעס, האָט מען דעם איינדרוק אַז ער רעדט צופיל. אַז ער רעכנט אויס צופיל זאַכן ביי די נעמען. אַז ער שרייבט לאַנגע רשימות. אָבער דאָס איז וואָלט וויטמאַנס אייגנשאַפט. ער איז אַ מאַן פון קרעפטיקן נאַטוראַליזם. פון ממשותדיקייט. שיינע געדאַנקען און מעטאַפאָרן קענען אַנדערע זאָגן. ניט דאָס אָבער איז זיין ראָלע. זיין ראָלע איז צו ווייזן דאָס וואָס ווערט אויף אַן אמת געטאָן. דאָס וואָס עס איז פאַראַן. און אין פּשוטע, אָבער הויך־פּאַטעטישע, מיט ליבשאַפט און מיט דינאַמיק באַלאָדענע ווערטער זינגט ער דאָס געזאַנג פון די זאַכן זעלבסט. דורך אָט דער זאַכלעכקייט, דורך דעם זין פאַרן פּראָזאַאישן, דורך דעם אַריינ־דרינגען אין די פּשוטסטע זאַכן און דערשיינונגען — האָבן פילע אונ־טערגעשעצט וואָלט וויטמאַנען אַלס פּאָעט. דער אמת אָבער איז אַז ער איז פּשוט ווי די ביבל און ער רעכנט אויס זאַכן פּונקט ווי דאָס טוען די אוראַלטע מחברים פון תנ"ך, אויסרעכענענדיק נעמען פון מענטשן, פאַמיליעס, שטעט און לענדער. פונדעסטוועגן האַלט מען די נביאים פאַר גרויסע דיכטער און דעם תנ"ך פאַרן גרעסטע ליטעראַרישן מייסטער־ווערק.

אינטערעסאַנט צו באַרירן וואָלט וויטמאַנס באַציאונג צום טויט, וואָס מיר האָבן שוין פריער באַרירט. אַזוי ווי ער איז דער פּאָעט פון לעבן, אַזוי ווערט ער אויך דער פּאָעט פון טויט, ווי פּאַראַדאָקסאַל דאָס זאָל נישט קלינגען. דער טויט איז נישט פּאַר אים אַ זאַך וואָס מען דאַרף באַקלאָגן. דער טויט איז אַ פּאָרטזעצונג פון לעבן. אַלץ איז פולקאָם און אייביק. דער בוים ווי דער מענטש — ביידע האָבן אַן אייביקע נשמה.

„...וואָס דענקט איר איז געוואָרן פון די יונגע און אַלטע לייט? און וואָס, דענקט איר, איז געוואָרן פון די פרויען און קינדער? זיי זיינען געזונט און לעבן ערגעץ וואו. די מינדסטע שפּראָצונג ציינט אַז עס איז באמת נישטאָ קיין טויט. און אויב ער איז געווען — האָט ער געפירט דאָס לעבן פאָרויס. און ער וואַרט ניט צום סוף דאָס אָפּצושטעלן. און ער האָט אויפגעהערט צו זיין אין דער רגע ווען דאָס לעבן האָט זיך באַוויזן.“ וואָלט וויטמאַן זינגט אינם ליד „געזאַנג וועגן טויט“ —

„דערנען זיך, שטאַרקע דערלייזערין!
אַז ס׳איז שוין יאָ אַזוי, אַז דו האָסט זיי צוגענומען,
זינג איך אַ פרייד־געזאַנג די טויטע;
פאַרלוירן אין דעם ליבן, שטראָמיקן ים דיינעם,
געוואַשן אין שטראָם פון דיין גליקזעליקייט, אָ טויט!
פון מיר צו דיר — דערפרייענדיקע סערענאַדעס.
טענץ שלאָג איך פאָר, צו סאַלוטירן דיך —
פאַרערונג און יובל פון דיינעטוועגן;
די פּאַנאָראַמעס פון אָפענעם לאַנדשאַפט,
און דער הויך־געשפּרייטער הימל
זיינען צוגעפּאַסט
און דאָס לעבן און די פעלדער
און די אומגעהויערע טיף־פאַרקלערטע נאַכט.
די נאַכט איז שוייגן אונטער אַזוי פיל שטערן;
דער ים־ברעג און די ריזיקע כוואַליע,
וועמענס געמורמל ס׳איז מיר באַקאַנט;
און די נשמה צו דיר געווענדט,
אָ, אומענדלעכער, גוט־פאַרשלייערטער טויט,
און דאָס לייב מיט דאַנקבאַרקייט זיך טוליענדיק צו דיר.
איבער די בוימער־שפּיצן וויברירט מיין ליד צו דיר!
איבער די כוואַליעס, אויף־און־אָפּ —
איבער די מיריאַדן פעלדער און ברייטע פּרעריעס;
איבער אַלע געדיכט־געפּאַקטע שטעט
און שפּעדיקע האַפנס און וועגן,
לאָז איך שטראָמען דאָס געזאַנג מיט פרייד, מיט פרייד צו דיר,
אָ, טויט!“

וואָלט וויטמאַן דריקט זיך אויס אין אַ פּראָזע אַז אַ דיכטער איז דער יעניקער וואָס ווייסט ווי אַזוי זיך אַליין צו פאַרפלייצן מיט דער איצטיקער צייט, ווי מיט אומגעהויערע ים־שטראָמען, און זיך

מאַכן נוצלעך פאַר זיין אייגן לאַנד. אין דער צוקונפט וועלן עקזיסטירן מענטשן וואָס וועלן נישט דאַרפן דעם דיקטערס עצות. זיי וועלן לעבן אַ פריי און אַ קאָסמיש לעבן. יעדער מענטש וועט זיין זיין אייגענער דיכטער.

אָט דעם אידעאַל פון צוקונפט־מענטש וואָס לעבט פּראַקטיש, האָט אַ זין פאַרן היינט, פאַרן ערדישן און איז פול מיטן באַוואוסטזיין פונם קאָסמאָס און מיטן גלויבן אַז אַלץ אין דער וועלט האָט אַ זין און אַ באַרעכטיקונג און אַ קעגנזייטיקן שייכות — אָט דעם אידעאַליסטישן מענטש פון דער צוקונפט האָט וואָלט וויטמאַן אַליין פאַרקערפּערט. ער איז געווען דער פּאָעט פון קאָסמישן באַוואוסטזיין. ער איז געווען די ריינע, עטישע פּערזענלעכקייט. (הגם אַרום אים איז געווען נישט ווייניק שלעכטס און פאַלשקייט. ווען מען לייענט וואָלט וויטמאַנס פּראָזע־אַרטיקלען, פּובליציסטישע אַרבעטן און אַקטועלע שריפטן, זעט מען לייכט איין אַז וויטמאַן איז נישט געווען אַזאַ נאַאיווער פּאָעט ווי מען קען מיינען אַז ער איז געווען אין זיין פּאָעזיע. וואָלט וויטמאַן האָט בלויז אין זיין פּאָעטישן שאַפן אַרויסגעהויבן דאָס גוטע, דאָס שיינע און דאָס אידעאַלע).

אין זין פון עטישקייט ; גאַנצע, פולע מענטשלעכקייט ; ערדישקייט און קאָסמישן באַוואוסטזיין — שטעלט ווירקלעך וואָלט וויטמאַן מיט זיך פאַר אַ גרויסן דיכטער. אַזאַ וואָס האָט געוואַגט און האָט דער וועלט געקוקט גלייך אין פּנים אַריין. וואָלט וויטמאַן פאַרבלייבט דער גרעסטער פּאָעט פונם אַמעריקאַנישן קאָנטינענט. און, ער איז עס איצט באַזונדערס, ווען אַמעריקע פאַרמעסט זיך אין דעם סאַמע גראַנדיעזסטן שטרייט פון דער געשיכטע — אַ שטרייט קעגן פאַשיזם און רעאַקציע. איצט, ווי קיינמאָל פריער, איז וויטמאַנס דערמוטיקנדיק ליד, זיין טראָמפּעטן־שאַל און פויקנדונער, אַקטועל און פון געוואַלטיקער באַדייטונג פאַרן קאַמף פון די פאָלקס־און־אַרבעטער־מאַסן אין אַמעריקע. וויטמאַן, ווי ער האָט פאָרויסגעזען אין זיינע צאָלרייכע פּאָעמען, מאַרשירט צוזאַמען מיט די אַמעריקאַנער קעמפער אין קאַמף פאַר גערעכטיקייט.

פאַר וואָלט וויטמאַן איז דעמאָקראַטיע נישט געווען קיין פּוסט וואָרט. ער האָט געגלויבט אין איר צוקונפט. אין דער הערשאַפט פונם פאָלק. ער האָט פאַראַכט די עקספּלואַטאַטאָרס. ער האָט אַמעריקעס צוקונפט געוואָלט בינדן מיט די פעדים פון הומאַניזם און חבר־שאַפט. ווי דען אַנדערש קען מען שליסן אַן עסיי וועגן וואָלט וויטמאַן, ווי מיט פערזן וואָס זיינען אויסדריקלעך און לאָזן נישט איבער קיין שום צוויי־דייטיקע מיינונגען וועגן דעם אמת, דעם ציל און דעם שטרעבן פונם גרויסן פּאָעט — ווי ער דריקט זיך אַזוי קלאָר און נביאיש אויס אין פאָלגנדיקן בוקעט מיט שורות, אַרויסגעריסן פון דעם ריזיקן גאָרטן פון זיין פּאָעזיע —

„קום, איך וועל מאַכן דעם קאָנטינענט אומצעטיילבאַר.
איך וועל שאַפן די וואונדערלעכסטע ראַסע,
איבער וועלכע די זון האָט ווען עס איז געשיינט.
איך וועל שאַפן הערלעכע מאַגנעטישע לענדער,

מיט דער ליבע פון חברשאַפט,
מיט דער לעבנס־לאַנגער ליבע פון חברשאַפט.
איך וועל פלאַנצן אַזאַ נאָענטע חברשאַפט,
ווי די ביימער ביי די ברעגן פון אַלע אַמעריקאַנער טייכן;
ביי די ברעגן פון אַלע גרויסע אָזערעס און איבער אַלע פּרעריעס.
איך וועל מאַכן אומצעטיילבאַרע שטעט,
מיט די אָרעמס פאַרוואָרפן איינע דער צווייטער אויף די אַקסלען;
מיט דער ליבע פון חברשאַפט,
מיט דער שטאַרקער ליבע פון חברשאַפט.
פון מיר, צו דיר, אָ דעמאָקראַטיע,
צו דינען דיר, מיין ליבסטע!
פאַר דיר, פאַר דיר, זינג איך דאָס געזאַנג,
אין דער ליבע פון חברשאַפט,
אין דער הויך־טורעמדיקער ליבע פון חברשאַפט".

---

**די איבערדיכטונגען אין אידיש פון וואָלט וויטמאַנס לידער — גענומען פון ל. מילערס וויטמאַן־איבערזעצונגען.**



# ראַבינדראַנאַט טאַגאָרע

(1861 — 1941)

איך בין געזעסן אין גרויסן בראָנקס־פּאַרק און פונדערווייטנס האָבן געלויכטן די בייטן מיט רויזן. די בוימער זיינען שוין געווען ברוין און רייך־געמאָלטע בלעטער האָבן זיך געוואַלגערט אויף דער ערד. אין דעם ליכט פון דער זון, ווי שיין זיינען געווען די ברוינע בוימער. ווי ריזיקע בוקעטן מיט בלומען. און אַ גרויסע מעלאָדיע איז דורכגעגאַנגען דעם גאַנצן, טיפן פּאַרק. פּלוצלונג האָב איך געזען אין דער צייטונג, וואָס דער ווינט האָט געריסן, דאָס בילד פון דעם אינדישן פּאָעט, ראַבינדראַנאַט טאַגאָרע. איך האָב געאַנט זיין טויט... מיר דאַכט אַז עס איז געווען דאָס סאַמע מענטשלעכסטע פּנים וואָס איך האָב אין מיין לעבן געזען. אויגן פול מיט ליבשאַפט און פרייקייט פון דער נשמה. אויגן גוטע, וועלכע האָבן נישט קיין מורא צו קוקן דער וועלט אין די אויגן. אַ בלייך, מאַרמאָר־קלאָר פּנים, ווי פון יענע אַלט־אינדישע, ווייזע לייט, פון וועמענס טיפן קוואַל טאַגאָרע האָט אַזוי פיל געגנאַשט אין זיין לירישער פּאָעזיע און אין זיין מיסטיש־פילאָסאָפישער פּראָזע. אָן דער עקזיסטענץ פון דער דאָזיקער אַלטער חכמה און קולטור וואָלט נישט מעגלעך געווען פאַר דער וועלט צו באַזיצן אַזאַ פּאָעט ווי ראַבינדראַנאַט טאַגאָרע.

זיינע האָר ווייסע ווי שניי און אין געדיכטע, בונטע לאָקן אַרונטערגעלאָזן, זיך פּאַראייניקנדיק מיט זיין נביאישער, זיין לויטערער באָרד. אַזוי האָט ער אויסגעזען, דער אַלטער דיכטער און חכם, אין זיין הויכער, שלאַנקער געשטאַלט, און מיט זיין איידעלער, דינער שטימע, וואָס איז געהערט געוואָרן אין גאָר דער אינטעלעקטועלער און געווינסנזוכנדיקער וועלט.

די בוימער ברענען אין ליכט — בראָנזענע שטורקאַצן. איך בויג מיין קאָפּ צו דער ערד און איך אָטעם איין איר פּאַרפיום, איר בית עולם־דופט... די ערד מאַכט מיך שטענדיק טרויעריק. איך דערמאָן זיך אין קברים... אין קברים פון אַזוי פיל טייערע מענטשן... און די ערד האָט אויך איבער מיר אַ מעכטיקע ווירקונג. מיך ציט צו איר... איך האָב מורא פאַר איר, און איך האָב זי ליב... דעם שיכור ציט צום פלעשל. אונז אַלעמען ציט צו דער ערד— אונזער לעצטער פינצטערער שלאָס...

איז אַלזאָ אויך ראַבינדראַנאַט טאַגאָרע טויט. עס האָט זיך געדאַכט אַז ער וועט לעבן אייביק. אַז ער איז אויך פיזיש אומשטערבלעך. מען איז שוין אין דער וועלט געווען צוגעוואוינט צו הערן פון צייט צו צייט טאַגאָרעס שטימע. פּונקט ווי אַמאָל טאָלסטאָיס שטימע. זיין מעלאָדיעזער נאָמען האָט אָפּט באַצירט די צייטונגען פון דער וועלט. אינמיטן פון בלוטיקע נייעסן וועגן חורבן און טויט — פּלוצלונג ברעכט זיך אַריין אַ שטילער, אָבער טיפער, אייביקער קול פון אַן אַלטן, אינדישן נביא... ער איז געווען אַ געשטאַלט וואָס מיר האָבן פון קינדווייז אָן געטראָגן אין אונזער נשמה. אַ קינסטלעריש־געשאַפענע געשטאַלט אָט אַזוי ווי ער אַליין האָט געשריבן אין אַן אויטאָביאָגראַפיש בוך

איבער זיין פאַרגאַנגענהייט. אַ קינסטלער־רעזשיסאָר אין אונזער זכרון שאַפט און שמידט אויס אונזערע דערינערונגען. ער ברענגט זיי אין אָרדענונג, גיט זיי פאָרם און קאָליר, דיסציפּלין און שטימונג . . . דער געהיימנישפולער קינסטלער אין אונז פאַרוואַנדלט אונזער פאַרגאַנגען לעבן אין פאַרטיקער ליטעראַטור.

אַזאַ פאַרטיק, אויסגעהאַמערט־קינסטלעריש געשטאַלט פון אַ פּאָעט און נביא איז אין זכרון פון דער מענטשהייט געווען ראַבינדראַנאַט טאַגאָרע.

אַ טרויעריקע צייט אַזאַ... די גרעטער גייען איינציקווייז שטאַרבן. וועמען האָבן מיר דען נאָך פון די אַלטע ריזן? טאָלסטאָי איז געשטאָרבן נאָך אין 1910. מאַקסים גאָרקי איז אויף אַ מיסטעריעזן אופן געשטאָרבן אין מאָסקווע... ראָמען ראָלאַן איז אַן איינזאַמער געשטאָרבן אין אַ שווייצאַרישן שטעטל, בשעת די נאַציס האָבן מיט קאַנאָנען און טייוולישע רעדעס גערדונערט איבער אייראָפּע. דער פּאַציפיסט און עטיקער מאַהאַטמאַ גאַנדי, דער אומשטערבלעכער קעגנער פון געוואַלטאַקטן, איז דווקא אומגעקומען פון אַ קויל פון אַ פאַנאַטיקער. מעטערלינק, צוריקפאָרנדיק קיין אייראָפּע, איז דאָרט געשטאָרבן פון אַ האַרץ־אַטאַקע. פּאָל וואַלערי, דער הערלעכער פראַנצויזישער מאַן פון וואָרט, איז געשטאָרבן פון טיפער עלטער. בערנאַרד שאָו, וואָס ס׳האָט זיך געדאַכט אַז דער מלאך המות האָט נישט געוואַגט אָנצורירן דעם דאָזיקן מעכטיקן לץ, איז אויך שוין מער נישטאָ. דער אינטעלעקטועלער קינסטלער־מוח פון פראַנקרייך, אַנדרעי זשיד, האָט אויפגעהערט צו טראַכטן...

די גרויסע דיכטער און דענקער גייען שטאַרבן און אַ גרויס געוויין גייט דורך די וועלט. ראַבינדראַנאַט טאַגאָרע, אין קעגנזאַץ צו מאַהאַטמאַ גאַנדי, האָט געהאַלטן אַז אינדיע באַדאַרף לערנען דאָס גוטע און דאָס שיינע פון דער אייראָפּעאישער ציוויליזאַציע. נו, וואָס האָט דער גרויסער, לירישער פּאָעט פון בענגאַליען געקענט דענקען וועגן אַן אייראָפּע וואָס בויט טויט־פאַבריקן און שיקט אירע איינוואוינער מיליאָנענווייז צום טויט? טאָלסטאָי, זיין צייט־חבר, האָט אויך געדענקט אַז דער מענטש איז גוט און אַז ער וועט ווערן בעסער...

טאָלסטאָי האָט נישט דערלעבט צו זען די גרויזאַמקייטן פון אונזער צייט. וואויל איז אים געווען. טאַגאָרע האָט יאָ דערלעבט. ווי טרויעריק האָט געמוזט זיין דער צאַרטער פּאָעט, די גרויסע לירישע פלייט פון דעם אַלטן און מאָדערנעם אינדיע. ווי קלינגט מיר זיס אין די אויערן די מעלאָדיע פון זיינע לידער, אַ שעפּטשעריי פון צאַרטע בלומען. די ריינסטע, דורכזיכטיקסטע פּאָעזיע וואָס מען קען זיך נאָר פאָרשטעלן. פּערזן פּשוטע ווי קינדערישע רייד און, פול מיט אַן אַראָמאַט, ווי פון זון־אונטערגאַנג, פון טרוימערישן פאַרנאַכט... פול מיט מיסטעריע... די מיסטעריע פון ליבע און פריינטשאַפט... מאַן און פרוי — צוויי קעניגלעכע קינדער פאַרלוירן אין דער וועלטס רעאַליטעט. צוויי איינזאַמע געפאַנגענע פּרינצן, וועלכע פאַלן זיך אין די אָרעמס, ווען זיי דערקענען זיך קעגנזייטיק. אַ גאָרטן פון בלומען, און בוימער

און לבנה, דאָס איז טאַגאָרעס פּאָעזיע... סאַמעט־ווייך, טיף ווי די נאַכט און מיסטעריעז ווי דאָס לעבן... ער האָט אין זיך געהאַט דעם עלעמענט פון גרויסער, קאָסמישער דיכטונג. ווי אַ וואָלט וויטמאַן האָט ער גע־זונגען וועגן די שיינקייטן און גרויסקייטן פון דער וועלט. זיי אַלע פּאַראייניקט דער גרויסער תהלים, דאָס געזאַנג צו גאָט. טאַגאָרע איז געווען פיל לירישער, איידעלער, אינטימער. עס איז די טיפע אינטי־מיטעט, וואָס האָט געגעבן זיין דיכטונג איר ספּעציפישע מוזיק און אייגנאַרט. איר אינטימיטעט מיט פרוי, מיט נאַטור, מיט קינד, מיט גאָט... עס איז אין זיין ליד נישט פאַראַן קיין דיסטאַנץ, קיין ווייטקייט. אַלץ איז נאָענט און פאַראייניקט מיט דער ריינער, מענטשלעכער נשמה... ליבשאַפט צו אַלץ וואָס לעבט, דאָס איז געווען דער מהות פון זיין ווערק. און אין די גערטנער פלעגט ער אַרומגיין און זינגען וועגן די ראָזעווע קינדער, ווי מלאכים שלאָפנדיקע. און די שיינע פרויען און אַלץ וואָס איז לעבעדיק און מענטשלעך און רירנדיק דורך זיין סאַמע פּאַטעטישער עקזיסטענץ. ווי אַ וויטמאַן איז ער געווען אין זיין קאָסמיש־לירישער פּאָעזיע און ווי אַ טאָלסטאָי, אין זיינע מיס־טישע ראָמאַנען.

ראַבינדראַנאַט טאַגאָרע האָט אין דער אייראָפּעאישער פּאָעזיע אַריינגעבראַכט דעם טאָן פון סודותדיקער, אומענדלעכער ליבע. די פרוי, דער הויפּט־כאַראַקטער פון זיין דיכטונג, דערשיינט אי נאָענט לעבן אים, אי ווייט, פאַנטאַסטיש, פאַרקערפּערנדיק מיט זיך די אַלוועלט. די פרוי איז מיסטיש און געהיימנישפול, אַבסטראַקט און דאָך אַזוי אינטים און פשוט. ס׳איז אַזוי ווי אַן אידעאַלע, אַ פּלאַטאָנישע ליבע צווישן מאַן און פרוי. עס איז מער פריינטשאַפט, אידעאַלע ליבע, ווי געשלעכטלעכע ליבע צווישן מאַן און פרוי, דעם פּרינץ און די פּרינ־צעסין, פּאָר לוירן אינם נעפּל־לאַנד... עס איז נישט איין פרוי, דעם דיכטערס געליבטע, נאָר די פרוי פון דער וועלט...

אין די אַלטע, אינדישע ספרים, אין ראַמאַיאַנאַ, באַגאַוואַטאַ, מאַ־האַבהאַראַטאַ, ווערט דערמאָנט די אינדישע ווענוס, אָדער אַפּראָדיטע, אורוואַזי, וואָס דערשיינט אין דער אורצייט פון דער וועלט. זי איז דער מאָרגנרויט פון קאָסמאָס, אַ וואונדערשיינע פרוי, ווי אַפּראָדיטע, וואָס דערשיינט אין זילבערנעם שוים פון ים. זי לויכט אויף אין אַ שטורעמדיקן ים, אַ לויטערע און אַ ליכטיקע, און זי טאַנצט איבער דער וועלט.

זי איז די געליבטע פון אוניווערס. איר שיינקייט און איר ליכט פאַרגיסט אַלע רוימען.

ווען טאַגאָרע איז נאָך געווען גאַנץ יונג, שרייבט ער אָן אַ הער־לעכע פּאָעמע איבער אורוואַזי. די גרויסע געטין קושט דאָס האַרץ פון דעם קליינעם אינגל ראַבינדראַנאַט... אורוואַזי האָט זיך אויף ז׳ער וועלט באַוויזן אויף אַ קורצער ווײַלע און זי איז צוריק פאַרשוואונדן. נאָר די וועלט איז פול מיט דעם אימאַזש פון איר שיינקייט און קען זי נישט פאַרגעסן. אַלץ בענקט צו אורוואַזי, און אין פרילינג קלינגט אָפּ איר צעשיידונגס־זיפץ ווי אַן אונטערטאָן פון מעלאַנכאָליע. הגם אַלץ בליט

און פלאַמט, איז אַלץ דורכגעדורנגעז מיט אַ שטימונגספולער בענק־שאַפט נאָך אורוואַזי, דעם מאָרגנרויט פון דער וועלט...

אורוואַזי איז די פרוי צו וועמען טאַגאָרע זינגט זיין גאַנץ לעבן. אורוואַזי דרינגט אַלץ דורך מיט ליכט, שמייכל און טרויער. וואָרעם זי איז געקומען אָן אַ קינדהייט, אָן יוגנט און אָן רייפקייט, צו דער וועלט... און זי איז אַוועק אַזאַ ליכטיקע און אַזאַ יונגע... און די לירישע בענקשאַפט קלינגט אָפּ אין טאַגאָרעס דיכטונג מיט אַ טראַגישן עכאָ... דער דיכטער איז זיין גאַנץ לעבן איר טרוימערישער געליב־טער... אורוואַזי איז די פרוי פון דער וועלט, די נאַטור, די געליבטע פון אַלע...

טאַגאָרע איז דער גרויסער דיכטער פון האַרמאָניע, פון איינהייט־לעכקייט און קאָסמישן ריטם. און זיין „סאַדהאַנאַ", אַ בוך פון טיפער שיינקייט און חכמה, זוכט ער צו באַווייזן די האַרמאָנישקייט פון קאָס־מאָס, טראָץ זיין שיינבאַרער דואַליטעט, כאַאָס און קאָנפליקט. עס איז פאַראַן אַ ליניע פון האַרמאָניע צווישן אונזערעביידע אויגן, וואָס מאַכט זיי האַנדלען אין גלייכקייט, אין אוניסאָן. עס איז פאַראַן אומצעברעכ־לעכע קאָנטינואיטעט פון באַציאונגען אין דער פיזישער וועלט, צווישן היץ און קעלט, ליכט און פינצטערניש, באַוועגונג און רו. דאָס איז דערפאַר וואָס די דאָזיקע קעגנזאַצן ברענגען נישט קיין כאַאָס אין דעם אוניווערס, נאָר האַרמאָניע. ווען קרעאַציע וואָלט געווען בלויז אַ כאַאָס, וואָלט מען זיך געקענט פאָרשטעלן ווי די דאָזיקע צוויי אַנט־קעגנגעזעצטע כוחות וואָלטן זיך געזוכט צו באַהערשן איינע די אַנ־דערע. אָבער דער אוניווערס איז נישט אין קיין מלחמה־צושטאַנד. מיר זעען נישט קיין איינציקע קראַפט וואָס קען משוגע ווערן און לויפן אַמאָק. אָדער עס קען אָנגיין אומענדלעך אויף זיין ווילדן וועג, אַזוי ווי אַ משוגע־געוואָרענער עלעמענט, צעברעכנדיק יעדער מין האַרמאָניע. יעדער כוח, גאַנץ פאַרקערט, מוז צוריקקומען צו זיין עקוואַליבריום. עס שטייגן אויס די כוואַליעס, יעדער צו איר אינ־דיווידועלער הויך אין אַ שיינבאַרן קאַמף איבערצושטייגן די אַנדערע כוואַליעס, אָבער בלויז ביז צו אַ געוויסער הויך. און אָט אַנטפּלעקט זיך גאָר פאַר אונז די מאַיעסטעטישע רואיקייט פון אָצעאַן, צו וועלכן אַלע כוואַליעס זיינען פאַרבונדן און צו וועמען זיי מוזן זיך אַלע צוריקקערן אין אַ ריטם וואָס איז וואונדערלעך.

די דאָזיקע אַלע וויבראַציעס און בויגונגען, דאָס דאָזיקע שטייגן און פאַלן, זיינען נישט קיין רעזולטאַט פון וואַנזיניקער מלחמה פון איינצלנע לויז־געוואָרענע קערפּערס, נאָר זיי בילדן אַ ריטמישן טאַנץ. ריטם ווערט קיינמאָל נישט געבוירן פון מלחמה. איר הויפּט־פּרינציפּ דאַרף זיין איינהייטלעכקייט, האַרמאָניע.

דאָס איז די הויפּט־דערשיינונג אין נאַטור: דער פּרינציפּ פון איינהייטלעכקייט איז די מיסטעריע פון אַלע מיסטעריעס. אַלע קעגנ־זאַצן, קאָנפליקטן, דואַליזמען, געראַנגלען, זיי אַלע געפינען זייער לייזונג אין דער דערקענטעניש פון דער איינהייטלעכקייט. מיר דער־זעען די באַציאונג פון די עלעמענטן און זייער קעגנזייטיקע שייכות, זייער איינהייטלעכע עסענץ, און מיר פילן אַז מיר האָבן דערגרייכט צום אמת.

פאַר דעם דענקער ראַבינדראַנאַט טאַגאָרע האָט די וועלט, די וועלט וואָס איז פול מיט שיינבאַרע קעגנזאַצן, מיט כאַאָס, מיט אַרבעט, מיט שטורעם, מיט קאָנפליקטן, אַ געוויסן צוועק, אַ זין, אַן אויפגאַבע. צו דערפרייען דעם מענטשן מיט איר גרויסקייט און בונטקייט. צו ברענגען רו צו זיין נשמה. ער זאָל באַגרייפן די גרויסקייט, די געוואַלטיקייט פון גאָט. צו טרייסטן אים אין זיין שטילקייט און איינזאַמקייט. צו ברענגען שיינקייט צו דעם וואָס פאַרשטייט שיינקייט. מיר זעען שטענדיק אין נאַטור די גרויסע אַקטיוויטעט, די אומענדלעכע אַרבעט און די פאַרלוסטן פון כוחות. דאָס אַלץ האָט אָבער אַ צוועק: צו ברענגען רו, שיינקייט, געלייטערטקייט אין אוניווערס — צום מענטש, צום פּאָעט, צום חכם, צום רואיקן, ווייזן מעדיטאַטאָר. צום דענקער.

נעמט צום ביישפּיל די בלום אין אַ גאָרטן, וועלכע מיר באַטראַכטן, בשעת די זון קאָנצענטרירט איר גאָלד אויף אירע פּעטאַלן. ווי פיין געשניטן, ווי דין און איידל אַ בלום זעט אויס, איז זי אָבער באַשטימט אויך צו טאָן אַ גרויסע דינסט אין דער נאַטור. און אירע קאָלירן און פאָרמען זיינען אַלע צוגעפּאַסט צו איר פונקציע. זי מוז אַרויסברענגען די זוימען אירע, ווען נישט וועט די קאָנטינואיטעט פון פלאַנצנלעבן איבערגעבראָכן און די ערד וועט ווערן אַ וויסטער מדבר. די קאָלירן און די ריחות פון דער בלום דינען צו אַ געוויסן צוועק. אַזוי שנעל ווי עס ווערט באַפרוכפּערט דורך דער בין, און די צייט פון רייף ווערןפאַנגט זיך אָן, עפנט עס זיינע פּרעכטיקע פּעטאַלן און אַ גרויזאַמע עקאָנאָמיע צווינגט עס אויפצוגעבן די זיסע פּערפיומען. עס האָט נישט מער קיין צייט צו שפּרייטן זיינע פיינקייטן, ווייל עס איז אומענדלעך פאַרנומען. געזען פון אינעווייניק, שיינט עס אַז נויטווענדיקייט איז דער איינציקער פאַקטאָר אין נאַטור פאַר וועלכן אַלץ אַרבעט און איז טעטיק. אָט אַנטוויקלט זיך דער קנאָספּ אין אַ בלום, די בלום אין די זוימען, די זוימען ווידער אין אַ נייער בלום, און אַזוי כסדר. די קייט פון אַקטיוויטעט באַוועגט זיך אָן אַן איבערייס. די בלום איז טעטיק אין דער נאַטור. זי איז ווי אַ שווערער אַרבעטער, וואָס אַרבעט אין זון און אין שוויס. די בלום האָט אַ באַשטימטע אַקטיוויטעט פאַר זיך און זי מוז עס דורכפירן.

אָבער ווען די זעלביקע בלום גייט אַריין אין האַרץ פון מענטשן, פאַרשווינדט איר ברוטאַלע אַקטיוויטעט אין דער נאַטור. איר נויטווענדיקייט, איר פּראַקטישקייט פאַרשווינדט. זי ווערט דער סינאָנים פון פוילקייט און רואיקייט.

די זעלבע זאַך וואָס פאַרקערפּערט מיט זיך אומענדלעכע אַקטיוויטעט אויסערלעך, איז דער פולקאָמענער אויסדרוק פון אינערלעכער שיינקייט און גליקזעליקייט. די בלום, וואָס האָט, וויסנשאַפטלעך געזען, בלויז אַ פּראַקטישע באַדייטונג אין דער נאַטור — קומט צו אונז ווי אַ וואונדערלעכע דערשיינונג פון שיינקייט, צו באַרואיקן אונזערע געמיטער. עס שיינט אַז שיינקייט איז איר איינציקער צוועק. מענטש באַנעמט זי ווי אַ שליח פון הימל. ווי אַ שליח פון דער גרויסער הימלישער האַרמאָניע. ביידע דערשיינונגען פון דער בלום זיינען אמת:

איר אומגעהויערע אַרבעט, אַקטיוויטעט און פּראַקטישקייט. און איר הימלישער דערשיינונג, איר שיינקייטס־אידעאַל, איר וואונדערלעכער טרוים־געשטאַלט, וואָס מאַכט אונז אַלע פאַר פּאָעטן ווען מיר באַגרייפן דעם זין פון איר הימלישער טרייסט. אין נאַטור מוז עס „שקלאַפיש" דינען און דערשיינען צו באַשטימטע צייטן. אין אַ האַרץ פון מענטש קומט עס ווי אַ שליח פון קעניג, פון גאָט...

פון איין זייט אין אוניווערס הערשט שטרענגער געזעץ, מוז, שקלאַפישער אונטערטעניקייט. „פייער ברענט אין שרעק פאַר אים; די זון שיינט דורך שרעק פאַר אים; און פון שרעק פאַר אים פירן אויס זייער אַקטיוויטעט דער ווינט, די וואָלקנס און דער טויט" — אַזוי ציטירט טאַגאָרע פון אַן אַלטן אינדישן בוך. און דאָס אַלץ פירט צו פרייד און גליקזעליקייט. „דער אומשטערבלעכער קרעאַטאָר מאַני־פעסטירט זיך אין פרייד־דערשיינונג". אַלץ טאַנצט און זינגט אין אַ געוואַלטיקן כאָר צו די הימלען. אַלץ לעבט און פרייט זיך. אין ליבע איז זיין הויפּט־אויסדרוק, אין ליבע רעאַליזירט זיך דאָס לעבן, און ליב־שאַפט הערשט, ווי אַ זון, אין אוניווערס. אין ליבשאַפט קומען די כוחות, די דערשיינונגען צום פולן אויסדרוק.

עס איז די ליבשאַפט, די שיינקייט, וואָס באַהערשט אונז און ברענגט אונז אומענדלעכע פרייד. און פרייד איז אומעטום; עס איז אין דער ערדס גרינע גראָז־פּאַרהילונג; אין דער בלויער סערעניטעט פון הימל; אין דער עקסטראַוואַגאַנטער דעקאָראַציע פון פרילינג; אין דער שטרענגער אַבסטינענץ פון גרויען ווינטער; אין דעם לע־בעדיקן פליש וואָס באַלעבט אונזער סקעלעט; אין דער פולקאָמע־נער דערשיינונג פון דער מענטשלעכער פיגור, נאָבל און אויסגעצ־שטרעקט; אין דעם גרויסן לעבן; אין דעם באַנוצן זיך פון אַלע אונזערע כוחות; אין דער באַרייכערונג פון וויסנשאַפט; אין באַ־קעמפן שלעכטס; אין דעם שטאַרבן פאַר צוועקן וועלכע מיר קענען קיינמאָל נישט געניסן; פרייד איז אומעטום; פרייד איז די רעאַלי־זירונג פון דעם אמת פון איינהייט, פון איינהייטלעכקייט. די איינ־הייט פון אונזער נשמה מיט דער וועלט און פון דער וועלט־נשמה מיטן פולקאָמענעם ליבהאָבער.

פרייד איז אונזער רעאַליזירונג מיט גאָט, מיט דער וועלט. מיר דאַרפן שטענדיק געדענקען אַז אונזער אינדיווידואַליטעט און זיין סאַמע נאַטור זוכט שטענדיק דאָס אוניווערסאַלע, זיך צו פאַראייניקן מיט דער אַלוועלט, מיט גאָט, מיט דער שיינקייט פון דער וועלט און פון גאָט. שיינקייט איז אַ באַדינג פאַר ליבע. וואו נאָר מיר דערזעען שיינקייט, ליבן מיר און מיר שטראַלן אינערלעך אויף. —

עס איז די נאַטור פון דער דאָזיקער קאָסמישער פרייד זיך אויס־צודריקן אין דער פאָרם פון געזעצן, ווי די כוואַליעס אין זייער ים. די פרייד, וואָס איז אָן פאָרם, מוז זיך טראַנספאָרמירן אין פאָרם. די פרייד פונם זינגער איז אויסגעדריקט אין דער פאָרם פון אַ געדאַנק. די פרייד פונם פּאָעט אין דער פאָרם פון אַ פּאָעמע. מאַן אין דער ראָלע פון אַ קרעאַטאָר באַשאַפט אייביקע פאָרמען, און זיי קומען אַרויס פון זיין איבערפולטער פרייד. די דאָזיקע פרייד, וועמענס

צווייטער נאָמען איז ליבע, מוז דורך זיין סאַמע עסענץ באַזיצן דואַליזם פאַר זיין רעאַליזאַציע.

ווען דער זינגער איז אינספּירירט, פאַרוואַנדלט ער זיך אין צווייַ: ער האָט אין זיך דעם אַנדערן „איך", אַלס זיין צוהערער, און די אויסערלעכע אוידיענץ איז בלויז אַן אויסברייטערונג פון זיין צווייטן איך. דער געליבטער זוכט זיין צווייטע העלפט אין זיין געליבטער. עס איז די פרייד וואָס שאַפט די דאָזיקע צעטיילונג, כדי דורך הינדערנישן צו דערגרייכן די פאַראייניקונג. די איינהייטלעכקייט.

דורך דער זעלביקער לאָגיק זיינען מיר אָפּגעטיילט פון גאָט, כדי צו באַזיגן אַלע ליידן און צו באַוואונדערן, צו באַנעמען, צו פאַראייניקן זיך מיט גאָט אין גרויסער דערקענטעניש און עקזאַלטאַציע. מיר ווערן, דורך בודאָס לערע פון דיסציפּלין פון צוריקהאַלטונג, פון מאָראַלישן לעבן, פאַראייניקט מיטן געזעץ, כדי איר אַריבערצוואַקסן און צו באַקומען פרייהייט אין די געזעצן פון קאָסמאָס. צו דערגרייכן באַרואיקונג און שטילקייט, פרייהייט און גלעקזעליקייט וואָס איז מנצח דעם געזעץ זעלבסט. דער מענטש, דערגרייכנדיק דעם דאָזיקן צושטאַנד, וועט באַזיצן אומענדלעכע ליבע פאַר אַלע קרעאַטורן, פונקט ווי אַ מוטער האָט ליבע פאַר איר איינציקן קינד, וועלכן זי איז גרייט צו באַשיצן מיט איר לעבן. אין דער הויך, אונטער זיך, און אומעטום אַרום זיך, וועט ער אויסשפּרייטן זיין ליבע, וואָס איז אָן גרענעצן און הינדערנישן, און וואָס איז פריי פון אַלע גרויזאַמקייטן און אַנטאַגאַניזמען. בשעת ער שטייט, זיצט, שפּאַצירט, לעגט זיך אַנידער, ביז ער פאַלט אַריין אין אַ טיפן שלאָף, וועט ער זיך באַמיען צו האַלטן זיין געדאַנק אַקטיוו אין דער דאָזיקער אויספירונג פון אוניווערסאַלן גוטן ווילן.

אָט אַזוי דערקלערט טאַגאָרע אין זיין קאַפּיטל „די רעאַליזאַציע פון ליבע" די געזעצן פון אוניווערס און דעם זין פון מענטש און פון זיין צוועק: ליבשאַפט און גוטסקייט.

ראַבינדראַנאַט טאַגאָרע באַמערקט אין זעלביקן בוך „סאַדהאַנאַ" (די רעאַליזאַציע פונם לעבן), וועגן דער געוואַלטיקער אַקטיוויטעט פון דעם מענטשלעכן קערפּער. עס איז ווייניק זיין אינערלעכע אַרבעט און קאָנסטרוקציע. דאָס קלאַפּן פון זיין האַרץ און דאָס שטורמישע יאָגן פון דעם בלוט דורך די בלוט־געפעסן. עס מוז כסדר אַריינבאַקומען נייַע שפּייזן און די אַסימילאַציע פון די זאַפטן מוז כסדר אָנגיין, מיט דער גאַנצער ענערגיע פון מאָגן, געדערים, לעבער און אָרגאַנען. די לונגען מוזן כסדר אַריינאָטעמען פרישע לופט און אַרויסאָטעמען דעם אָקסידזשען און אַנדערע שעדלעכע עלעמענטן. אָבער ווי געוואַלטיק די אַרבעט פון אינעווייניק זאָל נישט זיין, מוז דער קערפּער אויך רעאַגירן אויף קלימאַטישע ענדערונגען אין דרויסן. זיין „אויסערלעכע" אַקטיוויטעט קומט אויך פאַר פּערמאַנענט. כדי צו לעבן, מוז דער גוף אָנהאַלטן זיין באַציאונג צו לופט און ליכט און צו דער גאַנצער דרויסנדיקער וועלט.

אַזוי אויך דעם מענטשנס נשמה. זי קען נישט לעבן אין זיך

זעלבסט. אין אָפּגעשלאָסענער איינזאַמקייט. די נשמה מוז כסדר גע־נערט ווערן מיט דרויסנדיקע סענסאַציעס. זי קען נישט לעבן מיט אירע אייגענע געפילן, געדאַנקען און פאַרשטעלונגס־וועלט. די זעלבע מוזן באַוועגט און אינספּירירט ווערן דורך דער דרויסנדיקער וועלט. די נשמה, ווי דער קערפּער, מוז שטענדיק שטיין אין קאָנטאַקט מיט דער זון, מיטן אומגעהייערן רוים. מיט דעם רעליגיעזן געפיל. עס מיינט: מיט דעם באַוואוסטזיין פון גאָט. שליסלעך: דער איינצלנער מענטש קען פיזיש און גייסטיק אָטעמען בלויז ווען ער איז אין קאָנ־טאַקט מיטן אוניווערס.

ווי גרויס איז טאַגאָרע אין די דאָזיקע רייד. וועלכן גרויסן אמת אַנטפּלעקט ער. אויב נישט דער ערשטער, איז ער איינער פון די וויכטיקסטע מייסטער־אַרכיטעקטן פון דער מענטשלעכער נשמה. דער פּאָעט וואָס פאַרשטייט דעם מענטש און זיין שייכות צום קאָסמישן אַרום. —

אָפּטמאָל האָט פאַרן אייראָפּעאישן לייענער זיין צאַרטע פּאָעזיע געקלונגען ווי מליצה. דאָס איז אָבער געווען אַ טראַדיציע אין דער אַלט־אינדישער ליטעראַטור. טאַגאָרע איז געקומען ווי אַ פאָרטזעצונג פון ראַמאַ, דעם דיכטער פונם פּאַטעטישן ווערק „ראַמאַיאַנאַ", וועלכן יעדער הינדוס לייענט און האָט ליב. פון קאַלידאַסאַ, וואָס האָט אַזוי אידעאַליסטיש באַזונגען די שיינקייט פון דער נאַטור און מענטש. פון בודאָס אומשטערבלעכן שמייכל, וואָס דרינגט דורך די גאַנצע וועלט.

אַנומלט האָב איך דורכגעלייענט אַ באַנד רעמיניסענסן פון ראַ־בינדראַנאַט טאַגאָרע. וואָס מיר איז באַזונדערס געפעלן, איז דעם מחברס שילדערן דאָס לעבן פון זיין קינדהייט און יוגנט — נישט אַלס קאָנפעסיע, ווי רוסאָ, אויגוסטין, טאָלסטאָי אָדער גאָרקי האָבן עס געטאָן, נאָר ווי ליטעראַטור, ווי אמתע ליטעראַטור. טאַגאָרע זאָגט אין זיין שטילער און אינטימער שפּראַך אַז ער ווייסט נישט ווער עס וואַרפט אָן די בילדער, די קאָלירן און וויזיעס אויף דעם קאַנוועז פון זיין זכרון. אַ געהיימער קינסטלער מאָלט אָט די בילדער. ער נעמט אַרויס דאָס וואָס עס איז נייטיק און ער וואַרפט אָפּ דאָס וואָס עס איז איבעריק. אָט דער מיסטעריעזער קינסטלער אין אונזער נשמה גיט קיינמאָל נישט איבער אין אַ רעאַליסטיש־קאָפּירטער פאָרם די פּאַסי־רונגען. ער פאַרוואַנדלט זיי אין קונסט. ער פאַרטיקט זיי אויס ווי ריינע קונסטווערק. מיר האָבן הנאה פון אונזערע פאַרגאַנגענע פּאַ־סירונגען ווי פון עכטער, גוטער ליטעראַטור.

דער וועג איבער וועלכן מיר וואַנדערן אין פרימאָרגן פון אונזער קינדהייט; די לבנה מיט אירע זילבערנע וואַלן; די זון ווען זי גייט אויף איבער דער ערד און פאַרגייט זי קושנדיק; די בלומען, די פלעקן פון גאָלד וואָס אַ גאָלדשמידט האָט פאַרגאָסן אויף דער ערד אין פרילינג; דער וואַלד אין זיין האַרבסט־מאָלעריי; די הייזער וועלכע מיר גייען פאַרביי אויף אונזער לעבן; די מענטשן, וועלכע מיר זעען, וועמענס פּני־מער בלייבן ווי מאַסקעס פון אַ באַל אין אונזער זכרון. נאָר ערשט אין דער דיסטאַנץ, אין דער טיף פון צייט, ווערן פאַרטיקע קונסטווערק. ראַ־מען זיי זיך איין אין גאָלדענע ראַמען. טוען זיך אָן איר קאָליר און פאָרם.

פאַרפאַסן זיך אַליין צו קינסטלערישע בילדער. צו סצענעס און וויזיעס. דאָס אַלץ איז זיכער באַווירקט פון אונזער ווילן ווי דער דורכצולעבן דאָס פאַרגאַנגענע, צוריקציען זיך אין צייט, צו ווערן צוריק קליין און יונג אין עמבריאָן אַפילו.

אָבער, דאָס איז נישט אַלץ. די בילדער האָבן אַ זעלבשטענדיקן, קינסטלערישן ווערט. זיי גיבן אונז עסטעטיש־האַרמאָנישן געניס. ווי ווען מיר באַזוכן צום ביישפיל אַ מוזעאום און מיר זעען די קונסט־ווערק פון באַרימטע מייסטער.

נישט אַלץ, ווי געזאָגט, לוינט זיך צו פרעזערווירן. דער גע־היימנישפולער מייסטער, וועלכער פאַרמירט די פאַרגאַנגענהייט אין זכרונס ווערקשטאַט צו קינסטלערישע ווערק, ער ווייסט וואָס אויסצו־קלייבן, און וואָס צו פאַרוואַנדלען אין פאַרטיקער ליטעראַטור. און אַזוי שרייבט טאַגאָרע, דער ליריקער פונם גרויסן בודאַ־לאַנד, נישט זיינע מעמואַרן ווי אַ באַשרייבונג פון זיין לעבן, נאָר ווי ליטעראַרישע רעפלעקציעס פון זיין לעבן.

איך האָב געלייענט דאָס בוך. עס האָט דעם אַראָמאַט פון גאָל־דיקן האָניק. די אונוויכטיקסטע פּאַסירונגען ווערן לויטער און קריי־שטאַליק. עס איז ריינער ליריזם אין פּראָזאַ. טאַגאָרע איז דער פּאָעט וואָס זינגט דאָס לויטער־אינטימע געזאַנג, און די גאַנצע וועלט ווערט אינטים אין זיין האַרץ, אין זיין גאָלדענער ליריק.

לויט טאַגאָרען האָט דער געהיימער רעזשיסאָר זיין סטודיאָ אין אונזער זכרון, אין אונזער מוח. ער איז דער אַלמעכטיקער מייסטער, דער אַלמעכטיקער, וואָס נעמט מכלומרשט גרויע, טאָג־טעגלעכע פּאַ־סירונגען און פאַרבט זיי און סקולפּטירט זיי און זופּט זיי דורך ביז עס ווערט ריינע דיכטערישע גאָלד... דער דאָזיקער מייסטער איז דענקער, מאָלער, דיכטער, נאָוועליסט, רעזשיסאָר, אַקטיאָר, באַלעטיסט... ער פאַרוואַנדלט אונזער לעבן אין מאָלעריי, אין פּאָעזיע, אין טאַנץ, אין טעאַטער, אין נאָוועלע...

דאָס וועלט־איבערלעבעניש פון יעדן מענטש וויברירט אין דעם מייסטערס זעעלע... און עס גייט אַריין אין דער ביבליאָטעק — אין גאָלדיקע בענדער; אין מוזעאום — אין רייך־געראַמטע אויל־מאָלע־רייען; אין טעאַטער — אין מעכטיקע געשטאַלטן. דער געהיימניש־פולער גאָט שניצט אויס פון אונזער לעבן כסדר זיין גרויסע, זיין איי־ביקע קונסט. מיר ווערן צו ליטעראַטור...

***

אין יאָר 1913 האָט די שוועדישע אַקאַדעמיע געשענקט די נאָבל־פּרעמיע צו אַן אומבאַקאַנטן דיכטער, ראַבינדראַנאַט טאַגאָרע. די וועלט האָט קיינמאָל גאָרנישט געהערט פון אים, און בלויז אויפן סמך פון אַ קליין ביכל פערזן, איבערגעזעצט דורכן דיכטער אַליין אין דער ענגלישער שפּראַך, האָט מען אים צוגעטיילט דעם פּרייז.

דאָס איז אָבער געווען פון אַ גרויסער באַדייטונג פאַרן דיכטער. עס האָט אים אַריינגעפירט אין אייראָפּע, אין אַמעריקע, אין דער וועלט. זינט דעמאָלט האָט ער נישט אויפגעהערט צו קומען אין די

אַלע לענדער, דורכצוגייז די וועלט ווי אַ הערלעכע וויזיע און צו דער־ציילן פון שיינקייט און פון גוטסקייט. דער דיכטער איז געוואָרן אָנער־קענט אַלס איינער פון דער וועלטס גרויסע עטישע נאַטורן, מיסטישע לערער און וואָרט־קינסטלער.

דאָס אייראָפּע פון 1913 איז אַ יאָר שפּעטער אַוועק אין מלחמה און האָט אויסגעמאָרדעט דרייסיק מיליאָן מענטשן. ערשט ווען עס האָט זיך באַרואיקט פונם בלוטיקן קאָשמאַר, האָט עס אָנגעהויבן צו לעזן די פּאָעזיע פון דעם דיכטער, געשריבן ווי מיט בלייך־לילאָווע טינט אויפן סאַמעט פון דער נאַכט. ערגעץ־וואו פיליכט האָט מען שוין געהאַט באַנומען זייער מעלאדיע. וויניקע אָבער, בלויז די אינטעלעק־טועלע עליטע פון דער וועלט, האָבן פאַרשטאַנען, אַז אין די פערזן פון טאַגאָרע רעדן צו אונז יאָרהונדערטער פון אַלט־אינדישן גייסט. עס איז געווען אַ קול וואָס האָט אָפּגעקלונגען איבער אייראָפּעס פאַרוואונ־דעטער פּסיכיק, און האָט אונז איידל געגלעט ווי מיט די ווייכע הענט פון חלום.

און אַזוי האָט דער פּאָעט געבראַכט טרייסט און רו צו דער ברו־טאַלער וועלט. גוטסקייט האָט אַרויסגעשטראַלט פון זיין נשמה, ווי שטראַלן פון דער זון. ער האָט זיך איינגעהערט אינם רויש פון ווינט, וואָס שפּאַנט אין זילבערנע סאַנדאַלן איבערן געבירג. נאַטור האָט געקראָגן נשמה און צאַרטקייט אין טאַגאָרעס טיף־מענטשלעכער דיכ־טונג. טאַגאָרע איז נישט נאָר געווען אַ גרויסער דיכטער, נאָר אַן ערלעכער, ליבער מענטש. אַזאַ וואָס באַלייכט מיט דעם ליכט פון זיין פּערזענלעכקייט אַ גאַנצע עפּאָכע. מיר שטעלן זיך פאָר ווי שמערצלעך דער דיכטער האָט רעאַגירט אויף די ברוטאַליטעטן פון אונזער צייט. אין אַ ליד זינגט ער אַז די שטערן בענקען אַראָפּצוקומען צו דער ערד. איך צווייפל צי ער וואָלט אויך איצט אַזוי געזונגען, איינלאַדנדיק די שטערן צו דער ערד, וואָס איז פול מיט שלעכטס און מיט גרויזאַמקייט.

דאָס וואָס מיר קענען פון טאַגאָרען אין ענגליש, איז בלויז אַ קליינער טייל פון זיין גרויסער ליטעראַרישער אַרבעט אין בענגאַליש, זיין מוטער־שפּראַך. די לירישע דראַמע און די פּאָעטישע דערציילונג, די ראַפינירטע פּראָזע און די מיניאַטור; דאָס שטילע, אינטימע ליד און בכלל אַלע פאָרמען פון אַ ליטעראַטור זיינען אים געווען אייגן. ווי יעדער ערשטער שריפטשטעלער ביי זיין פאָלק, האָט ער אין זיין היימ־לאַנד בענגאַליען געשאַפן אַ גאַנצע ליטעראַטור, הגם די בענגאַליער האָבן נאָך פריער פאַר אים געהאַט באַדייטנדיקע פּאָעטן.

טאַגאָרע האָט זיין יוגנט פאַרבראַכט אין ענגלאַנד, און ער האָט גלענצנד געקענט די ענגלישע קולטור. דאָך איז ער געבליבן אַ בענ־גאַליער אין זיין אויפפירונג, קליידונג און באַשיידנקייט. די מענטש־הייט האָט באַנומען און פאַרשטאַנען אַ גרויסן גייסט, וואָס איז געווען פּשוט אין זיין לעבנס־פירונג, אָבער וואָס האָט אין דער נאַכט פון דער מענטשהייטס עקזיסטענץ אַ שטראַל געטאָן מיט די פּרעכטיקע שיינ־קייטן פון אַ גרויסער נשמה, געבאָדן אין איר אַלטער קולטור און פּאָע־זיע. אָט אַזוי איז ער אויך פאַרבליבן אין זיין היימישער בענגאַליען,

לערנענדיק מיט זיינע תלמידים אונטערן פרייען הימל, אין זיין איי־גענער שולע „וויסאַ וואַ בהאַראַטי״, און אַזוי איז ער אויך פאַרבליבן אין זיין בונטן, אייביקן ווערק.

מען האָט אין טאַגאָרעס שולע געלערנט ווי די אַמאָליקע אַריער און פון דער גאַנצער וועלט זיינען צו אים געקומען פריינט און געסט, ווי אַמאָל קיין ווײמאַר, צו געטען, אָדער קיין יאַסנאַיאַ פּאָליאַנאַ, צו גראַף לעוו טאָלסטאָי...

הגם אַן אומפּראַקטישער מענטש, אַ ריינער דיכטער, אַ טרוימערי־שע נאַטור, איז טאַגאָרע דאָך נאָענט געווען צו אינדיעס קאַמף פאַר אומאָפּהענגיקייט, פאַר איר זעלבסטבאַוואוסטזיין און פאַר איר גייס־טיקער אויסבילדונג. ער האָט אין זיין שולע געלערנט מיט קינדער פון בענגאַלישן פאָלק דאָס גוטע פון דער אייראָפּעאישער און דער אַמעריקאַנישער ציוויליזאַציע. ער איז געווען איינער פון די לעצטע מאָהיקאַנער פון אַ נביא, פון דעם מאַן פון געוויסן און גערעכטיקייט, וואָס ווי לאַנג אַזאַ האָט געלעבט צווישן אונז, האָט מען זיך נישט געפילט איינזאַם אויפן פּלאַנעט...

— — — — — — — — — — — — — — — — —

די ריזיקע געשטאַלטן גייען שטאַרבן. און דעמערונג הערשט איבער דער וועלט, געטער־דעמערונג. ראַבינדראַנאַט טאַגאָרע האָט געלעבט אַ לאַנג לעבן. פונדעסטוועגן האָט מען געמיינט אַז מען וועט אייביק הערן זיין נאָמען. מען איז געווען צוגעוואוינט אַז ערגעץ אין לאַנד בענגאַליען לעבט אַ גרויסער פּאָעט מיטן פּנים פון אַ נביא . . . נאָר דאָס געזעץ פון דער נאַטור, דאָס שטאַרקסטע געזעץ פון טויט, רופט דעם הייליקן ווי דעם פאַרברעכער, דעם קעניג ווי דעם בעטלער, דעם טרוימער ווי דעם רעאַליסט... און מיט טאַגאָרען איז אַוועק דער לעצטער מאָהיקאַנער פון דער בעסערער, אַלטער וועלט. ער איז פּילייכט אַוועק מיט אַ שמייכל, וואָרעם ער איז געווען פול מיט גליק־זעליקן שמייכל... ווי אַ גוטער זיידע, וואָס נעמט איין מיט שיינע מעשה־לעך זיינע קינדער... ער האָט דעם שטורעם קיינמאָל נישט געזונגען, נאָר די שטילקייט פון פרימאָרגן און פון אָוונט... די זאַכטע, טיפע, קאָסמישע רו... דעם שמייכל פון רואיקער, זון־ באַלויכטענער נאַטור... און אַזוי האָט ער אויך געמוזט אַוועקגיין, דער לויטערער דיכטער־נביא, מיט אַ שמייכל אין דער אייביקייט... ניו־יאָרק, אויגוסט, 1941.



# ריכאַרד בער־האָפמאַן

## אַ באַזוך ביים גרויסן דיכטער — 1945 — 1866 —

## ביאָגראַפישע נאָטיצן:

ריכאַרד בער־האָפמאַן איז געבוירן געוואָרן אין ווין, אין יאָר 1866. אין יאָר 1893 דערשיינט זיינס אַ בוך דערציילונגען „די פאַר־לאָזענע״. אין 1900 — „דער טויט געאָרגעס״. אין 1905 — „די דראַמאַ פון גראַף שאַראָליי״. אין 1908 דערשיינט „יעקבס חלום״. אין 1938 — דער ערשטער טייל פון אַ דראַמאַטישער טרילאָגיע — „קעניג דוד״. צוויי דערציילונגען זיינע: „דאָס קינד״ און „קאָמעליאָס״ זיינען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין יאָר 1893. ער איז דער פאַרפאַסער פון צוויי זייער באַרימטע לידער: „עלטערן״ און „שלאָף־ליד צו מרים״. אין דעם לעצטן ליד גיט ער אַ דינע און ספּיריטועלע עקספּרעסיע פון דער איינקייט פון אַלע אידן, דורך בלוט און שותּפותדיקער אויפגאַבע. אין „גראַף פאָן שאַראָליי״ שטעלט פאָר בער־האָפמאַן אַ אידישן העלד וועלכער פּראָטעסטירט העפטיק קעגן די אידנפאַרפאָל־גונגען און וועלכער איז אַ פּאַראַלעל צו „שיילאָק״, פון שעקספּיר. אין „יעקבס חלום״ ווערט אויפגעשטעלט די באַרעכטיקונג פונם אידישן פאָלק, וואָס האָט אַ קאָסמישע מיסיע. וואָס איז אויסדערוויילט דורך גאָט.

ריכאַרד בער־האָפמאַן ווערט געהאַלטן פאַר אַ מייסטער פון דער פּאָעטישער פאָרם, וועלכער האָט וויניק ריוואַלן אין דער דייטשער ליטעראַטור. אין יאָר 1938 נעמט היטלער ווין. בער־האָפמאַן אַנט־לויפט קיין ציריך. אין 1939 קומט ער אין ניו־יאָרק. צו זיין 70־יאָריקן געבורטסטאָג פאַרעפנטלעכט אין ניו־יאָרק סאָלאָמאָן ליפּצין אַ קריטישע אָפּהאַנדלונג איבער זיינע ווערק.

(„אידישע ענציקלאָפּעדיע״).

עס איז געווען ביי אַ חשובער אידישער פאַמיליע, וואָס איז ערשט געהאַט געקומען פון פּוילן, אין וועמענס באַקוועמען הויז אויף פּאַרק עוועניו, איך האָב צום ערשטן מאָל געזען דעם באַרימטן עסטרייכיש־אידישן פּאָעט און דראַמאַטורג ריכאַרד בער־האָפמאַן. אין יענעם ווינ־טערדיקן אָוונט האָבן מיר אָנגענעם פאַרבראַכט. איך האָב זיך אונ־טערהאַלטן מיט אַ דאַמע וועלכע איז ערשט געהאַט געקומען פון פּוילן. מיר האָבן גערעדט וועגן פּוילן, וועגן אירע גרויסע, ראָמאַנטיש־נביאי־שע דיכטער, וועגן אירע רייכע נאַטור־לאַנדשאַפטן, איר היסטאָרישן כישוף און... איר אַנטיסעמיטיזם. מיין באַקאַנטע איז געווען פאַר־בענקט נאָך פּוילן. און דאָס איז געווען נאַטירלעך. מיר האָבן ביידע דעקלאַמירט לידער פון מיצקעוויטש, פון סטאַף, פון אויעיסקי און טואווים. פערזן פון לעשמיאַן, וויטלין און סלאָוואַצקי. מיר האָבן גע־רעדט וועגן דער פּוילישער נאָוועלע, וועגן זשעראָמסקי און ריימאָנט.

די גאַנצע צייט וואָס איך האָב גערעדט מיט דער איידעלער דאַמע, האָב איך געקוקט אויף ריכאַרד בער־האָפמאַן. ער האָט זיך כמעט נישט באַוועגט אויף זיין שטול. ער איז גיכער געווען צוגעפּעסטיקט, צוגע־נאָגלט צו דער שטול, ווי ער וואָלט ניט פריוויליק זיצן אויף איר.

זיין פּנים איז געווען רויטלעך באַלויכטן, די דינע הויט האָט געגלאַנצט ווי זייד. דער בליק—אַ שטאָלצער, אַ נאָבעלער, אַן אַריסטאָקראַטישער. עפּעס פון אַ נביא איז געווען אין דאָזיקן גרויסן דיכטערס פּנים...

ריכאַרד בער־האָפמאַן איז פריער פון אַלע געסט אַוועק. איך האָב אים די גאַנצע צייט געדענקט. און אָט וואָס פאַר אַ בריוו איך האָב צו אים געשריבן עטלעכע חדשים שפּעטער:

„טייערער ריכאַרד בער־האָפמאַן!

איך ווייס נישט פאַרוואָס, נאָר זייט דעם מאָמענט ווען כ'האָב אייך געזען אין דער עלעגאַנטער וואוינונג פון דער נאָבעלער פאַמיליע ראָטה, בין איך מעלאַנכאָליש באַהערשט פון אייער צאַרטער פערזענ־לעכקייט, פון דעם נאָבעלן דערשיינען פון אייער פּנים, איידל ווי די פאָרשטעלונג פון אונזערס אַ קינדהייטס־פּאָרטרעט, וואָס איז געבליבן ווי דורך טויזנט ניסים אין אונזער זכרון... באַהערשט דורך דער איי־דעלער, שטילער שטימע, ווי אינערלעך מיט ענערגיע אָנגעלאָדן און דורך טיפע, אינטענסיווע ליידן, ליידן — פיל מער ווי פערזענלעכע — געשליפן.

זייט יענעם מאָמענט האָב איך אייך געוואָלט באַזוכן... איך האָב געטראַכט אַז מער וועל איך אויף אַ ווינער גאַס נישט באַגעגענען דעם קלוגן, גראַציעז־עלעגאַנטן אַרטור שניצלער... איך וועל אין פּאַרק מער נישט אָנטרעפן אויף דעם איידעלן באָהעם, פּעטער אַלטענבערג, וואָס האָט אַזוי סענסיטיוו און דעליקאַט געשריבן וועגן בלומען און וועגן דרייצניאָריקע מיידלעך... האָפמאַנסטהאַל, אָט דער שוואַן פון דער דייטשער פּאָעזיע, וועט נישט מער, ווי אַ ספּעקטער, פאַרבייגיין מיינע אויגן... און יאַקאָב וואַסערמאַן, דעם פאַרפאָלגטן פון דעם טראַגיש־מעלאַנכאָלישן פּרינץ, קאַספּאַר האַוזער, אויך אים, אין זיין נעטער, מיטלוואוקסיקער, שמערצפול־ערנסטער געשטאַלט, וועל איך קיינמאָל מער נישט זען... און אויך נישט דעם אוניווערסאַלן סטעפאַן צווייג...

און ווער איז געבליבן פון די ווינער דיכטער, פון די אידן וואָס האָבן אַזוי ריימען־רייך און אַזוי וועלט־אומפּאַסנדיק און אַזוי שמערצלעך־סענסיטיוו געדיכטעט אין דער דייטשער שפּראַך זייערע איידעלע לי־דער און מעלאָדיען? — עס איז געבליבן ריכאַרד בער־האָפמאַן, דער פּאָעט פון יענעם גרויסן חלום פונם גאָלד־געלאָקטן יעקב, וואָס שלאָפט אויף דעם האַרטן געלעגער פון פעלזן, ווי דער בלאַסער ענדימיאָן און ער פאַרנעמט דעם גערויש פון דעם געפלאַטער פון מלאכים, וואָס טאַנצן אַרויף און אַראָפּ אויף דער לייטער וואָס פאַראייניקט הימל און ערד און זיי זיינען איינגעהילט אין דעם ליקידן בראַנדז פון דער זון... עס איז געבליבן אָט דער דיכטער וואָס האָט געבראַכט זיין ליידנדיקן פאָלק דעם גרויסן צוזאָג פון דעם גרויסן גאָט פון די הימלען צו דעם קליינעם, בלאַסן און ליבן יעקב... און דורך אים, דורך דעם טראַנספּאַרענטן גוף זיינעם, צו די טויזנט דורות פון ישראל...

דעם דאָזיקן דיכטער וואָלט איך וועלן באַזוכן. איך האָב געהערט אַז איר זענט נישט אינגאַנצן געזונט. ווי גערן וואָלט איך זיין אַ ווײַלע נעבן אייך, צו זיצן אוז ווידער אַריינקוקן אין אייער נאָבעלן פּנים.

אין אייער ליידנדיקן פּנים. מיט אַ דינער הויט אָפּגעצויגן, ווי מיטן דינסטן זייד... און קוקנדיק אויף אייך, זען דעם לעצטן גרויסן דיכ־טער פון דעם קייזערלעכן ווין, דעם לעצטן אין דער וואונדערלעכער פּראָצעסיע פון אידישע פּאָעטן אין דייטשלאַנד און עסטרייך... אָנ־הויבנדיק מיטן פּרינץ פון דער דייטשער דיכטונג, דעם געצנדינער און מאָנאָטעאיסט, דעם שמערצפולן איד און הייטערן גריך, דעם אומ־פאַרגלייכלעכן היינריך היינע...

און, איך וואָלט וועלן אַריינקוקן דורך אייך. נישט נאָר אין דער גלאָרדייכער פאַרגאַנגענהייט פון דעם אַלטן, ליבעראַלן אייראָפּע, וואָס וועט זיך קיינמאָל מער נישט ווידערקערן צו דער אַלטער געאָגראַפיע פון אייראָפּע... נאָר, אויך אַריינקוקן אין דער אידישער צוקונפט, אין יענער צוקונפט, וועלכן דער בלאַסער יעקב האָט מיט אַזוי פיל פּאָעזיע פאַרנומען אין גאָטס שמייכלענדיקן פּנים, ווי אַ בראַנדזענע זון, בשעת די געשלעכטסלאָזע מלאכים־דאַמען האָבן זיך באַוועגט אויף און אָפּ, ווי אַקטריסעס, איבער דעם זילבערנעם, לבנהדיקן שפּינוועבס־לייטער, וויסנדיק פּילייכט אַז זיי שפּילן טעאַטער פאַר אַלע צוקונפטיקע דורות פון ישראל, איינגעהילטע אין וואָלקן־וואואַלן, אין בראַנדזענע זון־פּעלערינעס, אין די אינערלעכע שטראַלן פון זייער געטלעכער נאָ־קעטקייט...

איך האָף, גרויסער פּאָעט ריכאַרד בער־האָפמאַן, צו קריגן פון אייך באַלד אַן ענטפער.

מיט טיפן רעספּעקט, אייער, ש. טענענבוים,

ניו־יאָרק, יוני 1942".

***

דעם דאָזיקן סענטימענטאַלן בריוו האָב איך אָנגעשריבן, אָבער נישט אַוועקגעשיקט. אָנשטאָט אים, האָב איך געשריבן אַ קורץ, גע־צוימט בריוול צום עסטרייכישן פּאָעט.

עס איז אַ שיינער זומערטאָג. די זון איז אין איר זעניט און זי ציטערט אין דעם בלויען הימל ווי אַ גרויסער גאָלדענער מעדאַליאָן... און דאָך ווייזט דאָס וועטער אויף רעגן. די וואָלקנס זיינען האַלב־לויכטנדיק מיט זון, האַלב־טונקלדיק מיט רעגן־שוואַנגערדיקייט. איך קום אָן פון צענטראַל־פּאַרק צו קאַטעדראַל־פּאַרקוויי. וואָס פאַר אַ צענטער פון ריזיקע געביידעס. איבער זיי הויבט זיך אַרויס, ווי אַ פּיראַמידע, די הויפּט־קאַטעדראַלע, די צווייטע גרעסטע אין דער וועלט נאָך רוימס סאַנקט פּעטערס קירך, וואו עס האָבן געאָטעמט און געשאַפן אַזעלכע גייסטער ווי ראַפאַעל און מיקעל־אַנדזשעלאָ.

איך בין איבערראַשט צו האָבן געפונען אין ניו־יאָרק אַזאַ שיי־נעם, אומגעוויינלעכן פּלאַץ. ביי אַ דיקער מויער, אונטער אַלטע בוימער, באַרג אַראָפּצו, דערנענטער איך זיך צום הויז פון ריכאַרד בער־האָפמאַן.

איך קלינג אָן. עס איז אויפן ניינטן גאָרן. שטילע טריט דער־הערן זיך. די טיר עפנט זיך לאַנגזאַם און ריכאַרד בער־האָפמאַן באַווייזט זיך מיט זיין שטאָלצן און נאָבעלן פּנים. מיט זיינע געטעשע אויגן, אָבער פולע מיט אידישן צער...

מיר גייען דורך אַ שמאָלן קאָרידאָר, פוןביידע זייטן באַהאַנגען מיט שווערע אויל־בילדער, אין רייך־דעקאָראַטיווע, מאַסיווע גאָלד־ראַמען. פון די פּאָרטרעטן קוקן אַרויס שטאָלצע, מעכטיקע מענטשן, פון פילע דורות צוריק. פון זייערע פּנימער, פון זייערע לעבעדיקע אויגן פלאַמט אומפאַרלעשבאַרער גייסט.

ריכאַרד בער־האָפמאַן זיצט אַנטקעגן איבער מיר, ביים פענצ־טער, אין אַ טיפער פאָטעל. ער זעט אויס ווי אַ צעזאַר. ער זיצט מיט דער פּאָזע פון איינעם וואָס ווייסט זיין ווערט, וואָס האָט זיין נאָמען אין גאָלד געלאָזט שטיין אין דעם וועלטס רוים, און וואָס האָט שטענדיק אין זינען דעם גאָלד־ווערט פון זיין ווערק.

איך קוק אויפן העלן, זוניקן מעבל, פון לואי קענזס עפּאָכע. אַזוי פיל וואונדערלעכע קאָמאָדן, זייגערס, שטולן, שענק, ביכער, לאָמפּן, קעסטלעך, מיניאַטור־קונסטווערק, סטאַטועטקעס, טינטערס און וואַזעס.

ריכאַרד בער־האָפמאַן זאָגט:

— דאָס אַלץ פּרואוו איך פאַרקויפן. עס איז מיר שווער דערמיט. דאָ באַדאַרף מען גאָרנישט. אין אַזאַ וועלט באַדאַרף מען זייער ווייניקעס.

— אָבער, הער בער־האָפמאַן, פּרואוו איך זיך אַמפּערן מיט אים, ווי קענט איר זיך שיידן מיט דעם אַלעם? ווען איך באַדאַרף אַוועק־וואַרפן אַן אַלטע זאַך, פיל איך טרויעריק. איך האָב אַ באַציאונג צו די זאַכן וועלכע רינגלען מיך אַרום. וועלכע דינען מיר מיט זייער שיינקייט... עס איז טרויעריק ווען נאָך אַ לאַנג לעבן מוזט איר זיך שיידן מיט די אַלע שיינע זאַכן. איך בין זיכער אַז יעדער זאַך דאָ האָט פאַר אייך אַן אָנגענעמע דערינערונג, וועקט אויף אין זכרון אַ טייערע פּערזאָן, דערמאָנט פון אַ לירישער לאַנדשאַפט, האָט צו טאָן מיט אַ שטיק לירישע איבערלעבעניש...

— ניין, עס איז גאָרנישט טרויעריק, — ענטפערט בער־האָפמאַן, — טאַקע דערפאַר וואָס איך האָב געלעבט מיט אָט די זאַכן אַזאַ לאַנגע צייט, קען איך זיך מיט זיי שיידן. זיי זיינען נישט קיין מענטשן... פאַר מיר האָבן די זאַכן אַנדערע באַזעסן... זיי עקזיסטירן אַרום הונ־דערט און פופציק יאָר... נאָך מיר — ווער ווייסט צי זיי וועלן לעבן אַזוי לאַנג.. איך האָב זיי געהאַט... זאָלן זיי אויך אַנדערע האָבן... מיינע זאַכן האָב איך פריער אַרויסגעשיקט פון ווין נאָך די שווייץ. דאַן איז עס מיר זייער שווער אָנגעקומען זיך צו באַפרייען פונם נאַצי־יאָך... אָבער, עס איז גוט וואָס איך בין פריי... מיין לעבן איז שוין באַלד פאַריבער... איך האָב גוט געלעבט. פאַרוואָס באַדויערן זאַכן?

בער־האָפמאַן דערציילט מיר אַז ער האָט געהאַט זיבעצן טויזנט ביכער. עטלעכע טויזנט האָט ער פאַרקויפט. בלויז פיר הונדערט האָט ער מיטגעבראַכט. ער האָט געהאַט די זעלטנסטע בוך־עקזעמ־פּלאַרן, ערשטע אויסגאַבן. איצט האָט ער נישט אין הויז אַפילו קיין אויסגאַבע פון זיינע אייגענע דראַמען. ווען ער וויל האָבן זיינס אַ בוך, מוז ער גיין אין בוכהאַנדלונג און עס קויפן...

ריכאַרד בער־האָפמאַן ווייזט מיר דאָס בילד פון זיין פרוי, אין אויל־פאַרב געמאָלן, מיר דאַכט, דורך שלעזינגער, דעם שוואָגער פונם

עסטרייכיש־אידישן פּאָעט האָפמאַנסטהאַל, וועלכער איז שפּעטער גע־וואָרן אַ קאַטאָלישער פּריסט. דאָס בילד אַנטפּלעקט אַ צאַרטן מרויעונווענז, וואָס איז מעדיטאַטיוו, פילאָסאָפיש־מעלאַנכאָליש, דעלי־קאַט. אין צווייטן צימער הענגט אַ צווייטע בילד, אַ לופטיקער פּאַס־טעל, וואָס האָט אַ בלויען הינטערגרונט, איז רענואַריש־טראַנספּאַרענט און פּאַטטיש. אין איר צוואַנציק יאָריקן עלטער איז דאָ די פרוי גע־מאָלן געוואָרן.

ווען איך זאָג דעם פּאָעט אַז עס איז ענלעך צו אַ פּרע־ראַפאַעלי־טישער מאָלעריי, לויט דער דעקאָראַטיווקייט, פּאַרביקייט און הימלי־שע, פרומע אַטמאָספערע פון מלאכים, ווייזט מיר בער־האָפמאַן טאַקע באַלד אַן אַלט־איטאַליענישע מאָלעריי, וואו די ענלעכקייט צו זיין פרוי איז באַזונדערס קענטיק...

דאַן ווייזט מיר הער בער־האָפמאַן אַ קליינעם אַלבום פון ביל־דער פון זיין פרוי. בילדער פון דער יוגנט. ערגעץ אין דעם קייזערלעכן עסטרייך גענומען. אין פרילינג פון דער נאַטור, אין פרילינג פון דער פרוי. זי איז, ווי שוין באַמערקט, אַן אומעטיקע, אַ פּאַרקלערטע, אַ לירישע. זי זעט אויס שטאַרק ענלעך צו איזאַדאָראַ דונקאַן, לויט דעם דראַמאַטיש־שמערצלעכן, עקסטאַטישן אויסדרוק. ווען איך זאָג עס צו אים, זאָגט בער־האָפמאַן:

— ניין, זי דערינערט אין אַן אַנדערער...

איך פאַרשטיי באַלד אַז ער מיינט עלעאָנאָראַ דוזע, די שמערצ־כולע איטאַליענישע אַקטריסע... איך זאָג עס אים.

ער מישט די שוואַרצע בלעטער פונם אַלבום און ער זאָגט:

— זי ווערט מיט יעדן בלאַט אַלץ מער ווי דוזע...

יאָ, זי ווערט מיט יעדן בילד נענטער צו דער דוזע... ביז זי איז אינגאַנצן ענלעך צו דוזע...

צייט האַלט דעם פּענדזל אין דער האַנט און פאַרוואַנדלט איר אַלץ מער אין דער טראַגישער אַקטריסע, די פריינדין פון ד׳אַנונציאָ...

איך קוק אויפן אַלטן, זעקס און זיבעציק יאָריקן פּאָעט. ווי ער לעבט דורך איצט דעם פרילינג פון זיין לעבן. און ווי ער באַקומט אַ ספּיריטועלן גלאַנץ ווען ער קוקט אויף די בילדער פון זיין פרוי, נאָך אין שול־עלטער... ער ווערט צוריק דאָס שול־אינגל, דער עקזאַל־טירטער סטודענט, ווען ער טראָגט אַנטקעגן זיין ליבער פריינדין אין זוניקן פאַרנאַכט אַ רויטע, אַ פייכטע רויז...

איך זאָג צום פּאָעט:

— אייער פרוי האָט געמוזט שפּילן אַ גרויסע ראָלע אין אייער לעבן.

— אַלץ וואָס איך בין האָב איך איר צו פאַרדאַנקען! — ענטפערט ער קורץ און אַנטשלאָסן.

— זי איז אייער בעאַטריטשע... — זאָג איך ווידער, אַ ביסל מורא האָבנדיק צו באַנוצן זיך אין מיין געשפּרעך מיט פּאָעטישע פאַרגליי־כונגען און עפּיטעטן...

— יאָ, איך האָב דאַנטעס ווידמונג צו בעאַטריטשע, אין דער „וויטאַ נאָוואַ״, באַנוצט פאַר אַ דעדיקאַציע צו פּאַאָלאַ...

— פּאַאָלאַ... איז עס דער נאַטירלעכער נאָמען פון אייער פרוי?

— ניין. זי הייסט אַנדערש. איך רוף זי „פּאַאָלאַ"...

איך טראַכט וועגן דאַנטעס „די געטלעכע קאָמעדיע", וואו דער פּאָעט שילדערט אין פינפטן קאַנטאָ (קאַפּיטל) פון „אינפערנאָ" פראַנ־צעסקאַ דאַ רימיני און פּאַאָלאָ... ווען דאַנטע הערט אויס די געשיכטע ווי אַזוי זיי האָבן ביידע געלייענט אין אַ ראָמאַן און ווען זיי זיינען צו־געקומען צו דער שטעלע וואו די יונגע כאַראַקטערן פון דעם ראָמאַן נעמען זיך אַרום און קושן זיך, האָבן זיי זיך אויך געקושט, און דער־פאַר פאַרברענגען זיי אין די פלאַמענדיקע רוימען פון גהינום — חלשט דער איטאַליענישער פּאָעט. פראַנצעסקאַ דאַ רימיני און פּאַאָלאָ שוועבן אַרום אין די קאָסמישע רוימען, אייביק געאַרעמטע, אייביק אַרומגענומען אין אַ פלאַמיקן קוש... איך דענק אַז פון דאַנטען האָט אַלזאָ בער־האָפמאַן גענומען דעם נאָמען פאַר זיין אויסדערוויילטער. איך דערמאָן זיך ווי פּעטער אַלטענבערג שרייבט, אַז די לאוראס, די בעאַטריטשעס, די געליבטע פון נאַוואַליס, טאַסא, דאַנטע און פּעטראַר־קע, וועלכע זיינען געווען אַזוי ווייט, זיינען געווען נאָענט צו די פּאָעטן... און די יעניקע פרויען וועלכע זיינען געווען צו זיי פיזיש נאָענט, זיינען אַזוי ווייט פון זיי... זיי זיינען קיינמאָל נישט אַריין אַלס פלאַמענדע כאַראַקטערן אין זייערע גרויסע פּאָעמען... זיי לויכטן קיינ־מאָל נישט, ווי די לאוראס און בעאַטריטשעס, אַלס אָנגעצונדענע געשטאַלטן אין זייער פּאָעזיע...

עס איז פאַראַן אין יעדן מענטשן, איבערהויפּט אויף דער עלטער, אַ באַגער צוריקצוגיין צו זיין יוגנט... דורכצולעבן, ווידערצולעבן זיין פריִע פאַרגאַנגענהייט. די זיסע אילוזיעס. יעדער מענטש בענקט, ווי אדם און חוה, צו זיין גן־עדן, פון וואַנען ער איז פאַרטריבן געוואָרן... און עס איז אפשר דערמיט צו דערקלערן ריכאַרד בער־האָפמאַנס גרויסן אינטערעס צו זיין געליבטער... אָבער פּאַאָלאַ איז נישט געבליבן קיין חלום. ביי זעכצן יאָר האָט ער זי דערקענט. ביי זיבעצן יאָר איז זי זיך מגייר... זעכציק יאָר צייט לעבט דער פּאָעט מיט איר... זי איז דאָ אין הויז... אָבער, איך זע זי נישט... זי איז פון פראַנ־צויזישער אָפּשטאַמונג און איך בין נייגעריק זי צו באַגעגענען... האָט זי זיך פיל געענדערט זינט דער צייט ווען זי האָט יונג־מיידלעריש פּאָזירט פאַרן רענואַרישן בילד?.. איז זי איצט אַלט און טרויעריק? אָדער פילייכט לויכט איר פּנים מיט אַ הערלעכן שמייכל, אַ שמייכל פון גליקזעליקייט און דערגרייכונג... האָט זי זיך דאָך געאָפּערט און מיט געלעבט דאָס לעבן פון גרויסן דיכטער... האָט זי דאָך אים אַרויס־געבראַכט און דערצויגן און געהאָלפן זיינע גרינע צווייגן אין דער זון צו צעשפּרייטן...

אָבער, די מינוטן לויפן... און די פרוי דערשיינט נישט... אפשר איז זי גאָר טויט... לויט דעם פּאָעטס באַוואונדערונג פאַר זיין העלדין פּאַסט נישט אַז זי זאָל זיין רעאַל... איך צווייפל איצט אין איר פיזי־שער עקזיסטענץ... (שפּעטער בין איך געוואויר געוואָרן אַז פּאַאָלאַ איז געשטאָרבן אין דער שווייץ, אַן אויסגעמאַטערטע פון די איבערלע־בונגען אונטער היטלער־ווין און פון די שווערע וואַנדערונגען).

איצט, אין זיין זעקס און זיבעציק יאָריקן עלטער לאָזט ריכאַרד

בער־האָפּמאַן איבערשרייבן פּאַאָלאָס בריוו צו אים... וואָס זי האָט געשריבן אין איר פריער יוגנט... דער נאָבעלער דיכטער פון „גראַף פאַן שאַראָליי", פון דעם פּאָעטיש־סימבאָלישן שפּיל „יעקבס חלום", פון די אײדעלע לירישע לידער און פון דעם זיסן, צאַרטן „שלאָפליד צו מרים", וואו ער דריקט אויס זיין לעבנס־טעטיקייט אין אַ דינער און ספּריטועלער עקספּרעסיע; די מיסטעריעזע דערשיינונג פון לעבן אויף דער ערד וואָס לויכט אויף טונקל ביז צום סוף; אונזער גע־וואַלטיקע איינזאַמקייט אין דער וועלט און די בלינדקייט פון אונזער שיקזאַל; דער קאַמף פון די דורות מיטן גורל און דאָס דורכגיין אויפ־דאָסניי די טראַגישע דערפאַרונג; און דער גלויבן אַז עס איז דאָך פאַראַן אין קאָסמאָס אַ געוואַלטיקער באַוואוסטזיין, אַ זין און אַ צוועק, און אַן אייביקע קאָנטינואיטעט פון לעבן. דער פּאָעט פון דער דוד־טרילאָגיע, וואָס דריקט אויס דעם גלויבן אין דער פאַראייניקונג און אין דעם געמיינזאַמען שיקזאַל פון אַלע אידן, דורך געמיינזאַם בלוט און אַ שותפותדיקע אויפגאַבע; דער דאָזיקער דיכטער דיקטירט איצט צו אַ פליכטלינג־מיידל די ערשטע בריוו פון זיין ערשטער און זיין איינציקער געליבטער פרוי...

ווען איך פרעג בער־האָפּמאַנען צי ער דענקט זיי צו פאַרעפנט־לעכן, ענטפערט ער:

— ניין. איך גרייט זיי צו. אין יעדן פאַל זאָל בלייבן אַ קלאָרע קאָפּיע פון אירע שיינע בריוו...

— אויך אייערע בריוו צו פּאַאָלאַ שרייבט איר איבער? — פרעג איך.

— ניין. מיינע בריוו האָבן נישט אַזאַ ווערט ווי אירע. איך פלעג אַהיימקומען שפּעט. אויסשרייבן אַ מידער מיינע וויטיקן. איך בין בלויז פאַראינטערעסירט אין אירע בריוו...

און, דאָס פליכטלינג־מיידל דאַרף טאַקע באַלד קומען פאַר דער הייליקער אַרבעט...

— אין אַנטוואָרטפּען, — זאָג איך, — האָב איך געזען יאַקאָב וואַסערמאַן. ער איז געווען זייער טרויעריק. איך האָב געזען אַז ער גייט שטאַרבן. מען זאָגט אַז ער איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד. וואָס דענקט איר, הער בער־האָפּמאַן, איז דאָס ריכטיק?

איך האָב פאַר אַ סך יאָרן געקענט יאַקאָב וואַסערמאַן. ער האָט שטענדיק אויסגעזען אַ טרויעריקער, אַ דערשלאָגענער. ניין, ער איז נישט באַגאַנגען קיין זעלבסטמאָרד. ער איז געשטאָרבן אין האָ־לאַנד.

— האָט איר געקענט האָפּמאַנסטהאַל?

— דעם גאַנצן לעבן האָב איך אים געקענט. מיר האָבן צוזאַמען אונזער יוגנט פאַרבראַכט, אין ווין. האָפּמאַנסטהאַלן האָב איך נאָך געקענט ווען ער איז זעכצן יאָר אַלט געווען. שוין דעמאָלט האָט ער געשריבן שיינע לידער. ער האָט געקענט פולקאָם פיר שפּראַכן.

— אַזוי ווי רעמבאָ, — זאָג איך, — וואָס האָט ביי זעכצן יאָר שוין געשריבן די שענסטע ווערק פון זיין גאַנץ דראַמאַטיש לעבן...

-- אַך, רעמבאַ!.. — דערמאָנט זיך בער־האָפמאַן, — יאָ, האָפ־מאַנסטהאַלן וועט די וועלט ערשט דערקענען, פּאַראייביקן.

איך קוק אויף בער־האָפמאַן און פּרואוו זיך דורך אים פאָר־שטעלן די פיגורן, די פּנימער, פון דעם צאַרטן האָפמאַנסטהאַל, וואָס האָט דאָס שענסטע ליד געשריבן וועגן קינדער, וועמענס בלויע, שטוי־נענדע, ברייט־אויפגעריסענע אויגן קוקן אַריין מיט אַזוי פיל טרויער און גלויבן אין דער וועלט אַריין... אין דער צוקונפט...

-- שניצלער? ער האָט געמוזט זיין זייער קלוג! — זאָג איך.

-- יאָ, אַרטור שניצלער... די וועלט וועט אָפּקלייבן זיינע בעסטע ווערק און דורך זיי אים פּאַראייביקן. ער איז געווען זייער קלוג, זייער גאָבל, זייער אינטערעסאַנט.

-- און דעם באַהעם פּעטער אַלטענבערג וואָס האָט אַזוי וואונ־דערשיין געליבט קינדער, דרייצניאַריקע מיידלעך?..

-- פּעטער אַלטענבערג האָב איך געקענט נאָך דעמאָלט ווען ער איז נישט געווען קאָרומפּירט פון דער ליטעראַטור. ער איז געווען זומגעוויינלעך גייסטרייך. ער האָט אויף דער עלטער זיך אַליין קאָ־פּירט. איבערגעשריבן... אָבער איך האָב אים געקענט ווען ער איז געווען באמת גייסטרייך. ער האָט געהאַט פילע פעלערן. אָבער, מען מוז קענען ווין, כדי צו פאַרשטיין פּעטער אַלטענבערג... ווען איינער איז אַ ביסל אומנאָרמאַל, טרייבט ער עס איבער. דאָס איז געווען דער פאַל מיט אים. ער איז געווען אַ זעלטן־שאַרפזיניקער מאַן.

בער־האָפמאַן, האָב איך אַמאָל געהערט, האָט געוואוינט אין אַ שלאָס אין עסטרייך. עס איז אין אים געבליבן דאָס אַריסטאָקראַטישע. אויך, דער דראַנג צו איינזאַמקייט. איצט ליידט ריכאַרד בער־האָפמאַן אויפן האַרץ. ער קען זיך קוים באַוועגן. ער גייט ווייניק אַרויס. ער איז צוגעבונדן צום הויז.

איך פרעג אים:

—הער בער־האָפמאַן, שרייבט איר נישט אייערע מעמואַרן? עס וואָלט דאָך געווען אינטערעסאַנט פאַר דער וועלט ווען איר שרייבט אָן די אַלע רעמיניסענסן איבער גרויסע דיכטער, איבער באַרימטע פּערזענלעכקייטן.

— ניין. איך שרייב קיינמאָל נישט וועגן זיך. איך לייד עס נישט.

— איר זענט ווי די אַמאָליקע שרייבער. ווי די נביאים. מיר ווייסן גאָרנישט פון זייער לעבן. דער מאָדערנער שרייבער האָט אָבער אַ דראַנג זיך זעלבסט אויסצושטעלן. עס איז אַ מין גייסטיקער עקסהי־ביציאָניזם... אָבער דאָס לעבן פון גרויסע שרייבער אינטערעסירט אונז זייער.

איך געדענק נישט ווי אַזוי מיר האָבן אָנגעהויבן צו רעדן אי־בער היינען. איך האָב געזאָגט:

— היינריך היינעס ווערק האָבן אַ סך באַווירקט די אידישע דיכטער. דענקט איר נישט אַז היינע איז זייער אַ גרויסער פּאָעט? איך קען אים שטענדיק לייענען. ער איז אייביק פאַר מיר פרילינגס־פריש...

— געטע איז טיפער ווי היינע. היינע האָט אַריינגעבראַכט אַ סך נאָוואַטאָרישקייט אין דער ליטעראַטור. זיין פּראָזע איז זייער שיין. די לידער פון זיין שפּעטערדיקן פּעריאָד זיינען אינטערעסאַנט, בעסער ווי די לידער פון זיין ערשטן, ראָמאַנטישן פּעריאָד. יענע, די ערשטע, זיינען פול מיט ליבע און יוגנט און קראַפט. די לעצטע — ביטער, סאַרדאָניש, מענטשלעך און ליריש...

— דענקט איר נישט, הער בער־האָפמאַן, אַז היינע האָט פאַר־טונקלט בערנען? אַז בערנע האָט פּאַקטיש געשאַפן אין דער ליטעראַ־טור דעם זשאַנר פון פּאָליטישן פּעליעטאָן?

— ניין. בערנע איז קיין פּאָעט נישט געווען. ער איז געווען אַ גלענצנדער זשורנאַליסט. היינע איז געווען אַ גרויסער דיכטער וואָס האָט פאָראויסגעזען דעם היטלער־אויפשטייג אין דייטשלאַנד.

אויפן וואַנט הענגט אַ בילד פון אַ יונגער פרוי. מיט אַ לייכטנדיק, נאַאיוו, גלויביק און עקזאַלטירט פּנים. דאָס בילד איז פון ריכאַרד בער־האָפמאַנס מוטער. זי איז געשטאָרבן אין קימפּעט (קינד־בעט?), ווען עס איז געבוירן געוואָרן דער קליינער ריכאַרד... זי איז בלויז אַלט געווען דריי און צוואַנציק יאָר...

— דאָס איז שרעקלעך! זי זעט אויס צו זיין אַזאַ גוטער, צאַר־טער, לירישער מענטש. דאָס האָט געמוזט לייגן אַ שטעמפּל, אַ טראַ־גישן שטעמפּל אויף אייער גאַנצן לעבן, הער בער־האָפמאַן, און אפשר אויך אויף אייער שאַפן??!

— יאָ, דעמאָלט האָב איך זיך דערצויגן ביי איר שוועסטער, וואָס האָט מיך זייער גוט באַהאַנדלט. זי האָט מיר געגעבן אַן ערשט־קלאַסיקע דערציאונג, שולונג.

עס הענגען דאָ אויך פּאָרטרעטן פון ריכאַרד בער־האָפמאַנס זיי־דע און באָבע. פון זיינער אַן עלטער־באָבע — אַ רירנד, אידיש גע־זיכט, פול מיט טרויער און ליידן, מיט אַזוי פיל שיינקייט, עקזאַלטאַ־ציע, ליריזם אין אירע אויגן, אין איר געזיכטס־אויסדרוק...

ריכאַרד בער־האָפמאַן איז געווען אַן איינציקער זון. פון זיין פאָטערס צד הייסט ער בער. פון זיין אָנקל, ביי וועלכן ער האָט זיך דערצויגן, הייסט ער האָפמאַן.

איך פרעג אים צי ער קען פראַנצויזיש. צי ער לייענט די פראַנצויזישע פּאָעטן.

ריכאַרד בער־האָפמאַן דערמאָנט פראַנסואַ וויאָן, פון וועלכן ער האַלט שטאַרק. ער דערמאָנט וויקטאָר הוגאָ, אַרטור רעמבאָ, שאַרל באָדלער.

ווען איך זאָג אַז באָדלער איז דער גרעסטער מייסטער אין דער פראַנצויזישער פּאָעזיע, זאָגט ער אַז ער האַלט נישט דערפון. ער איז גרויס צווישן די אַנדערע. נישטאָ קיין „גרעסטער". וויאָן איז אויך גרויס, א. אַז. וו.

איך זאָג אַז וויאָן איז דער ערשטער פּאָעט וואָס שטייט אויף דער גרענעץ פון מיטלאַלטער און דער נייער צייט. ער זינגט דאָס קריסטלעכע קאָנפעסיע־ליד, וואָס ווערט אויך דאָס מאָדערן־סוביעק־טיווע ליד. ווערלען און באָדלער זיינען באַווירקט פון אים.

בער־האָפמאַן גיט צו:

— אויך בעראַנזשער...

— יאָ, בעראַנזשער... דער גאַסנזינגער פון פּאַריז... ער האָט אויך פון אָט די ביטער־איראָנישע, שמערצפול־לירישע טענער וואָס ציען זיך ווי זײַדענע פעדים, פון דעם רירנדן האַרץ פון פראַנסואַ ווי־לאָן... בעראַנזשער איז געווען דער באַרד פון פּאַריז... דער זינגער פון רעוואָלוציאָנערן פראַנקרייך..

איך זאָג:

— אַפילו דער רוסישער פּאָעט, סערגיי יעסענין, האָט געהאַט אָט דעם תשובה־טאָן, דעם לירישן געפיל, די טיפע האַרציקייט און די איראָניע פון ווילאָן..

— איך האָב געהאַט אַ פריינדין, אַ רוסין, וואָס פלעגט כסדר רעדן פון סערגיי יעסענין. — דערציילט דער פּאָעט.

די שטונדע ווערט פול. און מיר איז אַ שאָד אַוועקצוגיין פון דעם גרויסן פּאָעט ריכאַרד בער־האָפמאַן. אָבער, עס קומט אָן אַ שטילע, אַ טרויעריקע, אַ באַשיידענע, דאָס אידישע פליכטלינג־מיידל. דער דיכטער שטעלט מיך פאָר פאַר דעם דינעם מיידל, וואָס איז ענ־לעך, מיט איר פיינעם שמייכל, צו דער „אומבאַקאַנטער פון דער סען״, דאָס טויט־שמייכלענדע מיידל, וואָס מען האָט געפונען אין דער סענע, אַ צעלויכטענע, אַ גליקזעליקע, ווי נאָך אַן אַקט...

זי זעצט זיך צום שרייב־מאַשין. ריכאַרד בער־האָפמאַן גייט דיקטירן די בריוו פון זיין טייערער פּאַלאַן... געשריבן מיט פילע יאָרן צוריק, צו אים, צו דעם איצט אַלטן דיכטער, וואָס איז גליקלעך, וואָס איז דאַנקבאַר וואָס ער האָט געלעבט אַזוי לאַנג..

איך גיי ווידער דורך דעם קאָרידאָר. ריכאַרד בער־האָפמאַן ווייזט מיר ווידער אַלערליי בילדער... זייגערס שטייען אימפּאָזאַנטע אין די ווינקלען.. נישט מער אימשטאַנד זייענדיק צו באַוועגן די טויטע ווייזערס פון צייט. באַלמאַזירטע זעען זיי אויס, אין זייער גאָלדיקער פּראַכט, ווי שטומע, טויטע אינקאַס... איך דריק די האַנט פון דעם דיכטער ריכאַרד בער־האָפמאַן, מיט דער האָפענונג אים ווידער צו זען, ווען ער וועט צוריקקומען פון די אַדיראָנדאַקס, פון די וואונדער־שיינע בערג, וואו ער וועט זיך היילן זיין האַרץ, זיין געמיט...

ווען איך גיי אַרויס, בין איך רייכער מיט די אימפּרעסיעס פון אַ גרויסן פּאָעט, אַ פּאַריאַגטן פון זיין פּאָטערלאַנד. פון זיינע טייערע פריינט, פון דער פריילעכער וואַלסער־שטאָט ווין, וואו ער האָט פאַר־בראַכט אין כבוד און אין רום זיבעציק יאָר פון זיין לעבן. און דאָס וואָס איך האָב ערשט מיט אַ ווײַלע צוריק באַטראַכט, און דורכגעלעבט, ווערט שוין רעמיניסענס, ווערט שוין דערינערונג... דער קינסטלער אין אונז, דער טעאַטראַלער רעזשיסאָר, פאַרוואַנדלט אַלץ אין אונזער זכרון אין קונסט... טיילט אָפּ דאָס עסטעטישע. גיט אַדעקוואַטע פאָרם צו זאַכן. באַמיט זיך צו אָרדענען די זאַכן... באַמיט זיך אַריינ־צופירן צמצום, אָרדענונג, סיסטעם און קינסטלערישן אָפּקלייב אין אונזער דורכגעלעבטן לעבן... דער זכרון איז דער מאָגן פון די פּאַ־סירונגען, וואָס פאַרדייעט גייסטיק דאָס לעבן, פרעזערווירט די נויטיקע זאַפטן, און וואַרפט אָפּ דאָס אומנויטיקע, דעם אָפּפאַל... — — —

ווען איך גיי אַרויס פון ריכאַרד בער־האָפמאַנס הויז, באַזוך איך די קאַטעדראַלע פון סט. זשאַן. אויסערלעך, אַ ריזיקע געביידע. גראַנ־דיעז. נאָר ווען איך גיי אַריין אינעווייניק, טוט מיך אַ נעם אַרום דער קאַלטער, גרויער פעלז. די קאַטעדראַלע איז ריזיק לאַנג. אָבער איך פיל דאָ נישט ווי איך וואָלט באַדאַרפט צו פילן אין אַן איינזאַם געבעט־הויז. עס איז דאָ נישטאָ קיין גאָט. אַלץ איז אומגעווייגלעך הויך, קאַלט און פוסט. עס פעלט דאָ מענטשלעכקייט, אינטימיטעט. די מענטשן וואָס שפּאַצירן דאָ אַרום, ווערן פּשוט פאַרלוירן, ווי שטויב־לעך, אין דעם אומגעהויער. עפּעס זעט עס אויס ווי אין אַ טיפער גראָטע. די זיילן זיינען פון גרויען, קאַלטן שטיין. אַלץ איז פון שטיין. דאָס קריסטנטום, וואָס האָט זיך צוויי טויזנט יאָר צייט געיאָגט נאָכן פאַנטאָם פון ליבע און ליבשאַפט, האָט גאָר געבוירן דעם נאַציזם. פון אומטאָלעראַנץ, אומצוטרוי, קרייץ־צוגן, אינקוויזיציעס און מיטל־אַלטערלעכע פינצטערניש, ווערט געבוירן די ערגסטע פאָרם פון אומ־טאָלעראַנץ.

אַלץ האָט אַ מאָס. ווען אַ געביידע ווערט געבויט צו גרויס, ווערט זי אַ שרעק. דאָס רוימלעכע דערשרעקט. דערצו נאָך איז אויבן נישט פאַראַן קיין בלויער הימל, קיין גרינע ערד אונטער די פיס. קאַלטער שטיין קען נישט דערפרייען. עס פעלט דאָ פּשוט דאָס מענטשלעכע געפיל פאַר קעגנזייטיקער אַחדות. פאַר סאָלידאַריטעט. און מענטש איז פון אַנדערן מענטש אַזוי וויט, אַזוי אומענדלעך־וויט...

און שפּעט ביינאַכט, ווען איך גיי אַהיים, פון די שאָטנס פון דער נאַכט באַגלייט, מאַך איך זיך גרייט צו לייענען ווידעראַמאָל „יעקבס חלום". און וואָס פאַר אַ געוואַלדיקע אידיליע גייט דאָ אויף פאַר מיר. יעקב אבינו, דער צאַרטער, גאָלד־געלאָקטער אור־פאָטער פון אונזער פאָלק, ווי ער קעמפט, ליבט, טרוימט, און פאַרנעמט די שטימע פון גאָט. ווי שמעטערלינגען, אין אַ זומערנאַכטסטרוים, טאַנצן די מלאכים אַרום אים, ווי בינען גאָלדענע... און יעקב דערשיינט אַלס יענער ביבלישער האַמלעט וואָס פאָדערט גערעכטיקייט ביי גאָט. יעקב איז באַוואוסטזיניק פון דער היסטאָרישער מאַרטירער־ראָלע וואָס זיין פאָלק נעמט אויף זיך. יעקבן ווערט געגעבן די ברירה אויסצוקלייבן די צוקונפט פון זיין פאָלק ווי דאָס לעבן פון אַלע פעלקער, פון רויב, מאָרד, רציחה און זנות — אָדער צו ליידן, צו טראָגן די שנאה פון אַלע פעלקער, דורכצוגיין די ערד, פון לאַנד צו לאַנד, פאַרפאָלגט און געטריבן. אָבער צו שטייגן פון דור צו דור און זיך צו דערהויבן איבער זיין ערדישן אומגליק. צו די מאָראַלישע הויכן און ספּיריטועלע דערגרייכונגען. אין „יעקב חלום" ווערט אויף אייביק אָנגעצייכנט די היסטאָרישע מיסיע פון דעם אידישן פאָלק; די געטלעכע דערהוי־בונג איבער זייערע ליידן. זייער שטאָלץ, זייער אידלקייט און דער באַוואוסטזיין פון זייער היסטאָרישן שיקזאַל. זייער פּראַקטיק פון יאָר־טויזנטער וואָס מאַכט זיי צו קוקן אויף דער וועלט־געשיכטע מיט די אויגן פון אַן אוראַלט פאָלק, וואָס האָט אַלץ געזען און ווייסט אַלץ. און וואָס האָט ליב בעסער ווי ערדישע גיטער דעם דראַנג און דעם

קאַמף פאַר גערעכטיקייט און פּאָלקאָמענקייט.

מלאך מיכאל זאָגט צו יעקבן:

„וואָס איצט איז גרויס ביי פעלקער, וועט אויף שטויב צעריבן ווערן! גאָט לאָזט עס ווי שטויב פּאַרווייען! נאָר דו זאָלסט בלייבן; טויזנט טויטן שטאַרבן — און טויזנט מאָל פון טויט צוריק אויפ־שטיין!"

און אַזוי לייען איך ביז אין דער שפּעטער נאַכט די בלעטער פון „יעקבס חלום"... די אָפּערע פון מלאכים. ס'דערשיינט סמאל, וואָס איז אין דער דראַמע דער טייוול, מעפיסטאָפּעלעס, דער נעגאַטיוועער כוח פון דער וועלט. דער געראַנגל צווישן שלעכטן און גוטן. אָבער יעקב דריקט צו זיך דאָס צאַרטע שעפּסל, באַפרייט שקלאַפן, דרימלט איין, כדי צו חלומען דאָס שפּיל פון מלאכים און אין דעם פרי שליסט דאָס שפּיל גאָטס שטימע אַליין:

— „לאָזט טאָן די שטורעמס, שטערן זייער פליכט. כדי אַלץ זאָל זיך באַהעפטן אין הייליקע רינגען, האָב איך דעם לויף פון יעדער זאַך באַשוואוירן — די ערשטע שטראַלן פון מיין זון לאָזט קלינגען — די ווערק פון דער נאַכט זיינען אָפּגעטאָן!" און צום סוף שטייגט יעקב ווידער אַראָפּ צו די מענטשן אין טאָל — אַ נייער מענטש:

— „נישט יעקב!" צו אייך שטייגט אַראָפּ דער, וואָס האָט מיט גאָט געראַנגלט זיך — ישראל!" — — — — — — — — — — — —

די פענצטער זיינען אַלע פאַרלאָשן. די וואָלקנס טורמען זיך אין הימל ווי פינצטערע שטורעמס. עס איז אַ געוואַלטיקער מיסטעריע־שפּיל וואָס קומט פאָר אויף די האָריזאָנטן. הימלישע חיילות שלאָגן זיך, גרייטן זיך צו אַ קאָלאָסאַלער שלאַכט...

ריכאַרד בער־האָפמאַנס פיגור גייט אויף פאַר מיר אויפדאָסניי. אַ נאָבעלער מענטש, מיט אַריסטאָקראַטישע מאַניערן, האָט ער זיין געניוס געווידמעט צו אידישע טעמעס, צו די אַלטע תנ"ך־אידיליעס, און טראָגט דעם וואָס דאָס לעבן וואַרפט אים אַרויס פון זיין שלאָס, פון שיינעם ווין, פון גרויסן, ליבעראַלן אייראָפּע, וואו ער האָט אַוועקגע־שטעלט זיין מאָנומענט פון אַ גרויסן דיכטער און דראַמאַטורג — דאָך פאַרצווייפלט ער נישט. עס איז די קראַפט פון יעקבס חלום וואָס האַלט אים געבונדן אין געדולד, אין אינערלעכער רו, אין געוואַלטי־קער אומדערשיטערלעכקייט. ווייל דער וואָס האָט זיבעציק יאָר צייט געלעבט אין אַ רעזידענץ־געגנט אין ווין, האָט געטיילט דעם לוקסוס פון דער גרויסער שטאָט, האָט זעלטן זיך באַגעגנט מיטן מאַסנאיד פון אייראָפּע, פון מזרח, האָט געקריגן די שענסטע דיכטער־אויסצייכע־נונגען — דער דאָזיקער טיילט צום סוף דעם גורל פון זיין פאָלק. אַזוי איז עס צוגעגאַנגען מיט אַלע גרויסע אידישע שטאַטסמענער, פינאַנציסטן, דענקער, דיכטער, קעניגלעכע יועצים — זיי טיילן דעם גורל פון זייער פאָלק, אויב זיי ווילן פאַרבלייבן אידן... אויב זיי ווילן זיך נישט אָפּשיידן פון זייער פאָלק. און בער־האָפמאַן, וואָס האָט ספּיריטועל זיך געווידמעט דער אידישער מיסיע, דעם אידיש־היס־טאָרישן גורל און האָט אין אַלע זיינע ווערק זיך געווידמעט דעם אידישן שיקזאַל, האָט אויך נישט אויסגעמידן דעם שיקזאַל פון זיין פאָלק.

דאָס וואָס ער האָט נביאיש פּאַראויסגעזען, איז מקוים געוואָרן.

אין יאָר 1938 ברעכן זיך די היטלער־האָרדעס אַריין קיין עסטרייך. זיי פאַרכאַפּן די שטאָט ווין. פאַר די עסטרייכישע אידן הויבט זיך אָן דאָס טראַגישע קאַפּיטל: פּאָגראָמען, עקסצעסן, פאַרפאָלגונגען, פאַר־טרייבונגען פון לאַנד און קאָנצענטראַציע־לאַגערן. אין יאָר 1939 גייט בער־האָפמאַן אַריבער די גרענעץ אין דער שווייץ. מיט אים איז זיין געטרייע פרוי, פּאַאָלאַ, וועלכע איז צו שוואַך צו איבערלעבן די אַלע שרעקן. זי שטאַרבט אין דער שווייץ, לאָזנדיק דעם פּאָעט אויף זיינע לעצטע יאָרן ביטער יאָמערן איבערן טויט פון זיין טייערער פרוי. פון דעם מאָמענט אָן, ביז צו זיין קומען קיין אַמעריקע אין נאָוועמבער, 1939 — שוין ביז צו זיין טויט אין סעפּטעמבער 26, 1945, וועט בער־האָפמאַן אַרבעטן איבער אירע בריוו, און די מעמואַרן איבער זיין פרוי פּאַאָלאַ... אין יאָר 1944 דערשיינט אַ פראַגמענט פון זיינע דערינערונ־גען אונטערן טיטל: „הערבסטמאָרגן אין עסטרייך״...

אין יאָר 1936, אין פרילינג, באַזוכט בער־האָפמאַן דאָס לאַנד פון יעקבס חלום, ארץ ישראל. און דאָרטן, טראָגט זיין עלטער און זיין שוואַכקייט, וואַנדערט ער אַרום איבער די היסטאָרישע פלעצער וואָס זיינען פול מיט די פּיס־טריט פון די נביאים, פון די אָבות. דאָרטן, אין דער פלאַמענדיקער תנ״ך־אַטמאָספערע, קומען צו אים צוריק זיינע העלדן, דערשיינט ווידער יעקב אבינו און דוד המלך... די גע־שטאַלטן פון דער אידישער ביבלישער דראַמע גייען צו אים ווידער אויף אין ברענענדיקע אָרעאָלן... אָן אַלטער דיכטער, ערב זיין טויט, ערב דאָס שטאַרבן פון זעקס מיליאָן ברידער און שוועסטער פון זיין פאָלק און ערב די פּראָקלאַמירונג פון דער אידישער מדינה, דערזעט ער ווידער דאָס הייליקע לאַנד פון די אָבות...

— — — — — — — — — — — —

און די וואָלקנס טורמען זיך און עס איז ווי יעקבס חלום וואָלט ווידער אויפגעגאַנגען ערגעץ אויף אַ הימלישער באַרג־לאַנדשאַפט, מיט שטורעמדיקע וואָלקנס אָרנאַמענטירט און דעקאָרירט... און עס איז דעם מלאך מכאלס שטימע וואָס שאַלט אַראָפּ פון דער נאַכטיקער הימלס־פּאַנאָראַמע:

„דו — פון גאָט דערוויילט פאַרן עדות
פון זיינע וואונדער — דו וועסט זיי פאַרקינדיקן...
און לענדער, אינזלען, אַלע וויטן הערן!
ביז יעדע קני וועט פאַר דעם זיך בויגן
און יעדע צונג וועט אים אַליין נאָר שווערן!
וואָס דו וועסט — פון דער טיפסטער נויט — גאָט בעטן,
גיט לשון יעדן ווי, וואָס האָט זיך לאַנג
געראַנגלט שטום, דיין וואָרט שמעטערלט איבער רינגען,
אויף הייליקע קרוינען, וועט פאַר פעלקער ווערן
דער זיג — און דאַנק — אין פרייד־געזאַנג;
די וויגן בענטשט עס און עס הייליקט קברים,

באַלוינט, באַשטראָפט און טרייסט — באַפרייט, פאַרדאַמט!..
גאָט צינדט דיך פאַר אַן אייביקן פאַקל אויף,
וואָס אויף די וועגן פון די פעלקער פלאַמט!
האַרט, שטאַר, עקשנותדיק מאַכט ער דיין נאַקן —
לאָדט ער דיר משא אָן, גיט ער אויך קראַפט —
זיי ס׳ליכט פון פעלקער! בלינדע אויגן עפן!
פון פינצטערניש און פון געפאַנגענשאַפט
פיר די געפאַנגענע אַרויס... גאָט גליט
און האַמערט אויס דיך פאַר דעם הייליקן פאָלק,
שטעלט דיך אַוועק — אַרום כוואַליעט זיך און גייט
די צייט... דו וואַקסט — און ווערסט דער פונקט און אייביקע מאָס
אויף וואָס עס מעסט זיך טריישאַפט, האָפנונג און לייד! דו ווערסט"...

**איך בין מיד. איך דרימל איין. די טונקעלע, שטורמישע וואָלקנס לייכטן אויף, ווי יעקבס גאָלדענע לאָקן. עס ווערט אַ געזשומעריי פון בראָנדזענע פליגל. יעקבס חלום הויבט זיך אויפסניי אָן... אויפ־דאָס ניי... און ווידער שאַלט גאָטס שטימע... די זעלביקע שטימע וואָס האָט געשאַלט צו די נביאים... צו משה... צו אברהם, יצחק און יעקב... צו איוב... צו דוד המלך...**

**דער איינזאַמער פּאָעט פון דער לוסטיקער, פריילעכער וואַלסער שטאָט ווין איז נישט פאַרטרינקען געוואָרן פון פרייד און נישט פאַר־טויבט געוואָרן פון באַצויבערנדיקער מוזיק... אין מיטן פון פרייד און טומל הערט ער זיך צו צו זיין היסטאָרישן רוף... און ער שליידערט זיין טרייסט־וואָרט — די צוזאָגנדיקע שטימע פון גאָט... ערד־ציטער־נישן ברעכן אויס. אין אַ קאַלעך־אויוון ווערט געוואָרפן דאָס אידישע פאָלק... פלאַמען פאַרצוקן עס... דער פּאָעט איז שוין איצט אַלט און שוואַך... פאַרטריבן פון זיין היימלאַנד... נאָר דאָס שפּיל גייט אָן הויך איבער די וואָלקנס... יעקב איז מיט אונז... אַלע כאַראַקטערן פון תנ"ך, מיט קרוינען גאָלדענע אויף זייערע גרייז־גרויע קעפּ, רינגלען אונז אַרום, זיינען מיט אונז אין די קאַלעך־אויוונס אַוועקגעוואָרפן... דניאלס שטימע הילכט ביז צום הימל... און דער גאָלד־געלאָקטער יעקב פאַרלירט נישט זיין געדולד... גאָט האָט גערעדט דורך אים צו אַלע דורות פון ישראל!.. גאָט האָט פאַרזיכערט די אייביקייט פון ישראל...**

ניו־יאָרק, יוני 1942.

---

באַמערקונג:

**די כערזן פון „יעקבס חלום" זיינען גענומען געוואָרן פון דער אידישער איבערזעצונג, געמאַכט פון דעם דיכטער נפתלי גראָס.**



# די דיכטערין פון ירושלים

(עלזע לאַסקער־שילער)

אין ירושלים איז געשטאָרבן די דיכטערין עלזע לאַסקער־שילער, אין דעם עלטער פון אַכט און זעכציק יאָר. די דייטש־אידישע דיכטערין איז געווען דורך איר גאַנצן לעבן אַ הייסע ציוניסטקע. אין איר האָט געשלאָגן אַ הייס, אידיש האַרץ. איר ליבשאַפט פאַר ירושלים האָט עפּעס פון די אַלטע, גרויסע ראָמאַנסן, וואָס דיכטער און הייליקע האָבן געטראָגן אין זייערע הערצער. עס דערמאָנט אין אונזער גרויסן דיכטער־דענקער פון שפּאַנישן גאָלדענעם פּעריאָד, ר׳ יהודה הלוי, וואָס האָט אַזוי ראָמאַנטיש געבענקט נאָך ירושלים, צו דער ערד פון ארץ ישראל. ווי דער גרויסער דיכטער האָט דערגרייכט, לויט דער לעגענדע, ירושלים און איז דאָרט אויסגעגאַנגען.

עלזע לאַסקער־שילער האָט אַ סך לידער געווידמעט צו דער הייליקער שטאָט ירושלים. מיט וועלכן גרויסן ציטער זי שפּילט אויס די דאָזיקע לידער אויף איר קאָלירטער גאָלדענער האַרף. איר אָרעם ראָמט איין ירושלים ווי אַ הייליק בילד. ירושלימס וואָלקנס — דאָס זיינען אירע בלויע אויגן.

פּעטער הילע, וועמען די דיכטערין ווידמעט אַ גאַנץ בוך פון ליכטיק־אָנגעצונדענע פּראָזע, זאָגט אין אַ פאָרוואָרט צום בוך לידער „העברעאישע מעלאָדיען", פון עלזע לאַסקער־שילער, אַז זי איז געווען ווי די ביבלישע דבורה אין דער מאָדערנער פּאָעזיע. ער רופט זי:

„דער שוואַרצער שוואַן פון ישראל". און עס איז באמת אומדענקבאַר נישט צו זען אין עלזע לאַסקער־שילער די העברעערין, די ביבליש־אידישע טאָכטער, וואָס האָט אַזוי שמערצפול־טיף ליב געהאַט דעם תנ"ך. און איז דען נישט איר דיכטונג — ווי שטיקער תנ"ך? ווי שטיקער תהלים?!

עלזע לאַסקער־שילער איז געווען עפּעס מער ווי אַ דיכטערין, אויב דיכטונג מיינט דאָס רעדוצירן זיך צו געדרוקטע שאַפונגען און אַליין לעבן אַ גרוי, בלייך לעבן. אַ לעבן פון פּאָליטיק, אַ פּוסט, פּריוואַט לעבן. דאָס איז נישט געווען דער פאַל מיט אונזער העלדינע. זי איז געווען די לעצטע גרויסע ראָמאַנטישע פּאָעטעסע. זי איז געגאַנגען אין די טראַדיציעס פון יענע גרויסע געשטאַלטן פון דער וועלט־ליטעראַטור, וואָס דיכטונג האָט פאַר זיי געמיינט — לעבן. וואָס האָבן זייער גאַנץ לעבן, זייער יעדער שטונדע, טראַנספאָרמירט אין דיכטונג. און זי, די דאָזיקע קליינע פרוי, מיט די טונקל־צעפלאָשעטע האָר, מיט אויגן גרויסע, טרוימענדע, שוואַרצע, ווי שוואַרצער דיאַמאַנט, מיט איר שוואַכן גוף און דעליקאַטן געזונט־צושטאַנד, האָט געלעבט איר דיכטונג. זי איז געוואָרן צו אַ ליד. צו אַ קינדער־מעשהלע. צו אַ לעגענדע. צו אַ פּרינצעסין. איר דיכטונג — דאָס איז איר פאַרביק לעבן. איר דיכטונג — דאָס איז אַ טיף־לירישע שאַפונג, וואָס וואָרצלט אין דער טיפעניש פון איר גרויס, מענטשלעך, פרויאיש האַרץ. אין אירע באַגערן. וואָרצלט אין דער אור־צייט.

עלזע לאַסקער־שילער מאַכט אַליין איר הימל און איר ערד. זי שטעלט אַליין אַוועק אירע מאַרמאָרנע פּאַלאַסטן. אירע דענקמעלער פון בראָנדז און פון גראַניט. זי צינדט אַליין אָן מיט איר אייגן פייער אַלע לאָמפּן. זי זעצט אויס די גלענצנדע סוויטע. זי פייערט דעם גרויסן מאַסקנבאָל פון דער דיכטונג. דיכטונג קריגט ווידער אַ תיקון. דיכטונג ווערט צו לעבן געבראַכט. און בלויז ווייניקע וואָגן אויף דער ערד, אין טומל פון שטאָט, אין געמויש פון מאַשינען, צו לעבן זייער לעבן פון דיכטונג. בפרט אין אונזער צייט, ספּעציעל צווישן די ביידע וועלט־מלחמות און אין דער קאַטאַסטראָפאַל־גראַנדיעזער צוגריי־טונג צו אַדריטער וועלט־מלחמה. עלזע לאַסקער־שילער האָט געוואַגט. רעספּעקט צו דער דיכטערין! זי האָט געלעבט אין קאַפע, אַלאַ די באָהעמען, אַרומגערינגלט פון יונגע און עלטערע פריינט, פון קינסטלער. זי איז געווען אַ באָהעם, אַ ציגיינערין. שטענדיק אין פיבער. אין אַ געשטייגערטן געפיל. זי איז געווען די מיטאַרבעטערין פון די מערסטע מאָדערנע צייטשריפטן און זשורנאַלן. די אָנטיילנעמערין פון מאָדער־נע ליטעראַטור־באַוועגונגען. שטענדיק — דאָס דינאַמישע לעבן זעלבסט. דאָס מולטי־קאָלירטע לעבן פון דער דיכטונג, וואָס צו אַלע צייטן האָט מען עס געצוואונגען צו באַדינען אַלערליי סאָציאַלע באַוועגונגען. אָבער אַז די דיכטונג זעלבסט איז אַ וועלט פאַר זיך, וואָס מעג זיך אַליין באַדינען, איז ווייניקע איינגעפאַלן. און נאָך ווייניקערע האָבן געוואַגט צו לעבן די דיכטונג.

און עלזע לאַסקער־שילערס דיכטונג, דאָס איז אַ גרויסע, אַן אינ־טימע דיכטונג. יעדעס ליד איז אַ נייע אַנטפּלעקונג פון איר האַרצן. יעדעס ליד איז אַן אויסגעשריי פון איר נשמה. יעדעס ליד איז אַ שטיק לעבן, אָפּגעריסן פון איר רייך־פּולסירנדיק און שפּרודלדיק לעבן. אין איר דיכטונג פלאַמען די קעפּ פון נביאים. אין איר דיכטונג צינדן זיך די הערלעכע קעפּ פון תנ״ך. זי דיכטעט אין די „העברעאישע מעלאָדיען״ לידער וועגן חוה, הבל, יוסף הצדיק, דוד המלך, אסתר המלכה, קעניג שאול, רות, בועז, שלמית, משה רבינו און אַלע יענע אידיליש־פּאַסטאָראַלע און פּאַטריאַרכאַלישע געשטאַלטן פון די ברייטע בלעטער פונם אייביק־אָפענעם תנ״ך, אָפן צו די אויגן פון אַלע פעלקער.

עלזע לאַסקער־שילער פאַרגעטערט אַנדערע. זי טוט אָן אירע דיכטער־פריינט אין קרוינען. איר יעדעס ליד איז צו עמעצן געוויד־מעט אין ליבשאַפט. אַזוי אַז אירס אַ באַנד לידער שטעלט מיט זיך פאַר אַ שטיק קולטור און ליטעראַטור־געשיכטע.

איר ליד איז שטענדיק געווענדט צו עמעצן. זי האָט מיט פייער אין האַרצן אויפגעהאַלטן די גרויסע ליבע צו מענטש, אַפילו ווען דאָס לאַנד איז געוואָרן נאַציזירט. אַפילו ווען איר לאַנד, דייטשלאַנד, איז געבראַכט געוואָרן צו שאַנד און צו מאָרד.

זי רעדט אויפן אָריענטאַלישן אופן, אויפן שטייגער פון ראַבינ־דראַנאַט טאַגאָרעס דיכטונג: צום פריינט, צום אייביקן געליבטן. זי שענקט אים אין בלויע וואָלקנס איינגעהילטע גריסן. פון די ליפּן — ערשט־אויפגעבליטע, אָפּגעפּליקטע קישן. זי שענקט אים איר האַרץ —

איידער זי צעפּליסט שווערמעריש אין דעם ליכט פון באַגינען. אין דעם בונטן שטראָם גאָלד פון מאָרגנרויט.

עלזע לאַסקער־שילערס ליבע־לידער האָבן די גרויסע נאַאיווי־טעט און שיינקייט, אין וועלכע די גאַנצע נאַטור, דער הימל מיט זיינע שטערן, נעמען אָנטייל. עס איז דאָס גרויסע, דאָס אינטימע ליד פון ליבע, אומבאַפלעקט דורך די צייטן, ווען אויך דער מענטש איז צום חוזק, צום ביטערן שפּאָט געבראַכט. די איינזאַמע דיכטערין זינגט דורכן בלויען רוים איר אָנגעצונדן ליבע־ליד.

עלזע לאַסקער־שילער איז אין איר פּאָעזיע די מוטער, די טאָכ־טער, די פרוי, די געליבטע, די פריינדין און די טרוימערין. רירנד איז דאָס ליד וואָס איז געווידמעט צו איר מוטער: עס ברענט דאָס ליכט אויף מיין טיש די גאַנצע נאַכט, פאַר מיין מוטער. מיין האַרץ ברענט אונטער מיין שולטער־בלאַט, פאַר מיין מוטער.

וואָס קען שוין זיין אינטימער ווי די הייליקע דיכטונג פון אַ מוטער צו אַ מוטער. האָט נישט היינריך היינע, דער קלוגער איד, דער טראַגישער לץ, דער גרויסער עסטעט און דער העלדישער שטריי־טער מיט אַ גאַנצער וועלט, צום סוף פון זיין לעבן אויך געזונגען דאָס אינטימע, דאָס רירנד־טראַגישע ליד צו זיין מוטער, ביי וועמענס שמערצפולן לעבן ער האָט מורא געהאַט צו שטאַרבן . . .

און אָט איז זי אַליין, די דיכטערין, שוין אַ מוטער. די ענטוזיאַס־טיש־אָנגעצונדענע מוטער צו איר קינד, וואָס איז אַוועק אין דער איי־ביקייט. דו דערקענסט אין איר פּיבעריש־טרוימענדיקער דיכטונג ווי שיין איר קינד האָט געמוזט זיין. דאָס ליכט פון אים איז געבליבן טריפן נישט נאָר אין איר האַרץ, נאָר אין אירע פערזן: זע ווי די מלאכים וויינען, אין ווינט און אין שניי־רעגן — זאָגט זי און זינגט זי אין אַ ליד צו איר קינד. און ווען די לבנה שטייט אין פולן בלי, איז עס ווי דיין לעבן, מיין קינד. איך האָב ליב די ווענט פון דיין ליבן צימער, וואָס איך באַמאָל מיט דיין צאַרט, אינגליש געשטאַלט. און די שטערן וואָס פאַלן, דאָס זיינען די שווערע טראָפּנס טרערן פון מיין האַרץ.

דאָס וויינט נישט בלויז די אידישע מוטער אויפן טויט פון איר אייגן קינד. עס וויינט די אידישע דיכטערין אויפן אונטערגאַנג פון דער יוגנט. אויפן אַוועקשטאַרבן פון דער שיינקייט. דאָס וויינט די דיכטערין, אין טרויער אויפן אייביק־פאַרגענגלעכן אין דער וועלט, וועמענס טרויעריקער שאָטן בלייבט בלויז אין דער דיכטונג. דו טראַכסט דערביי וועגן דעם מיליאָן אומגעקומענע אידישע קינדער, וואָס די נאַציס האָבן זייער יונג בלוט אויסגעצאַפּט און אין גאַז־צימערן פאַר־ענדיקט און אין די קרעמאַטאָריעס צו אַש געמאַכט. דאָס האָבן געטאָן די דייטשן, צו וועמענס שפּראַך, קולטור און ליטעראַטור די אומצייליקע אידישע קינסטלער, ווי היינריך היינע, לודוויג בערנע, ריכאַרד בער־האָפמאַן, אַרטור שניצלער, יאַקאָב וואַסערמאַן, עמיל לודוויג, פּעטער אַלטענבערג און עלזע לאַסקער־שילער האָבן געבראַכט אַזוי פיל שיינ־קייט און פּאָעזיע.

אין דעם דינעם בוך לידער „מיין בלויער קלאַוויר", וואָס איז שוין דערשינען אין ירושלים, אין יאָר 1943, זאָגט עלזע לאַסקער־שילער אַז זי ווידמעט דאָס בוך אין געטריישאַפט צו די פריינט און פריינדינס אין דייטשע שטעט, און צו די אַלע וואָס זיינען, ווי זי אַליין, פאַרטריבן און פאַרוואָגלט געוואָרן אין דער וועלט.

אין דעם דאָזיקן דינעם בוך האָט די דיכטערין געצייכנט אירע לעצטע צאַרטע און דעליקאַטע לידער. זי האָט זיך נישט דורך די אַלע יאָרן געענדערט אין גייסט און אין כאַראַקטער. זי איז געבליבן די זעלבע איינזאַמע דיכטערין, פרינצעסין, מעשהלעך־דערציילערין, פרוי, מוטער, געליבטע, פריינדין, העברעערין, ציוניסטקע און טרוימערין.

דער בלויער קלאַוויר — ציטערנדיק שפּילן אויף אים די שטערן־הענט. די ראַצן טאַנצן אין קעלער. די לבנה־פרוי זינגט. זי עסט, די דיכטערין, ביטער ברויט און זי באַוויינט די בלויע טויטע. זי שפּילט אויס איר ליד אויפן בלויען קלאַוויר. דאָס אַלץ איז אמתער רעקוויזיט פון דער ראָמאַנטישער פּאָעזיע.

זי שרייבט וועגן אַ פּאָעט — אַ הימנע. עס איז געוועזן ווי דאָס רעדן פון אונטן־רויט, פון דער אַנדערער וועלט. די גריכן האָבן אים פון די שפּליטערס פון די מאַרמאָרנע דענקמעלער געשענקט אַפּאָלאָס שמייכל. זיין וואָרט איז געוועזן טרייסט. צווישן לויכטנדיקע ליכט, און טעמפּלשאַל פון זיינע תפילות, שלינגט איר זעלע זיין ליד. אין הימל שפּראָצט די רויז פון זיין האַרצן. מען דערקענט אַז זי מיינט אינם דאָזיקן ליד היינריך היינען, וואָס האָט אויך ווי זי געלעבט צווישן די דייטשן און וואונדערלעכעס אויפגעטאָן מיט זייער האַרטער, מי־ליטערישער שפּראַך. עלזע לאַסקער־שילערס דייטשע שפּראַך ציטערט, וויברירט און קלינגט ווי די צאַרטסטע מוזיק, פול מיט אַ ווייבלעכער איידלקייט. דיכטונג און דיכטער — דאָס איז איר לעבן און איר דיכ־טונג. זי האָט אין איר לעבן געפירט ראָמאַנען מיט דיכטער. איר לעבן — דאָס איז דאָס לויכטן פון אַ זון אויף די קעפּ פון די דיכטער. אין אירע בריוו און מעשהלעך צייכנט זי פאַרביקע קרוינען פאַר אירע דיכטער־פריינט. פראַנץ ווערפלען רופט זי: „דער פרינץ פון פראַג". זי ווידמעט אַ בוך פון פּאַטעטיש־גע־צונדענער פּראָזע צום לירישן דיכטער, פּעטער הילע, אַ וואַלד־מענטש, אַ שטיק אוראינסטינקט, אַ נאַטור־טיפּ. אין דעם דאָזיקן בוך צום באָהעם פּעטער הילע דערהויבט זי אים צו אַ הייליקן. צו אַ נביא. זי, די בעדואינערין, די העברעאישע טאָכטער.

עלזע לאַסקער־שילער שרייבט דאָס רעליגיעזע ליד. טיילמאָל דאַכט זיך דיר אַז דו לייענסט פערזן פון דעם פאַרטראַכט־רעליגיעזן ווירטואָז ריינער מאַריאַ רילקע, אָדער פון דעם פּאָעט פּאָל ווערלען. אָבער, דאָס איז נישט ריכטיק. עס איז איר אייגן געבעט צו גאָט. עס איז דאָס אינטימע תהלים־ליד פון איר האַרצן. זי זינגט, צום ביישפּיל: אָ, גאָט, היל מיך איין אין דיין מאַנטל. איך האָב געבראַכט מיין ליבע צו דער וועלט. איך זוך אַ לאַנד וואָס אַ מלאך שטייט ביי זיין טויער. איך טראָג זיינע גרויסע פליגל, שווער־געבראָכענע איבער דער פּליי־צע. איך טראָג אויף מיין שטערן זיין שטערן אַלס זיגל.

צו גאָט, אין אינטימיטעט, אין טיפער איינזאַמקייט, זיינען אירע לידער געוואָנדט. אַ גרויס, אַ טרויעריק קינד שמועסט זיך אויס מיט גאָט. זי דערציילט אים פון איר טרויער. ווארום אויף דער ערד, ווי זי באַקלאָגט זיך אין אַ ליד, האָט זי נישט מיט וועמען צו רעדן וועגן ליבע. זי, די פּרינצעסין פון ליבע . . . זי, וואָס בויט צו יהוה אַ טעמפּל פון אייביקן הימלס ליכט . . .

און נישט נאָר דער רבונו של עולם אַליין, נייערט אויך זיינע דינער, די מלאכים, פילן אויס די רוימען פון איר ציטערדיק־רעליגיעז ליד. מלאכים שפּילן פאַר איר אויף בלויע טאַצן. מלאכים ברענגען פאַר איר אין ראָזן האַלץ. מלאכים, דאָס זיינען אירע אינטימע פריינט. זיי שמייכלען און זיי וויינען. זיי קלאָגן מיט איר מיט. אין איר טעמפּל פון דיכטונג שוועבן מלאכים רייך און בלענדנדיק, ווי אויף די גאָלדיקע בילדער פון אַלט־איטאַליענישע מייסטער.

לעבנדיק אויף דער ערד, חלומט זי פון הימל. זינגט זי וועגן הימל: ווען איך שטאַרב אין וועג, זאָגט די דיכטערין צו איר געליבטן, קומסטו און טראָגסט מיך אין בלויען הימל אַריין . . .

זי זוכט אומאויפהערלעך איר הימל . . . אָט שוועבט זי אַן איינזאַמע דורך די וועלטן. זי אַנטציפערט די שטערנגליפן און די לבנה־צייכנס. אין אַ קלייד פון צוויפל איז זי געווען אָנגעטאָן. און אַלע בילדער וואָס זי האָט פון דער ערדישער וועלט געוואונען, און אויך יענע וואָס זי האָט אויסגעטראַכט, פאַרלירט זי אין איר פלוג. זי שוועבט אַן עקסטאַטישע אין דער סטראַטאָספערע, בשעת איר האַרץ איז מיט גאָט באַוואָפנט. אָפטמאָל טרוימט זי זיך אַזוי וויט פון דער ערד, אַזוי ווי זי וואָלט געווען געשטאָרבן. אָבער וועלכע וויזיעס פון וועלטן לויכטן אויף אין אירע הימלישע אָדיסייעס.

דער לייענער פילט, לייענענדיק עלזע לאַסקער־שילער, אַז דאָס איז עפּעס מער ווי דיכטונג, געקליידט אין אַ בריליאַנטענער פאָרם. דו פילסט אַז דו שטייסט דאָ פאַר אַן אויסערגעוויינלעכער דערשיינונג. אַז די דיכטערין לעבט און ציטערט דורך איר דיכטונג. אַז זי לעבט נישט קיין אַנדער לעבן אויסער דאָס לעבן פון דער דיכטונג.

„עס איז אַזוי טונקל היינט אויפן הייליקן הימל . . . איך און דער אָוונט־וואָלקן זוכן די לבנה . . .״ זי לעבט מיט איר הימל און זי הענגט אָפּ פון זיינע שטימונגען. פונקט ווי זי לעבט מיט אַלע זאַכן פון דער ערד, פון וועלכע עס גייט אַרונטער אַ שמערץ און לעגט זיך איבער איר. דער דאָזיקער ווייטיק צווינגט איר צו זינגען און זי ווײנט דעמאָלט ביטער.

עס איז די דיכטונג פון דער וועלט וואָס באַזעצט זיך אין האַרץ, הויך איר ליד צו זינגען. דער טרויער איז איר לייבלעכע שוועסטער. עס איז דער טרויער, וואָס לעגט זיך אין איר ליד אַזוי ווי אַ בלויער טוי. די קרוין ציטערט. די טרויעריקייט איבערוועלטיקט איר, ווי דאָס טויבע נעפּל וויינען פון אַ שטאָט. — מיין האַרץ איז ווי אַ גרויסע טרומנע. מיינע האָר פליען ווי טרויער־שלייערן איבערן ים. זיי דער־גרייכן צו דער שטאָט. דער טרויער ווערט צו פּאָעזיע אין דער דיכ־טערינס האַרץ.

עלזע לאַסקער־שילער האָט אויך געשריבן קינדער־מעשׂהלעך. דאָס זיינען דיכטונגען פון טיפער שיינקייט. אַזאַ הייליקייט נעמט זיי דורך. די פּראָזע איז אַזוי ריין, קרישטאַליזירט און אידעאַליסטיש, ווי איר פּאָעזיע. דאָ איז זי די פּריסטערין פון ליבע. דאָ איז זי אור־האַפּטיק. עס איז אַ פאַנטאַסטיש קינד וואָס רעדט דורך די יאָרטויזנטער צו אַלע קינדישע מענטשנדורות.

זי גייט אין דער פאַרביקער וויסטעניש. שטורעמס זיינען זיך מטריח און שטויבן אָפּ אירע זילבערנע סאַנדאַלן, זאָגט וועגן איר פּאָעטיש פּעטער הילע. דער אָריענט לויכט דאָ אויף אַזוי פּריש ווי אויף אַ נאָך־פּייכטער גאָלד־מאָלעריי. פאַנטאַזיע האָט דאָ נישט קיין גרענעץ. יעדעס פּיצל רעאַליטעט וואָס זי באַזיצט נאָך, צעשמעלצט זיך ווי אַלט גאָלד אינם פייער פון איר פאַנטאַזיע. אין איר פּאָעטישער פּראָזע לויכט זי נאָך מער אויף. נאָך רעגנבויגנדיקער און רייכער, אַז ווי אַ מולטיקאָלירטער שטערן. דאָ שלייכט זי מיט אָנגעצונדענע פאַנטערעס אין דער נאַכט. דאָ גייט זי אויף ווי אַ פּרינצעסין. און זי נעמט אירע איינבילדונגען ערנסט. ביז הייליקן וואַנזין.

עלזע לאַסקער־שילער האָט אירע שאַפונגען אַליין אילוסטרירט. דער בעכער פון איר קונסט שוימט שאַמפּאַניערדיק אַריבער. און זי מוז זיך אַפילו באַהעלפן מיטן פאַרבנטריפנדיקן פּענדזל. אירע אי־לוסטראַציעס — דאָס זיינען דיכטונגען אין קאָליר. און דאָ מאָלט זי קרוינען פון אינדיאַנער. די יאַגד־קרוין. די שפּיל־קרוין. די קרוין פונם פרומען. קרוינען וואָס באַדעקן די קעפּ פון בערג. קרוינען ווי די זונען. קרוינען — שווער באַשמידט מיט גאָלד. קרוינען וואָס מאַכן וואַנזיניק, אַזוי רייך און אַזוי פאַנטאַסטיש זיינען זיי.

אין יאָר 1919 זיינען אין בערלין, ביי פּאָל קאַסירער, דערשינען אירע באַרימטע ביכער מיט מעשׂהלעך: „די נעכט פון טינאָ פון באַג־דאַד"; „דער מאַליק — אַ קייזער־געשיכטע"; „דער פּרינץ פון טעבען"; „דאָס פּעטער הילע־בוך"; „די געזאַמלטע געדיכטע" — ביי קורט וואָלפס פאַרלאַג (1917) די דאָזיקע אַלע ווערק זיינען טעמפּלען פון לוי־טער פאַנטאַזיע. די רעאַליטעט ווערט דאָ אינגאַנצן צעשמאָלצן אין דעם גרויסן עגל־פייער פון דיכטונג. איר גאַנצע צירונג שליידערט זי אָן עקזאַלטירטע צו די בעטנדיקע, פלאַמענרויטע הענט פונם פייער, וואָס פאַרצערט דאָס און מאַכט דאָס צו וועלט־דיכטונג.

אין עלזע לאַסקער־שילער פּילן זיך אויך קריסטלעכע טענער. באַזונדערס איז עס קענטיק אינם פּעטער הילע־בוך. די אידישע פרוי, אַ טיף־רעליגיעזע נאַטור, איז מיטגעריסן געוואָרן דורך עוואַנגעליש־קריסטלעכער מיסטיק, וואָס דאָס איז געווען דער פּאַל אַפילו ביי אַזאַ גריך, געצנדינער און שמערצפולן נאַזאַרענער, צום סוף פון זיין לעבן, היינריך היינע, באַזונדערס אין געוויסע פון זיינע באַלאַדן. צו אָפּט פּילט זיך אין איר פּראָזע דער קריסטלעכער אָרגל־טאָן, ווי די האַרף פון בית המקדש, וואָס שפּילט אַזוי רייך און אָרקעסטראַליש אין איר דיכטונג. דער איינפלוס פון קריסטלעכן מיסטיציזם אויף דער דיכטע־רין, ווי אויף אַ סך אַנדערע יידישע פּערזענלעכקייטן, קומט פון מאַנגל

אין עכט־אידישער דערציאונג; קומט פון לעבן יאָרנלאַנג אין אַ גויישער סביבה; פון באַזיצן ווייניק ידיעות פון דער אידישער רעליגיעזער קול־טור אין פון אָפּגעפרעמדקייט פון אַן עכט־אידיש לעבן.

צו רעזומירן דאָס געשטאַלט פון עלזע לאַסקער־שילער, וואָלט איך זאָגן:

אין עלזע לאַסקער־שילערס פיגור זעען מיר אַ גרויסע דיכטע־רין, וואָס האָט געלעבט איר דיכטונג, וואָס האָט איר לעבן אין דיכ־טונג פאַרוואַנדלט. אַ דיכטערין וואָס האָט איר רייכע פּראָזע און שאַמפּאַניערדיקע פּאָעזיע פאַרענדיקט און פאַרפולקאָמט מיט אירע איי־גענע אילוסטרירנדיקע צייכענונגען און וואַסערקאָלירן — איידל ווי איר וואָרט, ווי איר סאַמעטענע וואָרט. די דיכטערין און מאָלערין האָט זיך צו אַ פּרינצעסין געמאַכט, כדי צו קענען דערציילן הערלעכע קינ־דער־געשיכטן וועגן קעניגן און פּרינצן. זי האָט די וועלט, איר וועלט, אין אַ קיניג־שלאָס פאַרוואַנדלט. אירע אינטימע פריינט — אין קעניג־לעכע זין און טעכטער. זי האָט די גאַנצע נאַטור צו אַן אוצר פון בי־זשוטעריע טראַנספאָרמירט. די פּרינצעסין־דיכטערין־מאָלערין האָט אַ סך ליב געהאַט. זי האָט געליבט אַלס מוטער, אַלס טאָכטער, אַלס פרוי, אַלס פריינדין און אַלס געליבטע. די דאָזיקע ליבע האָט זי ווי אַ פייערדיקע פאָן אויפגעהאָנגען אין איר גרויסער דיכטונג. און אוי־סער דער ליבע צו פריינט און געליבטן, פלאַמט איר האַרץ מיט יענער גרויסער ליבע וואָס האָט יהודה הלוים האַרץ פאַרברענט, מיט דער ליבע צו ירושלים, צו איר פאָלק.

אין איינעם פון אירע צאַלרייכע לידער צו פּאָעטן זאָגט עלזע וועגן אַ פּאָעט, אַז זיין גאַנץ לעבן איז געווען אַ ליריש ליד. זיין מלחמה־באַלאַדע — זיין טויט. דאָס זעלבע קען מען זאָגן וועגן איר אייגענעם לעבן. איר לעבן איז געווען אַ ליד. אַ ליד־מעלאָדיע געשפּילט אויף איר בלויען לעבנס־קלאַוויר.

אין עלזע לאַסקער־שילער האָט דאָס אידענטום געהאַט אַ גרויסע פּאָעטעסע, מיט אַ געוואַלטיק־וויזיאָנערער קראַפט, וואָס צייכנט אַזוי מעכטיק אויס אונזערע היסטאָריש־אַנגעצונדענע נביאים. זי האָט געזונגען אַ ליד ווען די וועלט איז געווען פאַרהעלטניסמעסיק־רואיק, ביים אָנהויב פון יאָרהונדערט. ווען מען לייענט איצט אירע געדיכטן און איר פּראָזע, אין דער פאַרהאַסטער, פאַר אונז, אידן, דייטשער שפּראַך, וואָס זי האָט צו לירישע מוזיק געמאַכט, פאַרדריסט עס בי־טער וואָס עלזע לאַסקער־שילער האָט געשריבן אין דער שפּראַך פון דער וועלטס גרויזאַמסטע רוצחים און סאַדיסטן.

אָבער דאָס אידישע פאָלק וועט אַריינגעמען די דיכטערין, איר פּאָעטישן שאַץ, אין דער קאַסע פון איר נאַציאָנאַלן אוצר. פּונקט אַזוי ווי די ערד פון ירושלים האָט פון דער פרעמד גערופן די דיכטערין און האָט זי אַריינגעהייליקט אין זיך. האָט אַריינגענומען דעם הייליקן גוף פון דער הייליקער דיכטערין אין איר הייליקן שויס.

עלזע לאַסקער־שילער איז אַ אידיש קינד געווען. איר פּאָעזיע איז אונזער פּאָעזיע. זי האָט איר ווערק, אירע גרויסע, ברענענדיקע

אידיליעס און חלומות און תפילות צו גאָט, געגערט מיט איר בלוט, מיטן אידישן בלוט, מיטן הייסן בלוט וואָס האָט געשטראָמט אין איר גרויסן, פייערדיקן און ביבלישן אידנהאַרץ.

ניו־יאָרק, יאַנואַר 29, 1945.



# אין טאָל פון ליידן

(איינדרוקן)

שווער צו שרייבן ליטעראַטור: פיקציע, עסיי און שיינשרייבע־ריי, ווען דו געפינסט דיך אינמיטן טראַגעדיע. ווען דו פאַרעסט דיך אַרום צווישן מענטשן מיט פאַרענדערטע צורות, ווי זיי וואָלטן פאַר־גליווערט געוואָרן אין עפּעס אַ טראַגישן עקסטאַז, פאַרוואונדעטע אין עפּעס אַ מלחמה מיט גבורים־מלאכים, אין געשלעג מיט מאָנסטערס און דראַכעס. דאָס איז דאָך די אַטמאָספערע אין וועלכער פאָעטן ווי דאַנטע, מילטאָן און וויליאַם בלייק האָבן זיך באַוועגט, אַרומגענומענע פון פלאַמען, ווי פון פייערדיקע שלאַנגען.

ווען איך קום אָן אין רעגנדיקן נאָכמיטאָג צו דער געביידע, וואו דער שריפטשטעלער האַלט זיך אויף פאַר די לעצטע פאָר יאָר, דערקען איך זי פשוט נישט. זי איז אין משך פון דער צייט איבערגעבויט געוואָרן. אַן אַלטע הויז, פול מיט מענטשלעכע ליידן און אומגליק, איז איבערגעצויגן געוואָרן מיט אייזן, בעטאָן, ליים, וואַפּנע און פאַרבן. די געביידע איז געוואָרן גרויס. עפּעס אַזוי ווי נאָך אַ מלחמה, זע איך ווי אויפן „שלאַכטפעלד" באַוועגן זיך „היימישע" געשטאַלטן, וואָס איך האָב געקענט פון מיינע פריערדיקע באַזוכן. איך קום אָן אין „דיי־נינג־רום". ביים לאַנגן, הילצערנעם טיש, אַן עטוואָס אָפּגעזונדערטער פון די איבעריקע פּאַציענטן זיצט משה יונה חאַימאָוויטש. איך גיי צו צו אים און פון מיין קול דערקענט ער מיך. שמייכלט. אָבער עס איז אים שווער מיטאַמאָל אויפצוהייבן דעם קאָפּ. עס זיצט אַ קליינער, איינגעדרייטער, געהויקערטער מאַן ביים טיש. ווער גע־דענקט עס נישט דעם פּאַצעטישן חאַימאָוויטש, דעם שלאַנקן און גלייכן ווי אַ ווירע, שטענדיק אין דעם געפּרעסטן אנצוג. שטענדיק ערעקט. שטייפלעך. אָבער שטענדיק פריינטלעך. איצט זעסטו אַ פאַרקרומטע, אַ שמערצפול־אויסגעבויגענע געשטאַלט. די פינצטערע קראַנקהייט האָט אים אויסגעבויגן. דער טייוול האָט אים צעבראָכן דעם רוקנביין. דעם טייוול'ס הענט האָבן מיט אים געוואָרפן הייזער און הויך. ער האָט זיך דורכגעשמעלצט דורך גהינום'דיקע פייערן. ער איז געגאַנגען דורך די אָפּגרונטן פונם גהינום. אויסערלעך אַפילו רואיקער, איז ער אינערלעך נאָך האַפנונגסלאָזער. דער שיקזאַל האָט געצוואונגען חאַימאָ־וויטשן אָנצוקוקן די גרויזאַמסטע רעאַליטעט פון לעבן. דער גורל האָט אים לעבעדיקערהייט געלאָזט באַגראָבן.

איידער דאָס הויז איז איבערגעבויט געוואָרן, פלעגן די פּאַציענטן עסן אין אַ קליינעם צימער, וואָס איז גלייכצייטיק געווען אַ שול, וואו די פּאַציענטן פלעגן דאַווענען. און שטענדיק, ווען איך פלעג דאָ קומען באַזוכן אונזער טייערן קאָלעגע חאַימאָוויטש, פלעגט עס פאַר מיר זיין אַ ביטערע איראָניע ווי אַזוי דער געוויינלעך־סקעפּטישער, פריידענקערי־שער און ראַציאָנעלער חאַימאָוויטש ווערט פונם גורל געצוואונגען יעדן טאָג דווקא צו עסן, אַ געבויגענער אין דרייען, אין דעם קליינעם

שולכל. דאָ זיינען ביי די טישן געווען פאַרזאַמלט די פּאַציענטן, יעדער מיט זיין אומהיימלעכן און גראָטעסקן אויסזען. אין אַ ווינקל איז געשטאַנען דער אָרון קודש — עפּעס אַ קליינער, אַ פאַרשעמטער, וואָרים גאָט האָט זיך דאָך געמוזט פילן אומבאַקוועם אַנטקעגן אַזוי פיל עוולות וואָס ער באַגייט לגבי די דאָזיקע אָרעמע קרעאַטורן... דאָס בלויע פּרוכת מיט די גילדערנע לייבן איז געווען פון אַ מאַטן בלוי, אַזוי ווי דער הימל אין אַן אומעטיקן וועטער. און עפּעס קרומלעך און טרויעריק, אַזוי ווי פּאַראַליזירטע, פלעגן אויסזען די גאָלדענע לייבן, מיט זייערע שטומע פּנימער. די לייבן זיינען געווען שטערבלעך פאַרוואונדעט... און אָפּגעבלאַקירט פלעגט זיין דאָס גאָלד פון די אותיות. און געלב די בלעטער פון די סידורים. געלב ווי די פּנימער פון די קראַנקע. אין דעם דאָזיקן שולכל האָט גאָט זיך ערנסט געשעמט...

איך טראַכט: איך וועל עפּעס אָנשרייבן וועגן חאַימאָוויטשן. נאָר וואָס קען מען שרייבן? מעג מען באַרירן די ברוטאַלע רעאַליטעט אַזוי ווי זי איז? און איז דען דאָ פאַראַן פּלאַץ פאַר „פיקציע״? און ווי אַזוי זאָל איך באַשרייבן דאָס דאָזיקע שרעקלעכע פובליקום?

איך דערמאָן זיך אַז אין מיין טאָג־בוך האָב איך אַ סך מאָל געשריבן וועגן מיינע באַזוכן ביים שריפטשטעלער. נישט אין זינען האָבנדיק אַז עס וועט ווען עס איז געדרוקט ווערן, האָב איך געקענט שרייבן פריי, אינטים. אָט ווי אַזוי איך האָב באַשריבן אַזאַ באַזוך דעם 4־טן אויגוסט, 1948:

„איך בין היינט געווען ביים שריפטשטעלער מ. י. חאַימאָוויטש. ער קוקט אויס זייער צעבראָכן. זיין פּנים איז ווייס ווי קאַלך. כמעט קיין שום פּולסירן פון זיין בלוט נישט. פון דעם אַמאָליק־עלעגאַנטן פּרינץ איז געוואָרן אַ צעבראָכענער בעטלער. אַ דעמאָן האָט מיט אַ שרעקלעכער ברוטאַליטעט אויסגעבויגן זיין דינע, פּרינצלעכע געשטאַלט ביז צו דר׳ערד. אים אויסגעבויגן ווי מען בויגט אויס אַ שטייפן, יונגן, בליענדיקן בוים — און אים צעקנאַקט אַזוי דעם רוקנביין אַז ער קען זיך נישט מער אויפהייבן, ווי אַ בוים וואָס מען בויגט אים אויס, טאַנצט ער צוריק אַרויף ביז צום הימל אין עקסטאַז. בלויז זיין נשמה וועט אַ טאַנץ טאָן ווי אַן אָדלער וואָס מען האָט פּלוצלינג אַרויסגעלאָזט פון שטייג און ער טוט שטורמיש אַ טאַנץ ביזן הימל — ביזן בלויען, ביזן באַוועגלעך־שטורמישן סופיט.

די גאַנצע צייט ציטערט חאַימאָוויטש. ציטערט מיט הענט און פיס און געביין. עס וואַרפט אים הייזער־און־הויך. וועלכער צאַרנדיקער ווינט האַלט אים אין זיינע שטורמישע הענט און מאַכט אים צו ציטערן ווי אַ בלאַט אין שטורמווינט? עס וואַרפט מיט אַלע זיינע גלידער, ווי אין עפּעס אַ גרויסע קאָנפּעסיע, אַזוי ווי ער וואָלט ציטערנדיק און נאַקעט געשטאַנען פאַרן רבונו של עולם. עס וואַרפט מיט אים ווי ער זאָל זיין אַ גהינום׳דיק־פאַרמשפּטער. באַלד ציטערט מיט אים דאָס אייזערנע בעט און די סטעליע און די ווענט פון דער געביידע. באַלד ציטערן אַלע מיט מיט אים — און די קראַנקע אַלע, און די סאַמע פונדאַמענטן פון הויז און פון די הייזער אַרום, עס וואַרפן זיך אין

שטורם די פונדאַמענטן פון דער וועלט. הימל און ערד הייבן אָן מיט אים צו ציטערן אין ערד־ציטערנישן... ווי זיי וואָלטן זיין פאַר־שאָלטענע פונם נביא...

איך גיי צו צום פענצטער און איך זע דעם גאָרטן. עס דערמאָנט זיך מיר אין וואַן גאָג׳ס אָנגעצונדענער מאלעריי „דער גאָרטן פון אַרלס״. די געפאַרבטע בלומען. דאָס גרינע הויז. די ציגל־רויטע פלאַנצן. אַלץ איז אָנגעצונדן אין וואַן גאָג׳ס צעשרפה׳טן מוח. ס׳האָט זיך גאָרנישט געענדערט: אינסטיטוציעס פאַר אַלטע לייט, פאַר וואַנ־זיניקע, פאַר יתומים, פאַר פאַרזעסענע מיידלעך, פאַר די קראַנקנשוועס־טערן — פאַר קריסטוסעס געליבטע מאַגדאַלענאַס — זיינען נאָך אַלץ דיזעלבע, מיט די זעלבע פלאַמענדע, אייביקע האַרבסטיק־אָנגעצונדענע גערטנער, וועלכע צירן די טונקעלע, די טרויעריקע הייזער, וואו עס נעסטיקט דער מענטשלעכער עלנט. וואו טרויעריקע מענטשן האַלטן זיך אויף ווי גרויסע טרויעריקע פייגל...

דער בוים הויבט זיך אינמיטן דעם גאָרטן. אַ ריזיקער בוים, וואָס שפּראָצט אַרויס ווי מיט די כוחות פון די קראַנקע. דער בוים איז מעכטיק און שטאַרק. אַלע מענטשן זיינען געבליבן קראַנקע אינוואַ־לידן, קרומע און געבויגענע. דאָס לעבן האָט אַלעמען קאַניבאַליש אויפגעגעסן — מיט די קנאָכנס. נאָר דעם בוים, מיטן אָנגערויבטן געזונט פון די שטערבלעכע, שטייגט אין אַ געוואַלטיקן אַפּאָטעאָז ביז צום הימל. אַזוי ווי זיינע צווייגן וואָלטן שטורמען צו גאָט שטיקער תהלים, שטיקער געוויין, שטיקער קרעכץ, שטיקער תשובה פון די קראַנקע, פון די בלייכע, דורכזיכטיקע פרויען אין וועמעס טאַליעס מען קען זען ווי רויטע לאָמפּן זייערע אָנגעצונדענע הערצער. אונטן, צופונס פון דעם מעכטיק אין דר׳ערד פאַראַנקערטן בוים מיט טויזנט אייזערנע וואָרצלען — גייען די קרומע, די צעשמאָלצענע, די צעבוי־גענע מענטשן, ווי צעבראָכענע מוראַשקעס נאָכדעם ווי אַ סאָלדאַטסקע שטיוול האָט באַטראָטן זייער נעסט און מיליאָנען פון זיי געראַניעט און פאַרוואונדעט.

איך שטיי מאָדנע פאַרציטערט אין מ. י. חאַימאָוויטשעס „היים״. קיין רעזשיסאָר קען נישט אַזוי געניאַל, אַזוי ציניש, אַזוי גראָטעסק־אַרטיק גרימירן די מענטשן. זיי באַליידיקן און זיי פאַרשטייניקן. דאָס זיינען נישט קיין מענטשן, נאָר שטיקער אייזן, שטיקער קופּער, צעשמאָלצענע ביי אַ ריזיקן פייער פון גהינום. דאָס זיינען נשמות, וואָס מען האָט אַריינגעוואָרפן אין אַ גרויסן קעסל פון פייער, וואו עס ברענען און עס קאָכן זיך זינדיקע נשמות. דאָס זיינען שטערבלעכע שדים. איינער, אַ יינגערמאַן, מיט אַ הויקער, שטייט איבער אַן איי־גענעם שיפלעדל און ער וויל עפּעס פון דאָרט אַרויסציען. זיין הויקער ליגט שווער אויף אים ווי אַ פעלז. ווי די וועלט אויף אַטלאַס׳עס פּלייצעס. ער איז אַריינגעטאָן מיטן גלאָבוס־רונדן פּנים אינם שיפ־לאָד. אַ ניי־געבוירן קינד וואָלט לייכט געקענט אויפטאָן דאָס וואָס ער פּרואווט מיט אַלע אברים דורכצופירן און ער קען נישט. עס איז ווי ער וואָלט הענגען איבער אַן אָפּגרונט און ער וואָלט אַריינקוקן

אין זײַן אײגענעם קבר.

דאָ איז די הײל פון טײוול. אין לײדנדע מענטשן פאַרקערפּערט ער זײַן ביטערע סאַטירע; זײַן פּײַנצטעדן חוזק; זײַנע גאַרגאַלישע גרימאַסן, זײַן ציניש הומאָר.

פאַרנאַכט צינדט זיך אָן אויפן הימל די לבנה — די פאַרבלוטיקטע באָרד פון דעם אײנזאַמען נביא ירמיהו. —״

עטלעכע חדשים שפּעטער בין איך װידער דאָ. איך קוק זיך אַרום און עס פאַלט מיר אײַן אַ װילדער געדאַנק: צו װאָס לעבן די דאָזיקע אינװאַלידן? װאָסאַרא פאַרגעניגנס האָבן זײ פון לעבן? פעט און אומבאַהאָלפן, זײַנען זײ װי ריזיקע, שטומע קינדער. עפּעס אַזוי װי מען װאָלט אַרויסגענומען פון די קברים די מתים און זײ געצװאונגען צו עסן. װי קענען זײ עסן, װען די הענט זײַנען געלײמטע? װען מען דאַרף זײ קאָרמען װי קינדער?

זײ שמײכלען מיט די רונדע, פעטע פּנימער. נאָר זײ זײַנען אומבאַװעגלעך װי בלײַענע בודאָס. זײ זיצן אין די שטולן װי אינקאָס. עפּעס נאַרט מען מיך אָפּ דאָ. דאָ זיצן הױלע פאַרשטעלטע. גרימירטע. מאַסקירטע. פאַראַליזירטע קלאָונען. געלײמטע טענצער. פאַרגליװערטע אַקטיאָרן. דאָס שפּיל האָט זיך אָפּגעשטעלט אין מיטן. אַ פײַערדיקע לאַװע איז איבער זײ אַריבער. זײ זײַנען אַזוי געבליבן אינמיטן דעם שפּיל אויף דער בינע.

אָבער דאָס איז ליטעראַטור. מען טאָר דאָך איבער די דאָזיקע אומגליקלעכע נישט שרײַבן קײן ליטעראַטור. און איבער די זעקס מיליאָן געשאָכטענע מעג מען יאָ שרײַבן גאַנצע בערג נודנע, גראַפאָמאַנישע לידער? און איבער דעם פאַרברענטן מיליאָן קינדער מעג מען יאָ שרײַבן שלעכטע, לאַנגװײַליקע פּאָעמען? און מעג מען שטעלן פּיעסן און ספּעקטאַקלען איבערן אויפשטאַנד פון דעם געטאָ? מעג מען שרײַבן אַפילו ליטישע ליטעראַטור איבער מיליאָנען צום קרעמאַטאָריום פאַראורטײלטע? פּראָטעסטירן נישט „די טויטע?״ נישטערט ניט דער שריפטשטעלער בכלל אין די װאונדן און הערצער פון געראַניעטע מענטשן? מעג דער קינסטלער אויסנוצן פרעמדן שמערץ פאַר אײגענער שאַפונג? צי איז נישט אָפּטמאָל ליטעראַטור — שענדונג?

איך קוק זיך אַרום אין דעם דאָזיקן לעבעדיקן מוזעאום. זײ זעען אויס װי סריסים אין די פּאַלאַצן פון די גרויסע, מעכטיקע קעניגן. דו קענסט זײ געטרויען די שענסטע קעבסװײַבער. דו קענסט זײ געטרויען אַ האַרעם מיט נאַקעטע, אָריענטאַלישע גראַציעס. זײ זײַנען נישט „געפערלעך״. זײ ליגן אָפּגעדעקטע אויף די בעטן. און עס זײַנען דאָ, צװישן זײ, פאַראַן קאָמיקער און אַקטיאָרן. און שריפטשטעלער. נאָר די אַקטיאָרן קענען נישט שפּילן. די קאָמיקער קענען נישט מאַכן צום לאַכן מיט זײערע װיצן און גרימאַסן. די שריפטשטעלער קענען נישט שרײַבן מיט זײערע צעבראָכענע הענט. עס איז אַלץ לײם. טרויעריקער לײם. קלײ אין די הענט פון טײוול. פון טויט. אומשעפעריש איז דער טויט.

חאַימאָוויטש זאָגט צו מיר:

— געלייענט אייערע מיניאַטורן. זייער שיין שרייבט אָן אַ מי־ניאַטור וועגן דעם וואָס איר זעט דאָ...

איך זאָג אים צו עס צו טאָן. איך טראַכט: אין דיין טאָג־בוך האָסטו יעדן מאָל געקענט, ווען דו ביסט אַהיימגעקומען פונם באַזוך, אין ברוטאַלע ווערטער פאַרצייכענען דיינע איינדרוקן. אָבער קענסטו גיין מאַכן אַ מיניאַטור וועגן דעם דאָזיקן בראָך? און ווי אַזוי קענסטו שרייבן אַנדערש ווי בלויז זאָגן דעם שטיינערנעם אמת. איך טראַכט: לאָמיר זיך ווידער אַרומקוקן. אפשר איז פאַרט דאָ אַ שטראַל ליכט. אפשר שיסט אַ שטערן זיינע טראָפּנס ליכט, ווי פונקען פון שאַמ־פּאַניער, אין דער דאָזיקער דיקער, אייזערנער פינצטערניש?

איך זע: פאַראַן דאָ צווישן די פּאַציענטן אַפילו אויסערלעך „צופרידענע". אָט איז איינער וואָס זיצט „באַקוועם" אין זיין שטול, מיט אַ פילאָסאָפישן שמייכל. ער זעט אויס ווי דער פּאָעט אַנאַקסי־מאַנדער, מיטן איידעלן סקעפּסיס אויף זיין פּאַרמעטענעם פנים. און איינער, קוים עטלעכע טעג דאָ, רעדט מיט תורה און ער טיילט פּאַנ־אַנדער צוקערלעך צו זיינס גלייכן און צו די אָנגעשטעלטע. ער איז ניינציק יאָר אַלט. און איינער וואָס איז אין דער גאַנצער גרופּע פון זקנים — אַ אינגערמאַן, און די יוגנט פון זיין געליימטן פנים קען זיך אַפילו דאָ נישט אָפּטאָן פון אים די שוואַרצע באַדינער, וואָס קאַר־מענען די קראַנקע ווי קינדער, וויצלען זיך און אַ טייל זקנים פּרוּווּן אַפילו שמייכלען. און פאַראַן דאָ עטלעכע חוני המעגל׳ס וואָס שלאָפן זייערע לעצטע יאָרן, דורך טאָג און נאַכט, שווער באַפאַלן דורך אַן איי־זערנער שלאָפקראַנקהייט.

דאָ ליגן, טראַכט איך, שטיקער רוי־מאַטעריאַל פאַר פיקציע. דאָ ליגן ברוטאַלע שטיקער מענטשנקליי וואָס דעם טייוולס הענט האָבן אויסגעקנאָטן צו גראָטעסקע און טראַגישע פאָרמען. דאָ ליגן שטומע און געוואַלטיקע גאַרגאַנטואַס, מעכטיקע שטיקער מאָנומענט — אָראָפּ־געפאַלענע פונם לעבן, אַראָפּגעהאַקטע קעפּ און אַקסלען און ריזיקע טאָרסאָס פון פּיעדעסטאַלן און מאָנומענטן. דאָ ליגן מענטשן, אָפּ־געריסענע פון זינדיקן לעבן, וואָס זיינען אַריינגעסדומט געוואָרן אין דעם בעטל פון הייליקייט, אין גרויזאַמער פּאַסיוויטעט. מענטשן מיט אַלע פעלערן פון לעבן, מיט אַלע זינד — צו טראַגישע צדיקים געוואָרן, צו ליימענע הייליקע, צו אומבאַוועגלעכע, מאַרמאָרנע פאָרמען אריינ־געהאַמערט און אַריינפאַרשאַלטן. דאָ דעמאָנסטרירט דאָס לעבן איר טויטע און באַליידיקנדיקע אוממעכטיקייט.

ווען, ווי קוואַזימאָדאָ, דער גלאָקנציער פון הוגאָס „נאָטר־דאַם"־ראָמאַן, גייט חאַימאָוויטש איבערן קאָרידאָר, צו זיין בעט, איינגע־בויגן און איינגעדרייט און זייער נידעריק צו דער ערד — טראַכט איך:

— אַ טייוולישע איראָניע. ער, דער עסטעט, פיינגייסט, פּאָעט און גריך, האָט גאָר געקענט אַזוי געמיין און באַליידיקנד געטראָפן ווערן. ער, דער פּראָזאַאיקער, וואָס האָט שטענדיק ווי פון אַ זייט באַטראַכט דאָס לעבן; עפּעס אַזוי ווי ער וואָלט זיך שטענדיק געבאָדן

אין אַ שטיינערנער וואַנע פון רוים; אין דער געזעלשאַפט פון שטראַלנדער רוימישער יוגנט, מיידלעך און אינגלעך — ענלעכע צו די געטער; ער, וואָס האָט קיינמאָל נישט אַריבערגעקוקט צו די אָרעמע קוואַרטאַלן, וואו רוימס פלעבייער־פאָלק, רוימס באַרימטע שקלאַפן פון גריכנלאַנד און ספּאַרטאַ; רוימס אָרעמקייט, די לומפּן־פּראָלעטאַריער, די זונות, די אַלטע און אויסגעדינטע לעגיאָנערן, די גערונגענע סאָלדאַטן, דער אָפּפאַל פון דער געזעלשאַפט; ער, וואָס האָט מיט זיין אידישער פעדער געפּראוווט באַרירן רוימס פּאַטריציער, רוימס פּאַסיעס און עראָטישקייטן, וואָס אַ מאַרטיאַל און פּעטראָניוס האָבן אַזוי געניאַל באַשריבן; רוימס קורטעזאַנען — וואָס ער האָט זיי אַרויסגעלייענט פון פּלוטאַרך און אויסגעבאָרגט פון קינסטלעכע היסטאָרישע נאָוועלן — דווקא ער ווערט געצוווּנגען אַרויסצוגיין פון דעם שטיינערנעם באַד־צימער, מיט פּאַרביקע פרעסקאָס פון גאָלדיקע נודס — און אַריינקוקן דאָ, אין דעם אָפּגרונט פון געפאַלנקייט און מענטשלעכן טרויער. ער, דער וואָס האָט זיך מיט זיין וואָרט געשפּילט, און וואָס האָט קיינמאָל נישט געוואָלט איינבויגן זיין קאָפּ און זיין פּלייצע צו דיטרויערן פון דער ערד; ער, וואָס איז געווען דענדי און עפּיקורייער, סקעפּטיקער און סטאָאיקער, פרייגייסט און פרייער דענקער, דווקא אים האָט דער טייוול מיט זיינע שטיינערנע הענט איינגעבראָכן דעם קאָפּ און דעם רוקנביין און געצוואונגען נידעריק צו דער ערד זיך צו בויגן, און אַריינצוקוקן אין דעם טאָל פון טרערן און פּיין, און אָנצוקוקן די געמיינסטע פּאָרמען און די העסלעכסטע געשטאַלטן און די ברודיקסטע פּנימער.

— נאַ, זע, דו קענסט עס, אדם, נישט אויסמיידן, דו קענסט פונם מענטשלעכן שמערץ נישט וויכן. געוועזן גרעסערע העלדן פאַר דיר וואָס האָבן געוואָלט אָוועקדרייען די קעפּ פונם טאָל פון געוויין, האָט עס זיי געטראָגן הייזער־אויהויך צו די אָפּגרונטן, האָט עס זיי מיט אייזערנע אָרעמס אַריינגעוואָרפן אין די גריבער פון פינצטערניש, האָבן זיי זיך געבאָדן אין טייכן טרערן. עס איז נישטאָ קיין אַנטרינונג פון דער וועלט. דו קענסט פון גאָטס ערדישערווירקלעכקייט נישט אַנטלויפן.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

דער רעגן קאַפּעט טרויעריק איבער דער טרויעריקער ערד. איך גיי מיין איינזאַמען וועג דורך דער איינזאַמער, זייטיקער גאַס. איך טראַכט: ווי אַזוי דו וועסט עס אַוועקשטעלן אויפן פּאַפּיר, וועט עס זיין ליטעראַטור. איינמאָל אין דיין לעבן באַנוצט די פעדער צו פּיקציע, צו געשטאַלטיקונג, צו מאַסקירונג, צו פאַרשטעלונג און פאַרשטעלונג — ביסטו דער פאַרשאָלטענער פעדערס שקלאַף. איר פינצטערער דינער. ווי אַ שאַרפע שווערד האָט דער שיקזאַל די פּען דיר אַריינגעזעצט אין האַרצן. דיך מיט דער פּען געקרייציקט, ווי מיט טשוועקעס. דו קענסט דיך פון דיין שיקזאַל נישט מער אַרויסדרייען.

דו האָסט דאָ ווידער באַשריבן מענטשלעכע ליידן, געמאַכט צו נאַרישער ליטעראַטור. דו קענסט זיך נישט העלפן. אָבער דאָס געוויין באַפאַלט דיך ערשט איצט. אַ גרויס געוויין איז דיך פינצטער

באַפאַלן —

אויפן גורל פון אַ גרויסן קינסטלער און טייערן מענטשן. אויפן שיקזאַל פון די שטומע ליידנדע, וואָס זיינען ביי זיינע זייטן צוגעקרייציקט געוואָרן. אויפן טרויעריקן סוף פון די מענטשן. אָ, דער סוף איז שטענדיק טרויעריק. דער סוף פון יעדן מענטשן וואָס גייט נאַקעט און פינצטער צו זיין נאַסן קבר.

איך זעץ זיך אַוועק ביים וועג, לעבן אַן איינזאַמער מויער. דער רעגן קאַפּעט אָן אויפהער. איך בין איצט מיד, שרעקלעך מיד, אַזוי ווי יעקב, נאָכן גרויסן געראַנגל מיטן פינצטערן מלאך.

ניו־יאָרק, 2טן מאַי, 1950.

---



מ. י. חיימאָוויטש — געזען פון י. לאָלא

# אַנאַ מאַרגאָלין

(1887 — 1952)

פאַראַן דיכטער וואָס האָבן אַרויסגעגעבן דורך זייער גאַנץ לעבן צו איינציקע דינע ביכלעך מיט פּאָעזיע. אַזאַ איז געווען אבא שטאָל־צענבערג. אַזאַ, מיר דאַכט, ראובן לודוויג. אַזאַ אויך — בערנאַרד לואיס. און אַזאַ איז אַנאַ מאַרגאָלין. אין די דאָזיקע איינציקע ביכלעך קען מען אָנרירן דאָס פייער פון הארץ, דאָס געביין און קנאָכן פון דעם דיכטער. אין אַזאַ ביכל איז קאָנצענטרירט דאָס גאַנצע לעבן פון אַ דיכטערס טראַכטן, חלומען און רעזאָנירן. זיין פילאָסאָפיע און זיין רעאַקציע ווי אַ פּאָעט צום לעבן און צו דער וועלט. אין אַזאַ בוך איז איינגעשלאָסן די פאַרשטעלונג פון אַ פּאָעט, וואָס באַשאַפט די וועלט לויט זיין געשטאַלט, אימאַזש פאָרם און שטימונג, אַזוי ווי גאָט האָט באַשאַפן די וועלט און דעם מענטש לויט זיין אימאַזש און לויט זיין שטימונג.

אַנאַ מאַרגאָלינס בוך „לידער", (ניו־יאָרק, 1929), געהערט צו די זעלטענע ביכער אין וועלכן עס איז איינגעשלאָסן אַ גאַנצער מענטש: דאָס געשטאַלט, דער פּאָרטרעט, די נשמה פון דער דיכטערין. עס איז דאָ פאַראַן די פרוי, די געליבטע, די פריינדין, די דיכטערין, די אידין אפילו און, איר אינטעלעקט. זי האָט זיך באמת אין דעם דאָזיקן דינעם בוך (149 זייטן) געשטעלט אַזאַ מאָנומענט, וואָס שטאַרקע ווינטן און רעגנס און שנייען וועלן אים נישט קענען קיין סך שאָדן אָנטאָן.

דאָס דערמאָנטע בוך האָט מיר אַנאַ מאַרגאָלין צוגעשיקט אין די לעצטע יאָרן. און עס האָט צו מיר אַ ספּעציעלן חן: די לידער זיינען דאָ און דאָרט פאַרפלעקט מיט אַ טושאָווע בלייפעדער, איבער־ענדערנדיק געוויסע ווערטער און אַפילו גאַנצע פערזן. איך האָב אַ געפיל, מישנדיק זשעדנע די דינע, זיידענע בלעטער, אַז די הענט פון דער דיכטערין האָבן עס באַרירט אין אומרואיקע שעהן, ווען עס קומט דער אומעט. און די צאַרט־געקרייזנטע מוזע קומט צוזאַמען מיטן אומעט און מיט די נאַכטיקע שטונדן צו דער דיכטערין.

אין דער נאַכט ווען איך האָב געוואוסט אַז איר גוף רוט אין דעם הויז פון טויט, און וואַרט אויף זיין לעצטע טרויעריקע ערע — אויף זיין לוויה — האָב איך דאָס בוך געלייענט אַ גאַנצע נאַכט, אַזוי ווי אַ פרומער איד זאָגט קדיש אויפן חורבן פונם בית המקדש. פון ראַדיאָ גייען צאַרטע מעלאָדיען. די מעלאָדיעס פון צעזאַר פראַנק און סאַראַ־סאַטע מישן זיך אויס מיט די זייער דינע, איידעלע ריטמען פון אַנאַ מאַרגאָלינס לידער. איך לייען די גאַנצע נאַכט, ביזן בלאָס ווערן אויפן הימל פון דעם שטיק לבנהדיקן שפּליטער. דאָס איז מיין קדיש נאָך אַ אידישער דיכטערין. אַזוי דין איך צום אָנדענק פון דער פּאָע־טעסע. און הגם מיין פען האָט שוין מיט עטלעכע יאָר צוריק געצייכנט אַ סקיץ צו אַנאַ מאַרגאָלינס פּאָרטרעט, דאָך פיל איך ווי אויפדאָסניי צו נעמען אין האַנט דעם שפּיץ פון דער שטאָל־פעדער און אַרויס־ברענגען אַ בלאַסן אָפּשיין פון דעם דיקן גאָלד פון אַ דיכטערין. איין

גאָט ווייסט אַז איך ציטער דערביי: איך פיל ווי איבער מיך פליצע שטייט די דיכטערין מיט אירע קלוגע, בלויע אויגן און קאָרעגירט מיר יעדער וואָרט און פראַזע...

וואָרים אַנאַ מאַרגאָלין ווייזט קודם כל פערזענלעכקייט אין איר דיכטונג. מיר האָבן פאַר זיך אַ פרוי מיט אַ ברייטע גאַמע פון עמאָ־ציעס און רעאַקציעס. זי דערמאָנט עפּעס אין אַ פייערלעכער, ריטער־לעכער נאַטור. געוויסע לידער דייטן אָן אויף אַ פרוי מיט אַ קעניגלעכע אַמביציעס, וואָס האָט אַ מאַן פאַר אַ קעניג. אין איר פילט זיך די שטימונג פון דער ריטער־צייט. פאַראַן אין איר די גלאָריע און דאָס שטאַרבן פון אַנטיקע אימפּעריעס. דער אונטערגאַנג פון הערלעכע קעניגרייכן מיט קולטורן און ציוויליזאַציעס. די אידישע פרוי חלומט עפּעס פון פּאַלאַצן, טריאומפאַלע פראָצעסיעס, פייערלעכקייטן אין אַנ־טיקן סטיל, קרוינען פון גאָלד און שטילעטן און שווערטן פון שטאָל. אָבער דאָס איז אַ מאַניר אַזאַ. די דאָזיקע לידער זיינען נישט די סאַמע כאַראַקטעריסטישסטע פון איר קינסטלערישן רעפּערטואַר. זיי דייטן בלויז אָן אויף אַ יונגער מיידלס אַמביציע, צעהיצטע פאַרשטעלונג און דערוואַרטונג. קענטיניש פון לעבן קומט ערשט. איבערהויפּט: אַנאַ מאַרגאָלינס טיפע דערקענטעניש פון דער וועלט.

„ווייל שפּאָט און אומגליק האָבן דורכגעבליצט איר לעבן,
האָט זי געטראָגן אַזוי שטאָלץ דעם קאָפּ,
ווי ס׳וואָלט זי גאָט געהיימנישפול דערהויבן.
אין לערן הויז, אין שפּיגל זיך געזען ווי דורך אַ רעגן.
און ווי ס׳וואָלטן אַלץ איר נאָכגעקוקט באַקאַנטע,
איז זי פייערלעך געגאַנגען זיך אַנטקעגן,
ווי מען גייט אַנטקעגן אַן אינפאַנטע.
גערוט, גערוט געזעסן גלייך און שטייף.
און ניט פאַרטרויט איר מאַסקע אויך דער איינזאַמקייט,
ווען ס׳האָבן גוטע, אָונטיקע שעהן
יאָמערנדיק גענייגט זיך איבער איר און איבער אַלץ.
און נאָר געפילט: וויסטער, פלאַמיקער שגעון
דריקט צערטלעך איר צוגויף דעם האַלדז״.

דאָס איז אַנאַ מאַרגאָלינס זעלבסטפּאָרטרעט. פון דעם געמעלעכץ גייט אויף דער פעסטער פּאָרטרעט פון אַ פרוי וואָס האָט דאָס לעבן צו דיכטונג געגאָסן, צו שטאָלצע, סאָלידע דיכטונג. קיין איינציק ליד איז נישט סענטימענטאַל. עס איז סענטימענט פון העכסטער שיינקייט, ראָמאַנטיק און קלאָרער דערקענטעניש. זי האָט, ווי אין פּלאַטאָס פּי־לאָסאָפיע, ווי אין זיין אידייען־לערע, געטריי געלאָזט לויפן דעם טייך פון לעבן כדי דאָס אמתע גאָלד אַריינצוטראָגן, ווי ריינערע רעאַליטעטן, אין דער קאָסע פון איר ליד. אין דעם אייזערנעם „וואָלט״ פון איר דיכטונג. זי האָט דאָס לעבן, ווי אַלע מענטשן, געלעבט, כדי דאָס אמתע עסענץ פון איר לעבן און פון אַלעמענס לעבן זאָל בלייבן שטיין אין פורעם פון איר ליד, ווי געפּראוווטער ווייַן אין דעם גאָלדענעם טיף פון כוס. וואָרים עס איז נישט גלאַט קיין פראַזע: „האָב גע־

וואוסט טויזנט טויטן, מיין ליבער". עס איז נישט אַזוי זיך קיין חן־פּליטערל, ווען זי זאָגט: "האָסט אַלע גאַסן דאָך פאַרוואַנדלט אין גאַלגאָטאַ. אין אַלע גאַסן רינט מיין בלוט". און, מען מעג איר גלויבן, באַטראַכטנדיק דעם רעזולטאַט פון איר מיען זיך קינסטלעריש, דעם נעטן באַלאַנס פון איר ליד — אַז "איך פורעם דאָס וואָרט מיט מיין לעצטן אָטעם". וואָרים עס פאָדערט זיך אַ סך צוגרייטונגס־אַרבעט, אַ סך הונדערטער צעריסענע לידער, אַ וועלט מיט איבערשרייבעכץ, און אַ וואַלד פון אינערלעכער אַרבעט, כדי צו דערגיין צו אַזאַ מאָנומענטאַלער בילדלעכקייט און צו אַזאַ קונסט, באַפרייט פון אַלע איבעריקע דעטייל־באַלאַסטן און פראַזן און רעדוצירט צו אַט דער קלאָרקייט:

"צוויי גרויסע פינצטערע סטאַטועז
וואַנדלען לאַנגזאַם מיט שטיינערנע טריט
איבער טויטע אַלייען".

אָדער אַזעלכע פערזן, אין וועלכן עס איז איינגעשלאָסן דער פאָרטרעט פונם מין מענטש, וואָס שטייגט אויף כדי טראַגיש צוריקצופאַלן אין אָפּגרונט פון אין־סוף:

"... און דו, מענטש, וואָס ציטערסטו?
דו אינזל שלאַנקער צווישן שטייגנדיקע כוואַליעס,
דו שמאָלער בליץ, וואָס לעשט זיך צווישן כמאַרעס,
דו פון גאָטס האַנט געשליידערטער קינזשאַל,
מיט זון־שיין אָנגעגאָסענער באָקאַל,
צעשמעטערט פון דער נאַכט —
דו נאַר, דו נאַר, דו אָרעמער נאַר, אין טיפער נאַכט,
אין דראָענדיקן שיין פון דער היסטערישער לבנה".

אַנאַ מאַרגאָלין האָט פאַרשטאַנען די פרוי, גיכער: דאָס יונגע, דאָס שטראַלנדיקע מיידל, וואָס קומט אַרויס אין איר דיכטונג אַזוי ווי אַ פּאַסטעל. עפּעס קלינגט עס סאַפּאָאַרטיק. אין זין וואָס אַ צאַרטע, זילבערנע פרויענהאַנט שרייבט אויסערגעוויינלעך צאַרט און צייכנט די איידלסטע אימאַזשן פון שלאַנקע און דינע מיידלעך. אַ פאַרליבט פרויענהאַרץ איז פאַרליבט אין דער זיידענער פרוי. עס ווייעט מיט שטילער ראָמאַנטיק פון פערזן אַזעלכע: "ווי לידער זיך וויגנדיק, גייען יונגע פרויען, און שפּרייטן אויס נערוועז איבער דער עוועניו זייערע קליינע פליגל פון וואַנזיניקע שמעטערלינגען". די פרוי — זי ציטערט אויף אין די שמאָלע, קילע, שמערצפולע און צאַרט־וואואַלישע פערזן פון איר בוך, ווי אין ראָסע־פייכטע, אין לבנה־ליכט־איינגעהילטע און ווי מיט שפינוועבס־אָנגעצייכנטע אַלייען. צום ערשטן מאָל כמעט, נאָך דער איידעלער גריכישער פּאָעטעסע סאַפאָ, קומט אין דער אידישער פּאָעזיע אַ פרוי מיט אַזאַ סענטימענטאַל־צאַרטער באַציאונג צו דער פרוי און זי צייכנט כסדר שטילע, איידעלע פּאַסטעלן אַזעלכע:

"פון ווייטן זומער פליט צו מיר אַ הייס־געלעכטער
פון צוויי קליינע, צאַרטע פרויען.
זיי בלעטערן אַ בילדער־בוך.

זייערע הענט באַגעגענען זיך אין בענקשאַפט.
די ווייכע אַקסלען זוכן זיך און צוקן.
איבער אַ דאָרשטיקער אָראַנזש־רויטער לאַנדשאַפט
וועלבן זיך פאַרווירט די העלע לייבער".

אָדער — נאָך איין ליד־פּאַסטעל פון דעם מין:

„אין האַרבסטיקן פאַרנאַכט,
האָבן מיידלעך זיך פאַרוועבט,
ווי אין אַ וועלקן בילד.
זייערע אויגן זיינען קיל, דער שמייכל ווילד און דין.
זייערע קליידער זיינען לאַוואַנדער,
אַלט־רויז און עפּל־גרין.
אין זייערע אָדערן פליסט טוי.
זיי האָבן ווערטער העלע און לערע.
זיי האָט אין טרוים געליבט באָטיטשעלי."

ציטאַטן וואָלטן צופיל פאַרפירט. דו וואָלסט באַדאַרפט איבער־שרייבן אַ גאַנץ בוך לידער. יעדעס ליד איז דאָ געלייטערט און גע־קליבן, ווייל יעדעס ליד איז די סומע פון אַ סך שלאָפלאָזע, קראַנקע נעכט און וויסטע טעג. פון די צרות פון לעבן, פון די צווייפלען, טרויערן און לאַמענטן ווערט צום גאָלד פון ליד.

ווי געזאָגט אין אָנפאַנג: אַנאַ מאַרגאָלין האָט אין דעם דינעם בוך אַריינגעפּאַקט איר גאַנץ לעבן: לידער פון ליבע, וואָס זיינען וואונדערלעך־אידל און פרויאיש און לאָזן איבער אַ טיפע בענקשאַפט אין האַרצן. לידער פון פיין און פון שטאָלץ, וואָס גייען אין דער שטאָל־צער טראַדיציע פון גאָר דער וועלטס ליריק — פון קעניגלעכן תהלים אָן, ווען דער געפאַלענער קעניג־מענטש, וועמענס גאָלדענע קרוין איז איינגעריסט אין טרערן־און־שטויב פון אייגענעם געוויין, דערהויבט זיך דאָ אין טיפער הכנעה און דאָ אין געוואַלטיקן שטאָלץ, דורך זיין ווילדן שמערץ זיך אויסגלייכנדיק מיט גאָט אַליין. זי איז די דיכטערין, אויב נישט פון דער פייערלעכער נאַטור־לאַנדשאַפט, איז פון דער שטילער, האַרבסטיקער שטימונג, פון דעם דעמערונגס אויסגעברענטן אַש, פון וועלכן זי ברענגט אַרויס נישט קיין צעקראָכן, נעבעכדיק ליד, וואָס האָבן קוים כוח צו שטיין אויף די אייגענע הינערשע פיס־לעך — נאָר פערזן וואָס זיינען גביריש־שטאָלץ און ווירדיק פאַר אַ געקרוינטער פּאָעטעסע. נישט קיין געוויין פון אַ סענטימענטאַלן שוואַכלינג, פון קיין קרעכצנדיקן צווערג, נאָר דער שטאָלצער אויס־דרוק פון אַ פרוי אַ סטאָאיקער:

„אין הייסן שאַרפן גלאַנץ פון טיפן ווילדן גאָרטן
וואו ווערבעס הענגען בלייך און סאָסנעס וואַלקנטונקל,
וואו שוואַרט־ליליען פלאַקערן ווי גאָלד און ווי גאַרפונקל,
אין זון־דורכגעשטראַלטן, זון־באַרוישטן גאָרטן
שמידט דער היישעריק דעם האַרבסט.
אַ פּראָסטיק, האַסטיק ליד שטייגט אויף פון יונגע גראָזן
און האַמערט אין די בליענדיקע בוימער־שפּיצן,

און פויגל זון־באַזוימטע וויגן זיך און בליצן,
אין שטילע, ציטערדיקע, ברענענדיקע גראָזן שרייט דער האַרבסט"

איר האָט אין דאָזיקן בוך דאָס זיצן אין קאַפע, וואָס איז אַזוי טיפּיש צום פּאָעט. אַ טרויעריקע איראָניע גייט פון די שורות. דער מענטש מעדיטירט און ער זעט זיין אונטערגיין. פאַרוואָס זאָל אין קאַפע נישט געבוירן ווערן שעפערישקייט? ביי אַנדערע פעלקער, ווי ביי די פראַנצויזן, איז אין קאַפע געבוירן געוואָרן רעוואָלוציע און ליטעראַטור. ליטעראַרישע שולע. געפעכט צווישן קינסטלער־ריטער. ביי אונז איז די דאָזיקע קאַפע נישט פאַראַן. נישטאָ די סביבה פון אַקטיוויטעט, פון שעפערישקייט. אָבער אַנאַ מאַרגאַלין זיצט אין קאַפע, ווי אַ דיכטערין. ווי פעטער אַלטענבערג, ווי ווערלען, זיינען שעפעריש געזעסן אין קאַפע. פון די „פאַלשע ווערטער" פון קאַפע, פון טרויעריקן געמיט, קומען ביי איר אַרויס עכטע לידער. זי האַלט כסדר אין טראַכטן פון מענטשלעכן שיקזאַל. דער גורל פון אַלע זאַכן טוט איר וויי. דער שמערץ דערהויבט זיך פון דער גאַנצער וועלט.

„... און איך ליג ביי די וואָרצלען פון זאַכן.
שווער יאָגט זייער פולס דורך מיין שטוינענדיק האַרץ.
עס איז אַ יערן, אַ וואַקסן, אַ טומלדיק וואַכן,
אַ פיינלעך קלעטערן צום ליכט דורך שטיין און ערץ.
די ערד קרייזט פייערלעך מיט אַלע אירע טויטע,
מיט קראַנקע טרוימענדיקע שטעט,
מיט באַרג און וואַלד און בלייכן
שימערנדיקן גאַרטל פון וואַסערן.
און איבער איר די פייערדיקע אומבאַקאַנטע צייכנס
פון שטערן, זונפאַרגאַנגען, מאָרגנרויטן.
געשטאַלטלאָז שפּרייטן זיך די נעכט און זיינען אָן פאַרגלייכן.
די שרעק פון טויט שרייט פון אַלע טיפן,
און מילד לייגט זיך איבער זיי דאָס גאָלד פון לידער, מיפן.
און אַלע לעבנס זיינען רייך אין טרויער און זיינען ענלעך,
און גרויס איז אַלץ און אומפאַרשטענדלעך."

אין דאָזיקן בוך זיינען פאַראַן לידער פון יוגנט, פון איידעלן רעמיניסענס, פון דעם אייגענעם גאָלדענעם שטאַם פון יחוס און אי־דישן גייסט; פון ליבע, פון פרויען, פון האַרבסט, פון שטילקייט; לידער פון פיין און שטאָלץ און שטאָלצער איינזאַמקייט; ווי געזאָגט ביים אָנפאַנג: ווען מען רירט אָן דאָס דאָזיקע בוך, רירט מען אָן אַ לעבעדיקן מענטש, זיך צו באַנוצן מיט וואָלט וויטמאַנס פראַזע. עס איז אַ בוך — אַ גאַנצע וועלט, די וועלט פון אַ רייכער, אינטעלעקטועלער, דיכטעריש־עמאָציאָנעלער פרוי. די וועלט וואָס איז געבליבן שטיין אין אַנאַ מאַרגאָלינס דיכטונג איז אַ געלייטערטע, קרישטאָלענע וועלט. פון דעם אַש פון אויסגעברענטן לעבן גייט אַרויס די דורכזיכטיקע וועלט פון דיכטונג, ווי אַ גאָלדענער פּאַלאַץ וואָס שטייגט אַרויף צו די ריינסטע ספערן פון אייביקייט. דאָס איז דער עסענץ פון לעבן — די דיכטונג. און אין דער נאַכט ווען קאַלט און פאַרגליווערט איז אין טויטנהויז איר אויסגעמאַטערטער גוף געלעגן — און איך האָב זיך

**געפילט אומגעוויינלעך שולדיק פאַר איר, די שולדיקייט וואָס דער לעבנס־געבליבענער פילט שטענדיק צום „טויטן" מענטש, די טיפע, די שמערצפולע שולדיקייט, וואָס קען מיט קיין ראַציאָנעלע ווערטער נישט אויסגעדריקט ווערן — האָב איך טיילוויז געפּרואווט אויסקויפן די זינד מיינע מיטן לייענען איר הייליק, טעסטאַמענטיש און סך־הכלדיק בוך פּאָעזיע. איך האָב זיך טיילוויז געטרייסט וואָס די דיכ־טערין, געטריי צו איר סטאָאישקייט און שטאָלצן כאַראַקטער, האָט אַזוי געטראַכט וועגן טויט, וועגן איר אייגענעם שטאַרבן:**

„... איך הער אָפּט אומהיימלעכע טריט.
איך טראַכט אָפּט וועגן לעצטן „עקזיט".
און איך שווער
ביי עלזאַ לאַסקער שילער, רילקע און באָדלער,
אַז איך וועל שטומען, ניט קלאָגן.
די לעצטע באַליידיקונג פון לייב וועל איך ווירדיק פאַרטראָגן.
וועל אין יענע שעהן אפשר חלומען, אפשר וואַקסן,
זען וועלטן זיך דרייען אַרום די אַקסן,
און מיין היים אין מאַרגנרויט און פעלדער אין דרימל,
און ווי אין אַ שטאָט, וואָס פרייט זיך און בליט,
מיין אומעטיק קינד קניט.
איך וועל אַ צי טאָן מיט די אַלץ נאָך שיינע אַקסלען,
וועל די ציטערנדיקע ליפּ אפשר נאָך צווינגען
צו שמייכלען, און עס וועט מיר געלינגען.
און שמייכלענדיק, און אָטעמלאָז
קעגן דער אומגעהייערער אייזערנער מאַסקע פון הימל
לאָזן דעם שוואַכן רויך פון לעצטן פּאַפּיראָס".

**אָט אַזוי האָט וועגן טויט געטראַכט און געשריבן אַ אידישע דיכ־טערין, אַנאַ מאַרגאָלין, וואָס „האָט ביזן טויט געשיצט געטריי מיט הוילע הענט דאָס פייער, וואָס איז איר געווען פאַרטרויט און אין אייגענעם פייער געברענט." זי איז געבוירן געוואָרן אין בריסק, אין יאָר 1887. „אַנאַ מאַרגאָלין" איז געווען איר ליטעראַרישער פּסעוו־דאָנים. צו דער ערד — און צום הימל — האָט זיך צוריקגעקערט אַ בריסקער טאָכטער, וואָס האָט איר שטאָט גוט־געדענקט און אין שיינע, עלעגישע פערזן אירע מענטשן און גאַסן איינגעקריצט. עס איז צו־ריקגעקומען צו גאָט אַן אויסגעמאַטערטע, פינף און זעכציק־יאָריקע פרוי, וואָס האָט פרע־אַנאַ־מאַרגאָלין געהייסן: ראָזע לעבנסבוים... זי איז געווען די פרוי פון דעם דיכטער ראובן אייזלאַנד.**

ניו־יאָרק, 19טער אויגוסט, 1952.



# די דערשיינונג הערמאַן גאָלד

(1888—1953)

„אַ נאַר איז דער נביא" — הושע.

אַ מאָדנע זאַך: שוין יאָרן ווי דער מלאך־המות האָט ליב צו קומען צו דער אידישער ליטעראַטור און אַוועקצונעמען יעדעס מאָל צו צוויי נשמות פון אידישע שרייבער. ער באַפרידיקט זיך נישט, דער שיכורער מלאך־המות, אַרויסצורייסן איין דעמב פונם גאָרטן פון דער אידישער ליטעראַטור. ווי נאָר עס בלייבט בלוטיקן אין האַרץ פון פאָלק אַ וואונד, אַזוי טיף ווי אַ לאָך אין דר׳ערד, פון וועלכן מען האָט אויסגעריסן אַ באַרג, קומט דער מלאך־המות שטילערהייט צוריק און טוט אַ זעץ מיטן מעסער אינם קאַרק פון זיינס אַ קרבן . . . און עס פאַלט באַלד נאָך אַ אידישער שרייבער. אַזוי איז געווען אין די טעג, ווען ב. וולאַדעק איז אַוועקגעריסן געוואָרן. באַלד נאָך אים האָט דער טויט מיט זיין ליימיקער לאַפּע אַ קלאַפּ געטאָן אינם שאַרבן פון אברהם ליעסין. אַזוי איז געווען ווען ברוך גלאַזמאַן איז אַוועק מיט אַ לויה — אָן רעדעס, אין וועלכער ס׳האָט הילכיק געשריען זיין שטומער פּראָטעסט. אין געציילטע טעג האָט נאָכגעפאָלגט דער קריטיקער ברוך ריווקין. איצט, נאָכן טויט פון אברהם רייזען, דעם מעכטיקן שריפטשטעלער, דעם קלאַסיקער אין דער אידישער ליטע־ראַטור, איז געפאַלן די באַרבאַרישע האַק אויפן קאָפּ פון הערמאַן גאָלד, דעם באַהעם אין דער אידישער ליטעראַטור. אַז קלאַסיקער און קלאַון זיינען אַוועק אויפן וועג פון דער אייביקייט, קען מען זיך וואויל פאָרשטעלן ווי אומעטיק עס וועט ווערן אין דער סביבה פון אידישער קולטור.

---

מען האָט זיך צום וויניקסטן געקענט ריכטן אויפן טויט פון הערמאַן גאָלד. נאַטירלעך איז די בוכהאַלטעריע פון מענטש גאָר אַן אַנדערע ווי די בוכהאַלטעריע פונם מלאך־המות . . . אָבער גאָלד איז דאָך פאָרט געווען אַ מאַן אַ ריז. ער האָט אויסגעזען ווי דער גריכישער גאָט פּאָסיידאָן, דער גאָט פון ים, מיט די שפּיציקע ווידלעס, מיט דער צעפלאָשעטער באָרד אין אַלע פיר זייטן פון ים. דו האָסט אים געקענט באַגעגענען אין ווינטערדיקע נעכט, אין טעג פון שניי און ווינט, אין באָרד, די באַרימטע הערמאַן גאָלדישע באָרד, וועלכע ער האָט גע־ריסן מאַרינאַרקעלע, וואָס איז נישט ווי פּאַר אים געענייט געוואָרן, אין פּאַרלאַטעטע, נישט־געפּרעסטע הויזן, וואָס האָבן קיין קאָליר נישט געהאַט. די באַקן פון זיין פולן פּנים רויט פּאַרפלאַמטע, פון פראָסט געפּאַרבטע. די שאַרפע, שטייפע האָר צעשויבערטע אין ווינט. די באָרד, די באַרימטע הערמאַן גאָלדישע באָרד, וועלכע ער האָט גע־לאָזט וואַקסן ווילד און רוי, ווי אַ גאָרטן אָן אַ גערטנער, איז געלאָפן אין אַלע זייטן פון ווינט־און־וועטער, לויטן ווינטיקן קאַפּריז. שניי איז געווען אויף זיין באָרד. אַמאָל אפילו שטיקער איז פאַרפלאָכטן אין די שוואַרץ־גרויע פעדים פון זיין דזשאַנגלדיקער באָרד.

ער איז זינט לאַנגע יאָרן געווען די אַטראַקציע פון „קאַפע ראַיאַל״. ער איז געווען דאָס לעבעדיקע מעבל אירס. איר שטיק אויסטערליש־קייט. איר מאָדנע שטיק עקזאָטיק. איר אומהיימלעכע פאַנטאַסטיק. איר „באָגי״. סנאָבן האָט ער שאָקירט מיט זיין ווילדן ציגיינעריש־באָהעמישן הילוך. פּראָווינצער יאָלדן, וואָס זיינען געקומען אָנקוקן די ליטעראַרישע קאַפע, האָבן אויף אים געקוקט ווי אויף אַ בייז וואונדער. מען האָט געפרעגט מאָדנע שאלות אויף זיין דערשיינונג. ערשט שפּעט ביינאַכט, אַזוי אין פאַרלויף פון היפשע יאָרן, אפשר עטלעכע יאָר־צענדליקער, פלעגט ער דערשיינען אין קאַפע. ער איז געווען דאָס ליטעראַריש־באָהעמישע שטיק מעבל אין קאַפע. אַ גייענדיקע, לעבע־דיקע שטיק מערקווירדיקע מעבל.

נאָך מער מאָדנע איז געווען זיין אופן פון רעדן. דאָס קלאונישע רעדן, אין וועלכע ער האָט פאַרלוירן שטיקער פון זיין טאַלענט. אפשר דעם גאַנצן טאַלאַנט האָט ער צעפּטרט אין זיין קלאונישן רעדן. אין זיינע טויזנטער, אויב נישט מיליאָנען, גלייכווערטלעך, אַפּאָריזמען, וויצן און וואָרט־שפּילערייען. ער האָט זיך גוטמוטיק און מיט אַ פּיי־נעם שמייכל פאַרמאָסטן אויף יעדער שאַרפער צונג — צום איבער־שטייגן אין וויץ, אין וואָרט, אין גראַם, אין שאַרפזין, אין אַקראָבאַטיק פון אויסדרוק, חכמה, געדאַנקען און סאַטירע. ער האָט דאָרט, אין קאַפע ראַיאַל, וואָס איז שוין איצט אַ חורבה, פאַרלוירן אַ שלל מיט גלענצנדע עפּיגראַמען. אַ מיליאָן פאָלקסטימלעך־געגאָסענע וויצן. אַן אוצר מיט וואָרט־שפּילן, אין וועלכע ער האָט נישט געהאַט קיין גלייכן. ער האָט זיך דועלירט מיט פּאָעטן און וואָרט־קינצלער אין שטאָלצן פאַרמעסט פון וואָרט־און־וויץ. עס האָט קיין האַנט נישט פאַרשריבן זיינע טיש־רעדעס. ס׳האָט קיין פען נישט פאַרקריצט זיין אימפּראָ־וויזאַציע. ס׳האָט קיין שרייבער נישט פאַרצייכנט אויף פּאַפּיר הערמאַן גאָלד׳ס מינדלעכע שאַפונג, וואָס איז געווען די ערשטע שאַפונג פון מענטש אויפן שעפערישן קולטור־וועג פון דער געשיכטע. וואָרים ז׳אָס שרייבן איז אַ דעגענעראַציע פון מינדלעכן וואָרט, פון דער אור־אַלטער דעקלאַמאַציע און רעציטאַציע.

הערמאַן גאָלד, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַן אור־מענטש, האָט אפשר אויך געשאַפן ווי אַן אור־מענטש.

די פּראָווינצער לייט, די פיליסטערישע געסט, די אַלערלייאיקע נאַראָנים און סנאָבן און פּראָפעסיאָנעלע חכמים, מ׳שטיינס געזאָגט, האָבן אים אָפט באַליידיקט. מען האָט געלאַכט פון זיינע איינפאַלן. מען האָט זיך אַמוזירט פון זיינע וויצן. אָבער נאָכאַמאָל האָט מען זיך ביי זיין טישל נישט געוואָלט צוזעצן. עס איז ממש געווען אַן אומ־גליק, ווען ער פלעגט „באַפאַלן״ אַ טיש. ווען ער פלעגט אָנפאַנגען זיין וואָרט־שפּיל און וואָרט־מאַסקאַראַדע.

מען האָט פאַר אים מורא געהאַט. מען איז דאָך סוף כל סוף קיינמאָל נישט זיכער מיט אַ לץ. זיין וויץ מוז זיך דאָך אין עמיצנס פלייש וואונדיק איינשניידן. ער מוז דאָך עמעצן פאַרוואונדן. טראָצדעם וואָס הערמאַן גאָלד׳ס הומאָר איז נישט געווען פון יענעם סאָרט,

ווערמענס פיילן זיינען פאַרסמטע. ער האָט אַבסאָלוט נישט ווי געטאָן מיט שפּיציקע פיילן, וועלכע בלייבן שוין שטעקן אין פלייש.

אָבער נישט נאָר קליינשטעטלער, סנאָבן און יאָלדן האָבן אים נישט פאַרשטאַנען און אפשר אויך אויסגעמיטן באַוואוסטזיניק. אויך שרייבער, אויך זיינע יאָרנלאַנגע קאָלעגן, האָבן אים נישט שטענדיק פאַרטראָגן. ער איז העכסטנס טאָלערירט געוואָרן. אָבער עס איז געווען אומהיימלעך, ווען הערמאַן גאָלד פלעגט זיך אַוועקזעצן ביים ליטעראַרישן טיש. מען האָט אַמאָל געבענקט נאָך אַן „ערנסט וואָרט" פון זיין מויל. איך אַליין, אַז איך פלעג טרעפן הערמאַן גאָלדן, פלעג איך זיך באַמיען אים צו פּראָוואָצירן מיט פראַגן, כדי ער זאָל מיר געבן זאַכלעכע אינפאָרמאַציע. איך פלעג אים פרעגן וועגן ענינים פון אַלטע ביכער און בוכהאַנדלונגען, זאַכן אין וועלכע ער איז געווען אַ זעלטענער ספּעציאַליסט, אַלץ כדי אָפּטמאָל אויסצומיידן זיין וואָרטשפּיל. דאָס פלעגט מיר קיינמאָל נישט, אָדער זייער זעלטן, געלונגען. ער האָט נישט גערוט קיין מאָמענט. ער האָט געהאַט די רירעוודיקע ענערגיע פון אַ קינד, וואָס מאַכט מיד העלדישע דערוואַקסענע. ער האָט אַלץ און אַלעמען פאַרוואַנדלט אין שאַרזש און אין סאַטירע. ער האָט אין אַ שטאָט, ווי ניו־יאָרק, אַ שטאָט פון שרעקלעכן ערנסט, פון שטיינערנער שווערקייט, כסדר געשלאָגן די מאָנאָטאָניע פון לעבן מיט זיין הומאָר און זיין שאַרפזין. ער איז געווען דער מעכטיקער עקשן, וואָס האָט קעגן אַלעמענס ווידערווילן געטראָגן זיין הילוך, זיין אויסדרוק, זיין הומאָר און זיין סאַרקאַזם צו די מענטשן. ער איז געווען דער עקשנותדיקער ציגיינער אין דער אידישער ליטעראַרישער סביבה, פון קיינעם נישט גערופן, פון קיינעם נישט באַצאָלט, פון קיינעם צו קיין שום באַנקעט נישט איינגעלאַדן. און דאָך איז ער געקומען צו אַלעמענס באַנקעטן. אָבער נישט צו זיין אייגענעם באַנקעט . . . מען דערציילט אין דער סביבה פון „ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט" וועגן אַ באַנקעט צו אים געווידמעט. הערמאַן גאָלד האָט יעדן איינעם, וועמען ער האָט נאָר באַגעגנט, געשיקט צו זיין באַנקעט. ער האָט אַלעמען איינגעלאַדן. אָבער ער אַליין, דער באַנקעט־חתן, דער געפייערטער, איז צום באַנקעט נישט געגאַנגען . . . ער אַליין האָט זיך ערגעץ אַרומגעפּאָרעט, באַהעמיש־איינזאַם, אין ווינט און אין שניי . . .

ער האָט אַלץ צעשטויבט און פאַרלאַכט, ער האָט גאָרנישט גענומען ערנסט, דער דאָזיקער געהיימנישפולער לאַמעד וואָווניק, דער דאָזיקער מאָדערנער קהלת אָן אַ קרוין, דער דאָזיקער „משוגענער בטלן", דער דאָזיקער זקן וואָס האָט נישט געוואָלט ווערן אויס שטיפעריש אינגל.

און מען האָט אים אויך נישט גענומען ערנסט. פּונקט ווי זיין גאַנץ לעבן איז געווען אַ וויץ, אַזוי איז זיין טויט אויך געווען אַ וויץ. אין די אידישע צייטונגען איז וועגן זיין טויט — און זיין לויה — נישט געווען קיין מעלדונג. זיין טויט האָט נישט געהאַט קיין איינציקן נעקראָלאָג. אפילו אַ בעטלער פאַרדינט דאָך אַ שוואַרצע ראַם אין אַ צייטונג. פון זיין לויה האָבן אידישע שרייבער נישט געוואוסט. וואָלט מען געוואוסט, בין איך זיכער, אַז ער וואָלט געהאַט נישט קיין

קלענערע לויה, ווי אברהם רייזען, וועגן וועלכן הערמאַן גאָלד האָט נאָך געמינצט אַ לעצטן וויץ — אַז אויב ער, רייזען, האָט אים גע־קענט אָפּטאָן אַזאַ שטיקל און שטאַרבן, וויל ער צו זיין לוויה נישט גיין. פּלוצלינג, מאָנטיק בייטאָג, לייענט מען אין צייטונג, אַז הערמאַן גאָלד איז טויט. אַז זיין לויה איז שוין געווען זונטיק אין דער פרי . . . דער געפיל איז אַ שרעקלעכער. און מען פילט ווי אים צוריק אויפ־צוגראָבן, ערשט אים צו מאַכן די ריכטיקע לויה, זאָלן די וואָס האָבן אים יאָרנלאַנג געקענט, האָבן אים נישט באַליידיקט און נישט גערופן „גראַפאָמאַן״, זאָלן זיי זאָגן דאָס ריכטיקע וואָרט ביי זיין ארון, זאָל מען אים אָפּגעבן דעם אמתן כבוד, ווי ער פאַרדינט דאָס, און אים באַ־גלייטן מיטן ריכטיקן געוויין אין האַרצן.

אָבער, אַזוי איז געווען זיין לעבן. אַזוי איז געווען זיין טויט. ער האָט געלעבט ווי אַ ווינט. געכאַפּט מיט די בלויזע הענט אַ קאַר־טאָפלע, צי לאָקשן, פון יענעמס הייסן טעלער. געפונדעוועט אין אַ נאַכט צו ליטעראַרישע חברה פינף און צוואַנציק „מאָלטעד מילקס״, באַצאָלט אַ היפּשע מטבע און פּלוצלינג עמעצן אָנגעכאַפּט ביים לאַץ מיטן געשריי: „שורקע, דו האָסט מיך באַגנבעט מיט אַ פּענע״ . . . פּלוצלינג האָט ער, דער גביר, וואָס מען פלעגט זאָגן אויף אים, אַז ער האָט אָנגעזאַמלט אַ גרויס פאַרמעגן פון זיין „אַמעריקאַנאַ״, זיך ביי עמעצן געבעטן אים צו באָרגן אַ „דיים״ אויף סאָדע־וואַסער. וואָכן שפּעטער האָט ער אָפּגעגעבן דעם „דיים״ און האָט געבאָרגט אַ „קוואָדער״.

אַזוי האָט ער געלעבט און אַזוי איז ער געשטאָרבן, דער הערשעלע אָסטראָפּאָלער״ פון איסט בראָדוויי און קאַפע ראָיאַל. די לויה איז פאָרגעקומען אין איילעניש. די הספדים האָבן געמאַכט די וואָס האָבן אים גערופן „גראַפאָמאַן״ און געווען אָפּט מיט אים ברוגז. די נאָענט־סטע האָבן זיך ווילד־געאיילט צו באַגראָבן דעם טייערן הערמאַן גאָלד וואָס שנעלער. איין שרייבער האָט זונטיק אין דער פרי טעלעפאָנירט צו אַ צווייטן: „זאָל מען כאָטש צוזאַמענקלייבן אַ מנין שרייבער צו דער לויה״. (דערמאָנט איך: אין דער מיליאָניקער אידישער ניו־יאָרק!)

אַ קאָלעגע דערציילט: אין קאָסטן איז נישט געלעגן דער פּריי־לעכער הערמאַן גאָלד מיטן קינדישן שמייכל. עס איז נעבעך געלעגן אַן אַלטער מאַן, אַ זקן, פון אַכציק יאָר.

מען קען דערפון עפּעס לערנען וועגן דעם מהות פון הערמאַן גאָלד.

איך האָב געזאָגט: פּראָווינצלער האָבן אים, הערמאַן גאָלדן, ניט געקענט און נישט פאַרשטאַנען. מען באַדאַרף אָבער אויך צוגעבן: שרייבער, זיינע יאָרנלאַנגע קאָלעגן, האָבן אים יאָ געקענט — אָבער אויך נישט פאַרשטאַנען. און נישט שטענדיק געשעצט. ער איז פאַרבליבן צו אַלעמען אַ מיסטעריע. אַ פאַרבאָרגענע געשטאַלט. אפשר אַ באַהאַלטענער לאַמעד וואָווניק.

— וואָס האָט הערמאַן גאָלדן געצוואונגען צו גיין אַזוי נאַכלעסיק אָנגעטאָן? פאַרוואָס האָט ער זיך פאַרלאָזן אַזאַ ווילדע באָרד? פאַר־

וואָס האָט ער זיין ליטעראַרישן טאַלאַנט פאַרטווישט אויף קליינינקייטן ביים טישל אין קאַפע? פאַרוואָס האָט ער אויסגעווילט צו „בושעווען" — זיינס אַ באַליבט ווערטל — דווקא אין דער נאַכט? פאַרוואָס האָט אים געצויגן און געצוואונגען אַלץ צו פאַרוואַנדלען אין הומאָר? פאַר־וואָס האָט ער אַזוי געהיימנישפול, אינם סאַמע אָרעמסטן קאָסטיום, דורכגעטאַנצט אונזער ערד? וואָס איז געווען די טרייב־קראַפט פון זיין ווינטיש, הפקרדיק, באַהעמיש און ציגיינעריש לעבן? פאַרוואָס האָט ער, דער אָפּטימיסט דווקא אין פראַגן פון אידיש און אין קיום פון אידישער ליטעראַטור, גאַנץ ווייניק רעאַליזירט און טאָג און נאַכט נאָר געפּלאַנעוועט? (האָט ער דאָך שטענדיק געהאַט פּלענער, ווי שריי־בער דערציילן: אַ פאַרלאַג וואָס זאָל אַרויסגעבן אידישע ביכער וואָלוול און אויף אַ ברייטן מאַסשטאַב. אַ הויז פאַר אידישער קולטור, וואָס זאָל האָבן די גרעסטע אידישע ביבליאָטעק אין דער וועלט. מיט מיר אַליין האָט ער זיך צו פאַרשיידענע צייטן באַראַטן וועגן אַ גרויסן אידישן זשורנאַל. איך פלעג מיט איםריידן און בקיין שום אופן פלעג איך נישט וויסן: צי נעמט ער מיך ערנסט און ער רעכנט זיך מיט מיין מיינונג — צי טרייבט ער מיט מיר קאַטאָוועס . . .) וואָס איז הערמאַן גאָלד געווען אין עצם, אין דעם עסענץ פון זיין מערקוויר־דיקער פערזענלעכקייט: אַ פאַנטאַסט, אַ מנחם מענדל, אַ ווינטיקער בדחן־טיפּ, אַ רעאַליסט, אַ נאַטוראַליסט, אַ סקעפּטיקער; צי אַן אמת־גלויביקער, ערנסטער און אינערלעך־סעריעזער מענטש? האָט ער געהאַט לויזע אידייען, נישט געבונדענע געדאַנקען, אַ שוואַך־אָרגאַניזירטן ווילן? האָט זיין אויסערלעכקייט, זיין הלבשה און זיין אופן פון רעדן, אויסגעדריקט זיין אינערלעכע פערזענלעכקייט? צי איז אַלץ געווען בכיוון, אַ מאַסקע, אַ קאָסטיום, אַן אַרלעקינישע געשטאַלט? צי בלויז פאַר דער וועלט זיך צו ווייזן אַזוי — און זיין אין דער אמתן אַן אַנדערער? האָט הערמאַן גאָלד געטראָגן אין זיך אַ צווייטע געשטאַלט און האָט ער באַזעסן אַן אַנדערן כאַראַקטער?

פאַרשיידענע זיינען די קאָנצעפּציעס און טעאָריעס צו דער אַנט־הילונג פון דער הערמאַן־גאָלד־פערזענלעכקייט. פאַרשיידן — און דאָך, עסענסועל, אייך־ און־איינציקער צוגאַנג.

איינער, אַ מאָלער, האָט מיר געזאָגט, אַז אין הערמאַן גאָלדן האָט פאַראַדירט אַ דורכגעפאַלענע פערזענלעכקייט. אַז ער האָט געשפּילט די ראָלע פונם ציניש אַקטאָר, ווייל ער איז געווען אַ דורכ־פאַל און אַז ער האָט אַלץ מבטל געווען. אַז אין אים זיינען פאַקטיש געווען עטלעכע פערזענלעכקייטן און אַז ער האָט דורך זיין גאַנץ לעבן זיך באַמיט מיט געוואָלט זיי צונויפצוהאַלטן אין זיך. אַז ער האָט שטענדיק מיט געוואַלטיקער שפּאַנונג צונויפגעהאַלטן אין איין דער־שיינונג און קאָסטיום די פאַרשיידענע שטיקלעך און ברעקלעך, וואָס האָבן אין אים קאָנקורירט און זיך מיט אים טאָג און נאַכט געשלאָגן. אַז ער האָט אין פאַרלויף פון יאָרן מיט גרויס פּיין איינגעשטודירט אַ ראָלע, זיין לעבנס־ראָלע, וואָס איז זיך ערשט צעפאַלן נאָך זיין טויט. ער האָט נישט צוגעלאָזט צו זיך דעם וויטיק פון זיינע דורכגעפאַלענע אַמביציעס. אַז דער דאָזיקער מכלומרשטער אָפּטימיסט איז געווען אין

האַרצן אַ פּעסימיסט, אַ סקעפּטיקער, אַ ציניקער. לויט אים האָט גאָלד באַפּרידיקט כּסדר דעם באַגער פון פּרויען נאָך אַנדערשקייט, נאָך אָריגינאַליטעט. הערמאַן גאָלד האָט טאָג און נאַכט געשפּילט און געשמידט זיין שיקזאַל. ער האָט זיין קאָסטיום און זיין גרימאַזש גע־שאַפן כּדי צו פאַרדעקן זיינע אינערלעכע וואונדן, זיינע טיפע ליידן, זיין שרעקלעכע אַנטוישונג.

צו מיר פּערזענלעך בלייבט הערמאַן גאָלד אַ געהיימנישפולע גע־שטאַלט. ער אַליין האָט נישט געגעבן קיין שליסל אים צו פאַרשן. פאַרקערט, ער האָט ערגעץ אין אַ טייך אַריינגעוואָרפן דעם גאָלדענעם שליסל צו זיין פּערזענלעכקייט. עס דערציילט מ. אַשעראָוויטש אין זיין אַרטיקל אין „פאָרווערטס": „מיט דער גאַנצער שטיפערישקייט זיינער, איז ער דאָך מיט קיינעם פון די אַלע מענטשן אין די ליטעראַ־רישע קרייזן נישט געווען נאָענט באַפריינדעט. און עס איז מער ווי זיכער, אַז ער האָט זיך קיינמאָל פאַר קיינעם פון זיי נישט אויסגערעדט דאָס האַרץ". דאָס איז אינטערעסאַנט און טרויעריק. אָפּגעלעבט זיין לעבן אין דער ליטעראַרישער קיבעצאַרניע און פאַר קיין איינציקן מענטשן זיך ניט אויסגערעדט דאָס האַרץ! זיין הומאָר איז אפשר געווען אַ פאַנצער נישט צוצולאָזן צו זיך נאָענט קיין מענטשן. נישט צוצוציען — נאָר אָפּצוטרייבן מענטשן איז גאָר געווען דער צוועק פון זיין הומאָר. דער אמת איז, אַז די ליטעראַרישע סביבה איז אַזאַ אַ״ז פאַר פּערזענלעכן אויסרעדן זיך דאָס האַרץ איז נישטאָ קיין מעגלעכ־קייט. עס איז שוין לייכטער צו זיין אַ גוטמוטיקער לץ און בופאָן פאַר מענטשן, ווי צו געפינען צווישן זיי אַן אמתן פריינט. עס איז שוין גרינגער צו געבן שרייבער די מעגלעכקייט און די מאַטעריאַלן אויף צו לאַכן פון הערמאַן גאָלדן, ווי צו זיין ערנסט אין דער דאָזיקער סביבה. עס איז שוין בעסער צו האָבן אַ שם אַלס קאַרגן, אַלס קמצן, איידער די וועלט זאָל דיך מקנא זיין און גריזשען מיט איר אייפערזוכט... אָבער, אין לעצטן סך־הכל, ווער ווייסט צי עס איז בעסער אַזוי אָדער אַנדערש? . . .

טיילמאָל פלעגט זיך מיר דאַכטן, אַז הערמאַן גאָלד איז עפּעס אַ פאַרשטעלטער אַקטאָר. אַז ער איז דאָ אויף דער עו״ד געקומען כּדי אָפּצולייזן אַ שטראָף. ער איז געקומען דורכטראָגן מיט צער און ווייטיק און שאַנד, מיט באַליידיקונג, שפּאָט און אפילו פּעטש פון מענטשן וואָס האָבן אים מיספאַרשטאַנען, אַ געוויסע אומדאַנקבאַרע ראָלע, צו וואָס זיין שיקזאַל האָט אים באַשטימט. איך האָב עפּעס שטענדיק, ביים באַגעגענען אים, געפילט, אַז דער אויסערלעך־ווילדער הערמאַן גאָלד איז אַ הויך־מאָראַלישע, טיף־אידישע גע־שטאַלט, וואָס איז געקומען דאָ אויספירן, דאָ אָפּליידן, אַ געוויסע גע־היימנישפולע שליחות. אויב, מיר זאָלן זאָגן, עס איז נישט די העכסטע שליחות דאָס אַוועקשטעלן זיך אין אַזאַ טויט־ערנסטער וועלט ווי די איצטיקע און וואַגן צו שפּאַסן און מאַכן אַלץ צו קלייניגעלט און אַלע וואונדן צו פאַרציען מיטן באַנדאַזש פון הומאָר און סאַטירע. ווער ווייסט: אפשר איז אין דעם דאָזיקן הערמאַן גאָלד אַריין אַ דיבוק פון הערשעלע אָסטראָפּאָלער. אפשר איז ער געווען אַ גלגול פון אַ טייל־

אוילן־שפיגל. ווער ווייסט וואָס ער איז באמת געווען . . .

דער אמת איז: די ליטעראַרישע סביבה ביי אידן קען נישט ליידן קיין באַהעם לשם באַהעמישקייט. אידישע שרייבער זיינען די פּראַקטישסטע און די טויט־ערנסטסטע צווישן אידן. מיר קאָנען אַ לייכטזיניקן באַהעם אין אונזער מיטן נישט באַנעמען. ביי אידן איז מען געוואוינט צו שווערע שריפטשטעלער: אַש, אָפּאַטאָשו, בערגעל־סאָן. עס פעלט דער זין בכלל פאַרן קליין שרייבער, פאַרן גראַציעזן שריפטשטעלער, אַלאַ פעטער אַלטענבערג, היינריך היינע. קיין היינריך היינע וואָלט ביי אונז נישט מעגלעך געווען. די קריטיק וואָלט זיין לייכטקייט, לייכטזיניקייט, גראַציעזקייט און שפּילעוודיקייט נישט אָנער־קענט. מיר וואָלטן אין אונזערע צייטן נישט געדולדעט קיין עמנואל הרומי, מיט זיינע עראָטיש־הומאָריסטישע מאָטיוון. מיר ווייסן נאָך נישט וואָס עס מיינט שפּיל אין ליטעראַטור, וואָס עס מיינט זיך שפּילן מיט אַ מאָטיוו, מיט אַ טעמע. מיר האָבן נישט קיין גראַציע און קיין שפּיל. די וואָס האָבן געוואָלט זיין עלעגאַנט אין סטיל, גראַציעז אין דער פאָרם, סאַרקאַסטיש און שפּילעוודיק, האָבן געמוזט שרייבן אויף פרעמדע שפּראַכן. עס איז געווען אידישער הומאָר, וואָס אידן אַליין וואָלטן ניט געדולדעט: היינריך היינע, סאַפיר, קאַרל ראַדעק, איליא ערנ־בורג, לעאָן טראָצקי. אידן האָבן אין דער דייטשער, פראַנצויזישער און ענגלישער ליטעראַטור אַמוזירט די גויים מיט אידישן הומאָר . . .

עס איז פאַראַן אַ גלענצנדער אידישער הומאָר, אָבער אידן אַליין, באַזונדערס אין דער אידישיסטישער סביבה, האָבן נישט קיין שום פאַרשטענדעניש פאַרן דאַזיקן הומאָר. אפילו דער איינער שפּילעוודי־קער משה נאַדיר האָט אַליין פּשוט נישט געוואוסט וואָס מיט זיך צו טאָן . . . דעריבער אויך האָט מען הערמאַן גאָלדן אַזוי וויניק באַנומען. וואָס טוט אַ באַהעם אין אונזער אידישן טויט־ערנסטן גאָרטן?

בכלל איז דער באַהעם אין אונזער צייט אַ מין לעצטער מאָהיקאַ־נער. אַמאָל איז דער באַהעם געווען אַ לעבעדיקער רעוואָלט אַנטקעגן דער געזעלשאַפט. דער איצטיקער באַהעם איז אַ טראַגישע קאַריקאַ־טור. ער האָט נישט קיין „ערנסטע ראָלע" . . . אַמאָל האָט זיך דער פיליסטער געשעמט. ער האָט געפילט זיין מינדערווערטיקייט אין אַ געזעלשאַפט פון שעפערישע פרייגייסטער. היינט אין קאַמף קעגן קאָמוניזם, איז יעדער פיליסטער אַ העלד. מען האָט אויפגעגעבן יעדן מין קאַמף, יעדע פאָרם פון קריטיק, ווייל מען קען ווערן אַסאָציאירט מיט קאָמוניזם. עס עקזיסטירט נישט מער קיין קאַמף קעגן רעליגיע. נישטאָ קיין אַפּיקורסים, קיין אַטעאיסטן, קיין פריידענקער. עס איז געוואָרן אַ טויט־ערנסטע, מאָנאָטאָנע וועלט, אָן קעגנער, אָן אָפענע מוחות, אָן קריטיק. וואָס זאָל אין אַזאַ וועלט טאָן דער באַהעם, וואָס איז געווען דער געזעלשאַפטס פּראָטעסט קעגן שלעכטס, עגאָאיזם, גע־דאַנקלעכע אָפּגעשטאַנענקייט, פיליסטעריזם און מאָנאָטאָניע?

פון אַלע שטאַנדפּונקטן איז אַ הערמאַן גאָלד געווען פאַראורטיילט צום טויט־פאַרשווייגנדיקן אונטערגאַנג . . .

און דער פאַקט, אַז מען האָט הערמאַן גאָלדן, וואָס האָט שטאַרק

געוואָלט זיין אָריגינעל, נישט ליב געהאַט, באַווייזט ווי עס איז דאָך נויטיק דער קריטישער לץ, אפילו אין אונזער צייט און אין אונזער אידישער סביבה: זיין קריטיק האָט דאָך עמעצן אָנגערירט . . . עס איז עמעצער דאָך געווען צו סענסיטיוו צו זיין וואָרט־קריטיק . . .

---

איין זאַך איז זיכער: הערמאַן גאָלד האָט אינערלעך געליטן. דער מכלומרשטער קאָלטער וויצלינג האָט געטראָגן אַ וואונד אין האַרצן: דער טויט פון זיין איינציקן זון־שלום אין דער צווייטער וועלט־מלחמה.

איך דערמאָן זיך: איך טרעף הערמאַן גאָלדן אויף פערטער עוועניו, דאָרט וואו ער פלעגט זיך אָפט באַווייזן אַרום די בוכהאַנדלונגען פון אַלטע ביכער. איך האָב ערשט געהאַט געהערט, אַז זיין איינציקער זון איז געפאַלן אין שלאַכט, ערגעץ אין אייראָפּע. איך בין געווען אַזוי שרעקלעך נאַריש אים צו וועלן מיט עפּעס טרייסטן . . . אָבער גאָלד האָט זיך אָפּגעריסן מיט אַ ווינט פון ווערטער (אויב נישט מיט אַ פייער פון געשרייען):

— וואָס פאַלט דיר איין? וואָסאַרא משוגעתן דו טראָגסט אַרום,

וואו האָסטו דאָס געהערט? וואָס דרייסטו אַ טשייניק? דו זאָלסט גאָר אַזוינס נישט טראַכטן, דו הערסט . . .

און ער איז אַוועק ווי אַ רוח אין אַ שטורעמדיקן טאָג.

צו וועלן דעם טויט פון אַן איינציקן זון אַזוי אַרויסרייסן פון זיך, פאַרלייקענען און פאַרטויבן אין זיך, מיט דער הילף פון אַ מבול פון ווערטער, איז פאַר מיר געווען עפּעס אויסערגעוויינלעכעס. אין דעם ליכט פון דעם דאָזיקן עפּיזאָד איז פאַר מיר אויפגעגאַנגען דאָס מאָדנע רעדן פון זיין גאַנץ לעבן. אפשר איז עס טאַקע פאַרט נישט געווען אַזוי זינלאָז, ווי אַנדערע מיינען. אפשר האָט עס געהאַט אַן ענלעכן צוועק: אַלע אומגליקן צו פאַריאָגן מיט אַ שטורעם־פאַרפלייצונג פון ווערטער . . . אַלעליידן אויסצולאָכן אין אַ ים פון וויצן? אַלע טרויערן צו פּרואוון פאַרטרייבן מיטן שאַרזש פון וואָרט־שפּיל . . .

אַ בליציקער שפּאַלט האָט אויפגעריסן פאַר מיר די פערזענלעכקייט הערמאַן גאָלד.

דער באָהעם הערמאַן גאָלד האָט נאָך געבושעוועט אַ צענדליק יאָר. אָבער הלל גורני, דער טאַטע, האָט, ווייזט אויס, אינערלעך טיף און טויטלעך געבלוטיקט אויפן טויט פון זיין איינציקן זון שלום. הלל גורני האָט אין אַ פאַרטאָג, ווען ער איז אַהיימגעקומען פון דער באָהעמישער נאַכט, צוזאַמענגעלייגט זיינע באָהעמישע פליגל, ווי אַ פלעדער־מויז, און ער האָט צוזאַמענגעבראָכן ביים שרייב־טיש. די טיפע וואונד אין האַרצן האָט אַ כוואַליע געטאָן מיט דיקע שטיקער בלוט — —

---

עס וועט דאָרט, אין הימל, אפשר לעבעדיקער ווערן מיט דער מאָדנער דערשיינונג פון הלל גורני, מיט זיין ווילדער באָרד. אָבער דאָ איז מיטן אַוועקגיין פון הערמאַן גאָלד געוואָרן זייער אומעטיק. אין אַזאַ קורצער צייט: דער פאַרלוסט פון צוויי דיאַמעטראַל־קעגנגעזעצטע פּערזענלעכקייטן: קלאַסיקער אברהם רייזען און באָהעם הערמאַן גאָלד.

ווי געזאָגט, מען האָט דורך זיין אייגענער אויסערלעכער דער־שיינונג און באַנעמונג, דורך זיינע אָריגינעלע מאַניערן און פרייען הומאָר, נישט געקענט ערנסט הערמאַן גאָלדן דעם שריפטשטעלער. בלויז איין לאַנגיאָריקער קאָלעגע און רעדאַקטאָר פון הערמאַן גאָלדן, יצחק ליבמאַן, וועלכער האָט אין „אונזער בוך" און אין אַנדערע פון זיינע ליטעראַריש־פּיאָנערישע זשורנאַלן, געדרוקט די שריפטן פון הערמאַן גאָלדן — יצחק ליבמאַן, זאָג איך, האָט איינציק און אַליין אין אונזער טויט־ערנסטער ליטעראַרישער סביבה געוואָגט אָנצושרייבן וועגן אים אַן עסיי, וואָס איז דערשינען אויך אין בראָשור־פאָרם, און וואָס הייסט: „דער פּערצנטער". ליבמאַן האָט זיך עלעגאַנט געשפּילט מיט דער טעמע הערמאַן גאָלד. ליבמאַנס עסיי איז זיכער פיין גע־שריבן. עס איז אַ פּרואוו צו פאַרטיפן זיך אין הערמאַן גאָלד׳ס ווערק און קרעדאָ. אין זיין פילאָסאָפיע. מיר דוכט, אַז איצט וועט אויך נוי־טיק זיין צו שרייבן אַ גרינטלעכע שטודיע. מען וועט איצט באַדאַרפן אויסזוכן הערמאַן גאָלד׳ס ווערק, וואָס שטויביקן אויף די אויבערשטע און אונטערשטע פּאָליצעס — אָבער זיי זיינען קיינמאָל נישט געלעגן אויף די מיטלסטע פּאָליצעס, וואו מען קען באַקוועם אויסציען די האַנט כדי זיי צו דערגרייכן . . . איצט וועט מען זיי באַדאַרפן אַוועק־שטעלן אין אַ זייער נאָענטער פּאָזיציע, ביים איינזערנעם בעט, כדי אין אָוונט, אין דער לעצטער און שטילסטער שטונדע פון דער נאַכט, ווען מען קומט אַהיים אַ מידער פון דער שטאָט, זאָל מען לייענען הער־מאַן גאָלדס „מעשה׳לעך", דערשינען אין ליבמאַנ׳ס פאַרלאַג „אידיש לעבן". אויך זיין מאָנאָגראַפיע, אין אַפאָריזמען, וועגן זישע לאַנדוי, וואו הערמאַן גאָלד האָט זיך גיכער געשפּילט מיט דער טעמע, ווי זיך באַמיט זי צו באַלייכטן און אויפצוקלערן. מען וועט איצט אויף אַן אמת זיך נעמען שטודירן דאָס וואָס דער שריפטשטעלער הערמאַן גאָלד, און נישט בלויז דער לץ, האָט געשריבן אין יענע גרויע באַגינענס, אַהיימקומענדיק פון דער ליטעראַרישער קיבעצאַרניע. ווען ער, דער ריינער שריפטשטעלער הערמאַן גאָלד, איז צוגעפאַלן ערנסט און הונגעריק צום פּאַפּיר און צום טינטער מיטן ים שוואַרצן טינט... און מיטן וואָרט אין האַרצן — נישט אויף די ליפּן . . . אַוודאי האָט הער־מאַן גאָלד כסדר מינדלעך געשאַפן און אימפּראָוויזירט. אָבער די וואָס אימפּראָוויזירן טאָג און נאַכט, שאַפן נישט קיין שווערע בענדער שריפטן . . . זיי לאָזן איבער זייער האַרצנס־גאָלד אין שטויב פון טראָטואַר. צווישן די הערבסט־בלעטער פון פּאַרק. אין מוטנעם רויך פון קנייפּע. אין אַש פון ציגאַרעטן . . . אין זכרון פון מענטשן וואָס שטאַרבן . . .

אפשר איצט וועט זיך אין זיין ווערק, כאָטש קאַרג אין קוואַנטיטעט — הגם, ווער ווייסט וועלכע ווערק אין מאַנוסקריפּט עס ליגן ביי אים אין דער היים, דאָרט וואו ער האָט געטאָגט, אָבער נישט גענעכטיקט — אַנטפּלעקן דער ריכטיקער הערמאַן גאָלד. אפשר וועט פון זיין גע־שריבענעם וואָרט אויפשטראַלן דער אמתער עסענץ פון אַ דיכטערישער, אייגנאַרטיקער און פּאָלקסטימלעכער, הגם אויך העכסט־ראַפינירטער,

פּערזענלעכקייט, וואָס איז אין זיין לעבן געווען צעשויבערט. איצט איז דאָס פיזישע פון הערמאַן גאָלד אַוועק צו אַש און צום שטויב פון דער ערד. אָבער דאָס גייסטיקע פון אים איז אַריינגעגאַנגען אין דעם פּאַנטעאָן פון אייביקייט.

זיין גייסט האָט געקראָגן אַ תיקון. ער איז אָפּגעגאָסן געוואָרן אין אייז פון אייביקייט. זיין ליטעראַרישע שאַפונג פאָדערט איצט אַן ערנסטן און אומפּאַרטייאישן שטודיום, כדי אָפּצושאַצן און פעסטצושטעלן, אויף ווי ווייט דאָס איז מענטשלעך־מעגלעך, וועלכע עלעמענטן פון דער דערשיינונג פון אַ הערמאַן גאָלד עס האָבן אַ קינסטלערישן ווערט פאַר דער אייביקייט.

ניו־יאָרק, מאַי 20, 1953.

---



# זילבערנע יידן

ווען איך האָב מיט עטלעכע יאָר צוריק געלייענט די געציילטע ביכער פון משה עובד, און איך האָב געשריבן וועגן איינעם פון זיי („אין זכות פון די טעג"), האָב איך געמיינט אַז דערמיט בין איך פּאַרטיק. אַז אַלץ וואָס משה עובד שטעלט מיט זיך פאָר, האָב איך פאַרפיקסירט אין מיין עסיי אָדער אַר־טיקל. ווייל וואָס נאָך איז אַ שרייבער, אויב נישט דאָס וואָס ער ברעכט אָפּ פון זיין פערזענלעכקייט און פאַרצעמענטירט עס אַריין אין זיין ווערק. ס'רוב, ווען מיר באַקענען זיך מיט אַ געוויסן זעלטענעם בוך, זענען מיר נישט מער נייגעריק צו באַקענען זיך מיטן מחבר. דער מחבר איז דער שאָטן פון זיין ווערק. זיין אמתער איך, אין פּלאַטאָנישן זין, איז אין זיין ווערק. עס טרעפט אַז דאָס געשעט אויך אין בעלעטריסטיק. דו גייסט אין גאַס און דו באַגעגנסט דיינס אַ העלד פון אַ דערציילונג. דו ווילסט אים מער נישט זען. אַלץ וואָס ער האָט באַזעסן אין זיך, אַזוינס וואָס איז סימבאָליש, טיפּיש, קינסטלעריש — האָסטו ביי אים שוין צוגענומען. ער איז נישט מער אינטערעסאַנט. אַלץ וואָס ער וועט איצט רעדן, וועט זיין דיין ליטעראַטור, אַצינד קאָפּירט ער שוין דיין העלד. ער איז אַ פּלאַגיאַטאָר. ער רעדט שוין איצט מיט דיינע רייד און ער אימיטירט דיין העלד'ס שטים. ער באַמיט זיך איצט צו זיין דיינס אַ כאַראַק־טער. אָבער, איינמאָל אים באַרירט מיט דיין פעדער, איינמאָל אים באַפלעקט מיט דיין טינט, האָסטו מער קיין אינטערעס נישט צו אים. אינסטינקטיוו זוכ־סטו נייע העלדן.. דער קינסטלער איז אייביק הונגעריק נאָך נייעם רוי־שטאָף.

אָבער בנוגע משה עובד האָב איך געהאַט אַ גרויסן טעות. ווען איך האָב אים צום ערשטן מאָל אַליין דערזען אין ניו יאָרק, האָב איך געטראַכט: דער דאָזיקער ייד פון לאָנדאָן האָט זייער ווייניק פון זיין קאַפּיטאַל דיספּאָנירט אין דער באַנק פון זיינע ביכער. דאָרטן, אין זיינע ביכער, אין פאַרגלייך צו זיין אמתער עשירות, האָט ער געהאַלטן קופּערנע גראָשנס. דעם אמתן קאַפּיטאַל טראָגט ער אַרום מיט זיך, אין די קעשענעס, אין זיין הילוך, אין זיין גאַנץ גע־שטאַלט. און קודם כל איז דער דאָזיקער ייד פון לאָנדאָן גאָר נישט פון לאָנ־דאָן. ער איז פונם לאַנד פון די רויטע יידעלעך. ער איז פון סמבטיון. ער איז פון לאַנד גושן. ער איז פון ארץ ישראל און פון מצרים. משה עובד קומט פון דער יידישער לעגענדע, פון יידישן פאָלקלאָר, פון יידישע מעשיות, פון תנ"ך, פון פּרץ, פון שלום עליכם. ער קומט פון אַלע גייסטיקע מדינות פון פאָלק ישראל. אפשר איז ער אַמאָל געווען אין לאָנדאָן אויך. אַ קשיא אויף אַ מעשה.

ווי געזאָגט, איך האָב געזען אַז ביים באַשרייבן זיינע ביכער, האָב איך נישט אָנגעהויבן צו קענען משה עובדן. משה עובד איז — משה עובד. אָט אַזוי ווי ער שטייט און גייט. אַ מענטש וואָס איז קינסטלער אַלע פיר און צוואַנציק שעה פון מעת לעת. אַ מענטש וואָס איז שטענדיק ייד. שטענדיק יום־טוב, שטענדיק שבת, שטענדיק אימפּראָוויזאַציע, שטענדיק שאַפונג.

**ווי פּאָרט מאַכט מען אַ פּרווו אים אָפּצופּאָרטרעטירן אין אַ פּאָרטרעט! ווי אַזוי קענסטו אים אַריינטאָן אין אַ פּאָרטרעט אַז ער וועט נישט איינשטיין קיין איין מינוט אין אים? ער וועט ממש צעברעכן די גילדערנע ראַמען. ער וועט אַרויס דורך אַ לאָדפון דער שויב. ער וועט רעדן אַזוי הייס אַז די פאַרבן וועלן זיך אָנגליען און זיך צעשמעלצן. משה עובדן, ווי אַן אמתן אַקטיאָר מוזטו אַליין זען, אַליין הערן, אַליין אָבסערווירן. די וועלט קען בלויז דאָס קאַרגע ווערק, ווי שיין עס זאָל נישט געווען זיין, פון אָסקאַר ווײַלד. אָבער ווער קען**

היינט דעם אמתן אָסקאַר ווײַלד, ווי ער איז דערשינען אין דעם כישוף פון מינדלעכן וואָרט? אין דעם כישוף פון דער לעבעדיקער פערזענלעכקייט? מאַנכע יידישע שרייבער דאָ אין ניו יאָרק היטן זיך אָפּ פון צו רעדן אַ וואָרט. טאָמער רעדן זיי אַמאָל עפּעס יאָ אַרויס — שרייבן זיי עס באַלד אויף... משה עובד רעדט אַ גאַנץ יאָר, און ווען מען זאָל אויפשרייבן די ליטעראַטור וואָס ער רעדט, וואָלט מען געדאַרפט אַרויסוואַרפן אַ היפּשע צאָל ביכער פון דעם בריטישן מוזעאום, שוין צוזאַמען מיט עטלעכע עגיפּטישע מומיעס, כדי אַרייַנצושטעלן זיין, משה עובדס, ביבליאָטעק.

פון מיין ערשטער באַגעגעניש מיט משה עובדן, האָב איך ביינאַכט קוים מיט צרות אַרויסקריגנדיק פון מיין זכרון, אויפגעצייכנט אַזעלכע „קליינע" פּערל פון זיין אימפּראָוויזאַציע:

„דער בריליאַנט ווערט נישט שענער ווען מען קוקט אויף אים. עס ווערט שענער פון דעם ליכט פון דעם בריליאַנט דאָס מענטשלעכע פּנים. די אויגן פונם מענטש לויכטן אויף קוקנדיק אויפן בריליאַנט"...

„פאַראַן ווערטער וואָס מען קען מיט זיי טויטן מענטשן. געוויסע ווערטער טאָר מען נישט זאָגן. זיי זיינען שאַרפער ווי מעסערס. צושטערערישער ווי בליצן. מאַנכער מחבר שטאַרבט און ווערט דערשטיקט פון זיינע ווערטער, ווייל ער וויל זיי נישט אַרויסזאָגן"..

„איינמאָל האָט משה עובד געקראָגן אַ בריוו פון אַ פרוי, אויף אַ גרויס שטיק פּאַפּיר, מיט ריזיקע אותיות. יעדער אות האָט געשמעקט. אַלע ווערטער פונם בריוו זענען געווען פאַרפיומירט. יעדער בוכשטאַב שמעקט מיט מירע. דער בריוו — ממש אַ גאָרטן פון שמעקענדיקע בלומען. דער בריוו איז געווען פאַרגאָסן מיט פאַרפיום, ווי דער פרילינג".

(אויב דער בריוו פון דער פרוי, טראַכט איך, שמעקט אַזוי שטאַרק, טאָ קען מען זיך קוים פאָרשטעלן ווי די פרוי אַליין, די שרייבערין פונם געהיימניספולן בריוו, שמעקט).

משה עובד דערציילט מיר אַז ער האָט געמאַכט צוויי מעשענע לייכטער, מיטן „יהי אור" געשמידט אין קופּער. די אותיות פונם געטלעכן „זאָל זיין ליכט" פלאַמען שטורקאַציש אין הימל אַריין. געשמידט פייער צינדט זיך אין די וואָלקנס. די לייכטער אַליין ברענען. עס ציטערן אין דער לופט זייערע פלאַמען.

דאָס קליינע יידל משה עובד טראָגט ביי זיך אין וועסטל־קעשענע צוועלף זילבערנע יידעלעך, פון ריינעם זילבער געגאָסן. ער נעמט זיי אַרויס, די יידעלעך ציטערן אין זיינע הענט, ער שטעלט זיי אויס אויפן טיש אין אַ פּראָצעסיע. צוועלף קליינע זילבערנע יידעלעך — ווי גאָלד! איינמאָל האָט ער געקויפט אַן אוצר — וויסט שוין אַן אַקטיאָר ביים טיש אין „קאַפע ראָיאַל" צו דערציילן, האָט ער אין דעם דאָזיקן אוצר געפונען דעם גרעסטן אוצר: אַזאַ מין קליין יידעלע. דעם ערשטן ייד האָט ער אָפּגעגאָסן אין ריינעם גאָלד. די אַנדערע יידעלעך מאַכט ער אין זילבער. טרעפט זיך: משה עובד דערזעט אַ שיינע מיידל — נאַדיר אַ זילבערן יידעלע. עס זאָל דיר זיין צו רפואה. זעט ער אַ יידישע פרוי שוואַנגערט — נעם דיר אַ זילבערן יידעלע. עס וועט דיך באַשיצן. טרעפט ער אַ קאָלעגע אַ פאַרערער — שענקט ער אים לזכרון אַ יידעלע פון זילבער. אַהיימגעקומען, אויפן וועג צושענקט אַלע יידעלעך — גיסט ער אָפּ עטלעכע הונדערט נייע יידעלעך. זאָל דאָס יידישע פאָלק זיין אַ גרויס פאָלק. זאָל עס זיך מערן אויפן בויך פון דער ערד...

ווען מען שאַפונג איז אַזאַ גאָלדן יידעלע ווי משה עובד, וואָס זיין לעבן איז גאַנץ און האַרמאָניש,הגם ער איז אַריינגעשטעלט געוואָרן אין אַזאַ צורי־סענער, אומיידישער וועלט. וואָס אין זיין פּאָעזיע, אין זיין ליד, באַזינגט ער דעם יידישן אלף־בית מיט אַזאַ האַרציקייט ביז טרערן. און וואָס ער בלייבט נישט שטיין, ווי שוין ליד אַליין און ער שפּרייזט אַריבער צו סקולפּטור, צו פּלאַסטישער קונסט, צו יידישע צירונג, צו דעם יידישן חפץ וואָס די יידישע פרוי האָט מדור דורות, פון די ביבלישע פּרויען אָן, געטראָגן צניעותדיק און איידל אויף איר שיינקייט; און וועלכער אימפּראָוויזירט הומאָר־פול, פּאָעטיש, פּאָלקלאָריש, וויציק, זיין גאַנץ לעבן? ווען מען שאַפונג איז ער אַליין, דער דאָזיקער לעגענדאַרער יובעליר וואָס האַנדלט מיט קעניגינס און שטעלט צו צירונג צו דער אַריסטאָקראַטיע, לויט דער טראַדיציע פון יידישע יובעלירן אין דער היסטאָריע, באַשיינענדיק וייער צירונג גראַפינס און פּירש־טינס און פּרינצעסינס און די שיינע דאַמען פון דער הויכער געזעלשאַפט.

און משה עובד, ווי אַ קליין קינד וואָס האַלט זיך ביים קלייד פון זיין מו־טער, האַלט זיך ביים גילדערנעם קלייד פון פאָלק. ער ציט ווייטער דעם גיל־דערנעם פאָדים פונם ליד.

ער זאָגט מיר — אָבער ווער קען געדענקען זיינע ווערטער? דער גע־דאַנק איז אומגעפער אַזוי:

— מיין גאַנץ לעבן טרוים איך פון אַ הויז פון יידישקייט. פון אַ טעמפּל פון יידישער קונסט, אין דעם סאַמע צענטער פון דער שטאָט זאָל ער שטיין, אָבער דאָס זאָל זיין אַ הויז פון שטילקייט. דאָרט זאָל זיין יידישע קונסט, יידי־שע קליידונג, יידישע מאכלים, יידישע לייכטער, יידישע געשיר, יידיש גע־זאַנג, יידישע מוזיק. אינמיטן פון דער וועלט — אַ גרויסאַרטיקער יידישער טעמפּל. יידישקייט גייט דאָך אונטער. דער יידישער גייסט און די יידישע טראַכט שטאַרבט אָפּ. ווער ווייסט עס פון דער שיינקייט פון יידישקייט. אַזאַ טעמפּל טרוים איך מיין גאַנץ לעבן צו בויען...

מיר ווילן צוגעבן אַז אין זיין בוך „אין זכות פון די טעג" דערציילט משה עובד פון זיין נסיעה קיין ארץ ישראל, כדי אַזאַ טעמפּל אויפצובויען. עס זע־נען געווען שוועריקייטן. אָבער עובד האָט זיין טרוים געוואָלט פאַרווירקלעכן אין האַרץ פון דעם הייליקן לאַנד — אין ירושלים.

אַזאַ ייד קומט פון פאָלק.

משה עובדס פאָטער איז געווען אַ מוהל, אַ שוחט, אַ שדכן, אַ רבֿ, אַ חזן, אַ גבאי. ער איז געווען דאָס גאַנצע יידישע רעליגיעזע לעבן. אַ טיף־פרומער, ערלעכער ייד, האָט ער פיינט געהאַט שחיטה. און משה עובד דערציילט ווי ער פלעגט שטענדיק קוקן אויפן חלף טאָמער איז דאָרט דאָ אַ פגם. שפּעטער קוקט ער, משה עובד אַליין, אויף די ברילייאַנטן. טאָמער איז דאָ אַ פלעק, איז דער ברילייאַנט פסול. עובד איז דער יובעליר וואָס האָט ליב זיינע איידל־שטיינער. ער איז פאַרליבט אין זיי ווי אין גרויסע לייכטנדע נשמות. די איידל־שטיינער מיינען פאַר אים לעבן, געשיכטע, דראַמע, ליבע, לעגענדע. זיין בוך „אין זכות פון די טעג" איז איין גרויסער וווּנדערלעכער ברילייאַנט. דאָרט ווערן דערציילט מעשהלעך הערלעכע. דאָס גאַנצע בוך איז דורכגעדרונגען פון אַ גרויסן עקסטאַז וואָס ווערט קיינמאָל נישט שוואַכער, אַזוי ווי אַן איידלשטיין, אַ רובין, וואָס ווערט קיינמאָל נישט מינער אין זיין פלאַם. עובד האָט אויך אַ

וווּנדערלעכן בוך וואָס הייסט טאַקע „וויזיאָנען און איידלשטיינער" (לעצטנס זענען דערשינען זיינע צוויי בענדער פּאָעזיע און אַן אויטאָביאָגראַפיש בוך — זענען עס אמתע ליטעראַרישע צאַצקעס).

און משה עובדס מוטער — וועגן איר זאָגט דער זון:

— מיין מוטער האָט געקענט זיין שלמה המלך'ס ווייב. שלמה המלך אַליין איז אוודאי געווען היפּש זינדיק. ער האָט שטאַרק אונטערגעהונקען אין מאָראַל. ער האָט געהאַט עגיפּטישע שיקסעס. אָבער מיין מאַמע איז געווען אַזוי פרום, אַזוי אינטים מיט גאָט, אַזאַ אשת־חיל, אַז זי וואָלט ממש געווען די אידעאַלע קעניגין. זי האָט געדאַרפט זיין דאָס ווייב פון שלמה המלך, פון דעם פרומען און גאָטספאָרכטיקן שלמה המלך פון תנ"ך...

פון די דאָזיקע טאַטע־מאַמע קומט עס אונזער ר' משה עובד. און ווער קען נאָכפאָרשן די גענעאַלאָגיע פון אַ ייד ווי משה עובד? ווער ווייסט וואָס פאַר אַ יידעס און באָבעס ער האָט געהאַט? מענטשן וואָס האָבן געזוכט אין דעם כאַאָס פון דער וועלט דאָס גאָלד פון שיינקייט? מענטשן וואָס האָבן געבענקט צום באַרג סיני און צום סמבטיון און צו מוטער רחל'ס קבר. יידן וועמענס מוחות האָבן געפלאַמט מיט פאַנטאַזיעס. אַ יידישער קינסטלער איז דער רעזולטאַט פון דורות טרוימער, דענקער, דיכטער און הייליקע, וואָס זענען אויפגעקומען און פאַרלוירן געגאַנגען אין דער גרויסער, פאַרביקער און טראַגישער יידישער געשיכטע.

און משה עובד איז איינער פון זיי...



# הייליקע לידער

**„פריידל׳ס לידער״, פאָרוואָרט : ה. לייוויק. נאָכוואָרט : איידע מאַוע. אַרויסגעגעבן פון אַ קאָמיטעט פון שרייבער און טוער און פון פריידל׳ס משפחה. ניו־יאָרק, 1943. 352 זייטן.**

עס איז אַ דיכטונג, אָט די זעלטענע דיכטונג פון פריידל, וואָס האָט אויסער דעם קאָליר פון גראָז, פון פּשוטע גרינע גראָז, וואָס דעקט צו טעפּיך־אַרטיק פעלדער און לאַנדשאַפטן, קברים און טאָלן ; אויסער דעם דערפרייענדיקן קאָליר פון דער זון ; פון דער זון וואָס קומט אָן וואַרעם אין באַגינען און צינדט אָן די גאַנצע מאַגישע פלאָרא־וועלט, פון אָט דעם מענטשן ביים בלויען ים — דעם איינזאַמען און לירישן און דעלירישן מענטשן, ווו ס׳האָבן אַמאָל געוווינט פרידריך ניטשע און קעטהרין מענספילד ; ווו עס וווינט אַ מעלאַנכאָלישער פּרינץ וואָס שפּילט זיך אין דעם אור־אַלטן שפּיל, אין דיכטונג ; אויסער אָט די אַלע מרה־שחורה׳דיקע און לופטיקע, דינע, טאַנצענדע קאָלירן פון דער גרויסער אָפּערא — די נאַטור — האָבן פריידל׳ס לידער נאָך איין קאָליר : דעם קאָליר פון טויט.

אין אָט דעם ראַנגלען זיך מיטן טויט, אָט דאָס פּילן כסדר דעם מאָנסטער טויט מיט זיין מאַסקירטן פּנים ווי אַ רויבער און מיטן קרומען און חלף־שאַרפן קינזשאַל אונטער דער שוואַרצער פּעלערינע, אָט דאָס שטענדיקע פּילן איר צייטווייליקייט און שטערבלעכקייט ; אין קעגנזאַץ צו דעם סאָלידן און רייכן לעבן פון די מענטשן, וואָס אַקומולירן און קאָלעקטירן און גרייטן זיך צו אויף דער ערד צו לעבן נישט ווייניקער ווי אַ יאָרטויזנט, אַזוי ווי די אַמאָליקע פּרעה׳ס ; אָט דאָס שלאָגן זיך מיטן טויט און די גאַנצע דראַמע פון ליידן ; אָט דאָס מאַכט פריידל׳ס לידער פּאַטעטיש און עקזאַלטירט, רירנד און טראַגיש.

טראַגיש, ווען מען האָט אין פּערספּעקטיוו איר גורל, איר פינאַל, די גאַנצע גענעזיס פון אָט דער לירע, אָט דער דראַמאַטישער, הגם ריינער ליריק ; אָט דער פּאַטעטישער דיכטונג.

ווייל, אין געראַנגל מיטן טויט האָט אָט די אידעלע פרוי, אָט די צויבער־האַפטע פריידל, אַן אַוועקגעוואָרפענע אויפן ברעג ים אין דרום־פראַנקרייך, אַן אַוועקגעוואָרפענע פון שיקזאַל, האָט זי אַנטוויקלט אַ ליבשאַפט צום לעבן, צו די לעצטע גאָלדענע קרישקעס פון אָט דעם טייערן, פּאַעטישן, שיינעם לעבן ; אַ ליבשאַפט וואָס האָט איר געמאַכט צו קושן יעדן טאָג, צו אומהאַלזן יעדע שעה ; ווי אַן אַרלעקין צו וויקלען זיך אין אירע שטימונגען ; טייער צו האַלטן יעדע איבערלעבעניש ; צום האַרצן צו דריקן יעדן בוים ; צו די ליפּן צו פּרעסן יעדער פּיצל בלום ; פון יעדער שטראַלעכל ביז טרערן געריירט צו ווערן ; ביז איינגעטונקען צו ווערן אינגאַנצן אין פלאַמיקער פּאַרב ביים זון־אויפגאַנג ; און ביז איינגעשלונגען צו ווערן פון די אָוונט־שאָטנס, ווי אַ מימאָזא, ווי אַ סענסי־טיווע, אידעלע בלום, ווען די זון בויגט זיך צום ערדישן פּובליקום און פאַר־הילט מיט אירע פלאַמענדע הענט איר פּנים פון בראַנדזע . . .

און ווען דער פרילינג, אָט די אומשטערבלעכע כלה, גייט אויף איבער דער ווייכער, ווייב־געוואָרענער און פייכטער ערד, און די זון מיט איר גאָלדענעם שטראָם ליכט באַרירט מיט אַזוי פיל רירענדן געפיל די גאַנצע ערד — אין יענע גרויסע מאָמענטן פרייט זיך אויך פריידל, און זי שעמט זיך נישט צו פרייען זיך, און ווי אַ פּאָעט פילט זי דאָך דעם גאַנצן הערלעכן נאַטור־מאַסקאַראַד ; דאָס דערמאָנט איר שטענדיק אַז פאַר איר פערזענלעך קומט דער פרילינג, דער פּאַטאַלער, קאָסמישער, ווי פון גאָט באַשטימטער פרילינג.

דערמאָנט אייך: פריידל'ס וועזן איז דריי מאָל אײדעלער ווי פון אַ געוויינ־לעכן מענטש: זי איז אַ פרוי, און אַ פרוי האָט אַ דינערע, סענסיטיווערע באַ־ציאונג צו דער פלאָרא־וועלט, צום לעבן. אַ פרוי ליידט אינטענסיווער ווען זי קען נישט אָפּרייסן שטיקער לעבן פון זיך און זיי שליידערן מיט אַ געשריי פון פרייד און שמערץ צו דער אייביקייט. זי איז אַ דיכטערין, וואָס מאַכט איר וועזן רעצעפּטיווער, עמאָציאָנעלער, אומפאַנגסרייכער און אײדעלער.

און, פריידל איז קראַנק. דער כאַראַקטער פון איר קראַנקהייט (שווינדזוכט) מאַכט באַזונדערס דינער, צאַרטער, דעליקאַטער; און צום סוף: דער טויט, וואָס פירט אַריין זיין פאַטאַליטעט, די שטימע און שטימונג פון פאַרגענגלעכ־קייט; דאָס פילן דאָס אייגענע שטאַרבן; דאָס אָנרירן אין יעדן פערז אירן איר שטאַרבענדיק לייב.

נעמענדיק דאָס אַלץ אין אַנבאַטראַכט, וואָלט אַזאַ ליידענדע, אָרעמע און פאַרלוירענע פרוי ווי פריידל איז, אַזאַ הילפלאָזע און ציטערנדע, געדאַרפט אונ־טערגיין, און נישט לאָזן קיין שליאַד פון אירע טריט, וואָס באַרירן קוים די ערד. נישט לאָזן קיין צייכן פון זיך, ווי די צייכנס פון די שוואַנען איבערן קילן וואַ־סער, אין פאַרנאַכט, וואָס פאַרשווינדן. מיר זעען אָבער, און דאָס דאָזיקע בוך לידער איז אַן עדות, אַז פריידל איז נישט אונטערגעגאַנגען. פאַרקערט, איר שטאַרקער כאַראַקטער, און די גרויסע קראַפט פון איר דיכטערישן טאַלאַנט, האָבן איר דערהאַלטן ביים לעבן און אפילו זי שוונגפול דערטראָגן צום זיג, צום פולן טריאומף.

— צו וועלכן טריאומף? וואָס האָט זי מנצח געווען? דער פאַקט זעלבסט אַז פריידל האָט אירע ליידן, אירע דעמערונגס־שטימונגען, פאַרוואַנדלט אין דיכטונג, באַווייזט אַז זי האָט זיך אָרגאַניזירט. ווייל דיכטונג איז אַ גרויסע מדרגה. עס מיינט: איבערוווינדן די ליידן. עס מיינט: אויסצוטוישן די קופּערנע מטבעות פון צייטווייליקייט אויף די שטראַלענדע גאָלד־מינצן פון אייביקייט. עס מיינט: די צעריסענע דראַמע פון לעבן, די בלויע שטימונגען וואָס טריפן מיט בלויע טויען; עס מיינט די טעפּ מיט טרערן וואָס גייען אויף ווי אורנעס מיטן אַש פון האָפנונגען; עס מיינט דאָס אומאָרגאַניזירטע, דאָס צעריסענע, דאָס צופעליקע, דאָס זינלאָזע לעבן אַריינצושמידן אין אַ ראַם פון דיכטונג, וואָס האָט זיין לאָגיק און געזעץ, זיינע אַרביטעס און זיין מאַטעמאַטיק; עס מיינט צו טראַנספאָרמירן דעם כאַאָס פון לעבן אין אָרגאַניזירטער ליריק. עס מיינט איר שלאַף, צעבראָכן לעבן, דורכגענומען פון וויטיק און פון פיזישע יסורים, צו פאַרוואַנדלען אין טרויעריק־שטראַלענדער פּאָעזיע. און דאָס איז פריידל'ס טריאומף.

קוקט זיך איין אין די דאַטעס פון די לידער; כמעט יעדן טאָג האָט זי גע־שריבן אַ ליד. אָפטמאָל, ווען די יסורים זיינען געווען צו גרויס און דער כוס פון טרערן איבערפילט, האָט זי געשריבן צוויי לידער אין איין טאָג. פּילייכט איז איין ליד געקומען צו זיין עקזיסטענץ ביים זון־אויפגאַנג און דאָס צווייטע ליד האָט דערזען די גאָלדענע שיין ביים זון־אונטערגאַנג. אין ביידע־ערליי לידער שטראַלט איר מענטשלעכער שמערץ מיט אַ הימליש ליכט. די פערזן, ווייבלעך־שמערצפול, לייכטן ווי שטראַלן. אָנגעהויבן האָט זיך דאָס בוך אין פעברואַר 1922 און דאָס לעצטע ליד איז דאַטירט פון יוני 1938, דורכשניידנ־דיק אַ פעריאָד פון פופצן גאַנצע ליידנדיקע יאָרן פון אַ מאַרטירערין. די לידער האָבן קאָמפּענסירט מיט זייער פריידיקער אַנטפּלעקונג דעם טרויער פון טאָג.

די לידער זיינען געווען איר טאָג־בוך פאַר פופצן יאָר צייט. יאָרן פון גרויסן געראַנגעל מיט אַ טויטלעכער שלאַפקייט. ווען איר רירט אָן דאָס דאָזיקע בוך מיטן באַשיידענעם טיטול: „פריידל׳ס לידער״, רירט איר אָן אַ גאַנץ מענטשנ־לעבן גאַנץ אין דער אומגעהויערער דראַמע פון ליידן, אין דעם עפּאָס פון ראַנגלען זיך יעדן טאָג מיט איר שטאַרבן.

אָבער נישט אַליין איז דער פאַקט פון איר דיכטונג, דאָס וואָס זי האָט מיט איבערמענטשלעכן כוח טראַנספאָרמירט איר שטאַרבענדיק לעבן אין אומ־שטערבלעכער דיכטונג — אַ טריאומף. עפּעס מער, אין אָט דער דיכטונג זעלבסט איז פאַראַן טריאומף.

טריאומפאל איז דער ריינער טאָן; דער טיפער ערנסט, ווי אין אַ בית־המקדש; דער דערהויבענער כאַראַקטערפון אָט דער פּאַטעטישער, פון אָט דער הייליקער דיכטונג. די פילאָזאָפישע רו, די גרויסע רעזיגנאַציע, וואָס זי האָט דערגרייכט. דער טאָן פון פאַרגעבונג. פאַרגעבונג, נישט נאָר צו מענטשן, צו גאָט, נאָר צום טויט זעלבסט. פאַרגעבונג צו דער סאַמע ערד אפילו וואָס וועט זי פאַרצערן. אַ גרויסער מאָטיוו גייט דורך איר לירישע און אפילו פּאָלקסטימ־לעכע דיכטונג — דער מאָטיוו פון תפלה. פריידל דערהויבט זיך צו דער רע־ליגיעזער שיינקייט און עקזאַלטאַציע פון איר זיידן און באָבען, וועלכע זי פאַר־טרעטירט מיט אַזוי פיל עכטקייט. פריידל וועקט צו תפלה. אין איר ריינעם האַרצן ברענט אַ גרויסע גאָלדענע מנורה. די מנורה פון דעם בית המקדש. און ביים גרויסן הימל שטעלט זי זיך אַוועק, אין אַ קליינעם ווינקל פון דער ערד, ווי אַ הייליקע אין אַ נישע; און זי עפנט איר הארץ מיט אזוי פיל געבעט וואָס טריפט תהלים׳דיק פון איר האַרצן; מיט אַזוי פיל ווייבלעך־פרומער, תחינה׳די־קער תפילה; מיט אַזוי פיל הכנעה און הייליקייט, מיט אַזוי פיל רירענדע עק־זאַלטאַציע אין איר בלוטנדיקן האַרצן.

אָט דער ריינער תפילה־טאָן, דער מאָטיוו פון פאַרגעבונג, דאָס טרייסטן זיך מיטן קאָסמישן באַוווסטזיין; סוב ספּעציע עטערניטאַטיס;אַפילו זיך דערהויבנדיק אין איר שטאַרבן צו אַ פּאַנטעאיסטישן געפיל; צו אַ ליבשאַפט און רחמים וואָס נעמט אַרום די גאַנצע ליידנדע ערד, די גאַנצע מענטשהייט; אָט דאָס מאַכט איר דיכטונג גאַנץ און סאָליד און טריאומפפול; זיך דערהויבנדיק אין אַ מעכ־טיקן אפּאָטעאָז פון ליבע און גלויבן; דאָס מאַכט פריידל׳ס לידער פאַר איי־ביקע. ווייל אין ביטערע ליידן אַוועקגעוואָרפן צום שיקזאַל, יעדן טאָג שטאַר־בענדיק, אַזוי ווי עס שטאַרבט דער מענטש דורך זיין גאַנץ לעבן — וואָגט זי צו לעבן גאַנץ און פול און באַוווסטזיניק פון דער גרויסקייט און דערהאַבנקייט פון לעבן און נישט צו פאַרזען דעם מינדעסטן ניואַנס פון דער נאַטור און זי וואָגט קאָנסטרוקטיוו צו לעבן אין איר ליד. און זי בויט איבער איר גאַנצע פסיכיק און דערהויבט זיך צו אַ באַוווסטזיין פונם גאַנצן און זי עפנט זיך צו גאָט אין אַ קאָנפעסיע וואָס מאַכט איר גרויס און הייליק און די ערד זעלבסט, וואָס ווערט איר קבר, איר בית עולם, ווערט ביי איר הייליק און געלייטערט, ווייל זי, די ערד, טראָגט הייליקע און געלייטערטע אין זיך; טראָגט דעם שטויב פון קדושים אין איר שטויב.

מיינע פריינט, מיר מעגן האָבן גרויס דרך ארץ צו דער דיכטערין פריידל, וואָס האָט אונז געקענט ליב האָבן אין איר טראַגעדיע, וואָס האָט זיך דערהויבן צו אַזאַ טריאומף אין איר דיכטונג, וואָס האָט נישט נאָר נישט געוואַגט גאָט צו באַשולדיקן, ווי איוב, נאָר זי האָט זיך וווּנדערלעך גערעכטפאַרטיקט.

ליידן, טרויער און אומגליק איז נישט קיין נייעס אין דער פּאָעזיע פון דער וועלט. די וועלט־שמערצלער, די בייראָניסטן, די ראָמאַנטיקער, האָבן, דער־קענענדיק דאָס ליידן פון מענטש, זיין פינסטערן גורל, דעם שיקזאַל פון דער מענטשהייט און דעם טאָל פון יסורים, געשטורעמט אַנטקעגן די הימלען. זיי האָבן געשאָלטן גאָט, געמאָנט גערעכטיקייט. געצאָרנט אַנטקעגן די קאָסמישע געזעצן. זיי האָבן קיין רו און קיין שלום אין דער וועלט נישט דערגרייכט. די דאָזיקע פּאָעטן. פּאָעטן ווי משה לייב האַלפּערן האָבן זיך מיט זייער טרויער געשפּילט ווי מיט אַ פאַרוווּנדעטע חיה — דער געניטער יעגער. האַלפּערן שפּילט זיך מיט זיין טראַגעדיע. ער כוואַליעט איבער אים מיטן וואָרט, צעשוי־בערט און ווילד. ער פירט זיין טרויער אַרום ווי אַ מאַלפּע אין קייטן. ער קען זיך אָפּבר'עכן פון אים און מאכן פון אים גאָלדענע לידער. ער קען זיין טרויער מייסטערן, באַהערשן, בינדן און אויפבינדן. ער קען זיך פון זיין טרויער אָפּ־זונדערן, ער קען אים האַמעווען, צוימען, אַרעסטירן און ברעכן. ער קען זיין טרויער שפּעריש מאכן. ער קען אויך זיין פון אים אויף אַ דיסטאַנץ.

פּאָעטן ווי דילאָן לעבן מיט זייער טרויער. נעם אַוועק ביי אַזעלכע דעם טרויער, און ער בלייבט אָן אַ גאָט אין אַ שטורעמדיקער וועלט. דילאָן עסט זיין טרויער ווי דער טרויער עסט אים. עס איז פאַר אים דער שוואַרצער עפּל, וואָס ברענגט אים פאַרגעניגן. פלאַגעלאַנטיש, זעלבסט־פּייניקנדיק, אין געהיים הנאה האָבנדיק פון שטאַרבן און פון טרויערן, מאַכט דילאָן זיינע לידער פון זיינע ווייטיקן. יעדער ווייטיק — אַ ליד. אַ ליד — אַ לאַנדשאַפט פון האַרבסט. אַ ליד — אַ בוים מיט געלע, שטאַרבנדיקע בלעטער. ביי פּאָעטן ווי דילאָן דאָמינירט דער ליריישער האָניק־ברוינער האַרבסט. ביי פּאָעטן ווי האַלפּערן דאָמינירט דער קאָסמישער מעשה־בראשית׳דיקער כאַאָס. דאָס עלעמענטאַרע, יענע בייזע און צאָרנדיקע כוחות אין דער וועלט וועלכע ווילן אין קיין האַלאַבליעס נישט אַריין. שוואַרצע, צעשויבערטע צענטאורן, שטורמען זיי און שטירצן זיך צום אָפּגרונט. עס איז דער אייביקער, קאָסמישער אומרו, פון וועלכן בלויז די גע־ניאַלע קינדער שטעקן אַרויס זייערע פלאַמענדע פּנימער.

אָבער פרידל האָט איר טרויער ווי אַ הייליקע איבערוווּנדן. זי איז פון אירע יסורים אַרויס אַ הייליקע. זי איז פון איר שטאַרבן אַרויס אַן אומשטערב־לעכע. זי האָט פון אירע פינסטערע טעג און נעכט געמאַכט לידער פון תשובה און פאַרגעבונג. זי האָט פון אירע ביטערע יסורים געשמידט ליבע און ליב־שאַפט. פון איר פאַרוווּנדעטע נשמה גייט אַרויס גרויסע פילאָזאָפישע רו. אַ הערלעכער פּאַנטעאיזם לייכט אויף אין איר דיכטונג.

עס קומט אַ באַזונדערן האַרציקן דאַנק דער קאַנאַדער דיכטערין איידע מאַזע, וואָס האָט אַ גאַנץ יאָר צייט זאָרגפעלטיק איבערגעשריבן פריידל׳ס לי־דער. איר באַכוואָרט איז געשריבן מיט גרויס ליבשאַפט און צערטלעכקייט צו אַ שוועסטער דיכטערין. איידע מאַזע שרייבט אַזוי:

„אַ יאָר צייט האָב איך געלייענט פריידל׳ס לידער פון מאַנוסקריפּט און כ׳האָב אויך אַרויסגעשריבן און צוזאַמענגעקליבן די לידער וואָס האָבן זיך גע־פונען אין פאַרשידענע זשורנאַלן און צייטונגען, און איך קען ערלעך זאָגן, אַז דאָס איז פאַר מיר געווען אַ הייליקע אַרבעט. עס זיינען געווען טעג ווען איך האָב געפילט דעם הויך פון פריידל׳ס ליד איבער זיך מער ווי אַלץ וואָס אַרום מיר. איך האָב געפילט ווי עס קען דער שטויב פון איין מענטשן הייליק ווערן פאַר אַ צווייטן. און עס זיינען פאַר מיר קלאָר געוואָרן אירע ווערטער:

„און אפשר אין אַ זומערטאָג אַ שפּעטן,
ווען זוניק־גרין ווי איך וועט זיין דער טאָל,
וועט אימיצער אַריבער מיין שטויב טרעטן,
מיט פאַרזיכטיקייט אַזוי ווי איך אַמאָל.

און אפשר אין סוף־זומערדיקן אומעט,
ווען רויש פון שטאָט פאַרווייכט איז און פאַרהערט,
וועט אומגיין ווער אין טאָל וווּ איך גיי אומעט
און טראַכטן אַז ס'איז הייליק דאָ די ערד".

---

ניו יאָרק, 1944.



# דער ערשטער אייראָפּייער אין דער יידישער פּאָעזיע

עס איז געווען אין דעם ראָמאַנטיש־פּוילישן שטעטל פּולאַוו, וואו איך האָב אָנגעהויבן צו שרייבן מיינע ערשטע לידער. אין די פּולאַווער קעניגלעכע אַלייען, מיט אַלטע ריזיקע בוימער, וואָס האָבן געאָטעמט מיט זון־בראַנדזע נאָך פון נאַפּאָלעאָנס און פּאָניאַטאָווסקיס צייטן, פלעג איך צו מיינע חברים דעקלאַמירן די לידער, וואָס איך פלעג געוויינלעך שרייבן אַ נאַכט פריער, ביים קליינעם דרייער־לעמפּל, ווען די לבנה האָט ווי אַ בראָנזענער לאָמפּ באַלויכטן די ערדישע פרעסקאָ.

ווער, מיינט איר, האָט מיך אינספּירירט צו אָט די לידער? לייב ניידוס, אין וועמענס וואונדערשיינער וועלט איך האָב זיך פאַרטיפט מיט אַזאַ עקסטאַז פון אַ זעכצניאָריקן, פּאָעטיש געשטימטן אינגל.

לייב ניידוס, דער דיכטער־אייראָפּעער, וואָס האָט אַריינגעבראַכט אין אידיש דעם מעכטיקן ריטם פון פּושקינס און פון לערמאָנטאָווס פּאָעזיע, און וואָס האָט ליב געהאַט פראַנקרייך מיט איר ראָקאָקאָ־פעריאָד, מיטן סטיל פון דעם עלעגאַנטן מאָלער וואַטאָ און דעם רייץ פון דער מאַדאַם דע פּאָמפּאַדור, האָט פּילייכט דער ערשטער דיכטער אויף דעם אידישן פּאַרנאַס, געזונגען דאָס ליבע־ליד, דאָס עראָטישע ליד. די אידישע מיידלעך פון גראָדנע, וואו ער האָט פאַרבראַכט זיין יונג לעבן, האָט ער פאַרוואַנדלט אין נימפן, מענאַדן און סירענעס. זיי זיינען געוואָרן צו גריכישע געטינס און זיי האָבן אויסגעזען ווי די מאַרמאָר־סטאַטוען, אַוועקגעשטעלט צום האַרבסט און צום פרי־לינג אין די אַלטע, פּעאָדאַלע גערטנער, וואו צווישן די רויטע צווייגן בלאַנקט אַ ווייסע רענעסאַנס־ געביידע און וואו צווישן געלבע רויזן דערזעט זיך נאָך דער פיינער קאָפּ און דער נאָך גוט דערהאַלטענער, בלאַסער מאַרמאָר־אַקסל פון אַ ראָקאָקאָ־סקולפּטור. די פרוי איז געווען די מוזע פון לייב ניידוס. אין זיין קורצן, דיכטעריש־שעפערישן לעבן האָט אָט דער אידישער מינעזינגער, אָט דער ריטער און טרו־באַדור געזונגען די הייטערסטע סערענאַדע צו דער אידישער טאָכ־טער. די אידישע טאָכטער האָט לייב ניידוס באַוואונדערט אין זיין פּאָעזיע מיט אַן אויסערגעוויינלעכער איידלקייט און סענסיטיוו־קייט. זיין פּאָעזיע איז געווען אַ גאָרטן, וואו פול מיט רייץ און מיט ליידנשאַפט האָט אַרומגעשפּאַצירט אַ אידישע פרוי.

איבער שיינע פרויען און בלומען האָט לייב ניידוס געשריבן. ער האָט זיי ביידע גלענצענד פאַרשטאַנען. ער האָט באַזונגען די פאָרם און די נשמה פון דער פרוי. ער האָט באַזונגען די סענסיטיווקייט און איידלקייט פון די בלומען. —

ווי אַ פּיאָנער אין דער אידישער דיכטונג. ווי אַ פּיאָנער פון דער פּאָעטישער טעכניק, פון דער פאָרם, האָט לייב ניידוס אויפגעטאָן וואונדער. ער איז אַן ענטוזיאַסטישער אַריין אין דעם פאָרם־אוצר פון דער אייראָפּייאישער פּאָעזיע. און ער האָט אָנגעפאַנגען צו ציען גאַנצע גרודעס גאָלד פון אירע רייכע און ראַפינירטע פאָרם־אוצרות.

ער האָט צוגעגנבעט אַלערליי צירונג־שטיקער, ווי טערצינען און טריאָלעטן; סאָנעטן און ראָנדאָס; עלעגיעס און באַלאַדעס; ראָמאַנסן און הימנען.

ער איז פשוט שיכור געוואָרן פון די רייכקייטן פון פּאָעטישע פאָרמען אין דער אייראָפּעאישער פּאָעזיע. לייב ניידוס האָט, אַ דאַנק זיין אַלזייטיקער בילדונג, באַזעסן שפּראַכן. ער האָט גלענצענד געקענט רוסיש און פראַנצויזיש. זיינע איבערזעצונגען באַווייזן ווי מייסטערהאַפט ער האָט געקענט פּושקין און סעוועריאַנין, ווערלען און גאָטיע. די שפּילעוודיקע קלאַנגען פון סעוועריאַנין; דער מעכ־טיקער ריטם פון פּושקין; באָדלערס קלאַסיש־קאָנסטרואירטע, ליידנ־שאַפטלעכע פערזן און טעאָפיל גאָטיעס עסטעטיציזם האָבן געהאַט אַן אומגעהייערע ווירקונג אויפן יונגען אידישן פּאָעט פאַר עקסעלאַנץ. ווי פאַר דעם פראַנצויזישן פּאַרנאַס־פּאָעט ווערלען, איז אויך ביי ניידוסן געווען דער עיקר די מוזיק. די אידישע פּאָעזיע אין פּוילן איז נאָך געווען אָרעם אין פאָרם. י. ל. פּרץ האָט סענטימענטאַל אימיטירט דעם גאַלאַנטן און שמערצפולן ראָמאַנטיקער־לץ היינריך היינע. מאָריס ראָזענפעלד, דוד עדעלשטאַדט און יוסף באָוושאָווער האָבן אויף דער אַנדערער זייט פונם אַטלאַנטיק אַ שטורעם געטאָן מיט סאָציאַלע מאָטיוון. די „יונגע" האָבן שוין געלויכטן מיט זייער ראַפינירטער פאָרם, מיט זייער שטילן כישוף. אָבער קיין פּוילן זיי־נען זייערע אייַדעלע, שטילע מאָטיוון נאָך ניט געהאַט דערגאַנגען. לייב ניידוס האָט דער ערשטער געדיכטעט דאָס ריינע, דאָס פּאָע־טישע ליד, אָן שום טענדענץ, אויב שיינקייט אַליין איז ניט די העכסטע טענדענץ. זיין ליד איז געווען סאָליד געבויט. האָט גע־לויכטן מיט וואַריאַציע פון פאָרם, מיט דעם געקלאַנג פון פרישע, העלע, הייטערע קלאַנגען. זאָרגלאָז ווי אַמאָר, שיכור ווי באַקכוס, שיין ווי אַפּאָלאָ, האָט ער אַ זינג געטאָן אַ ניי אידישע ליד. און זיין לשון, דאָס אידישע לשון, עס האָט גאָר געקראָגן אַן אַנדערע מעלאָדיע, אַ נייעם שוואונג, אַ מעטאַלענעם טאָן. אידיש, האָט מען מיט איבעראַשונג דערזען, איז געוואָרן אַ העכסט־מוזיקאַלישע שפּראַך. אידיש איז געפלאָסן מיט ליקידן גאָלד צווישן זיינע פינגער. ווען מען האָט נאָך די דאָויקע גראַציעזע פּאָעזיע געלייענט אין זיין, דעם פּאָעטס, ליטווישן אַקצענט, האָבן זיי באַקומען כאַראַקטער, קאָליר און טאָן.

ווי אַזוי לייב ניידוס האָט געשריבן מוזיקאַלישע לידער, וואָס ווען מען לייענט די פערזן, דאַכט זיך אַז אַ מאַנדאָלין־אָרקעסטער שפּילט זיי זיס פאַר דיר, קען אילוסטרירן אַזאַ מין ליד, דאָס וואונדערבאַרע „כלה־ליד":

„זאָלן שאַלן
די צימבאַלן,
העל זאָל פאַלן קלאַנג נאָך קלאַנג,
זאָלן שפּינען
טאַמבורינען
זייער האַרציקן געזאַנג!

גריסט־זשע אַלע
מיך, די כלה,
ס׳ווערט נתגלה היינט מיין סוד!
לידער בלומען
זאָלן קומען
האַנט־אין־האַנט צום קאַראַהאָד!
ווייטער, ברייטער
און צעשפּרייטער
אַלץ דערפרייטער פירט דעם קרייז!
איך — אין מיטן
מיט די בליטן,
מיט די קראַנצן ראָז און ווייס...
ס׳האָבן הירטן
פול מיט מירטן
מיין פאַרצירטן בעט באַזייט;
קומען מעג ער
צום געלעגער —
ס׳איז שוין אַלץ ביי מיר געגרייט..
צעדער־צווייגן
האַרכן, שווייגן,
בשמים׳ שטייגן פון דער קרוג —
אַלע וואַרטן
דעם געגאַרטן...
שאַ... ס׳מוז גיין דער קעמלען־צוג!
כ׳הער אַ קלינגען...
צי דאָס זינגען
מיינע רינגען אויף דער האַנט?
שטיל! ניט עטמען!
אָט־אָט זעט מען
שטויב אין פאַרביקן געוואַנט.
ס׳קומט מיין חתן
זון־באַפּלאַסן...
ווי אַנטשלאָסן לויכט זיין בליק!
העי, איר מיידן,
לאָזט אונז ביידן,
לאָזט אונז אויפנעמען דאָס גליק!
נעמט, צימבאַלען,
העכער שאַלן,
העל זאָל שטראַלן אייער שטים,
ווען מיט בליקן
פול אַנטציקן,
וועל איך צופאַלן צו אים"...

לייבניידוס איז געווען אַ אידישן פּריצס אַ זון. איינזאַם אין זיין גוט קוסטיום, אין אַ וועלט פון פעאָדאַלער ראָמאַנטיק, צווישן ריזיקע סטאַטועס און פּאַרטרעטן, אין קעניגלעכע גאָלד־ראַמען, האָט לייב ניידוס געלעבט און געשריבן זיינע פּאָעמען וועגן דער ריטערלעכער פאַרגאַנגענהייט. די אידישע קעניגן זיינען געבליבן אין די כראָניקעס פון מלכים (דברי הימים), אין תהילים און אין קהלת. פון דער אַמאָליקער אידישער אַריסטאָקראַטיע ווייסן מיר בלויז דורך די מוסר־רייד פון די נביאים. אין אונזערע צייטן האָבן מיר ניט קיין אידישע קעניגן און קיין פירשטן. אָבער לייב ניידוס האָט, ווייזט אויס, געבענקט נאָך אַ אידישער אַריסטאָקראַטיע, נאָך אידישע פּרינצן און פּרינצעסינס, נאָך דער פּאָמפּעזקייט און גלאַנץ פון אַ קעניגלעכן הויף. זיין פּאָעזיע האָט פאַר זיך נייטיק געהאַט פעאָדאַלע פּאַלאַצן, גערטנער און אַלייען.

ווען מען לייענט זיין וואונדערלעכן ווערק „דאָס בוך פון פּאָעמען", דאַכט זיך אַז שפּאַניען, פראַנקרייך און ענגלאַנד זיינען געווען די פעלצער וואו ער און זיינע אורעלטערן האָבן געלעבט אין מיטלאַלטער און רענעסאַנס־פּעריאָד. קעניגן און פּרינצן, מיט פּרינצעסינס און פירשטינס אין ווייכע, זיידענע און לופטיקע קרינאָלינעס, האָבן אויפגעטאַנצט פאַר אים אויף קעניגלעכע מאַסקן־בעלער, אין הערלעכע, גרויסע פּאַלאַצן. פון גרינע, פאַרשימלטע רואינען האָט לייב ניידוס אַרויסגעצויבערט אַן אַריסטאָקראַטיע, וואָס אידן האָבן אין מאָדערנע צייטן ניט באַזעסן. לייב ניידוס, דער וואַטאָ־ריטער, דער טראַגישער פּיעראָ, וואָס הילט זיין קאָפּ אין טונקעלע דעמער־שאָטנס, האָט ליב געהאַט

אַזאַ מין אימאַזשינערן פּעדאַליזם. אים האָט אויך געלאָקט דאָס ראָמאַנטיש־אַוואַנטוריסטישע, דאָס ראָקאָקאָאַרטיק־מאַסקאַראַדישע, די עלעגאַנץ און די פּרודעריע פון פראַנקרייך אין אַכצענטן יאָהונדערט. ניט אַליין די פראַנצויזישע אַריסטאָקראַטיע, די מאַדאַם דע פּאָמפּאַדור געשטאַלטן פון וואַטאָס עפּאָכע, נאָר אויך די גריכישע געטער האָט ער איינגעלאַדן צו אַ טאַנץ אין די שאַרמאַנטע פערזן פון זיין פּאָעזיע. דער גייסט פון אַטען איז צו אים געווען נאָענט. דער העלעניש־עסטעטישער פעריאָד אין דער אַנטוויקלונג פון קולטור און קונסט; דער פייערלעך־עקזאַלטירטער. דער עפּיקורייאיש־סטאָאישער גייסט פון קילער רו און שטאָלצער מאַסקירונג פון דער טיפער וואונד אין האַרצן. לייב ניידוס האָט אַ זינג געטאָן אַזוי פריש און גאַלאַנט וועגן די פאַנטאַסמאַגאָריעס פון דער מיטאָלאָגיע. צויבערהאַפטע מעשהלעך האָבן אויפגעלעבט. אַ וועלט פון געטער, נימפן, סאַטירן און פאַונס האָבן אויפגעטאַנצט אַ הייטערן טאַנץ איבער די בלויע כוואַליעס פון העלעספּאָנט, וואו לעאַנדער האָט געפונען זיין טראַגישן טויט, ווערנדיק טויטערהייט געקושט פון זיין צאַרטער הערא. באַקכוס איז אויפדאָסניי געוואָרן שיכור, רויט פאַרגאָסן פון די שווערע, פאַרוואונדעטע וויינטרויבן איבער זיין קאָפּ. די שיינע מיידלעך פון שטאָט זיינען אין זיין פאַנטאַזיע און גליענדיקער ליידנשאַפט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין ווענוסעס ... זיך באָדנדיק אין דער פּוילישער ווייסל זיינען זיי אויפגעגאַנגען אין זילבערנעם שוים ווי אַפראָדיטעס. וואָס פאַר אַ וואונדערשיינע, אייביק־יונגע וועלט, וואו ליבע און שיינקייט הערשט דורך טאָג און נאַכט אויפן באַרג אָלימפּאָס. וואו די געטער זיינען קליינלעך, מיסטרויאיש און לעבנס־לוסטיק, ווי די ערדישע, שטערבלעכע מענטשן...

קיינער פאַר, און נאָך לייב ניידוס, האָט די גריכישע מיטאָלאָגיע ניט געפּרואווט משדך זיין מיט דער אידישער דיכטונג. די קריסטלעכע וועלט האָט יאָרהונדערטער לאַנג געצויגן איר עסטעטישע יניקה פון דער מיטאָלאָגיע. זיי האָבן זיך גייסטיק דערנערט מיט זייערע דראַמען און מיט זייערע טראַגעדיעס. אַן אַנדערער גרויסער אידישער פּאָעט האָט עס געפּרואווט טאָן אין דייטשלאַנד, היינריך היינע. היינט, פון אַ ריין אידיש־עטישן שטאַנדפּונקט, ווערן מיר ניט באַגייסטערט פאַר דער גויאישער ריטער, דועלן און פאַרברעכער־וועלט. בפרט אין אונזער צייט, ווען מיר זען איין וואוהין, צו וועלכן מאַסנמאָרד, די דאָזיקע היידנישע פאַרברעכן־וועלט האָט געפירט.

לייב ניידוס, ווי אַ קינד פון דעם אידישן שטעטל, האָט עס געצויגן צו די דאָזיקע גרויסע לויכטנדיקע שפּילצייג פון דער גויאישער קולטור, קונסט און ליטעראַטור. שאול טשערניכאָווסקין, אין דער העברייאישער ליטעראַטור, האָט עס אויך געצויגן צו עלאַדעס רייצן. אַנטאָקאָלסקי און גליצענשטיין האָט עס געצויגן צו שאַפן זייערע ווערק באַזירט אויף די סימבאָלן פון גריכישע העלדן, וואו עס איז ניט נאָר פאַראַן בייז בלוט, אייפערזוכט, צאָרן און דועל; נאָר אויך דער גערנגעל, דער פּאַרמעסט, די טראַגעדיע פון דער גרויסער פערזענלעכקייט, פון דעם אייביקן סימבאָל פון קאַמף פאַר פרייהייט, פּראָ־

מעטעאוס. עס איז געווען נאַטירלעך אַז אַזאַ יונגלינג ווי לייבניידוס, וואָס האָט געעפנט זיינע קינדישע אויגן צו די רייכטימער פון דער וועלטס־קולטור — זאָל עס אויך ציען צו גריכישע מיטאָלאָגיע. זיין ליד האָט, ווי שוין געזאָגט, באַקומען אַ נייעם טאָן. אַ נייעם באַלעבאַ־דיקן ריטם. אַ נייעם עסטעטישן רייץ.

מען דאַרף אָבער אויך ניט מיינען אַז לייב ניידוס איז געווען ענג געשלאָסן אינם בודוארישן און ווייבלעכן סטיל פונם ראָקאָקאָ־פעריאָד. לייב ניידוס איז געווען צופיל פון אַ געזונטן, רעאַליסטישן כאַראַקטער, כּדי ער זאָל אין זיין ווערק ניט נעגירן דאָס לעבן אין אַלע זיינע דערשיינונגען. לייב ניידוס האָט אויך געדיכטעט דאָס ליד וועגן דער נאַטור, וועגן די מאַניפעסטאַציעס פון לעבן. זיין פּאָעמע „די ערד דערוואַכט" איז אַ גליענדיקע סערענאַדע צו דער ערד, צו דעם פרי־לינג, וואָס נעמט אַרום די ערד ווי אַ כּלה און פון יעדן פון אירע הייסע קישן שפּראָצן אַרויס הערלעכע געוויקסן און פירות. פּוש־קינס פרייער פערז און גרויסער רעאַליזם. לערמאָנטאָווס סטיכישע מעלאַנכאָליע; דער נאַטירלעכער ריטם פון דער רוסישער פּאָעזיע האָט באַלאַנסירט לייב ניידוסעס פערז פון ניט אַריינצופאַלן אין דעם ווייבלעך־בודואַרישן פון פראַנצויזישן פּאַרנאַס. פון גאָטיע, ווערלען, טעאָדאָר דע באַנוויל, באָדלער, אַלפרעד דע מיוסע, אַלפרעד דע וויני — האָט ער געגאָסן עסטעטיציזם, מוזיקאַלישקייט, דאָס פיינע באַ־נעמען פון ראַפינירטן לעבן, דאָס עראָטיש־רייצפולע, דאָס סענסיטיוו־גראַציעזע. בשעת פון די רוסישע דיכטער האָט ער געשעפּט אָפּטי־מיזם צום לעבן, מענלעכקייט און קראַפט, מוסקול און מעטאַל. אַלס איד האָט לייב ניידוס באַזעסן די אידישע לעבנס־פילאָסאָפיע. די מאָראַל פון אידישע, ריינע זיטן. די היגיענע, די עטיק וואָס היט אים אויס פון אַסקעטיזם ווי פון דעגענעראַציע.

לייב ניידוס האָט זיך באַציוגן צו דער נאַטור מיט גרויס געפיל און צערטלעכקייט. קיינער אין אידיש האָט ניט געשריבן אַזעלכע צאַרטע לידער וועגן בלומען. זיינע בלומענלידער ציטערן צאַרט ווי די בלו־מען־בלעטלעך וואָס די ליפּן פון ווינט באַרירן קוים... די זעעלע פון דער פרוי, די זעעלע פון די בלומען, האָט דער פּאָעט אינטים געקענט. אין וועלכע ניואַנסן ער שפּילט אויס די איידלקייטן און די געפילן פון בלומען. איינס אַזאַ ליד ברענגען מיר ווי אַ מוסטער: „ליליען".

„ליליען, ווייסע ליליען שטאַרבן אויפן טייך.
ס'טוט אויף זיי דער ווינט צום לעצטן מאָל אַ שלייך,
ס'טוט פאַר זיי דער שטראַל צום לעצטן מאָל אַ לויכט,
און צום לעצטן מאָל דער אָוונט־טוי באַהויכט.

שטילע כוואַליעס איילן גריסן זייער ווייַ,
שמעטערלינגען קומען וויינען איבער זיי,
און די בלומען זעעלן קלויבן זיך אַרום,
און זיי קניען אַלע ציטעריק און פרום.

פאַרבן אויפן מערב האַלטן איין דאָס שפּיל,
ערגעץ טוט אַ זיפץ אַ שאָטן אין דער שטיל,
און דאָס גראָז דאָס בלייכע זיפצט מיט אים צוגלייך.
ליליען, ווייסע ליליען שטאַרבן אויפן טייך״.

לייב ניידוס האָט אין דער אידישער פּאָעזיע אַריינגעבראַכט די פיינסטע מוסטערן פון דער וועלט־ליריק, באַזונדערס פון דעם פראַנצויזישן פּאַרנאַס. זיין „די פלייט פון פּאַן״ באַווייזט מיט וועלכער ליבשאַפט און זאָרגפעלטיקייט ער האָט געאַרבעט אויף זיינע איבערזעצונגען. וואָס שייך די רוסישע דיכטער, האָבן אַ סך אידישע פּאָעטן געפּרואווט איבערזעצן פּושקין און לערמאָנטאָוו. פּאָעטן ווי גראָדזענסקי, לאַפּין און שיינבערג האָבן איבערגעזעצט די רוסישע פּאָעזיע. די בעסטע, אין הינזיכט פון פרייען שוואונג, ריטם און שפּראַך און דעם גייסט פון עכטער ליריק, געהערט צום מייסטער־איבערזעצער לייב ניידוס. שוין ליגנדיק קראַנק מיט זיין לעצטער פאַטאַלער קראַנקייט, האָט לייב ניידוס געאַרבעט ביים צוזאַמענשטעלן דעם דאָזיקן באַנד פון זיין „וועלט־פּאַרנאַס״־אַנטאָלאָגיע.

לייב ניידוס, טראָץ זיין אַזוי גערופענעם סאַלאָנמעסיקן, אַריסטאָקראַטישן כאַראַקטער, האָט אויך, ווי שוין געזאָגט, געהאַט אַ געזונטן חוש פאַרן לעבן. ער האָט האַרציקע פאָלקסטימלעכע לידער. ווי זיס זיינען די לידער, געווידמעטע צו זיין באָבן, און צו איר אַלטן, געלן טייטש־חומש, אין דעם גרויסן באַנד פּאָעזיע (דערשינען אין ריגע), וואָס הייסט „ליריק״. פאָלקסטימלעכקייט איז פאַראַן אין אַ סך פון זיינע לירישע לידער, וועלכע בעטן זיך צום זינגען. לייב ניידוס האָט אַ צאָל קינדער־לידער, אין וועלכע ער ווייזט אַרויס זיין גרויסע ליבשאַפט צום קינד.

אַן עכטער ראָמאַנטיקער, באַזיצט לייב ניידוס אַן אומגעהויערע אינטואיציע, וואָס פאַרטיפט און אינטענסיווירט זיין דיכטונג און מאַכט אים פאַרן מעדיום פון זיין וואונדערלעכער פערזענלעכקייט, וואָס האָט געליבט דאָס שיינע און דאָס עטישע, דאָס קלוגע און דאָס מענטשלעכע. אַ ראָמאַנטיקער, מיט זיין שאַרפער סענסיטיוויטעט, פילט ער פאָראויס זיין אייגענעם פריען טויט (געשטאָרבן אין זיין געבורטס־שטאָט גראָדנע, אין סוף פון יאָר 1918). און עס האָט קיינמאָל קיין פּאָעט אַזוי פּלאַסטיש־קלאָר נישט געזען די וויזיע פון זיין אייגענער לויה ווי לייב ניידוס, אויסגעדריקט אין זיין מייסטערהאַפט ליד „אַ חלום״, (פון זיין בוך ליריק״).

„איך האָב געזען אין שלאָף אַ לאַנגזאַמע לויה,
וואָס האָט זיך שטיל באַוועגט אין שאָטן פון פאַרנאַכט;
און דיך האָב איך געזען, מיין איינציקע, מיין טרייע,
דו ביסט געגאַנגען שטום אין טרויעריקער פּראַכט . . .

דיין בליק האָט זיך געטוקט אין שוואַרצן טול פון מיטה,
און קיינער האָט געזען אין לאַנגער קייט פון קעפּ,
ווי ס׳פאַלט דיין טרער אַראָפּ, אַ צווייטע און אַ דריטע,

און זאַפּט זיך איין אין נעץ פון דיין געדיכטן קרעפּ . . .

ס'האָט וואו־ניט־וואו געצאַנקט אַן איינזאַמער לאַמטערן,
און האָט אַ בלאַסן שיין אין אָוונט־ליכט געזיפּט,
און טרויעריק געקוקט פון הימל האָבן שטערן,
ווי אויגן וועלכע זיינען אין דעם טויט פאַרליבט . . .

געעפנט האָט זיך וואו אַ פענצטער אין אַ מויער,
אַ קאָפּ האָט זיך באַוויזן איילנדיק און גיך.
„ווער האָט די וועלט פאַרלאָזט?" האָט ווער געפרעגט אין טרויער,
און עמיץ, פול מיט לייד, האָט אָנגערופן מיך" . . .

די אידישע קריטיק, האַלט איך, האָט נאָך ביז היינט צו טאָג לייבניידוסן ניט געגעבן זיין געהעריקן פלאַץ. מען האָט ביז איצט נאָך ניט אָפּגעשאַצט זיין אָרט און זיין ראָלע אין דער געשיכטע פון דער אידישער פּאָעזיע, באַרייכערנדיק אומגעהויער אירע פּאָעטישע פאַר־מעגן, אויסברייטערנדיק אירע וויסטאַס און האָריזאָנטן. די גרופּע „יונגע" האָט פיל געגנאַשט פון דעם דאָזיקן פּאָעט, וואָס האָט אייגנ־טלעך מיט זיין ליד אין דער ליטע אָפּגעטאָן איינער אַליין דאָס וואָס די גאַנצע גרופּע „יונגע" אין אַמעריקע: ער האָט פאַרטיפט דאָס אידישע ליד אין געמיט און שטימונג. ער האָט געשליפן דאָס וואָרט ביז צו פולקאָמענקייט. ער האָט זיך אָפּגעגעבן צו זיין סוביעקטיוו גע־פיל, צו די איידלסטע ניואַנסן פון דעם דיכטערס וועלט. ער האָט זיין ליד געמאַכט מוזיקאַליש און גראַציעז. ער איז געווען דער עסטעט און דער ראַפינירטער גייסט, דער אַריסטאָקראַט פון דעם אידישן ליד.

לייב ניידוס האָט ליב געהאַט אַלץ וואָס עס איז אידיש און עכט. ער האָט ליב געהאַט די אידישע ליטעראַטור, און, אויף זיין טור איבער פּוילישע שטעטלעך, האַלטנדיק לעקציעס וועגן פּרצן, וועלכן ער האָט שטאַרק פאַרערט, איז ער קראַנק געוואָרן און איז געשטאָרבן. לייב ניידוס האָט געשטרעבט רייך, קאָלירט און שיין צו מאַכן דאָס אידישע לעבן. ער האָט געשטרעבט צו דער באַרייכערונג אין פאַרב און טאָן, פון דעם אידישן הויז. ער האָט די וועלט־קולטור איינגע־לאַדן אין אידישן לעבן. און די שיינקייטן פון דעם אידישן לעבן האָט ער אַרויסגעהויבן און מאַניפעסטירט אין זיינע פערזן.

אין אַ קורצן לעבן פון בלויז אַכט און צוואַנציק יאָר האָט לייב ניידוס, ווי אַ פריזמע, געבראַכן און רעפלעקטירט די פאַרבן פון דער וועלט־פּאָעזיע. ער האָט אין זיין אידישן ליד דערגרייכט ריינ־קייט, רייפקייט און רייכקייט. זיין ליד אָטעמט מיטן אידישן לעבנס־באַנעם, מיטן אידישן אָפּטימיזם. לייב ניידוס בלייבט דאָס וואונ־דערלעכע קינד פון זיין פאָלק. זיין דיכטונג, זיין גאָלדענע דיכטונג, בלייבט שטיין אין אונזער נאַציאָנאַלן שאַצקאַמער. וואָלטן מיר געהאַט אַ אידישע באַוואוסטזיניקע יוגנט; וואָלטן מיר געלעבט אויף אַן אייגענעם לאַנד; וואָלט אידיש געווען אונזער נאַציאָנאַלע שפּראַך; דעמאָלט וואָלט לייב ניידוס קיינמאָל ניט געשטאָרבן. זיינע לידער וואָלטן געזונגען געוואָרן פון דער יוגענט. די יוגענט וואָלט זיך

געליבט און ראָמאַנסירט ווי אין לייב ניידוסעס פּאָעזיע. זיין פּאָעזיע וואָלט געפּייערט געוואָרן ווי אַן אייביקער פרילינג. —

ניו־יאָרק, 13 פעברואַר, 1948.



# יצחק ליבמאַנס געקליבענע ווערק

אַרום זיינע דריי בענדער שריפטן:

1) „אין ליכט פון צייט"
2) „אין געזאַנג צום פאָלק"
3) „בויער און שאַפער פון מיין דור".

דער צוקונפטיקער ליטעראַטור־היסטאָריקער, ווען ער וועט באַדאַרפן געבן זיין אָפּשאַצונג פון דער אידישער ליטעראַטור אין אונזער תקופה, וועט זי נישט אַנדערש קענען באַצייכענען ווי אַ ליטעראַטור פון זכרונות. פאַרשיידענע היסטאָרישע באַדינגונגען, אין דער אַנטוויקלונג פון אידישן פאָלק און אין זיין נייעסטער היסטאָריע; צום ערשט די גרויסע טראַגעדיע וואָס ס'האָט געטראָפן מיט אונזער פאָלק אין די יאָרן פון היטלערס פינצטערער הערשאַפט איבער אַ שטיק וועלט; דער אויפקום פון אַ אידישער מלוכה וואָס האָט שוין נישט עקזיסטירט פאַר איבער צוויי טויזנט יאָר; די לאַגע פון אידיש אין אַמעריקע און אין אַנדערע לענדער; דאָס פיזישע אַלט ווערן פון די שעפער פון דער אידישער ליטעראַטור; דער אונטערגאַנג פון אַמאָל מעכטיקע פאַרטייען וואָס האָבן געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין אידישן לעבן און אויף דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרענע; די דערקענטעניש פון דעם ריכטיקן פּרצוף פון דער וועלט און פון אירע פעלקער, פאַר וועמענס אַנטוויקלונג און פרייהייט אידישע אידעאַליסטן און פּערזענלעכקייטן האָבן געקעמפט; דאָס אַלץ, און נאָך אַ סך אַנדערע סיבות, האָבן געבראַכט דערצו אַז אונזער אידישע ליטעראַטור איז געוואָרן אַ זכרונות־ליטעראַטור. מען פאַרנעמט זיך מיטן עבר. די פּען פון אידישן בעלעטריסט, פון אידישן פּובליציסט, פון אידישן פּאָעט, איז פאַרנומען מיט דער מ'שטיינס געזאָגט גאָלדענער פאַרגאַנגענהייט.

איר וועט זען: אין אַמעריקע עקזיסטירט אַ פאַרלאַג וואָס גיט אַרויס אידישע ביכער; איז עס אַ פּאַרטיי־פאַרלאַג. דערשיינען די זכרונות פון דעם אַלטן חבר איקס, וואָס האָט געשמוגלט רעוואָלוציאָנערע ליטעראַטור אין די צאַרישע צייטן; דערשיינען די ווערק פון אַ פאַר־הייליקט־רעוואָלוציאָנערן פירער; גיט מען אַרויס די געשיכטע פון דער פּאַרטיי; זאַמלט מען מאַטעריאַלן און לעגענדעס און שטויב פון דער געשיכטע. אין דאָזיקן פאַרלאַג דערשיינט נישט קיין איין ווערק וואָס באַהאַנדלט די אַקטואַליטעט. קיין איין בוך פון קעגנוואַרטיקן כאַראַקטער. דער פאַרלאַג איז געגרינדעט געוואָרן אויף צו לאָזן שטיין די פּאַרטיי און אירע מעשים אין דער געשיכטע. צו מאַכן דעם לעצטן חשבון הנפש מיט זיך און מיט דער וועלט. קיין לעבעדיקע ליטעראַרישע און געזעלשאַפטלעכע אינטערעסן דינט נישט דער פאַרלאַג.

איר וועט קומען גאַנצע פיר אָוונטן צו אַ קאָנפערענץ פון אידיש וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט. וועט איר הערן גאַנצע דרייצן רעפעראַטן. קיין איינציקער רעפעראַט איז נישט געווידמעט, לאָמיר זאָגן, צו די פּראָבלעמען פון דער לעבעדיקער אידישער ליטעראַטור אין אַמעריקע.

איז דאָך אַ אידישער שריפטשטעלער אין ניו־יאָרק, אַ לעבעדיקער שריפטשטעלער, פונקט אַזוי באַרעכטיקט באַהאַנדלט צו ווערן ווי אַ בריוו פון ר׳ יהודה הלוי, אַ בריוו, וואָס איין פּיצל זיינס געפינט זיך אין ירושלים, אַ צווייט פּיצל אין מאָסקווע און אַ דריט פּיצל אין לאָנדאָן. פיר נעכט און דרייצן רעפעראַטן בלויז וועגן היס־טאָריע. און וועגן דעם לעבן פון אידן אין אַנדערע לענדער. נישט עס עקזיסטירט די לעבעדיקע, צאַפּלענדיקע קעגנוואָרט פון אידישן שאַפן אין אַמעריקע און אין דער וועלט; און נישט דאָס לאַנד אין וועלכן עס לעבן איבער פינף מיליאָן לעבעדיקע אידן.

אָט זיינען אַ צאָל פון די טעמעס פון די רעפעראַטן געהאַלטן אויף דער איוואָ־קאָנפערענץ:

1) אַשכנז און איראָפּע — אַ פאַרענדיקטע עפּאָכע.
2) קאָנצענטראַציע־לאַגערן, קרבן און רוצח.
3) דאָס אינטימע לעבן פון אַ נביא (ירמיהו) אויפן סמך פון די לכיש־בריוו.
4) דוד קויפמאַן, דער היסטאָריקער.
5) דער יחוס פון אַשכנז: בבל אָדער ארץ־ישראל?
6) יהודה הלוי וועגן זיין עליה קיין ארץ־ישראל.
7) די ווירקונג פון דער אַמעריקאַנער רעוואָלוציע אויפן אידישן ישוב אין אַמעריקע.
8) די אידישע קהילה פון סקרענטאָן, פּ״ע.

ווי געזאָגט, קיין איינציקער הויפּט־רעפעראַט נישט וואָס זאָל רעדן וועגן אַזאַ זאַך ווי אַ לעבעדיקע אידישע ליטעראַטור אין אַמעריקע. אַפילו נישט קיין היסטאָרישן איבערבליק וועגן איר. ווי אַזוי קען דאָס מעגלעך זיין מיט אַ אידישע אינסטיטוציע וואָס לעבט און שאַפט אויפן אַמעריקאַנער באָדן און האַלט זיך אויס פון דעם איינקונפט פון אידן אין אַמעריקע.

און דאָס זעלביקע קומט פאָר אויפן גאַנצן פראָנט: אין אַרגענ־טינע עקזיסטירט אַ „פאַרלאַג פון די פוילישע אידן". זיינען ביז איצט שוין דערשינען איבער הונדערט בענדער וועגן די אידן אין פוילן און זייערע שעפער. לעצטנס איז דאָרט געגרינדעט געוואָרן אַ רומענישער פאַרלאַג: דערשיינען ביכער בלויז צו דער געשיכטע און שאַפונג פון די רומענישע אידן. דער הויפּט־אינטערעס פון פאָלק איז צו דער לי־טעראַטור פון חורבן. אַ ליאַדע שרייבערל, וואָס האַלט קוים אַ בלייפע־דער אין האַנט, און ער קען קוים פאַרצייכענען אַ שפּריכוואָרט וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין געטאָ, ווערט איבערגעאַכט אַ העלד ווייל ער באַרירט דעם קידוש־השם פון אידן אין טרעבלינקע אָדער מאַידאַנעק. די גרעסטע שריפטשטעלער אונזער צאָלן אים וואָרט־צינז און וואָרט־טריבוט. די ליטעראַרישע קריטיק קאָנצענטרירט זיך אויפן דאָזיקן מאָדנעם, אומגעלומפּערטן ווערק פון דער פען פון קוים אַן אָנפאַנגער.

אַוודאי איז די חורבן־ליטעראַטור בלוטיק וויכטיק פאַר אונזער פאָלק. זאָל אַוודאי פאַרשריבן און פאַרקריצט ווערן אויף קופּערנע און פעלזיקע טאָפלען יעדעס פּיצל פּינצטער און בלוטיק פאַרברעכן פון

די דייטשע מערדער און דעגענעראַטן. אַוודאי איז דער פאַרלאַג פון פוילישע אידן אומגעהויער וויכטיק און זיין טריאומף איז דער יום־טוב פון גאַנצן פאָלק. אַוודאי זיינען וואָגיק און וויכטיק די היסטאָרישע רעפעראַטן פון חשובע פערזענלעכקייטן אויף דער קאָנפערענץ פון איוואָ.

אָבער טרויעריק איז ווען די גאַנצע ליטעראַטור ווערט אַ היסטאָרישע. ווען עס איז מער נישט פאַראַן קיין פראַפּאַרציע צווישן זכרונות־דיקע כראָניק און מעמואַרן — און די שעפערישע, קינסטלערישע ליטעראַטור. ווען אַלע גייסטיקע ענערגיעס ווערן געווידמעט צום חשבון הנפש, צום סך־הכל, צום שוואַנען־ליד און צום ווידוי פון פאַרטייען און געזעלשאַפטן און צום אַפּשלוס פון אַן עפּאָכע. עס איז טרויעריק ווען די שטימונגען פון דעם „פען דע סיעקל“ לייגן זיך ווי בלייערנע שאָטנס אויפן נאָך לעבעדיקן און פולסירנדיקן גוף פון דער קעגנוואַרט. אידן מאַכן זיך פשוט גרייט צום אונטערגאַנג. מען זאָגט אָפּ קדיש נאָך זיך אַליין. פון אַ ליטעראַטור פון לעבן ווערט אַ ליטעראַטור פון שטאַרבן.

די דאָזיקע הקדמה איז מיר נויטיק געווען כדי צו אַקצענטירן די אמתע לאַגע אין דער אידישער ליטעראַטור און זיך אָפּצושטעלן מיט אַ וואָרט וועגן אַ מענטשן וואָס איז אין שאַרפן קאָנטראַסט צום נעגירן פון דער קעגנוואַרט און צום נעגירן דאָס לאַנד אין וועלכן מיר וואוינען און מיר אָטעמען און שאַפן און גרייטן זיך צו לעבן ביז טיף אַריין אין דער צוקונפט. איך האָב דאָ אין זינען די שריפטן, די דריי סאָלידע בענדער שריפטן, פון אונזער קאָלעגע יצחק ליבמאַן. לאָמיר באַלד פון אָנהויב אָן זאָגן, אַז דאָס אַרויסגעבן מיט איין מאָל — אין איין זעץ, און טאַקע אין איין אויפזעץ — דריי בענדער גוט־געבונדענע שריפטן איז אַ שטיק ליבמאַנישע טאַט! וואָרעם אויף אַרויסצוגעבן היינט־צו־טאָג דריי בענדער אין אידישן אות, פאָדערט זיך אַן אינסטיטוציע, אַ פאַרטיי, מיט קאַפּיטאַל. און דאָס גיט מען אויך נישט אַרויס — ווידער אַמאָל זיך צוריקקערנדיק צו אונזער טעזע — פאַר אַ לעבעדיקן, שעפערישן שריפטשטעלער. אַן אינסטיטוציע באַמיט זיך דאָס צו טאָן נאָך אַ טויטן מייסטער. דער־וויל איז מיר באַקאַנט בלויז צוויי פאַלן פון אַזעלכע פיל־בענדיקע דערשיינונגען: אברהם ליעסין און פרץ הירשביין.

אַלזאָ, דאָס אָוועקשטעלן אויף דער פּאָליצע דריי בענדער ליבמאַנישע שריפטן — איז אַ טיפּיש־ליבמאַנישע טאַט און דאָס אַליין איז ווערט צו באַגריסן ווי אַ זאַך וואָס דערמוטיקט דעם היפּש־געפאַלענעם געמיט פונם היגן אידישן שרייבער, וואָס איז אין אונזערע טעג געבליבן שטיין מיט זיין טויזנט יאָר אַלטן אידיש — אין מיטן דער וועלט, אָפּגעוואָרפן פון זיין אייגן פאָלק, בשעת אויפן מלוכה־וואָגן, וואָס פאָרט אַריין אין דער צוקונפט, כאַפּן זיך אַרויף אַ היפּשע צאָל גראַפאָמאַנען און נאָך בלאָנדזשענדיקע טאַלאַנטן, אויב נאָר זיי האָבן די זכיה און די פּריווילעגיע צו שרייבן אינם העברעאישן לשון. אידיש האָט מען קאַלט געלאָזן שטיין אויפן שליאַך פון די וועגן — כאָטש זוך דיר אויס, אידיש לשון, אַן אַנדער פאָלק און אַן אַנדערן פּלאַנעט!...

ווען מען בלעטערט איבער אויפמערקזאַם אויף מיט אַ ווינטיקער שנעלקייט די בלעטער פון ליבמאַנס שריפטן, וואַרפן זיך אין די אויגן צוויי פאַקטן וואָס זיינען איבעראַשנדיק: זיין קעמפערישע, ברויזנדיקע און דינאַמישע פען איז כסדר טינט־שיכור מיט דער לעבעדיקער אַקטואַליטעט און איז כל־ימיו פאַרנומען מיט די צאַפּלענדיקע פּראָבלעמען פון דער אידישער, קאָכעדיקער אַמעריקע. צוויי אייגנשאַפטן זיינע, מיט וועלכע ער צייכנט זיך אויס זינט ער האָט געשטעלט זיין ערשטן טריט אויף דעם באָדן פונם היגן לאַנד און זינט ער האָט אָנגעשפּיצט און אָנגעשפּיזט זיין פען אויפן ווייסן בויגן פּאַפּיר. אייגנשאַפטן אַזעלכע וואָס זיינען, ווידעראַמאָל, ווערט האַרציק באַגריסט צו ווערן.

ליבמאַן פאַרנעמט זיך, ווי געזאָגט, אין זיינע דריי בענדער שריפטן מיט דער קעגנוואַרט און מיטן לאַנד אַמעריקע און זיין מעכטיקן אידישן ישוב. ווען מען בלעטערט, צום ביישפּיל, דורך דעם באַנד „אין ליכט פון צייט", ווערט מען געוואויר ווי דער דאָזיקער, שטענדיק אין איילעניש־שרייבנדיקער שריפטשטעלער, וואָס האָט נישט קיין צייט אָפּצוכאַפּן דעם אָטעם, אין געיעג מיטן אידישן לייענער, מיטן „וואָכנבלאַט"־אַבאָנענט, מיטן זעצער, מיטן דרוקער, מיט די קאָרעקטורן, מיט הויז און ווירטשאַפט און זאָרג צו באַצאָלן דירה־געלט פאַרן אָפּיס און אַלערליי הצתרכותן — האָט פונדעסטוועגן אַ דורכאויסיק־ברייטע באַקאַנטשאַפט מיט אידישע פּראָבלעמען אין אַמעריקע און אין אויסלאַנד; מיט די פּראָבלעמען פון ישראל און פון דער שארית הפליטה; מיט פּראָבלעמען פון ישיבות, אידישע שולן און קינדער־דערציאונג; מיט פּראָבלעמען פון אידישע אינסטיטוציעס און זייערע פּראָגראַמען און פירער; מיט פּראָבלעמען פון אידישע פּאַרטייען, קאָנפערענצן און הינטער־די־קוליסן־פּאָליטיק. ליבמאַן קען גוט די פּראָבלעמען פון דער אַמעריקאַנער אַרבעטערשאַפט, זייערע יוניאָנס און די יוניאָן־פירער; ער איז גענוי באַקאַנט מיט דער לאַגע פון דער אידישער פּרעסע, מיט די מענטשן וואָס שטייען אַרום דער פּרעסע, מיט אירע אָרגאַניזאַטאָרן און פעדער־מיטאַרבעטער. ליבמאַן קען אויסגעבונדן יעדן פירער פון אַרבעטער־רינג און אידיש נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַרבאַנד אין אַמעריקע. נישט נאָר איז ער גענוי באַקאַנט מיט די אַלע פּראָבלעמען, נייערט ער זאָגט שטענדיק אַריין זיין אייגן וואָרט און זיין אופן פון טראַכטן און דענקען און זיין וואָרט פון קריטיק. ליבמאַן, ווי אַ איד וואָס האָט אַ דורכאויס־אידישע דערציאונג, האָט אַ שלל מיט אַרטיקלען וועגן אידישן שטייגער־לעבן, וועגן אידישע ימים־טובים; וועגן אידישע געשיכטע. ער קעמפט פאַר אַ באַשטימטער פאָרם פון אידישע שולן. ער כאַפּט וואויל אויף ווען אַ אידישער געזעלשאַפטלעכער פירער גליטשט זיך אויס אינם ענין אידיש און אידישע דערציאונג; וואו אַ אידישער זינגער זינדיקט מיט אַ רעפּערטואַר פון דייטשע מוזיק. ער קען די אַמעריקאַנער אידישע פּראָווינץ. דערביי שרייבט ער שטענדיק אָפּטימיסטיש, קעמפעריש און זיכער. געוויינלעך וואָלט אַזאַ יצחק ליבמאַן געהאַט פולן רעכט, לויט די שלעכטע באַדינגונגען פון זיין לעבן און פון זיין קאַמף פאַר זיין לעבן, פאַר זיין פאַרלעגערישער אַרבעט, פאַר זיין רעדאַקטאָרישער אַרבעט — וואָלט ער געהאַט אַ גרונט

צו זיין צו אָפּט פּעסימיסטיש. אָבער קיין סימן נישט דערפון אין זיינע שריפטן. דער באַנד „אין ליכט פון צייט" שפּרודלט מיט אָפּטימיזם, מיט קאַמף־גייסט, מיט דינאַמישער לעבנסענערגיע, מיט פאַרמעסט און מיט געוואַגטקייט. דערביי פילט זיך זיין קאַמף אין ברעכן די שפּראַך, דאָס לשון זעלבסט. קעמפנדיק אַנטקעגן פירער און געפירטע — קעמפט ער אַפילו קעגן דעם לשון זעלבסט און ער שמעלצט און מאָדעלירט זיין אייגענעם אידיש, דערביי אַנטפּלעקנדיק גלענצנדע זשורנאַליסטישע קוואַליטעטן און אַ בפירוש־דינאַמישע פעדער וואָס וואַרצלט אין טיפער אידישקייט און ברעכט פאַר זיך אויס אַלץ כסדר נייע בריקן און וועגן אין דער לעבעדיקער אַקטואַליטעט און אויפן באָדן פון היגן לאַנד אַמעריקע.

דאָס איז, ווי אויבן אָנגעוויזן, אין שאַרפער סתירה צום אַלגע־מיינעם לוויה־טאָן אין דער אידישער ליטעראַטור און דאָס שטענדיקע ווענדן דעם בליק מעבר לים, צו אַנדערע לענדער. דאָס לעצטע האָט געבראַכט ממש צום רואין פון דער אידישער קולטור אין אַמעריקע. יצחק ליבמאַנס נישט דורכשניטלעכע פאַרדינסטן קענען סומירט ווערן אין זיין אומגעוויינלעכן אָפּטימיזם. אין זיין רעאַליסטישן צוגאַנג צו דער היגער אידישער געזעלשאַפט. אין זיין שטענדיקן זיך ווידמענען צו דער לעבעדיקער קעגנוואַרט פון אידן אין אַמעריקע און אויסערן לאַנד. אין זיין לעבן מיט די פּראָבלעמען פון לאַנד וואו מיר לעבן און שאַפן. אין זיין הייסן ציוניסטישן הארץ, אין זיין ישראל־חלום. אין זיין קנאישן קאַמף און ליבשאַפט פאַר אידיש.

דאָס אַליין וואָלטן געווען גענוג געוואַלטיקע אויפטואונגען פאַרן אידישן לעבן און אידישע ליטעראַטור אין אַמעריקע. אָבער זיין באַנד „בויער און שאַפער פון מיין דור" פּראָוואָצירן דעם שרייבער פון די דאָזיקע שורות צו נאָך מחשבות בנוגע ליבמאַנס אופן פון שרייבן און זיין אַלע אינם אידישן קולטור־לעבן אין אַמעריקע.

די היגע אידישע ליטעראַטור באַשעפטיקט זיך מיט לויטער צדיקים. יעדער אידישער שרייבער און דיכטער האָט זיך זיין צדיק. איינער באַהאַלט זיך אונטער ר' נחמן בראַסלאַווערס הויך ביז צום הימל שטייגנדיקער געשטאַלט, וואָס האָט זיך ממש דאָ, אויף דער ערד, שרעקלעך געאיילט אויף צוריקצוקומען אין די הימלישע ספערן. אַ צווייטער דיכטער באַהאַלט זיך אונטערן מהר"ל, וועמען די גולם־לעגענדע האָט קיין גוטס נישט געטאָן, מחמת זי האָט פאַרטונקלט זיין קאָנסטרוקטיוו־שעפערישע געשטאַלט און אַרויסגעהויבן דעם פאַר־נעפּלט־לעגענדאַרן מהר"ל. אַ דריטער האָט אַלע זיינע קינסטלערישע האָפענונגען דעפּאָזיטירט אין דער באַנק פון ווילנער גאון. אַ פערטער פּראָפּיטירט יאָר־און יאָר־אויס פון בעל שם טוב. אַזוי ווי אידן זיינען, ב"ה, אַ פאָלק פון לויטער צדיקים, פעלן נישט אויס קיין צדיקים אונטער וועמענס אָנגעצונדענע געשטאַלטן עס באַהאַלטן זיך אויס באַ־האַלטענע רשעים. יעדער שרייבער כמעט מעלקט זיין גאַנץ לעבן גייסטיקע גרויסקייט און מאַראַל פון אַ צדיקס נשמה. די צדיקים זיצן נעבעך אין גן־עדן. זיי זיינען אין אַן אומאָנגענעמער לאַגע: זיי זיינען אומבאַהאָלפן צו קענען פּראָטעסטירן. וואָס קענען זיי טאָן, די צדיקים,

אַז עס טשעפּעט זיך דווקא צו אַ שרייבער און ער שטעלט זיך אַוועק אונטער אַ צדיקס וואונדערלעך געשטאַלט און ער וויל אַליין מכלומרשט דערשיינען ווי ער גאָר וואָלט זיין דער אמתער צדיק.

איך האָב שוין פריער אָנגעמערקט, אַז די זכרונות און מעמואַרן־ליטעראַטור איז פול מיט העלדן און מאַרטירער פון דער נאָענטער און ווייטער היסטאָריע. אָבער אין דעם איצטיקן פאַל רעדט זיך וועגן שיינער ליטעראַטור: בעלעטריסטיק, פּאָעזיע און דראַמע, וואָס איז אָנגעפילט געדיכט מיט צדיקים. יעדער שרייבער האָט זיך פון גן־עדן אויס אויסגעוויילט אַ פעטן צדיק פון וועלכן ער טרעט נישט אָפּ און פייניקט אים נעבעך אומזיסט און אומנישט.

אויף דער דאָזיקער טעמע האָט דער שרייבער פון די שורות שוין לאַנג אָנגעשריבן אַ גרעסערע אַרבעט. עס איז אַ וויכטיקע שטודיע פאַר אַ גאַנץ בוך. זייער אַן ערנסטע און ממש אַן איבעראַשנדיקע. אין קיין שום ליטעראַטור פון דער וועלט איז עס נישט פאָרגעקומען אויף אַזאַ עקסטרעמען אופן: אַז מען זאָל זיך פשוט, ווי דורך אַ מין „דזשענטעלמענס אַגרימענט", צעטיילן און פאַרטיילן זיך מיטן היפּשן ביסל צדיקים. דערביי גייט אין שרייבער חלילה נישט אַריין אין דעם צווייטנס טעריטאָריע. עס שיינט, אַז עס הערשט צווישן זיי אַן אומגעשריבענער אָפּמאַך:

— איך טשעפּע נישט דיין צדיק, טאָ טשעפּע דו נישט מיין צדיק. איך האָב אַ „רעכט" צו עקספּלואַטירן און אָקופּירן און קאַרומפּירן מיין צדיק אינגאַנצן. עס פעלן דען אויס צדיקים ביי אידן? דו קלייב דיר אויס וועלכן צדיק דיר וואוילגעפעלט און טו מיט אים לויט דיין ווילן און לויט דיין רצון און געבאָט. איך האָב שווער געאַרבעט אויף מיין צדיק. איך בין געווען אין סיביר. מען האָט מיך געקאָוועט אין קייטן. טאָ האָב איך גענוג רעכט צו האַלטן מיין צדיק פאַר זיך אַליין, פאַר מיין אייגענעם ליטעראַרישן געברויך.

(אַגב, דער נעמלעכער שרייבער, וועמען איך האָב אין זינען, איז אַן אוזורפּאַטאָר און ער ברעכט דעם אומגעשריבענעם געזעץ אַפילו. נישט נאָר האַלט ער זיך ביי זיין הויפּט־צדיק — נאָר יעדעס מאָל אוזורפּירט ער זיך אַ נייעם צדיק. דער דאָזיקער דיכטער באַהאַלט זיך ממש אויס אונטער אַ וואַלד פון צדיקים און מאַרטירער).

די אידישע ליטעראַטור איז פול מיט צדיקים אין אונזער צייט.

אין זיין באַנד „בויער און שאַפער פון מיין דור" האָט ליבמאַן נישט אויסגעקליבן צו באַשרייבן קיין אַטעסטירטע, הונדערט־פּראָצענטיקע צדיקים. עס איז פאַר מיר געווען אַ פיינע אָפּפרישונג צו לייענען וועגן אידישע מענטשן וואָס האָבן, נישט נאָר אין די געהויבענע יום־טוב־טעג, נאָר אין די סאַמע מיטן מאָנטיקס און מיטוואָכס און דאָנערשטיקס געהאָלפן פורעמען און פאָרמען און מייסטרעווען דאָס אידישע לעבן אין אַמעריקע. דאָס זיינען אָפּט גאַנץ ניכטערע, פּראָזאאישע מענטשן, מענטשן וואָס די פען פונם פּראָפעסיאָנעלן שרייבער מיידט געווינלעך אויס און וואָס דער לייענער ווייסט קוים פון זייערע נעמען. פונדעסטוועגן האָבן זיי גרויסע פאַרדינסטן פאַרן אידישן ישוב

אין אַמעריקע.

ווידעראַמאָל: ליבמאַן האָט זיך געשטעלט מיטן פּנים און מיט אָפענע אויגן צו אַמעריקע. און דעם דאָזיקן באַנד האָט ער געווידמעט צו די בויער און שאַפער פון דעם אידישן לעבן אין אַמעריקע. ער האָט זיין פען געווידמעט צו שול־טוער, לערער, דערציער, יוניאָן־פירער, מעצענאַטן, פּראָפעסיאָנעלע לייט, מענטשן וואָס זיצן ביים דעסק; צו רעדאַקטאָרן און פּאָליטישע פירער.

ווער ביי אונז וועט שרייבן, צוםביישפּיל, וועגן אַזאַ פּערזענלעכ־קייט ווי אַ דוד סאַהן, דער אָרגאַניזאַטאָר פון די ביאַליסטאָקער לאַנדס־מאַנשאַפטן, דער שריפטשטעלער וואָס באַהאַלט זיך אין שאָטן, דער היס־טאָריקער און אמתער דזשענטעלמען? צי ווער וועט שרייבן וועגן אַ מאַקס גאָפּט — דעם אידעלן מענטש, קעמפער, יוניאָן־פירער, זשורנאַ־ליסט און אָרגאַניזאַטאָר —.אַ מענטש וועמען עס איז אַ יום־טוב צו באַגעגענען? אָדער וועגן אַ בערנאַרד זעמעל, דער מאַן פון אידישן חנוך, וואָס איז אַ פולבלוטיקער כאַראַקטער, מיט זיין אמתער אידיש־קייט, זיין זין פאַר וויץ, זיין פריינטשאַפט מיט שטאַטסמענער, זיין ריזי־קע „יודאַאיקאַ"־ביבליאָטעק און זיין גרויסמענטשלעכקייט

עס איז טרויעריק, אָבער עס איז אויך אַ פאַקט אַז וועגן קאָלעגע חיים גוטמאַן (דער לעבעדיקער) האָט קיין אַנדערער שרייבער, אַפילו נישט די שרייבער פון זיין אייגענער סביבה, פון זיין צייטונג, וואו ער האָט אפשר מיטגעאַרבעט אַריבער פיר צענדליק יאָר, נישט אָנגע־שריבן קיין אַרבעט וועגן אים. יצחק ליבמאַנס אָפּהאַנדלונג וועגן חיים גוטמאַן איז אַרויס גלענצנד. חיים גוטמאַנען באַדאַרף מען קענען, ווייל דאָס וואָס די לייענער קענען פון אים, איז דווקא נישט דער אמתער גוטמאַן. דער אמתער, ראַפינירטער גוטמאַן ווערט אונטערדריקט און שרייבט אין געהיימעניש. ער איז ווי די לבנה, וואָס איר אַנדערע זייט איז שטענדיק פאַרהוילן צום ערדישן מענטשנס אויג. ליבמאַן קען דעם לעבעדיקן זינט אַ סך יאָרן און די מערסטע פאַקטן וואָס ער ברענגט פון גוטמאַנס לעבן און שאַפן זיינען געווען ניי אַפילו פאַר מיר אַליין, וואָס איך פאָלג נאָך געוויינלעך די אידישע ליטעראַטור און אירע מחברים.

פונקט אַזוי האָט ליבמאַן אפשר געמוזט זיין דער ערשטער צו שרייבן מיט שבח וועגן חנן י. מיניקעס, וועמען איך האָב שוין נישט דערווישט צווישן די לעבעדיקע אידישע שרייבער, בשעת מיין אָנקום קיין אַמעריקע סוף יאָר 1934. אָבער איך האָב ממש אַ האַרציקע באַציאונג, וואָס גרענעצט זיך מיט רחמנות, צו דעם דאָזיקן מענטש. ליבמאַן שרייבט וועגן אים וואַרעם. וואָרום אפשר פילט ער אין אים זיין אייגענעם גורל, דעם גורל פון דעם רעדאַקטאָר פון יום־טוב־בלעטער. און חנן י. מיניקעס' לעבן איז ווירקלעך פאַטעטיש: אַ מענטש וואָס האָט פינף און דרייסיק יאָר צייט, אין דער גרויסער און ברו־טאַלער ניו־יאָרק, זיך געריסן צום יום־טוב און טריי געטיילט שטי־קער יום־טוב אויסן אייגענעם האַרצן. און אונזערע אויגן ווערן פייכט ווען מיר קומען צו צום סוף פון דער אַרבעט: „ס'האָט זיך פון אים

פלוצלונג אפגעטאן דער כוח". דעמאלט פילן מיר אז דאס פערד איז בלוטיק געפאלן ביי דער ארבעט...

פונקט אזוי לייענען מיר מיט דראמאטישן אינטערעס וועגן דעם לעבן און בויען פון אזא געשטאלט ווי אברהם מילער, דעם יוניאן־פירער, הייסן ציוניסט, ארגאניזאטאר און אידעלן מענטש. אדער אזא געשטאלט ווי „די גייענדיקע ענציקלאפעדיע", וויסנשאפטסמאן און הייסער איד ראובן פינק. מיר ווערן געוואויר וואס אזא ראובן פינק האט אלץ געלייסטעט: די אינפארמאציע וואס ער האט געגעבן צו קאנגרעסלייט און סענאטארן אין שייכות צו ישראל און דער ציוניסטישער באוועגונג — דורך וואגיקע, וויסנשאפטלעכע בענדער. זיינע ארבעטן וועגן אידישע אימיגראציע אין אמעריקע און וועגן דער אידישער פרעסע. זיינע סטאטיסטישע און שריפטשטעלערישע ארבעטן.

מיר לייענען וואגיקע ארבעטן וועגן אזעלכע שריפטשטעלער ווי ש. אדלער, אברהם ליעסין, מאריס ווינטשעווסקי, אברהם רייזען און ראובן גראנאווסקי. ווען מען זאל, חלילה, פארלירן די גאנצע גרויסע ליטעראטור וואס איז אנגעשריבן געווארן ארום אברהם רייזען, וואלט מען פון דער איינציקער ליבמאן־עסיי איבער רייזענען געקענט דערקענען, דערזען אין זיין גאנצער הומאניסטישער גרויסקייט דעם קלאסיקער און דיען פון דער אידישער ליטעראטור. וואס שייך אזעלכע שרייבער ווי ש. אדלער און ראובן גראנאווסקי, באדארף ערשט מיט זיי נישט געשען די „קאטאסטראפע": מען קען זאגן מיט באשטימטקייט אז קיינער, קיינער — אויסער דעם שרייבער פון די דאזיקע שורות! — האט קיינמאל זיי נישט געווידמעט קיין ערנסטע ארבעט, מיט באציאונג צו זייערע ווערק. ליבמאנס ארבעטן וועגן ש. אדלערן און גראנאווסקין זיינען די איינציקע. און זיי וועלן נאך, ווייזט אויס, אויף לאנגע צייטן פארבלייבן די איינציקע ארבעטן וועגן זיי. ש. אדלערס ליטערארישער רענעסאנס אין דעם לעצטן יארצענדליק פון זיין לעבן איז פארגעקומען אויף די שפאלטן פון דעם „ניו־יארקער וואכנבלאט".

עס זיינען אויך ווערט צו פארצייכענען אזעלכע אפהאנדלונגען ווי וועגן דעם פארדינסטפולן, נאציאנאלן קינסטלער שאול ראסקין. וועגן דעם גרויסן שוישפילער מאריס שווארץ. וועגן אזעלכע געזעלשאפטלעכע טוער ווי דר. מענדל סודארסקי, אדאלף העלד, ישראל מאץ, מאיר בראון, נייטן ווארשא, ב. וולאדעק, הערבערט ב. זוסמאן, לואי סטאלבערג, ש. באנטשעק, לואי סיגאל, נייטן עהרליך, אב. קאהאן און זאב זשאבאטינסקי.

ליבמאן האט אין זיין באנד „בויער און שאפער פון מיין דור" אויך אן עסיי וועגן דעם שרייבער פון די שורות. איך האלט די עסיי פאר איינע פון די געלונגנסטע און פרעכטיקסטע ארבעטן פונם גאנצן בוך.

פאראן אינם בוך אן עסיי וועגן דעם גרויסן פאעט יהואש. דערשיינט דא יהואש אויפן פאן פון זיין שטוב, זיינע ספרים, אין דער פא־

בריק פון גייסט. דער קראַנקער מאַן יהואש פאַרמעסט זיך גבורהדיק מיט דער געוואַלטיקער געבײדע: דאָס איבערזעצן אין אידיש דעם תנ״ך, וועמענס אידיש־לשון באַדאַרף אויפשטעלן אַ גרונט־סטיל פון נייעם אידישן שאַפן. דאַרף זיין דער גייסטיקער שפּראַך־גיבראַלטאַר. ליבמאַן האָט דאָ אויפגעשטעלט יהואשן אין זיין גאַנצער גרויסקייט, אינטים געזען, אין זיין אייגענער סביבה, צווישן די עטלעכע אידעלע פּרויען וועלכע זיינען פאַרנומען כסדר מיט די קאַרעקטורן. די עסיי ווערט אויך געדעקט דורך גרינטלעכן אַנאַליז פון יהואשעס דיכטונג און אַ פאַרטיפטער אַריינבליק אין דעם פּראָבלעם יהואש־און־תנ״ך. די עסיי געהערט צו די בעסערע אַרבעטן אינם בוך. זי איז די סאַמע בעסטע עסיי, וואָלט איך זאָגן. זי איז געשריבן מיט מער צייט און געמיט. די עסיי באַווייזט וואָס יצחק ליבמאַן וואָלט געקענט געווינען אַלס שריפטשטעלער ווען ער האָט מער צייט און מער ענערגיע פאַרן ריינעם שרייבן. וואָרום שרייבן פאָדערט דעם גאַנצן מענטשן. די קונסט פון שרייבן איז מאָנאָגאַמיש: זי פאַרלאַנגט אַלע כוחות פון אַ מאַן... די קונסט פון שרייבן, מיר ווייסן וואויל, עסט אויף אירע קרבנות...

פאַראַן אינם בוך אויך אַ סימפּאַטישע אַרבעט וועגן דר. אברהם קאַראַלניק. די עסיי ווייזט אַז יצחק ליבמאַן, ווען ער שרייבט וועגן זיינס אַ שרייבער, ד. ה. וועגן אַזאַ שרייבער, וואָס אַפּעלירט צו זיין אי־דעאַל פון אַ שרייבער, פאַרערט ער אים טיף, טראָגט דעם וואָס אַ ליב־מאַן איז נישט נאַאיוו און לעבט כל־ימיו, אַזוי צו זאָגן, אַלס רעדאַק־טאָר, אין דער פאַבריק פון ליטעראַטור. אין דער קאַראַלניק־אַרבעט הערט ליבמאַן נישט אויף צו ציטירן פון דר. קאַראַלניקס פּרעכטיקער פען. אַגב, אַנטפּלעקט ער וואָס עס האָט געמיינט דר. אברהם קאַראַלניקס פּאָעטישער, עסייאיסטישער סטיל און רייך לשון אים היגן טרוקענעם ציייטונגס־זשורנאַליזם און באַגרענעצטן קולטור־ניוואָ. און ווי די דאָזיקע טעמפּע וועלט האָט קאַראַלניקן נישט געקענט פאַרגעבן זיין גייסטיקע רייכקייט און זיין אינטעלעקטואַליזם. פּונקט אַזוי זעען מיר אינם פּאַל יהואש, ווי קאַלט ס׳האָבן זיך צום דאָזיקן פּאָעטישן גיבור באַצויגן די היגע ליטעראַרישע מענטשן. די דאָזיקע אַרבעטן געהערן שוין, אַגב, צו געשיכטע. דער קינפטיקער ליטעראַטור־היס־טאָריקער וועט זיך מוזן באַנוצן מיט ליבמאַנס יהואש־עסיי פאַר דער דערגאַנצונג פון יהואשעס פּאָרטרעט. וועגן יהואשן איז אַ סך גע־שריבן געוואָרן. און דאָך איז צו מיר ליבמאַנס יהואש־פּאָרטרעט גע־ווען ניי און אינטערעסאַנט.

ווי געזאָגט, די מערסטע געשטאַלטן אינם בוך „בויער און שאַ־פער פון מיין דור״ זיינען אויסגעוואַקסן אויפן באָדן פון אַמעריקע און זיי האָבן דאָ ברייט אַנטוויקלט זייערע קינסטלערישע און אָרגאַניזאַ־טאָרישע טעטיקייטן. און, מען מוז זאָגן, אַז פון די דריי בענדער שריפטן וואַקסט אַרויס דער פּאָרטרעט פון יצחק ליבמאַן אַ פולבלוטיקער און אַ געשטאַרקטער. ער געהערט, בלי שום ספק, צו דער רייע פון שאַפער און בויער פון אונזער דור. עס בלייבט אַ פאַקט, אַז יצחק ליבמאַן, מיט זיינע דריי בענדער שריפטן: מיט גאַנצע אַכצן יאָר אַרויסגעבן און רעדאַקטירן דאָס „ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט״; מיט די פריערדיקע

זשורנאַל־פּרואוון, אין וועלכע ס׳האָבן געפונען אַ היים איצט שוין באַ־רימטע און דעמאָלט נאָך יונגע, אומבאַקאַנטע און אומבאַדייטנדיקע אָנפאַנגער; מיט זיין פאַרלעגערישער אַרבעט — האָט ער זיך אַריינ־געבויערט אין דעם אידישן קולטור־לעבן פון אַמעריקע, צו להכעיס זיינע שונאים און צו דער צופרידנקייט פון זיינע פריינט.

דער דריטער באַנד „אין גרואַנג צום פאָלק" איז געווידמעט זיין אינטימן לעבן, זיינע שטימונגספולע שטונדן, ווען אין איינזאַמקייט און אין שטילקייט קומט צוגיין דאָס ליד. אויך אין ליד זאָגט ליבמאַן אַ ניי וואָרט, אויף אַ נייעם אופן. די מערסטע פון די דאָזיקע לידער האָבן אַ געוויסע פילאָסאָפישקייט. עס לויכט אַרויס פון זיי די דער־קענטעניש:

— באַגנוגן דיך מיט עפּעס, מיט ווייניקעס, מיט אַ קרישקע ברויט און אַ פונק ליכט און אַ שטראַל פרייד. און גיי אָן ווייטער אין דיין קאַמף פאַר לעבן. דערוואַרט נישט צופיל פון דער וועלט. קריגסטו אין האַרצן אַ זעץ מיט דער אייזערנער פויסט פון לעבן — טאָ ווער נישט צעטומלט און פאַרצווייפלט. זינג דיר אויף אַ ליד. ראַטעווע זיך, מענטש, מיט אַ ניגון. שפּרייז ווייטער דיין וועג אין לעבן — אָן צו דערוואַרטן צופיל...

און די מערסטע לידער זיינען טאַקע געבוירן געוואָרן אין גאַנג דורך דער שטיינערנער שטאָט. אין גאַנג, אין שפּרייז, כדי זיך זעלבסט צו מוטיקן און צו שטאַרקן. גייט אַ וויסטער רעגן, איז מענטש אומ־פריינטלעך, האָט אַ טיר זיך פאַרהאַקט מיט אַ זעץ, איז די זון אונטער־געגאַנגען — טאָ זינג־זשע אויף אַ ניגון.

און ווערטער קומען צוגיין און זיי קלעפּן זיך שוין „אַליין" צו צום ניגון. ווערטער זוכן אַ מעלאָדיע. אַ ניגון זוכט פאַסיקע ווערטער. און דער גאַנג ווערט פריידיקער דורכן אייגענעם ניגון און דורכן איי־גענעם ליד... אַ ניגון שטאַרקט. ליבמאַן איז אַ חסידישע נאַטור. פון זיין טאַטן דעם סופר האָט ער געירשנט בטחון.

לאָמיר ברענגען פאַר אַ ביישפּיל זיינס אַ ליד „מאָטיוו":

„קנויל איין דיין גוף אין לויטער קנויל,
און טרוי אים אָן דיין אָרעם,
(און טרוי אים אָן דיין אָרעם);
וועט לינדער ווערן דיך דיין גרויל,
און אין דיין הערצעלע — וואָרעם
(וועט לינדער ווערן דיר דיין גרויל
און אין דיין הערצעלע — וואָרעם).
און אויפהעלן וועט נייער טאָג
מיט פרישן קנויל פון גלויבן
(מיט פרישן קנויל פון גלויבן);
ס׳וועט אַנגיין ווער פון ליאַדע ראָג —
וועסט פלוצים זיך דערהויבן.
(ס׳וועט אַנגיין ווער פון ליאַדע ראָג —
וועסט פלוצים זיך דערהויבן)."

אַ סך פון זיינע לידער-זינגען זיך ווי נעגערישע „ספּיריטשואַלס״. אַזאַ הימנע ווי „פון שבת צו שבת ביז אייביקן שבת״ קען זיך פאַרגלייכן צו די שענסטע הימנען וואָס פעלקער זינגען. נאָר אינם אויפשאַל פון אַ מעכטיקן כאָר אַנטפּלעקט זיך די שיינקייט פונם הימן.

אַ סך לידער זיינען געבוירן געוואָרן אין די טעג ווען ישראל האָט זיך אויסגעקעמפט מיט בלוט און פייער איר פרייהייט אַלס מדינה און אַלס פאָלק. די דאָזיקע לידער טראָגן אַ נאַציאָנאַלן כאַראַקטער און זיי צייכענען זיך אויס מיט גרויס פּאַטאָס.

אין געוויסע לידער זיינען פאַרפיקסירט געוואָרן געשעענישן פון היסטאָרישן כאַראַקטער; ערשטקלאַסיקע, פּאָליטישע געשעענישן פון אונזער נאַציאָנאַלן קיום האָבן געפונען זייער אָפּקלאַנג, אויף אַ ספּאָנ־טאַנעם און העכסט־פּאַטעטישן אופן, אין ליבמאַנס פּאָעזיע. מיר דער־מאָנען מיט שבח זיין עלעגיע אויפן טויט פון פּרעזידענט רוזוועלט, וואָס איז געווען ווי אַ לאָווע־אויסדרוק פון נאַציאָנאַלן טרויער.

וועגן יצחק ליבמאַנס פּאָעזיע האָט דער שרייבער פון די שורות צו זיין קרעדיט אַ באַזונדערע אַרבעט, וואָס איז אַריין אינם בוך „שניט פון מיין פעלד״.

ווי געזאָגט: דאָס אַלגעמיינע בילד פון יצחק ליבמאַן איז ווי פון אַ איד אַן עקשן, אַן אומגעוויינטלעכן אָפּטימיסט, וואָס לאָזט נישט דאָס אַמעריקאַנער אידנטום רואיק איינשלאָפן אין אַ לעטאַרגישן שלאָף; אַ איד מיט אַ קעמפעריש הארץ, מיט אַ דינאַמישער פען, מיט אַ ליידנשאַפטלעכן טעמפּעראַמענט, מיט אַ געזונטן טראָט, וואָס שפּאַנט פעסט אויפן אידישן באָדן פון אַמעריקע און מיט אַ קאָפּ וואָס דענקט נאָר וועגן דער קעגנוואָרט און מיט אַ ווילן וואָס איז אַנטשלאָסן צו שלאָגן דעם שטיין און אַרויסצושלאָגן פון אים אידישע שאַפונג און אי־דישע קולטור.

ניו־יאָרק, יאַנואַר 23, 1953.



## „דיינע ליפּן קושן, דיינע הענט צו האַלטן"...

(1941 — 1905)

אין ליינוואַנט, אין דיקע, פּויערישע ליינוואַנט, ווי איינגעהילט אין אַ העמד, איז געבונדן דאָס ערשטע, איינציקע און לעצטע בוך לידער פון אבא שטאָלצענבערג, וואָס איז דערשינען אין טאָג פון זיין טויט, ווען זיין אָפּגעקילטער גוף איז איינגעהילט געוואָרן אין עטוואָס דינערע ליינוואַנט...

און שטענדיק, אין איינזאַמע נעכט, ווען איך באַריר דאָס בוך, דאַכט זיך מיר אַז איך באַריר זיין גוף, געבונדן אין אָט דער דיקער ליינוואַנט. און עס איז שליסלעך דער אמת. וואָס בלייבט דען מער פון אַ מענטש, ווי דאָס וואָס ער האָט געזען און קאָנצענטרירט אין זיין קינסטלערישער זעאונג — און אַריינגעקריצט אין שטיין, אין מאַר־מאָר אָדער אין גראַניט. וואָס האָט זיין זעאונג רעדוצירט אין אַ ליד און עס געלאָזט פלאַטערן ווי אַ בלאַט אויף דער וועלט, עס זאָל באַרירן דעם ווּעמענס האַרץ עס ברענט.

אבא שטאָלצענבערג איז, ווי אַ וואַגזיניקער, צוואַנציק יאָר צייט אַרומגעגאַנגען מיט דער מורא פאַר אַ שרעקלעכער קראַנקהייט. נאָך אין די גרין־פרילינגדיקע יאָרן, ווען ער פלעגט נאָכלויפן ווי אַ פאַון זיין יונגער מיידל, זיין געליבטער, בשעת זי פלעגט לערנען יינג־מיידליש אין שולע, האָט ער שוין אַרומגעטראָגן די פּאַטאָלע שרעק פון טויט אין זיין געביין. ער האָט חתונה געהאַט. ער איז געוואָרן אַ פאָטער פון צוויי קינדער. און ער האָט איבער דער וועלט אַרומגע־שפּאַנט מיט זיין סלאַוויש־נאָרדישן אומעט, מיט דער באַלאַדע פון טויט אין זיין האַרצן — צוואַנציק יאָר צייט, אונטער ווינט און וואַלד און ווייַ, אונטער גרינע, ווילדע שטערן און שנייען און האָגלען און רעגן; און ער האָט דעם שרעק דערפירט צו זיין פאַטאַלן פינאַל. נאַטור איז ברוטאַל. דער שיקזאַל איז ביטער. איז וואַגזיניק־סאַ־טיריש. און זיין שיקזאַל האָט געוואָלט אַז דווקא זיינע רעפּראָדוקטיוו־אָרגאַנען זאָלן באַזעסן ווערן מיט דער טויטלעכסטער קאַנסער־קראַנקייט. וועלכער שרעקלעכער פּאַראַדאָקס! וועלכער געשמאַקלאָזער חוזק פון שיקזאַל, וואָס קען זיין נידעריק און לומפּיש.

באַהערשט פון זיין טויט־שרעק און טויט־וואַגזין, האָט אבא שטאָל־צענבערג זיין גאַנץ לעבן געטראָגן אַ מאַסקע פון אַן אַרלעקין. פון אַ פּיעראָ. ער האָט זיין אמתדיק פּנים, דאָס פּנים פון דער דערשראָקענער חיה, וואָס איז געטראָפן געוואָרן אין איר געבורטס־מאָמענט פון אַ פאַרגיפטעטער פייל, באַהאַלטן אונטער די בלעטער פון האַרבסט. איינגעהילט אין דעם רויך פון ציגאַרעטן און פון וואָלקנס. ער האָט געזונגען און געשפּילט, כדי דאָס געוויין אין זיך צו דערשטיקן. ער האָט אין די נעכט זיך אַרומגעדרייט איבער די פּוסטע און פאַרלאָ־זענע גאַסן און פּלעצער פון דער גרויסשטאָט ניו־יאָרק, ווי אַ פאַר־וואונדעטער מלאך. ער האָט צום ווייב געשריגן און געקוויטשעט,

כדי דעם אייגענעם שמערץ צו פֿאַרהילכן. ער האָט געהויבן טישן, שטולן, שווערע געוויכטער. ער איז גרייט געווען ווי אַטלאַס דעם גלאָבוס אויף די פּלייצעס אַוועקצושטעלן, כדי צו דערשיינען שטאַרק, הערקולעסיש, שמשון הגבורדיק. ער האָט די גאַנצע וועלט אָנגעטאָן אויף זיך, ווי אַ מאַסקע, כדי צו פֿאַרשטעלן זיין שמערץ. און אומעטום האָט אים דער שמערץ, ווי אַ וואַלקיריע, געפֿונען און געשטיקט.

עס איז דער דאָזיקער קאַמף צווישן דעם אינעוווייניקסטן טרויער און אויסערלעכן זיך רייסן צו דער פֿרייד, וואָס איז דער שליסל צו זיינע לידער. עס איז דער דאָזיקער פֿאַרצווייפֿלטער באַטאַיל צווישן דעם ליריש־סוביעקטיוון פּאָעט און דעם אָביעקטיוו־פּלאַסטישן קינסט־לער וואָס צייכנט אויס זיינע לידער. עס איז אַ קאַמף וואָס האָט זיך אָפּגעבראָכן פֿון פּאָעט און געבליבן שטעקן ווילד און בוי אין זיין ליד.

ער וויל זיין קאַלטער קריץ אויף מאַרמאָר. ער וויל נישט פּריי־דיקן. ער אָפּערירט נישט מיט אידייען. ער קלעפּט נישט צו צו זיינע לידער־וויינפּלעשער קיין פּאַרטיקע אידייען־קוויטלעך. ער וויל זיין וואָס מעגלעך קעלטער. ער רעדוצירט זיך אין מאַנכע לידער צו ריינער שילדערונג:

„קראָפּעווע בליט פּייערדיק אין שטאָט.
סעדער שטייען קויל־פֿאַרברענט.
פּלומפּן זשאַווערן און שטעכיק דראָט.
דערנער וואַקסן קרום און שטעכן דורך די ווענט.
אין שלאַכטהויז קלינגט דער ליידיקער צעמענט,
פֿיש ליגן טויט ביים ברעג פֿון טייך.
דער זומער ברענט און ס׳גייען וואָכן,
און פֿרייטיק איז צו זונטיק גלייך.
ס׳קומען לאַנגע רעגנוואָכן,
פֿון בולבעס גראָבן קומט די צייט,
ט׳איז טיפֿער האַרבסט און כריין וואַקסט ברייט.
בלוטגיריקע קעץ צו שפּרינגען גרייט
אויף זייערע אייביקע שונאים די הינט.
דורך אויסגעהאַקטע טירן ציט דער ווינט.“

ער באַמיט זיך צו געבן די זאַכן פֿון דער וועלט אין אָרדענונג. זיי אַריינצופּאַקן ווי אַ פֿוטוריסטישער קינסטלער פּאַקט אַריין די גאַנצע וועלט אין זיין קאַנווע. אין דאָזיקן ליד, אויבן ציטירט, זיינען פֿאַראַן אַ וועלט מיט זאַכן: קראָפּעווע, סעדער, פּלומפּן, דערנער, בולבעס, פֿיש, כריין, קעץ, הינט און — דורך אַלץ ציט די גרויע צייט וואָס מאַכט אַלץ צו וויאַנען. דורך אַלץ ציט דורך דער ווינט. און נאָך טראַגישער ווי צייט און ווינט — איז די שטימונג, די מאָדנע אַטמאָספֿערע, איך־וועל־כער דער פּאָעט הילט איין אַלע זאַכן. עס איז ווי ער וואָלט זיי איינגע־הילט אין זיך, אין זיין פּערזענלעכקייט, וואָס טריפֿט מיט טרויער, ווי דער הימל מיט וואָלקנרויך.

אַ מוסטער ווי אַזוי אבא שטאָלצענבערג האָט זיך באַמיט צו זיין

**ריין־בילדלעך, נאַקעט־שילדערנדיק, אָביעקטיוו־מאַלעריש — קען צום בעסטן דינען זיין ליד "אַ צירקוס".**

די פידלען סקריפּען און די פויקן פּלאַצן,
דינסטן מיט פריילעכע ראָזירער־יינגלעך.
שמיגוס אַ פאַרשמירטער מיט די טאַצן,
ס'קלינגען בראָנזאַלעטן און שווערע אויערן־רינגלעך.
אויף די קנאַפּל דרייט זיך מוצקי, דער באַרימטער טענצער,
דער מעסערוואַרפער אין אַ גרינעם וועסטל שפּענצער.
לייבן אויסגעשטרעקט אין שטייג,
דאָס ווייסע פערדל, די צירקוסדאַמע מיט די רייפן,
אויף קייטן ווילדע קעץ מיט געלע שטרייפן.
אַ העלפאַנט וויקלט אויף די לאַנגע נאָז,
אין ווייסעביידלעך, צעוואָרפן אויפן גראָז,
זעט מען דורך שפּאַקטיוון גרויסע שלאַכטן.
אולאַנער מיט די שווערדן אין דער הויך,
יאָגן דורך פעלדער און טונקעלע פאַרנאַכטן.
אין אַ גלעזערנער שאָפע שטייט די קייזערין עליזאַבעט.
אין אַ קעלער ליגט באַרבאַראַ צו אַ שטיין געבונדן,
אין דער־לופטן שפּריצט דאָס בלוט פון אירע וואונדן."

**אָבער נישט שטענדיק קאָן אבא שטאָלצענבערג זיין אַזוי "אָביעקטיוו" ווי אין ליד "אַ צירקוס". דער טרויער ברעכט דורך ווי אַ ווינט אַ האַרבסטיקער. פון דעם האַרצן פון דעם מכלומרשטן פאַרשטיינערטן כוליגאַן רייסן זיך אַרויס די ריינסטע לירישע טענער, די דינסטע דיכטונגען, וואָס גלעטן ווי איידעלער פליוש דאָס געמיט. זיין טרויער ברעכט אַדורך די לידער־ווענט, ווי ברענענדיקע קראָפּיווע, וואָס באַפאַלן אַן אַלטן פּאַלאַסט. ווי דערנער, וואָס ציען זיך אַריבער רואינען לבנהדיקע און האַרבסטיקע. זיין טרויער כוואַליעט ווי אַ ים, וואָס פאַרגיסט די וועלט — ווילד און שוימיק.**

"איך בין געגאַנגען דורך פייער, דורך געוויטער,
דורך קוילן און דורך שיקערע גוזאַנגען,
דורך גרענעצן, דורך שטרענגע היטער,
ביז כ'בין אין זומפּ פון נודנע טעג פאַרגאַנגען.
נודנע טעג, — די שפּינען וועבן נעצן און די גרילן זעגן,
און ס'גראָבט די שרעק זיך פינצטער ווי אַ קראָט.
ווי אין אַ בלעטערדיקן וואַלד, אָנגעזאַפּט מיט רעגן,
שטיי איך אין רוים פון ווענט, אין בלינדן ראָד פון שטאָט
און האַרץ, — ס'שאַרכן מייז, די ריגלען סקריפּען,
איך בין צום דיל ווי צוגעקלעפּט.
פון אַלטע בריוו די ווערטער כליפּען,
און אַלץ, וואָס איך האָב דורכגעלעבט,
איז ווי אין שפּינוועבס איינגעהילט.
דער הימל און די ביימער, ווי אַ שטויביק **בילד**

אין ראַמען פון די פענצטער איינגעפּאַסט,
נודנע טעג, אונטער אייער לאַסט
פאַלן פערד, משוגע ווערן הינט,
איינער אין זיין צימער שפּאַנט
און בעט אויף פייער, און בעט אויף ווינט.
איינער שטייט דערשראָקן אויף דער שוועל,
אַן אָפּגרונט איז דער דיל, די וואַנט אַ תפיסה־וואַנט.
און איינער זעט אַ בערגל ערד, אַ וויינענדיקן בוים,
און פלאַטערט ווי דורכגעשאָסן
אין ליידיקן רוים.״

די גאַנצע וועלט טריפט ער אַריין, ווי וואַקס, אין די זשאַווער־בראַנדזענע ראַמען פון זיין ליד. און, ער האָט זיך געאיילט וואָס גרע־סערע שטיקער וועלט צו דעקן. וואָס מער טעריטאָריע אַריינצוצווינגען אין דעם סדום־בעטל פון זיין ליד. ער פאַרבעט אַריין אין דער דאָזיקער עקאָנאָמיש־קאָנצענטרירטער דיכטונג דעם מערדער פון פּוילישן פּרע־זידענט נאַרוטאָוויטש—ניעוויאַדאָמסקי, וואָס טרינקט וואַרעמע מילך פאַרן טויט, ווען דרייצן קוילן צעלעכערן אים דעם גאַלן שאַרבן. די יונגע אוקראַינער, וואָס קעמפן, ריזיקע, קאָלאָסאַלע, גייענדיק אַנט־קעגן אַן אַפּאָקאַליפּטישער מיזעריע. דעם רויבער דזשאַני פּאַקס וואָס אַנטלויפט פון דער טרומנע צום שענקל. די פלאַמענדיקע און אומרו־איקע דיכטער, האַלפּערן און לאַנדוי, צום גען פון טויט געוואָרפן — איינזאַמע אין די טרומנעס. און וואָלף בעזבערידער, וואָס דערשיינט אויף דער ליציטאַציע מיט דעם נביאישן פּנים פון אַ שיילאָק, ווען מען טראָגט אַלע רייכקייטן אַרויס פון זיין הויז, און ער פרייט זיך וואָס ער איז פריי פון אַלץ און ער קען איצט גאָט לויבן מיט „באָרוויסע פיס און אַ צעריסן העמד״.

אבא שטאָלצנבערגס ליד נעמט אַריין גענגסטערס און גראַפן, מערדער און בעטלערס, פלאַץ־אינגלעך און פּראָסטיטוטקעס. איידעלע פרויען ווי די שוואַנען און זיידענע פּאַניענקעס אויפן געלבן פּאָן פון פּוילישן האַרבסט. ער זינגט דאָס ליד פון די שאָטנס פון דער ערד — פון די פּאַרטרויערטע און באַליידיקטע, פון די קרומע און לאָמע און צעבראָכענע; פון גאָר די ליידנדע פון דער ערד און פון דער וועלטס אָפּפאַל. פון דער וועלטס אַלץ צעפּרעסנדיקן זשאַווער

ער זינגט וועגן וואונדן און גרינעם שימל. וועגן רינענדיקע רינעס און „בלינדע בלומען״. וואַסער וואָס קאַפּעט פון די פלומפּן. וועגן גראַף טרעטער, וואָס האָט זיך נאָכן ווייבס טויט אָפּגעגעבן מיט יאַגד און אַלטע ביקסן. און וועגן בלוט פון שעכטהויז וואָס לויפט אָפּ מיטן שול־טייך. און וועגן דעם ווינט וואָס רייסט די בלעטער פונם וואַך־הויז און דעם ים וואָס וויל דעם ברעג פאַרשלינגען און וועגן אַש פון פּאַפּיראָסן און די ראָמאַנטיק פון דעם פאַנטאַסטישן באַהעם און דעם האַרבסט און די לבנה, וואָס פאַרהילט גאָלדן אַלע זאַכן.

„די לבנה לייכט פון אַלע ציפערבלעטער.
דער זייגער אויפן ראַטהויז שפּילט אַן אַלטן מאַרש.

דורך טירלעך פינצטערע, דורך שפּאַרעס צווישן ברעטער,
דורך קוימענס, דורך שליסל־לעכער,
קריכט מיט פאַרמאַכטע אויגן דער לבנה־וואַנדלער,
און דראַפּעט אויף די ווענט זיך ביז די העכסטע דעכער.
און שטייט אין הוילן העמד אַ בלייכער קעגן הימל,
האַלב וואַכנדיק און האַלב אין דרימל.
די לבנה לויכט פון שמאָלע שויבן,
און ציט אַרויס דאָס האַרץ פון שלאָפנדיקע אינגלעך.
דורך וואונדערלעכע וועלדער, פאַרשיכורט פון די ריחות,
גייען זיי אויף בלייערנע פיס און ראַנגלען זיך מיט שווערע כוחות,
און שניידן שטילע וואַסערן און שפּאַנען
איבער וויסטע פלעצער, איבער שנייאיקע לאַנען,
צו דעם וויטן צפון, ביז ס׳הויבט אָן טאָגן.
אויפן מילכוועג לויכט
דער זיבנשטערנדיקער וואָגן.
די לבנה שווימט דורך ברייטע שפּיגלען
און שלאָגט זיך אָפּ פאַרחלשט אויף די מעבל.
פון ווינקלען לויכטן קעץ מיט שוועבל.
און מיידלעך מיט פאַרלאָשענע אויגן,
זיצן אויף געלעגערס אָנגעבויגן.
און ס׳קוקן אויף זיי צאַרניק די געשטריקטע לייבן.
גיפטיקע בוימער בליען אויף די שויבן.״

די אַלע מאָטיוון שלאָגן אָפּ זייערע פאַרביקע ספּעקטערס אויפן פּאָעטס געמיט, וואָס שפּיגלט פּריזמאַטיש אָפּ די וועלט, די גרויסע, די בונטע וועלט פון גראָטעסק און משוגעת. דאָס באַלאַדישע, דאָס מיטלאַלטערלעך־גרויזאַמע, דאָס פאַנטאַסטיש־מאַרבידע — דאָס אַלץ לויכט אויף זון־פאַרגייענדיק אין זיין וואונדערלעך־טראַגישער דיכטונג — וועגן קייזערס און פירשטינס און בעטלערס און קרומע פאַר־שוינען. דער געניוס פון אבא שטאָלצענבערג כאַפּט אָן די גאַנצע וועלט און הויבט אָן מיט איר צו ציטערן מיט אַזאַ קראַפט, אַז אירע פונדאַמענטן קראַכן און טייכן טרויער גיסן זיך אויס.

פאַראַן אין זיין דיכטונגס־בוקעט לידער צו פרויען, זיינען זיי צאַרט און אינטים און צויבערהאַפט ווי מענדעלסאָנישע און שומאַנישע מוזיק, פול מיט אַ טויטלעכער מעלאַנכאָליע און אַ טוליען זיך אין דער אייזיקער קעלט פון דער נאַכט צו אַ פרוי. און פול מיט די צערטלעכסטע ווענדונגען פון אַ גאַלאַנטן, דאָן קיכאָטישן ריטער, ווען שווערד זשאַוורט אין שייד. ווען פּליגל רינען אויס אין דער ביטער־לבנהדיקער נאַכט... די נאַטור קלינגט און רוישט ווינטיש אין איר קערפּער. די מעטאַפאָרן זיינען פרימיטיווע, ברייטע, ווען מענטש האָט געזען אין פרוי די קאָלירן פון ים, פון וואַלד, באַרג און טאָל און בייז געוויטער... זיין אידעלע ליבע־ליריק קלינגט ווי דער ציטער פון אַן עכאָ אין אַזאַ ליד:

„דיינע ליפּן קושן, דיינע הענט צו האַלטן,

היטן יעדן ריר פון דיין געזיכט.
מיין פנים אויף דיין האַלדז באַהאַלטן,
טרינקען פון די האָר דאָס גאָלדענע ליכט.
גלעטן אונטער דיינע אויגן צאַרטע רינגען,
נאָכגיין מיט די פינגער דיינע שטריכן קויל.
שטראַלן אין די אויגן, וואו בלוי וויל גרין באַצווינגען.
פילן בעז פון דיין צעבליטן מויל.
עס שמעקט דאָס מויל און פון די ווינקלען
אַ שטראָם פון ליבשאַפט לויפט האַלב־רונד.
די ציין אין האַלבן שמייכל פינקלען,
די ליפּן ברענען ווי אַ רויטע וואונד.״

אבא שטאָלצענבערג איז דורכאויס אַ מאָדערניסטישער פּאָעט. ער האָט אַלע קוואַליטעטן פון אַ גרויסן ליריקער. קאַלטע איראָניע און גרויסע ראָמאַנטיק. דאָס קאַרנאַוואַליש־גראָטעסקע און מיטלאַל־טערלעך־ביזאַרע, וואָס מאַכט אים קוקן אויפן לעבן ווי אויף אַ צירקוס, מיט זיינע קלאָונען און קעניגינס עליזאַבעטס און באַרבאַראַס. מיט זיינע טענצער און זינגער און אַקטיאָרן און חיות. די וועלט איז אַ צירקוס, אויף וועלכן ער דרייט זיך אַרום מיט ווינטיקן עלנט און וואונד און בלוטנדיקן האַרצן. ער באַזיצט דאָס פאָלקסטימלעך־לירישע. און זיין יעדער וואָרט טראָגט אין זיך אַליין אַ פּאַרטיקע מעלאָדיע. ער באַזיצט אַ ברייטן בליק איבער דער וועלט, גרויס אינטעליגענץ — הגם ער קאָקעטירט מיט פשטות און פּאָזירט דעם פּרימיטיוו און ברוט.

שווער אָנצואווייזן די ספערע פון דער ווירקונג אויף אים. אָט דאַכט זיך אַז ער טראָגט אין זיין ליד די גלאַדיאַטאָרישע אומרו און אויסגעשריי פון דעם ביטער־שטורמישן און ליריש־גראָטעסקן משה לייב האַלפּערן. אָט דאַכט זיך גאָר אַז ער שטייט אין קרייז פון זישא לאַנדוי, מיט זיין פאָלקסטימלעך־ראַפינירטן, עראָטיש־לירישן פּערז און טראַ־גישער מוזיק. אָט אָפּערירט ער מיטן קאָנפעסיע־מאָטיוו אין די פרעך־רויבעריש, טעסטאַמענט־רירנדע געזאַנגען פון פראַנסואַ ווילאָן, וואָס שפייט אויס פון בלוטיקן האַרצן זיינע לידער, הענגענדיק אויף דער תליה. אָט איז ער איינגעהילט אין דעם סאַמעט פון איציק מאַנגערס באַלאַדיש־איראָנישע לידער, וואַגאַבונדיש־שיכור און פאָלקסטימלעך־סטיליזירט. זיכער איז אַז אבא שטאָלצענבערג איז דער לעצטער מאָהיקאַנער פון דער גרופּע „יונגע״, וואָס האָט אין זיין ליד געזונגען דאָס שוואַנענגעזאַנג פון טרויער. דער לעצטער קראַנקער פּרינץ — אין גרויסן האַרבסט... ווען די לבנה ווערט אַלץ גרעסער און בונטער, וואַקסט ווי אַ רויטע בלום און פאַרדעקט מיט זייד דעם גאַנצן הימל, אַלע האָריזאָנטן.

די ווירקונג אויף אַ גרויסן פּאָעט איז שווער צו דעפינירן קאָנ־קרעט. די גאַנצע וועלט־דיכטונג ברעכט זיך איבער דורך אים, ווי דורך אַ פּריזמע... אַלע פּאָעטן לאָזן איבער זייערע שפּורן אויף דעם קלישע פון זיין דיכטונג.

אין דאָזיקן איינציקן בוך „לידער״, געבונדן אין דיקער ליינוואַנט,

ווי שוין דערמאָנט, איז באַהאַלטן אבא שטאָלצענבערגס גאַנץ לעבן. דאָס לעבן וואָס האָט אין אים געברענט ווי קראָפּעווע און איז שטאַרק געוועזן ווי ווײַן. אין דאָזיקן בוך לידער איז פאַראַן די גאַנצע וועלט, וואָס אַ דיכטער נעמט אין זיך אַרײַן, אַזוי ווי אַ כוואַליע, וואָס דערשײַנט אויף אַ מאָמענט — כדי אין אָפּגרונט מיטצונעמען מיט זיך די טראַגישע רעפלעקציע פון דער גאַנצער וועלט.

זײַן לײַדנדע ברוסט פאַרנעמט די סימפאָניע פון אַלץ וואָס איז טרויעריק, שלעכט, פאַרוויאַנעט, פאַרזשאַווערט, לײַדנדיק און ברוטאַל. אַלע לײַדן פון דער וועלט זײַנען דאָ באַהאַלטן; אין דעם דאָזיקן בוך פון בלומען פון שלעכטס, וועמענס לידער זײַנען אַ טרויעריק־ברע־נענדיקע אילומינאַציע, אײַנגעראָמט אין דעם אייביקן האַרבסט פון דער וועלט...

ניו־יאָרק, אָקטאָבער 2, 1945.



# אַ היילּיק ספרל...

(משה גראָסמאַן: „היימישע געשטאַלטן", דערציילונגען, פּאָרטרעטן, מיניאַטורן. תל־אביב, סעפּטעמבער, 1953, תשי"ד. 317 זז).

דאָס נייע בוך פון משה גראָסמאַן „היימישע געשטאַלטן" איז אין קלענערן פאָרמאַט. עפּעס האָט דאָס דעם אויסזען פון אַ קליין, טייער, היימיש סידורל. פון אַ טייטש־חומשל. ווי אַ היילּיק ספרל. אין פּוילן זיינען אין אידישע שטיבער געווען אַזעלכע קליינע, דיקע ספרימלעך. ס'האָבן דערין אַריינגעקוקט טאַטע־מאַמע, אַן אַלטע באָבע, אַ גרייז־גרויער, הונדערטיאָריקער זיידע, די קינדער. ס'האָבן די דאָזיקע פאַרוואַלגערטע, פאַרגעלבטע ספרימלעך געמישט און געבלעטערט גרויס און קליין. איך האַלט אין האַנט גראָסמאַנס בוך אַזוי ווי אַ סידורל. איך גיי אויפמישן אַ תפילה. איך גיי דאַוונען מעריב. אָ, עפן זיך פאַר מיר, היימיש, ליב סידורל. דאָרט וואוינט דער אַלטער, דער גרויז־גרויער גאָט וואָס האָט אַרויסגעפירט בשלום די אידן פון מצרים. דער גאָט וואָס איז געווען נאָך פאַר די אומגליקלעכע זעקס מיליאָן. ניין. איצט איז ער שוין אַלט און אונמעכטיק. ער קען שוין נישט קיין זעקס מיליאָן ראַטעווען פון קאַלך־אויוון, ווי ער האָט געראַטעוועט דעם ליבן פרינץ דניאל. ניין. די לייבן לעקן מער נישט אין הכנעה די לייבער און די שטריק פון די זעקס מיליאָן. גאָט איז אוממעכטיק. גאָט איז אַלט געוואָרן. גאָט איז אומבאַהאָלפן. משה גראָסמאַנס סידורל איז אַ ניי מין סידורל—דאָס סידורל פון דעם נייעם, קראַנקן, באַנקראָטירטן גאָט, וואָס האָט קיין זעקס מיליאָן אידן פון די ברענענדיקע נאַצישע קאַלך אויוונס נישט געקענט אַרויסֿפירן.

יאָ, מען האַלט אין די הענט גראָסמאַנס ניי סידורל און די הענט ציטערן און דאָס האַרץ ציטערט. אין גראָסמאַנס סידורל, אין גראָסמאַנס תהילימל ווייעט עס נאָך מיטן אידישן לעבן אין פּוילן. מיטן אידישן לעבן ערב דער צווייטער וועלט־מלחמה. צווישן ביידע וועלט־מלחמות. מיט דריי, מיט צען דורות צוריק. עס גייט אויף געדיכטע, געפּרעסטע, ספּאָנטאַנע שילדערונג פון אידישן לעבן אין פּוילן. מען רירט ממש אָן קוראַוווער קליינשטעטלדיק לעבן. מען רירט אָן אידיש לעבן אין וואַרשע. גראָסמאַן, אַליין אַ קוראָווער, האָט פון די ערשטע יאָרן אָן פאַרבראַכט אין וואַרשע. ער קען די דאָזיקע אַמאָליקע פעסטונג פון אידישקייט. ער קען דאָס אידישע לעבן פון סמאָטשע, פּאַוויע, גענשע און די נאַלעווקעס. ער קען דאָס לעבן פון דעם אידישן שרייבער. ער קען דעם אידישן אַרבעטער. ער האָט יאָרנלאַנג געאַרבעט אין וואַרשעווער „היינט". ער איז געווען טעטיק אין דער פּועלי־ציוניסטישער באַוועגונג. דאָס אידישע מאַסן־לעבן אין פּוילן קען ער ווי די מאַמע קען דעם טייטש־חומש. ווי זיינע אויגן קענען די דלאָניעספּון זיינע הענט. ער איז געווען טעטיק אויף „טלאָמאַצקע דרייצען". ער קען די אידישע קולטור פון פּוילן. ער קען גאַנץ פּוילן.

און אין דעם דאָזיקן גרויסן, טראַגישן און טיף־קינסטלערישן סידורל ברעכט זיך ווידער אַדורך דאָס פאַרבלוטיקטע, דאָס צעריסענע, דאָס קאַנוואולסיווע, דאָס גוססדיקע פוילן. דאָ קוקט נאָך אַרויס דאָס פוילישע אידנטום אין זיינע לעצטע, גרויסע שטראַלן. דער איד שפּאַרט אַרויס פון די בלעטער זיין טרויעריקע באָרד. זיינע דערשראָקענע אויגן. זיין מיט בלוט פאַרלאָפן און געשוואָלן פּנים. אין גראָסמאַנס מייסטערהאַפטן בוך „אין פאַרכישופטן לאַנד פון לעגענדאַרן דזשוגאַשווילי" האָט גראָסמאַן ליריש און ממש עפּיש באַשריבן די גרויסע מאַרטירערייַ פון פוילישן איד אין די מרחקים פון סאָוועט־רוסלאַנד, אין די טייגעס, אין דעם וויטן קאַזאַקסטאַן, אויף די וועגן פון סיבעריאָ, אין די פינצטערע טורמעס, וואו מענטש ווערט אומשולדיקערהייט געשלאָגן און געפּייניקט און זיין פּנים ווערט אָפּגעווישט פון זיין פּנים און זיין מאַראַל ווערט דערשלאָגן און פאַרווישט צום טויט און זיין זכר ווערט אַראָפּגענומען פון דעם פּנים פון דער ערד. אין זיין איצטיקן בוך „היימישע געשטאַלטן" האָט משה גראָסמאַן צונויפגענומען, ווי עס זאָגט זיך אינם טיטול־בלאַט, דערציילונגען, פּאָרטרעטן און מיניאַטורן. דערציילונגען וועגן דעם זון־אונטערגאַנג פון אידישן לעבן אין פּוילן. פּאָרטרעטן פון אידישע שרייבער. מיניאַטורן פונם נייעם אידישן לעבן אין ישראל, וואו משה גראָסמאַן איז איצט אַ תושב.

משה גראָסמאַנען איז גוט צו לייענען. זיינע שאַרפע, עקספּרעסיווע באַאָבאַכטונגען לאַנגווייליקן קיינמאָל נישט. זיין פּען באַשאַפט אַ פּרעכטיקן סינטעז פון פאַקט און פיקציע. פון קעגנוואַרטיקע היסטאָריע און רעפּאָרטאַזש. ער שרייבט אַקטועלע געשיכטע מיט בילדלעכקייט. ער פאַרצייכנט דאָס געזעענע קינסטלעריש־עקספּרעסיוו. אין דינע שטריכן — אַ בילד. אין עטלעכע ווערטער — אַ שילדערונג. ער מישט דאָקומענט מיט ליטעראַרישער פּראָזע. ער מישט רעפּאָרטאַזש מיט דערציילונג. ער איז באַווירקט שעפעריש פון דער מאָדערנער ליטעראַטור, אין וועלכער ס'האָט זיך מייסטעריש אַריינגעבראָכן דער עגגאָ ערווין קיש־רעפּאָרטאַזש. דערביי בלייבט גראָסמאַן שטענדיק ריינער קינסטלער. צימצומדיקער, קאָנצענטרירטער בעלעטריסט. זיין פּראָזע איז געדיכט באַלאָדן מיט אינהאַלט, מיט פאַקט, מיט דראַמע. ער דערמאָנט אפילו אין גאָרקי לויט זיין קאָנצענטרירטקייט און בקיצורדיקייט. דערביי באַזיצט ער אַ פּאָעטישן אויג און האַרץ. ער זעט דאָס וואָס דער פּאָעט זעט: די דינע פּרוי. די גאָלדענע בלום. דאָס פעלד נאָכן זון־אונטערגאַנג. דאָס ליידנדע מענטשלעכע פּנים, אויסגעגעסן מיט די פלעקן פון טרערן. דאָס דאָזיקע ספרל גראָסמאַנס איז אַן עכאָ פון די גרויסע פינצטערע איבערלעבענישן זיינע. דאָ זאַמלען זיך ווידער צונויף געשטאַלטן, באַגעגענישן, רעמיניסענסן, זכרונות, פאַרצייכנונגען און טאָג־ביכערישע בלעטלעך.

דאָ קלינגט נאָך אָפּ די גרויסע אידישע טראַגעדיע. אָבער שוין מיט אַ יאָרצענדליק שפּעטער. די בלוטיקע פלעקן פון דעם פּנים, לייב און מלבושים זיינען שוין אָפּגעוואַשן. דער דערציילער משה גראָסמאַן האָט זיך שוין אָפּגעבאָדן אינם בלויען הימל פון ישראל. ער זעצט

זיך נאָר אויף אַ מינוט אַוועק, און מענטשן קומען אין דמיון אים צו דערציילן דעם גרויסן בראַך און דאָס גרויסע אומגליק. גראָסמאַן איז געבליבן לעבן, צו דאַנקען גאָט, ווייל ער האָט געטראָגן אין האַרצן אַ גרויסע, אַ שרעקלעכע זעאונג פון מענטשלעכע ליידן. ער האָט דאָס געוואָלט אויפשרייבן, פאַרקריצן מיטן אייגענעם בלוט און נפש, פאַר־אייביקן לדורות. ער האָט געוואָלט זיין אַן עדות אויפן גרויסן געריכט פאַר דער אייביקייט. אינעם בוך זאָגט ער ווידער:

"... און פון דעמאָלט אָן האָב איך דאָס אַליין אָפט איבערגעלעבט, דורכגעלעבט, איבערגעלעבט שוין אויך דאָס וואָס ס'האָבן איבערגעלעבט מיינע פאַרשניטענע, די נאָנטסטע: קינד, ווייב, מאַמע, שוועסטערן, ברידער, זייערע קינדער. און נישט געקאָנט רוען ביז כ'האָב נישט פאַרצייכנט אָט די דאָזיקע שורות. הגם, אמת, עס איז נאָר קוים אַן עוקץ אויפן דנאָ פון אַ קידוש־בעכערל, וואָס האָט קוים אַרויסגעשעפּט אַ טרער־טראָפּן פון דעם בלוטיקן ים, נאָר זאָל כאָטש אַזאַ איינער בלוט־טראָפּן תמיד טריפן פאַר די אויגן, ביז מיר וועלן אויך נישט שליסן אונזערע אויגן און קומען נענטער צו יענע, די הייליק־אומגעקומענע אונזערע, אָמן".

משה גראָסמאַנס שפּראַך איז אַ היימישע. אַזוי רעדן זיי, די אידן אין פּוילן. די אידן פון וואַרשע, פּראַגע, קוראָוו, קאָנסקע־וואָליע און וואָנוואָלניץ. דאָס איז דאָס לשון פון אונזערע אידן אין פּוילן. און מיטן דאָזיקן טייערן לשון רעדן זיי אין גראָסמאַנס בוך. זיי רעדן דאָס לעצטע געריידט אין זיין הייליקן בוך. אין זיין שטילן תהלים. אין זיין אייביקן און מעכטיקן ספרל. אידן רעדן אין פּוילן אויפן טויזנט־יאָריקן, הייליקן אידיש. דאָס האַרץ ווײנט און דער יאָמער שטיקט דעם האַלז און די טרערן גיסן זיך אָן אויפהער. טייערער משה גראָסמאַן, זיי נישט בייז, איך האָב דיין בוך אינגאַנצן נאָס געמאַכט. עס איז געל געוואָרן פון מיינע טרערן. די אותיות שווימען אַרום פאַרגרעסערטע, געשוואָלענע פון דער פייכטקייט, ווי אידישע פּנימער זיינען געשוואָלענע פון בלוט און טרערן און יסורים — — —

משה גראָסמאַן, ווי געזאָגט, עפנט די בלעטער פון גרויסן צער. ער מישט צוריק די יאָרן, ערשט מיט אַ צוויי יאָרצענדליק צוריק, מיט אַ דריי יאָרצענדליק. ער וויזט דעם קאַמף צווישן עלטערן און קינדער. ווי אידישע קינדער ברעכן זיך אַוועק פון די שטילע, פרומע, ערלעכע און עטישע טאַטע־מאַמעס. אידישע קינדער גייען באַפרייען די וועלט. די פעלקער. און ווי אַזוי די דאָזיקע קינדער קומען אום שפּעטער אין סאָוועט־רוסלאַנד, אין פּאַריז, אין דער פראַנצויזישער אויפשטאַנד־באַוועגונג, אין פּוילן. ווי אַזוי אידישע מיידלעך גייען מיט פּוילישע אַר־בעטער שטודירן אין אויסלאַנד. ווי אַזוי זיי ווערן פראַנצויזישע זשור־נאַליסטן. ווערן קאָמוניסטן. זיצן אין תפיסה. ווערן צעבראָכן און פאַרניכטעט.

פון אַ צאַרטן, אידישן מיידל, אַ מלאכל, ווערט אַן אייזן־שטרענגע קאָמוניסטקע. אין געציילטע יאָרן ווערן אַלע פון איר משפחה פאַר־ניכטעט. אין פּוילן. אין פראַנקרייך. אין רוסלאַנד. עס קומט אום אַ

וועלט. „דאָס מלאכל מיט אַפּגעריסענע פליגל" — אַזוי ענדיקט זיך קורצע דערציילונג דער מחבר. אין דער דאָזיקער דערציילונג גייט דורך די טראַגעדיע פון די אידן אין פוילן. עס גייט דורך אַ שטיק וועלט־געשיכטע פון בלויז צען יאָר. עס ברעכן זיך אויף גאַנצע שטי־קער לײדן פון דער מענטשהייט. דאָס מלאַכל שטייט איצט נאַקעט און באָרוועס. אַלע, אַלע זיינען אַרום איר פאַרניכטעט געוואָרן. דאָס איז דער גרויסער פּרייז פון איר אידעאַל. דאָס האָט געבראַכט איר גלויבן אין קאָמוניזם. אין דער דאָזיקער פּרוי האָט גראָסמאַן מיניאַטוריש געצייכנט אַ וועלט־קאַטאַסטראָפע: דעם אומקום פון אַ וועלט מיט מענטשן. דעם אומקום פון אַלע גרויסע אידעאַלן פון נײַנצענטן און צוואַנציקסטן יאָרהונדערט. אויפן אַרט פון אומגעהייערע לײדן, אויפן סיני פון מענטשלעכע קנאָכנס; אויפן עווערעסט פון מיליאָנען סקע־לעטן; שטייט גאָלדעלע, אַ צאַרטע, אידישע טאָכטער, און איר גע־שטאַלט סימבאָליזירט דעם אומקום און דאָס קראַכן פון אַ וועלט. פון אַ וועלט מיט איר גאַנצער קולטור און ציוויליזאַציע.

יאָ, משה גראָסמאַנס בוך, אָט דאָס קליינע בוך, איז די פאַר־צייכנונג פון אומקום. פון אומקום פון חברים, פריינט, נאָענטע, קרובים, קולטור־מענטשן, שרייבער און אַלערליי געשטאַלטן. דאָ ריִנט בלוט פון אַלע זייטן. דאָ פאַלן מענטשן ווי שניי־פלעקלעך אין אַ געדיכטן שניי. דאָס איז אַ געפאַל פון מענטשנקינדער ווי הערבסט־בלעטער אין אַ וואַלד. דאָ מוז יעדער איינער פאַרניכטעט ווערן. דאָ איז נישטאָ קיין שום אַנטרינונג. דאָ ברעכט די וועלט צוזאַמען. דאָ זינקען אַלע ווענט פון די שטעט. דאָ קראַכן אַלע האָריזאָנטן פונם מענטשלעכן קאָסמאָס. צווישן די בלעטער פון גראָסמאַנס בוך, ווי צווישן די מאַר־מאָרענע זיילן פונם טעמפּל פון גאָט דגון — קומט אום גאָטס וועלט.

צווישן די דערציילונגען פון אומקום, פון אומגעהויערע לײדן, זיינען אויך פאַראַן עטלעכע פּאָרטרעטן פון אידישע שרייבער. גראָסמאַן האָט זיי גוט געקענט. מיר לייענען וועגן שמעון האָראָנטשיק, יחיאל לעהרער, חיים סעמיאַטיצקי, אברהם פּטאַשקין און אהרן ברעזינסקי. מיר לייענען וועגן די אַלע שרייבער־קדושים. ווי אַזוי דער פּחד האָט געטריבן שמעון האָראָנטשיקן, וואָס האָט אַזוי שרעקלעך מורא געהאָט פאַרן טויט, זיך איבערצושניידן דעם האַלז מיט אַ ראַזיר־מעסערל. די גרויסע שרעק פאַרן טויט טרייבט אים אין די פינצטערע אָרעמס פון טויט. דער גרויסער פּחדן ווערט אַ העלד דורך זעלבסטמאָרד. און מיר לייענען וועגן פּטאַשקינען: „יעדער איינער פון אונז האָט געדאַרפט טרייסט, נאָר צום מערסטן האָט עס באַדאַרפט פּטאַשקין. זיינע בריוו זיינען געווען פולע מעסטלעך מרה־שחורה, פאַרצווייפלונג. ער האָט געקרענקט אויף פעלאַגרע, געהוסט, געגרעט, געאײנזאַמט". די דאָזיקע פאַר־צווייפלונג האָט אים געטריבן זיך אויפצוהענגען אין באָד, וואו ער האָט געאַרבעט, ערגעץ אין דער ווייטער שטאָט סיקטיווקאַרי, סאָוועט־רוס־לאַנד.

מיר לייענען וועגן חיים סעמיאַטיצקי, אַ יונגער, טאַלאַנטפולער פּאָעט וואָס איז שנעל אויפגעשטיגן אין וואַרשע צו אַנערקענונג. „דער

מחבר פון די „אויסגעשטרעקטע הענט״ האָט געוואָלט לעבן פאַר יעדן פּרייז. ער האָט חתונה געהאַט פאַר אָן ערלעכע, רייכע פרוי און גע־נומען מסחרן אין געטאָ. זיין מוזע איז אַנטשוויגן געוואָרן״. אָבער די נאַציס האָבן נישט געלאָזט לעבן אַ אידישן דיכטער פאַר קיין שום פּרייז. זיי האָבן אים דערשאָסן צווישן פּופּציק אידן אויף פּאָנאַר...

און דער שטילער דערציילער אהרן ברעזינסקי. „מ׳האָט אים אַרעסטירט. ער איז אין דער מינוט עלטער געוואָרן אויף צען יאָר״. אויך זיין וועג איז געווען דער וועג פון טויט. אין דער שטילקייט פון דער נאַכט דערציילט זיין פרוי צו משה גראָסמאַן וועגן די לעצטע טעג אין דער היים פון איר מאַן, דעם דערציילער אהרן ברעזינסקי... זי גיט אים איר מאַנס ביכל... זאָל ער ווידער אין אַ טאָג איבערלייענען זיינע צאַרטע דערציילונגען...

עס איז געווען ביי אונז דיכטער וואָס האָבן געוואָגט אויפן חשבון פון די זעקס מיליאָן געשאָכטענע אידן זיך אַליין אַרויסצושטעלן ווי פאַרגעבער. זיי האָבן געהאַט די טרויעריקע חוצפה צו פאָדערן עפנטלעך, אויף מיטינגען, און אין זייערע ווערק, צו פאַרגעבן די דייטשן. מען האָט געלאָזט אין גאַנג די באַרימטע פראַזע, אַז מיר זיינען נישט קיין פאָלק פון נקמה. איך האָב שטענדיק געפילט אַ ווידערווילן צו די דאָ־זיקע פאַרגעבער פון יענעמס פאַרגאָסענעם בלוט. וואָרום עס איז דאָך פאַלש און אומנאַטירלעך. מען קען נישט מוחל זיין אַזוי פיל בלוט. דאָס וואָלט מיינען נאַציאָנאַלער זעלבסטמאָרד. מיין אייגענע מיינונג איז, אַז די מלחמה פון די אידן ב״י די דייטשן מוז איביק אָנגיין. ביז דעם מאָמענט ווען אידן וועלן זיין אין אַ פּאָזיציע דירעקט צו נעמען בלוטיקע נקמה אין דייטשן פאָלק. אָדער די נאַטור וועט אויף איר אופן ברענגען פאַרניכטונג צו די דייטשן.

עס איז מיר געווען אינטערעסאַנט ווי אַזוי אַ כאַראַקטער אין גראָסמאַנס בוך, די פרוי בראָנקע, טענהט זיך אויס מיט די דייטשן, איידער זי ווערט דערשטאָכן פון אַ נאַצי. פאַר מיר איז גלייך אָנצו־נעמען, אַז דאָס וואָס אַ קרבן פון די זעקס מיליאָן זאָגט און פילט, איז מער מאַסגעבנד און אימפּעראַטיוו ווי די רייד פון אַ דיכטער וואָס וואוינט אין ניו יאָרק און פאָזירט אַלס אַ הייליקער. אָט וואָס די פרוי שרייט אויס אין איר אָנגעזאַמלטן צאָרן צו אירע פייניקער:

— „אייערע געשלעכטס־גלידער זאָלן ווערן באַשאָטן מיט קרעץ און מיט געשווירן. די געבער־מוטערס פון אייערע ווייבער זאָלן ווערן בעכערס מיט צואה און אייטער! אַז איר וועט זיך לייגן און אויסטעכ־ניקעוון ממזרים, זאָלן זיי איביק קריכן אויף אַלע פיר. די ווערים פון דער ערד זאָלן זיך משמח זיין אויף אייערע לייבער — ניין, ניין, זיי זאָלן זיך מיאוס צעקריכן אויף אייך. שאַקאַלן זאָלן זיך אויסמלאכהנען אויף אייערע קברים! די זון זאָל שוין אויף תמיד זיין באַדעקט מיט שוואַרצער קרעפּע, אַז ס׳זאָל אייך זיין אייביקע נאַכט פאַר די אויגן. די לבנה זאָל באַלייכטן נאָר די קברים, די מתים, די ביינער פון די וואָס איר האָט אומגעברענגט, ברענגט אום און וועט נאָך אומברענגען. אייביק זאָל אייך באַגלייטן דאָס שפּילן פון אַ טרויער־מאַרש פון טרומייטן. אָבער בעסער וואָלט געווען, אַנשטאָט מוזיק, זאָל אייך באַגלייטן דאָס

געשריי פון די אומגעברענגטע קינדער. די אויגן זאָלן אייך אַריין אין די פּיאַטעס און די מוחות זאָלן זיי ביי אייך אָפּגעדעקטע, אָן די שיידלען, און ס׳זאָלן זיך אין זיי ראַיען ווילדע בינען. עץ זאָלט סרחנען, שטינקען, ווי עס שטינקט אייער מאָראַל, אייער גייסט, אייער טעכניק.

און באַלד האָט זי זיך אויסגעדרייט מיטן פּנים צו די אידן און אויפגעריסן ס׳גאַנצע מויל צו אַ רוף:

— פאַלק פון קידוש השמניקעס! שטאַרבט שיין, מיט ווירדע. קוקט נישט אויפן צלם אלהים. אויב דער דייטש איז באַשאַפן אין צלם אלהים. איז גאָט אַ דייטש! ער הייסט אַדאָלף גאָטמאַן! פריץ גאָטזאַן״!

נישט קיין זיסע ווערטער, האַ? אָבער אויטענטישע ווערטער. אַזוי פילט איינער ווען מען גייט אים שעכטן אין די בליענדיקע יאָרן, ביים פולן כוח פון זיין גייסט און גוף. דאָס איז אָן אויסדרוק פון צאָרן פון אַ צאַפּלדיק לעבן וואָס מען גייט פאַרניכטן אינמיטן טאָג, אונטער דער גרויסער זון. קיינער טאָר דעם דאָזיקן קרבן, נישט שלום אַש, נישט יוסף אָפּאַטאָשו, נישט ה. לייוויק און נישט קיינער, פון גרעסטן ביזן קלענסטן — טאָר דעם דאָזיקן קרבן נישט אונטעררוקן קיין דיכטונג, קיין מאָראַל־פּריידיקונג, קיין פאַרגעבונג צו די נאַציס. ווער עס טוט דאָס, איז אַ היפּאָקריט. פאַרגיט קיינמאָל נישט דעם מערדער זיין קרבנס טויט. איך פיל אַז דאָס וואָס די פרוי האָט גערעדט, איז אמתדיקער ווי דאָס וואָס אַ ניו יאָרקער דיכטער האָט גערעדט און געשריבן. און משה גראָסמאַן האָט געהערט מיט די אייגענע אויערן די דאָזיקע קרבנות רעדן...

דער מחבר שרייבט אין דער זעלבער דערציילונג: „דער וואָס איז דאָרט נישט געווען, האָט בכלל נישט די רעכט צו דערציילן פּרטים פון דאָרטן, ווייל עס זיינען פאַראַן לעבנ־פאַרבליבענע פון יענער זייט און נאָר זיי האָבן די רעכט צו דערציילן וואָס דאָרט, אויף יענער זייט פון אַלץ — איז געשען. עס האַנדלט זיך נישט וועגן רעכט. קיין שום מענטשלעכער דמיון קאָן דאָס נישט משיג זיין, און קיין שום פּען קען דאָס נישט אַרויסברענגען — וואָס דאָרט איז געשען. עס קענען עס קוים די וואָס האָבן עס צוגעזען. אָבער ווען עס ווילן ׳שרייבן דערוועגן די וואָס האָבן דאָס נישט צוגעזען — איז ווי ווען מיט אַ קידוש־בעכערל אויסשעפּן דעם פּאַציפיק״.

מיר זיינען מסכים. קינסטלערישע ליטעראַטור טאָר זיכער נישט זיין פאַרבאָטן פאַר דער פעדער פון אידישע שריפטשטעלער. עס גייט נישט אין דעם. עס גייט אַז דיכטער טאָרן נישט פּראָקלאַמירן עפּנטלעך אַז מען פאַרגיט די דייטשן. אַז מען פאָדערט נישט קיין נקמה. אַז אונזער גייסטיקע גרויסקייט באַשטייט אין פאַרגעבן, אין מוחל זיין אונזערע מערדער. קיינער האָט נישט קיין מאָראַליש רעכט צו פאַר־געבן יענעמס פאַרשניטן לעבן. די קללות וואָס די אידישע פרוי שיקט פאַרן טויט צו די דייטשן — די דאָזיקע קללות, ווי ברוטאַל דאָס זאָל נישט קלינגען, זיינען מיין קרעדאָ אין באַציאונג צו די דייטשן. נאָר צום אויסגעשריי פון דער דאָזיקער מוטיקער פרוי הער איך זיך אייביק צו.

לויט שלום אַשס ווערק איז אויסגעקומען, אַז די פּוילישע גלחים האָבן גערעטעוועט אַ וועלט מיט אידן. לויט יוסף אַפּאַטאָשוס בוך „פּוילן" איז אויסגעקומען אַז די פּוילישע באַפעלקערונג, איבערהויפּט די פּוילישע אינטעלעקטואַלן, האָבן גערעטעט אַ סך אידן. האָבן זיך פאַרברידערט מיט די אידן. ביי אַפּאַטאָשן גייט אַ פּוילישער פּראָ־פעסאָר אין געטאָ צו אַ אידישן איינבינדער און פּראָקלאַמירט אַז ביידע פעלקער, די אידן און די פּאָלאַקן, ליידן גלייך אונטער די נאַציס. ביי אַפּאַטאָשן צעקושן זיך אַ איד און אַ גלח. ה. לייוויק פאָדערט אויף אַ פּראָטעסט־מיטינג אין ניו יאָרק אַז אידן זאָלן מוחל זיין. אַז די גרויס־קייט פון אידן איז אין פאַרגעבונג. אין זיינע ווערק פּרעדיקט ער קידוש השם אַלס דעם העכסטן אידישן העראָאיזם. דאָס אַלץ איז פאַלש ווען מען פאַרגלייכט זייערע ווערק צו פּשוטע דאָקומענטן, געשריבן פון עדות וואָס האָבן צוגעזען די שחיטות, וואָס האָבן געזען ווי אַלע פּאָלאַקן, אָן אויסנאַמען, האָבן זיך געיאָגט נאָך אידן ווי נאָך משוגענע הינט...

משה גראָסמאַן איז אַ שטילער, איידעלער, צאַרט־פילנדיקער מענטש. און ווען ער האָט אַזוי געשריבן און אַזוי פאַרצייכנט אַ קרבנס רעאַקציע צום אומקום פון איר פאָלק — גלויב איך אים מיטן גאַנצן האַרצן. ער מאַכט דאָס צו גלויבן מיטן כוח פון די באַשרייבונגען. מיט דער קראַפט פון זיין ערלעכער, קינסטלערישער פעדער.

פון דעם כאַאָס און שטורם פון בלוט און מאָרד, ווען צום מחבר האָבן באַנקראָטירט אַלע אידעען און אידעאָלאָגיעס; ווען ער האָט אַליין דורכגעמאַכט דעם גהינום אין סאָוועט־רוסלאַנד, אַ פיזיש־צעבראָ־כענער, זיין אייגענע פרוי און טאָכטער מאיא אומגעקומענע; האָט משה גראָסמאַן זיך געטראָגן דורך סאָוועט־רוסלאַנד, פּוילן, שוועדן און פראַנקרייך מיט דער גרויסער האָפנונג זיך צו באַזעצן אין ארץ־ישראל. און דער לעצטער טייל פון זיין איצטיקן בוך איז טאַקע געווידמעט צו ישראל. דאָס זיינען צאַרטע, איידעלע מיניאַטורן, קאָנצענטרירטע מיט פאַקטן און מיט צמצומדיקער שילדערונג. דאָ לויכט שוין עטוואָס אויף די זון. דאָ שטראַלט עס אויף מיט אַ ביסל גאָלדן ליכט... דאָ זעט מען אידן אין שפּיל פון לעבן. דאָ גייען שוין אויף פרויען, קינדער, גערטנער און בלומען... אַזוי ווי ביי דאַנטען, נאָכן שווידערלעכן גהינום, ציטערן אויף די גראַנדיעזע סצענעס פון גן־עדן, אַזוי גייט דאָ אויף די גרויסע אידיליע פונם נייעם אידישן לאַנד. דער מחבר פאַר־קוקט פעלערן. ער וויל זיך צופּאַסן צו די שווערקייטן. דאָ בויט ער ווידער אויף זיין נעסט: אַ היים, אַ פרוי, אַ ניי־געבוירן קינד, אַ ביב־ליאָטעק, אַ בילד אויפן וואַנט, אַ זילבערנער לייכטער... דער מחבר איז דורכגענומען פון דעם גרויסן נס פון ישראל. זיין פען איז קינסט־לעריש־קאָנצענטרירט און דין ביים פאַרצייכנען דעם רעפּאָרטאַזש פון דעם נייעם אידישן לעבן פון אַלע אידישע שטאַמען, וואָס קומען זיך דאָ ווידער צוזאַמען, נאָך טויזנטער יאָרן אַפּוועזנקייט...

אינם בוך איז באַשריבן אַ באַזוך ביי דר. חיים וויצמאַן. גרויס פיעטעט און דערהויבנקייט פון געמיט גייט דאָ אויף. דער מחבר, זייער אַ קלוגער איד, אַ הויך־אינטעליגענטער, דורכגעברענט דורך די יסורים פון אַן עפּאָכע, איז ממש נאַאיוו ווען ער דערציילט ווי אַזוי ער האָט

געשיקט זיין ווערק וועגן סאָוועט־רוסלאַנד צום פּרעמיער בן־גוריון... מען לייענט די דאָזיקע באַשרייבונג מיט אַ ציטער אין הארצן. מען ווערט מיטגעריסן מיט דער גרויסקייט און דער ערנסטקייט פון מאָמענט... עפּעס קומט דאָ פאָר אומגעוויינלעכעס... דו שטייסט פאַרן אַלטן, קראַנקן נשיא מיט ציטערניש.... דו שטייסט פאַר אַ גאַנץ לעבן פון גיגאַנטישער אַרבעט און פאַרמעסט. פון אַ געוואַלטיקער אַקטיוויטעט — אין איין ציל געווענדעט יעדן מאָמענט פון זיין לאַנג לעבן: פאַרן פאָלק.

יאָ, דאָס בוך שליסט זיך מיט די פּראַקטישע פאַרצייכנונגען פון ניי־ישׂראלדיקן לעבן. גראָסמאַן האָט זיין היים ענדלעך געפונען. גראָסמאַן האָט זיין תיקון געפונען.

דאָס איז אַן אינטים בוך. דאָ רעדן אַרויס פּריינט, חבר, משפחה, פאָלק. אין דעם קליינעם בוך איז באַהאַלטן אַ געוואַלטיקער סכום פון טראַגישע און העראָאישע איבערלעבענישן. אין דעם דאָזיקן ספר איז פאַראַן שיקזאַל פון מענטש און וועלט. דאָ גייט די זון אונטער פאַרן פּוילישן אידנטום. דאָ שטראַלט די זון אויף אין ישׂראל פאַרן וועלט־אידנטום. דאָס דאָזיקע בוך, אין וועמענס בלעטער מען זעט אַזוי פיל, וויל גראָסמאַנס בוך איז כסדרדיקע אָבסערוואַציע, רעגיסטרירונג, פאַרצייכנונג, כמעט טאָג־ביכעריש — איז פול מיט מוסר השׂכל, מיט פאַרטראַכטונג, מיט רעזאָנירונג, מיט געדאַנק. יעדעס בלאַט צווינגט דעם לייענער זיך צו פאַרטראַכטן ערנסט און טיף איבער וועלט, פאָלק און קולטור־פּראָבלעמען...

אַ הייליק ספר איז משה גראָסמאַנס „היימישע געשטאַלטן". אַ הייליק ספר — און אַ ביז גאָר טאַלאַנטפול, קינסטלעריש ווערק.

ניו יאָרק, 20טן דעצעמבער, 1953



# משה גראַניטשטיין

„דער דזשאַנגל“ — רופט אַפּטאָן סינקלער איינעם פון זיינע באַרימטע ראָמאַנען. דאָס לעבן איז אַ דזשאַנגל, וואו דער שטאַרקערער באַהערשט דעם שוואַכערן. וואו עלעמענטאַרע כוחות שלאָגן זיך אין אַ בלוטיקן געפעכט. דאָס לעבן איז אַרויסגעגאַנגען פון דזשאַנגל. פון אורוואַלד. פון אורזומפּ. פון דעם פייער פון באַשאַפונג. פון די טיפענישן פון די ימים. פון דער געדיכטעניש פון אורוועלדער. דאָס לעבן איז ברוטאַל. דאָס לעבן איז ווייט נישט אַוועק פונם דזשאַנגל, טראָץ איר גאַנצער קולטור, טראָץ אירע עטישע געזעצגעבער, טראָץ איר וועלט־ליטעראַטור. די נאַטור איז אַ בלוטיק געפעכט. דאָס לעבן איז אַ ברוטאַלער, געפערלעכער דועל. איך טראַכט איצט פון גאָיאַס אַ צייכנונג „לע קאָמבאַ“ (די שלאַכט). ביידע מעכטיקע מענער שטייען איינער אַנטקעגן אַנדערן מיט שפּיזן אין די הענט. ביידע וועלן זיך אַריינשטעכן די שפּיזן אין די ריפּן. ביידע דועליסטן וועלן זיך טויטלעך פאַרבלוטיקן. די שרעק, דער טעראָר, דער צאָרן און די פאַרצווייפלונג איז פאַראַן אין ביידע קעמפער. עס איז געשפּאַנט און דראַמאַטיש, די דאָזיקע שלאַכט, די דאָזיקע גאָיאַ־צייכנונג „לע קאָמבאַ“. איינער שטייט שטורמיש און פינצטער אַנטקעגן דעם צווייטן מיט אַ שפּיז. דער שטאָך מוז זיין טויטלעך.

פונקט אַזוי ווי דאָס לעבן קען זיך נישט אָפּרייסן פון דעם אור־דזשאַנגל, קען די ליטעראַטור זיך נישט אָפּרייסן פונם לעבן. די ליטעראַטור, געבוירן צו דערהויבן דאָס לעבן, דאָס לעבן צו קריש־טאַליזירן. דאָס לעבן אין אַ יום־טוב צו פאַרוואַנדלען, צו פאַרעדיקן ברידערלעכקייט צווישן די מענטשן, דורכצונעמען מיט די העכסטע אידעאַלן — אָט די ליטעראַטור אַליין, איר אייגענע סביבה פון מחברים, די נביאים פון דער גרויסער וויזיע פון שלום צווישן די נאַציאָנען — איז אַ וויסטער דזשאַנגל. עס גייט אָן אַ קאַמף פאַר קעגנזייטיקער פאַר־ניכטונג. אויב מען האָט דעם טאַלאַנט און דעם אַטלעטישן כוח ווי אַ באַלזאַק, בלייבט מען שטיין אַנטקעגן די צאַלרייכע שונאים — אַ גי־גאַנט. די טויזנטער וויצן, קאַריקאַטורן, שטעך־ווערטלעך, אינטריגע־רייד, לעכערלעכע מעשיות, פּאַסקווילן, סאַטירעס, פּלאָטקעס אַלערליי, בייזוויליקייטן — דאָס אַלץ ווערט סוף־כל־סוף אַרונטערגעשווענקט פונם רעגן פון צייט. פונם אייזערנעם שניי פון צייט. פון דעם שוועבל־דיקן שטורעם וואָס פאַלט איבערן סדומישן שלעכטס. אויב דער שרייבער איז אַ באַלזאַק, און ער האָט יענע ריזיקע שאַפונגס־עלעמענטן און דעם מעכטיקן געדולד — בלייבט ער שטיין מאָנומענטאַל איבער די שקרים, ליגנס, פאַרלוימדונגען און באַליידיקונגען פון זיין צייט. פון זיינע קאָנטעמפּאָרעריס. זיינע צייט־גענאָסן, זיינע פאַלשע קאָלעגן. אויף אַ מערקווירדיקן אופן לעבט ער וואונדערלעך און טריאומפירנ־דיק אַלעמען אַריבער — גייסטיק, אינטעלעקטועל און מיט גאָלד שטראַלט זיין נאָמען אין דער ביבליאָטעק פון פּאַלאַצן און אינסטיטוציעס. אין דער בוך־זאַמלונג פון דער וועלט.

אָבער, ווער האָט די עקשנות, דעם גרויסן טאַלאַנט, דעם אַסקע־טיזם פון אָפּזאָגן זיך פון די פאַרגעניגנס פון לעבן, די גרויסע איינ־זאַמקייט און דאָס מעכטיקע געדולד פון אַ באַלזאַק? — ווער עס באַ־זיצט נישט די דאָזיקע אייגנשאַפטן, איז טאַקע אין גרויס געפאַר. ממש גאַנצע אַרמייען שטייען גרייט אויסצומעקן זיין נאָמען נישט נאָר פון דער צוקונפט, נאָר שוין אים צו פאַרטיליקן, אין דער סאַמע הייסער קעגנוואַרט.

***

די דאָזיקע מחשבות קומען צו מיר אין שייכות צו משה גראַ־ניטשטיין. איך וויל נישט דערמיט זאָגן אַז גראַניטשטיין איז אַ באַלזאַק. אָדער אַז ער איז אַ קלאַסיקער. קיין באַלזאַק איז ער נישט. און קיין קלאַסיקער אויך נישט. אפשר קען קיין איד בכלל נישט זיין קיין באַלזאַק. אַ איד איז „דערוויל" צעריסן אין זיין נשמה. פול מיט געפערלעכע קאָנטראַסטן. אַפילו אונזער גרויסער מייסטער, שלום אַש, איז נישט קיין באַלזאַק. אָדער קיין טאָלסטאָי. בלויז אַ שרייבער אויף זיין אייגענער ערד קען זיין אַ באַלזאַק. בלויז אַ מייסטער — געבוירן אויף זיין ערד, געוואַקסן אויף זיין לאַנד, איינגעאָטעמט אין זיך דעם גייסטיקן אָטעם פון זיין פאָלק, האָט דערקענט דורך און דורך די נשמה פון זיין פאָלק — בלויז אַ גאַנצער, מאָנאָליטישער, געשלאָ־סענער מענטש ווי באַלזאַק קען זיין אַ באַלזאַק. בלויז אַזאַ גייסטיקער, אומגעהייערער מאַסיוו ווי אַ טאָלסטאָי קען זיין אַ טאָלסטאָי. און וואָס שייך קלאַסישע ליטעראַטור — לייען איך אין אַן אַנאָנס אין די „טיימס", אַנאָנסירנדיק פלוטאַרדס ווערק:

— פאַרוואָס איז אַ גרויס ווערק אַ קלאַסיש ווערק? ערשטנס, ווייל עס לייענט זיך אַזוי לייכט. דאָס ווערק וואָלט נישט געלעבט אַזוי לאַנג, ווען עס וואָלט אַזוי פיל נישט געלייענט געוואָרן. עס וואָלט אַזוי פיל נישט געלייענט געוואָרן, ווען דאָס ווערק וואָלט נישט געווען אינטערעסאַנט. כדי צו זיין אינטערעסאַנט, דאַרף עס זיין לייכט צו פאַרשטיין. אַלזאָ: לייענבאַרקייט, אינטערעסאַנטקייט און פשטות; דאָס מאַכט פון אַן אַלטן מייסטערס ווערק אַ קלאַסישע ליטעראַטור־שטיק.

הגם עס זיינען פאַראַן נאָך אַנדערע, אפשר מער טיפערע, קאָמ־פּליצירטערע דעפיניציעס פון אַ קלאַסיש ווערק, שרייב איך זיך פונ־דעסטוועגן אונטער אונטערן בוך־אַנאָנס פון „די טיימס". איך בין זיך מודה אַז איך לייען אַלטע ליטעראַטור, קלאַסישע ליטעראַטור, זייער גערן, צוליב דעם שפּאַנענדן אינטערעס. זיי האָבן מער „פּלאָט", מער מעשה, מער אַדווענטיור, מער דראַמע, ווי די מאָדערנע ביכער. און צוליב זייער קלאָרער פשטות, קלאָר ווי אַ לאָנקע אין גרויסן זוניקן נאָכמיטאָג. קלאָר ווי אַ ים־לאַנדשאַפט אינמיטן זומער. קלאָר ווי די זון — אינמיטן הימלישן ציפערבלאַט. קלאָר ווי אַן אַנטיקער געדאַנק.

אָבער די הויפּט־אַטראַקציע פון אַן אַלטן, אַנטיקן ספר, איז צו מיר זיין לעבעדיקייט. זיין אייביקע אַקטואַליטעט. זיין אָפּטימיזם. דו גע־פינסט דעם היינט און דעם נעכטן און דעם מאָרגן לעבעדיק שפּרודלען אין זיינע בלעטער. דער אוראַלטער אויטאָר האָט ממש, מיט זיין אוניווערסאַלער קענטניש פונם גאַנצן לעבן, דיך געמיינט, דיך געזען,

מאָדערן. עס האָט אַן אומשטערבלעכע פרישקייט, ווי די זון וואָלט דיך געטרייסט, וועגן דיר געשריבן. דאָס אוראַלטע בוך איז אייביק קיינמאָל נישט פאַרגאַנגען און אייביק באַלויכטן דאָס פעלד פון גרינעם לעבן.

אַזאַ שרייבער ווי משה גראַניטשטיין וואָלט זיכער נישט אַריינגעגאַנגען אינעם פאַנטעאָן פון די קלאַסיקער. נישט נאָר ער אַליין, נייערט גרעסערע שרייבער פאַר אים וואָלטן דעם עקזאַמען נישט אויסגעהאַלטן. אַפילו נישט אונזערע קלאַסיקער... פרץ איז שוין גאָרנישט אַזוי פשוט, אָדער לייענבאַר, אָדער שטענדיק אינטערעסאַנט. דאָס נעמלעכע קען מען אַפילו זאָגן וועגן דעם סאַמע פשוטסטן שלום עליכם, וואָס האָלט נישט אויס אַנדערע כללים פון קלאַסיק. זייער קלאַסישקייט מוז אַנדערש דעפינירט ווערן, ווי אין דעם „טיימס״־אַנאָנס. און אַז זיי זיינען גרויסע קלאַסישע שעפער, וועגן דעם צווייפלט קיינער נישט.

פונדעסטוועגן איז אינטערעסאַנט עפעס צו זאָגן וועגן אַזאַ שרייבערישע דערשיינונג ווי עס איז משה גראַניטשטיין. איך האָב דערמאָנט אין אָנהויב דעם דזשאָנגל אין דער ליטעראַטור. האָט אָט דער דזשאָנגל אַ ברוטאַלע באַציאונג צו אַזאַ שרייבער ווי משה גראַניטשטיין. ווען מען זאָל זיך צוהערן צום דזשאָנגל־כאָר, איז גראַניטשטיין אַ גראַפאָמאַן. און הונדערט מאָל העכסטו די באַצייכנונג. דעם עפיטעט פון גראַפאָמאַניע פון מענטשן וואָס זיינען באמת גראַפאָמאַנען פשוט ווייל זיי האָבן אַליין נישט אין האַרצן קיין ברעקל גלויבן, קיין ברעקל טאַלאַנט, קיין ברעקל וויזיע, קיין ברעקל פייער, קיין ברעקל ליבשאַפט, קיין ברעקל לשון, קיין ברעקל פאַנטאַזיע. און זיי געהערן גאָרנישט צום הייליקן — הייליק וואָלט עס באַדאַרפט זיין! — שרייבער־צעך. אַ צעך, וואָס איז אַלט שווערע טויזנטער יאָרן און וואָס זיין ערשטער פיאָנער און קאָלעגע איז געווען דער מעכטיקער מחבר פון דער תורה — הער גאָט אַליין, אָדער, זיך אויסצודריקן פשוטער: דער רבונו של עולם, דער מייסטער־אַרכיטעקט פון אַלע וועלטן. —

וואָס איז אַזוינס די זינד פון משה גראַניטשטיין? ער דרוקט אַלע חודש זיינס אַ בוך. ער שרייבט אַ סך. ער איז נישט צום פאַרשטיין. ער איז שווער צום לייענען. ער שרייבט איבער אַ סך געביטן. זיין שפּראַך איז האַרט. ער טויג נישט. ער געפעלט נישט דעם דזשאָנגל. די שפּראַכלאָזע גראַפאָמאַנען, אָן שום פייער אין די אָדערן, קענען נישט פאַרטראָגן נישט זיין טעמפעראַמענט און נישט זיין קערנדיקן, ערדיקן לשון.

די ווירקונג פון דער דזשאָנגל פּראָפּאַגאַנדע איז אַזוי שטאַרק אַז מען האָט ממש מורא זיך צוצורירן צו אַזאַ שרייבער ווי משה גראַניטשטיין. טאָמער חלילה פאַרדאַרבט מען זיך דעם ליטעראַרישן מאָגן. און מען וועט נאָך אים נישט אומשטאַנד זיין צו לייענען שעקספּירן און האָמערן. אָבער, די דאָזיקע פיינגייסטער, די פּראָפעסיאָנעלע פען־קלוב־מענטשן, צי לייענען זיי דען ווען עס איז אין אַ שטילער אָוונטשטונדע וועלט־ליטעראַטור? און צי קוקן זיי דען יאָ אַריין אין אַ בוך פון גראַניטשטיין? זייער אורטייל איז דאָך פון פאָראויס באַשטימט.

זיי האָבן פאַרטיק זייער משפט — דיקטירט פון איבערזוכט און שנאה.

שנאה און איבערזוכט צום שעפערישן מענטשן. משה גראַ־ניטשטיין איז בפירוש אַ שעפערישער מענטש. גלויבט מיר נישט אויפן וואָרט. לייענט, צום ביישפיל, איינעם פון זיינע לעצטע ביכער, „דער בונט פון די אייזלען". איך האָב דורכגעלייענט דאָס בוך דער־ציילונגען אין איין אָוונט. קודם כל וועגן משה גראַניטשטיינס לשון. ער פורעמט נאָך שפּראַך מיט נאַטור און מיט לעבן און מיט ליידנשאַפט און מיט פאַרבן געקנאָטן. שפּראַך האָט ער אַ ים. אַן אוצר מיט לשון. ערטערווייז ווילד און צעהוליעט. ערטערווייז — שטורמיש, שטורצ־מעסיק, שטורקאַציש, נאַקטורניש, זומפּיק, פינצטער און פול מיט פלאַמען. גראַניטשטיינס שפּראַך איז אָפּטמאָל שווער, נישט לייכט צום פאַר־דייען, שווער פאַרן געהירנסיסטעם. אָבער אויך — כאַראַקטערפול, עלעמענטאַר, סטיכיש, סימפּאָניש, מוזיקאַליש, אייגנאַרטיק, אינדיווי־דועל, שטימונגספול. ער שרייבט שווער, אָבער עס לוינט זיך צו בראָ־דזשען און בלאָנדזשען אין דעם דאָזיקן שפּראַך־עשירות. שפּראַך־לאַבירינט. שפּראַך־טאָלן באַוואַקסן מיט כלערליי בלומען פון אידיש־קייט. בלומען פון דער אַלטער היים. בלומען פון אידישן לעבן. בלו־מען פון געדיכטער, קאָנצענטרירטער אידישקייט. זיין שפּראַך איז ווערט אָנצורירן. זי האָט בלוט און וויין און ליידנשאַפט.

אמת, גראַניטשטיין האָט נישט קיין פאָרמולע פאַר זיינס אַ דער־ציילונג, אַזוי ווי ס'האָבן עס מאָפּאַסאַן, טשעכאָוו צי אָ'הענרי. ער זעצט זיך שרייבן אַ דערציילונג, ווייסט ער נישט וואָס עס וועט אַרויס־קומען. אָבער עס קומט שטענדיק אַרויס אַ שטיק פּראָזע. הייב עס אָן פון אינמיטן, ווי אַ שפּאַציר אויף אַ ווילד־פרעמדער לאָנקע. הויב עס אָן ביים סוף און לייען עס צוריק. האָב נישט קיין מורא פאַר דער נישט־פשטות. פשטות ווערסטו געפינען געגנוג אין קלאַסישע און אין נישט־קלאַסישע ביכער. וואָס אַרט דיך אַז גראַניטשטיין איז נישט פשוט? באַנקראָטירט די ליטעראַטור דורך דעם? גראַניטשטיינס אַ שטיק פּראָזע איז לעבעדיק. עס פּולסירט אין זיין דערציילונג עראָ־טיק און סטיכיע. אינסטינקט און דראַנג. פינצטערע אינערציע און זוניקע שטראָמען. ער קען די מענטשן און די מענטשעלעך. ער ווייסט דעם דראַנג פון מענטש צו פּרזי, צו כבוד, צו לוסט, צו לעבן, צו רייכ־קייט, צו פּאָזע, צו אָנשטעל. עס וואָלט אים וואויל געפּאַסט צו שרייבן וועגן דעם „גאָלד־ראַש" אין קאַליפאָרניע. אָבער זיינע טיפּן זיינען אַלע אינם משוגענעם יאָגד נאָך גאָלד; נאָך גאָלד פון ליבע און כבוד און רייכקייט. זיין פּראָזע איז געדיכטע, קאָמפּליצירטע, ליידנשאַפט־לעכע דראָמע.

נאָך עפּעס איז ווערט צו באַמערקן: די מערסטע ביכער זיינען טרייסט־קאָדעקסן צום מענטש. מערסטע מחברים לאָזן זייערע כאַראַק־טערן נישט טאָן קיין שלעכטס. אידישע ליטעראַטור מיידט אויס שלעכטס און זינד און פאַרברעכן. דינעזאָן און רייזען שטייען אי־בער זייערע טיפּן און העלדן און לאָזן זיי נישט באַגיין קיין פּיצל שלעכטס. קיין סימן נישט דערפון אין גראַניטשטיינס ביכער. ער שוויבלט און גריבלט מיט שלעכטס. מיט פלאַמיקער עראָטיק. מיט

זינד און מיט פֿאַרברעכן. ער שווינט זיך נישט און שווינט נישט אַנ־דערע. ער גלעט נישט דעם מענטש איבערן קאָפּ. ער זאָגט אים נישט צו קיין גן־עדן פֿאַר זיינע מעשים. ער האָט הנאה זיך צו גריבלען אין מענטשלעכע וואונדן און מכות. דאָרט וואו אַן אַנדערער וועט ווייכן פֿון מענטשלעכן אייטערדיקן ווילד־פֿלייש, וועט ער זיך היניטיש נורען דערינען. ער וועט נישט זוכן צו געווינען דעם לייענער מיט זיסיקייט. ער פֿאַרגלעט נישט די מכות אויפֿן קערפּער פֿונם מענטש — אויפֿן גוף פֿון דער געזעלשאַפֿט. ער האָט אַ וואַנזיניקע תאווה צו אַנאַליזירן, צו פֿייניקן, צו פֿאַרשן, צו דערגרונטעוועז זיך, צו דערגיין, צו אַראָפּ־טויכן אין מענטשלעכער פּסיכאָלאָגיע. אין דעם סאַמע טונקלסטן לאַ־בירינט פֿון מענטש־ און זיין נשמה, און זיינע אַטאַוויזמען, און זיינע אינסטינקטן, און זיינע תאוותס. גראַניטשטיין פֿאַרנעמט זיך וויניקער מיט דעם מענטשנס אינטעלעקט ווי מיט זיין פּרימיטיוויטעט. מיט זיין חיהשקייט. מיט זיין ווילדע תאווה. מיט זיין מיאוסקייט. מיט זיין שנאה. ער גייט דורך דאַנטעס שבעה מדורי גהינום, כדי אַרויסצו־קומען אויף אַ ביסל פֿרייע לופֿט. כדי צו קענען אָטעמען אַ ביסל מענטש־לעכע לופֿט. זיין אָטעם־פֿויזע קומט אים נישט אָן גרינג. און ווייל ער שמייכלט נישט דעם מענטש — איז ער ממש פֿאַרהאַסט. וואָרים וועל־כער מענטש וויל הערן אויף זיך אַזעלכע רייד און דערקלערונגען און אָפּענבאַרונגען? פֿאַרוואָס האָט מען אַזוי פֿיינט מאַרקי דע סאַד? ווייל ער האָט אונז קיין שבחים נישט געזונגען. ווייל ער האָט זיך גענומען די הייליקע מיסיע צו שטודירן דאָס מענטשלעכע שלעכטס. ווייל ער האָט געוואָלט פֿריער אויספֿאָרשן, דערקענען אין זיין שורש דאָס מענטשלעכע שלעכטס — און דערנאָך ערשט, אַדאַנק דעם דערקענען עס, דערגיין צום מיטל ווי אַזוי עס צו היילן, מיט וועלכער רפואה. מאַרקי דע סאַד טרינקט זיך ביז איבערן האַלז אין זינד און שלעכטס, ווי פֿליניוס גייט אין פֿייער און אין פֿלאַמען פֿונם וועזוף־אויסברוך. כדי צו פֿאַרצייכענען דאָס פֿענאָמענאַלע פֿאַר דער וויסנשאַפֿט. מאַרקי דע סאַד איז ממש אַ נביא — אָפּטוענדיק די געמיינע עבודה, דעם „נעגערס דזשאָב", דעם משרתס פֿליכט, די „שוואַרצע אַרבעט", כדי שפּעטערדיקע וויסנשאַפֿטלער, פּסיכאָלאָגן, אַנאַליטיקער און דענקער זאָלן האָבן אויף וואָס צו אַרבעטן און צו בויען זייער פֿילאָסאָפֿישע און וויסנשאַפֿטלעכע רפואה.

משה גראַניטשטיין איז נישט קיין מאַרקי דע סאַד. אָבער ער טוט אין זיינע ראָמאַנען אַן אַרבעט וואָס איז ענלעך צום פֿראַנצויזס, דעם „טרויעריק־באַרימטנס" אַרבעט. ער באַשעפֿטיקט זיך מיטן שלעכטס. און אומעטום פּרוּווט ער עס אויס אויף זיין אייגענער הויט. ער איז זיין אייגענער „גיני־פּיג". ער כאַפּט פֿון אַלע סערומס די ערשטע שטעך. ער פֿאַרבלוטיקט אַליין פֿון אַלע עקספּערימענט־איינשפּריצונ־גען. ער גייט דער ערשטער אויפֿן פֿייער. משה גראַניטשטיין שרייבט אין דער ערשטער פּערזאָן. און ער אַליין איז דער הויפּט־העלד פֿון אַלע זיינע דערציילונגען, אויסער, נאַטירלעך, אין דער דערציילונג „דער בונט פֿון די אייזלען", וואָס האָט אַגב אַ סך הומאָר, אַ סך שאַרפֿזין און איראָניע און איז אַריינגעטראָפֿן אין אַ שטיק קולטור־געזעלשאַפֿט־

לעכער וועלט אונזערער מיט זיין געזונטן סאַרקאַזם.

גראַניטשטיין איז אָפּנהאַרציק. ער איז דער העלד אין זיינע דערציילונגען. אָבער נישט שטענדיק איז ער העלדיש. ער פּאַראַדירט נישט דווקא אין העלדישקייט. פּאַרקערט. וואָס עס איז דאָ אין דער קאָרט, מעסט ער אָן אויף זיך אַליין. אַ מין מאַזאָכיזם. אַ ליבשאַפט זיך זעלבסט צו פּייניקן. זיך זעלבסט צו באַשולדיקן. נישט אַרויסצו־שטעלן זיך אין קיין צו פּאַרביקע פעדערן. אָבער אַזוי זיך זעלבסט אַנטפּלעקנדיק, שאַנעוועט דערוויל גראַניטשטיין נישט דעם מין מענטש. גראַניטשטיין איז איינער פון די שאַרפסטע און ביטערסטע קריטי־קער פונם מענטש, פון זיין נאַטור און כאַראַקטער.

נאָך אַ קוואַליטעט האָט גראַניטשטיין וואָס איז ווערט אָנצומערקן: ער דענקט דענקען אין דער אידישער ליטעראַטור איז נישט אַזאַ אָפּטע דערשיינונג. היינריך היינע האָט געזאָגט: דענקען איז אַ קראַנ־קייט. ביי אונז אין דייטשלאַנד זיינען אַלע געזונט... מיר דאַכט אַז אויך ביי אונז אידן זיינע אַלע ב״ה געזונט. ווער דענקט עס אין דער אידישער ליטעראַטור? עס איז ממש אַ פאַרברעכן צו דענקען. עס דאָמינירט ביי אונז דער בלינדער רעאַליזם. אָבער אין דער וועלט־ליטעראַטור דענקט מען. מענער ווי פּאָל וואַלערי, מעטערלינק, ראָמען ראָלאַן, אַנדריי זשיד, האָבן באַנוצט זייערע מוחות. עמערסאָן, קאַרלייל, רעסקין, האָבן געדענקט.

פּאָעטן ווי היינריך היינע און שאַרל באָדלער זיינען געווען אינ־טעלעקטועלע דענקער. טאָלסטאָי און דאָסטאָיעווסקי זיינען פילאָסאָ־פישע שריפטשטעלער. געטע און טאָמאַס מאַן זיינען טיפע חכמים. געדאַנק מוז שטראַלן אין אַ גרויס ווערק.

איך גיי דאָ נישט אַריין אין אַ דיסקוסיע צי משה גראַניטשטיין איז אַ גוטער סאָציאָלאָג צי נישט. צי האָט ער שטענדיק רעכט אין זיינע אידייען. צי ווייסט ער בכלל וואָס ער רעדט. אָבער וויכטיק איז אַז ער דענקט בשעת ער שרייבט. און זיינע דערציילונגען, ראָמאַנען און שטודיעס באַשעפטיקן זיך שטענדיק מיט די טיפערע פּראָבלעמען פון מענטש און נאַטור. מאַנכע פון זיינע פילאָסאָפישע, סאָציאָלאָגישע און היסטאָרישע אַרבעטן לייענען זיך נישט צו לייכט. דער מוח ווערט אָנגעשטרענגט פון דעם אופן ווי ער פירט דעם זאַץ אָן אָפּשטעל. ער פאַרמאַטערט אָפט מיט זיין קאָמפּליצירטן סטיל. אין דעם דינעם בוך „דער בונט פון די אייזלען״ האָב איך הנאה גע־האַט פון די מערסטע דערציילונגען. אָבער צום סוף איז פאַראַן אַ מין נאָכוואָרט: „איינשטיין און משה״. האָב איך קוים געקענט דורכ־בראָדזשען דורך דער ווילדער, פאַרוואַקסענער געדיכטעניש. עס איז שווער צו כאַפּן דעם רעיון. ביים סוף פון לייענען ווייסט מען נישט וואָס גראַניטשטיין האָט געוואָלט דורכפירן. (איך ברענג נישט קיין שום ציטאַטן: נישט לטובת, נישט לגנאַי. עס וואָלט צופיל פּלאַץ פאַרנומען ווען איך זאָל זיך דאָ פאַרנעמען אויפן סיסטעם פון ברענגען ציטאַטן).

אָבער, איך האָב שוין וועגן דעם אַמאָל געשריבן, אין שייכות

צום מאָדערנעם פּאָעט מיכל ליכט: מיר איז ליבער די אָריגינעלע אומפּאַרשטענדעניש, אַבי דער מחבר ברעכט די טראַדיציע און די גלאַטקייט פון וואָרט; איידער דאָס מ׳שטיינס געזאָגט קלאָרע פּאַרשטיין פון אַ שרייבער וואָס האָט נישט קיין אייגענעם לשון און וואָס וואַגט נישט אויסצוטרעטן מיט זיינע אייגענע שיך אַ וועג אינם דזשאַנגל פון ליטעראַטור. זאָל גיכער דער פּיליסטער זיך דערשרעקן פאַר גראַ־ניטשטיינס אייגנאַרטיק, קרעפּטיק און געדיכט און פון סאַמע האַרץ פון פאָלק אַרויסגעריסענעם לשון. זאָל דער פּיליסטער זיך דערשרעקן פאַר זיין געזונטן הומאָר און פאַר זיין געוואַגטקייט אַרויסצוברענגען עראָטישע סצענעס. איך האָב קיין מורא נישט פאַר די דאָזיקע אייגנ־שאַפטן אין אַ שרייבער. און איך בין נישט דורכדעם קיין וואַזשנער העלד.

משה גראַניטשטיין, אַן איינזאַמער אַוודאי אין דער גרויסער, פאַרביקער בוענאָס איירעס — האָט אַ געוואַלטיקן הונגער צו שאַפן. עס איז די איינזאַמקייט אין דאָזיקן קלוגן, געוואַגטן, פאַרביטערטן און שטרענגן מענטשן וואָס ברענגט אַרויס די שטומע, די שטיינערנע איינזאַמקייט פון דער וועלט. עס איז אַ קאָסמישע איינזאַמקייט וואָס ער ברענגט אַרויס פון זיין איינזאַמען לעבן. עס איז די איינזאַמקייט פון מענטש און פון חיה אין דער ווילדעניש. די איינזאַמקייט פון דעם „הייליקן מאָנסטער״ וואָס איז זיין גאַנץ לעבן באַהערשט פון שרעק און די שנאה צום אַנדערן מאָנסטער אין דער ווילדעניש און, ווען די איינזאַמקייט באַהערשט ערשט גאָכדעם ווי ער האָט אים צום טויט דערשלאָגן; אַן איינזאַמער איז גראַניטשטיין כסדר שעפעריש. כסדר שרייבעריש. כסדר מיטן אימפּולס זיך אַריינצושרייבן אין דער אידישער ליטעראַטור. און ער אַנטוויקלט מיט זיין יעדן בוך זיין פילאָסאָפיע פון אויפגאַנג פון אַלע לעבנס און פאָרמען און פון זייער דעגענערירן צום נישט־זיין, כדי אויפדאָסניי צו דערשיינען אין אַ נייער פאָרם און געשטאַלט. דער קאָסמיש־באַוואוסטזיניקער גראַ־ניטשטיין איז שטענדיק געשפּאַנט — שטענדיק שיכור מיטן ווירבל און שטורעם פון לעבן; זיינע חושים זיינען שטענדיק וואַך; זיין שרייבע־רישער אימפּולס איז שטענדיק לעבעדיק; זיין בליק איז שטענדיק קאָנצענטרירט אויפן שטורמישן ציטער פון לעבן; ער שטייט שטענ־דיק אין גאַפונג, שטוינונג און אַנטפּלעקונג פאַר דעם אומגעהייערן טאָל פון לעבן, וואָס מיט אַ מיליאָנען פּענעס קען מען עס קוים באַ־שרייבן און קוים דעריאָגן. ער וויל עס פון אַלע זייטן באַטראַכטן, אָבסערווירן, דורכלעבן עס אויף דער אייגענער שקורע און עס פאַרפּאַקן אין זיינע ביכער. ער איילט זיך שרעקלעך. און דעריבער זיינען זיינע ביכער שטענדיק אָנגעפּאַנגען אין מיטן. ביים שרייבן און דרוקן און שליסן איין בוך איז ער שוין שעפעריש און אין די מחשבות פאַר־נומען מיט אַ צווייטן, מיט אַ דריטן, מיט אַ פערטן בוך.

אין זיין נאַכטיק־שטיינערנער איינזאַמקייט שטייט ער — ווי מע־פיסטאָ, ווי דער טייוול, אַ צעבליצטער מיט מיליאָנען אויגן; און ער קוקט אַראָפּ אונטן, צום טאָל פון יסורים און מענטשלעכע דראַנגען, באַגערן, ווילנס, הונגערס, דורשטן, שטרעבונגען, בענקשאַפטן, קאַמפן,

שטורעמס, אימפּולסן, אינסטינקטן, אינטימיטעטן — און ער באַטראַכט דאָס אַלץ. נישט פּאַסיוו, נאָר שטורמיש, מיטלעבנדיק, אין זיין שרייבן, פול מיט איינפאַל, מיט פאַנטאַזיע, מיט שעפערישקייט, מיט אייגענעם לשון־עשירות, מיט אייגענעם סטיל, מיט אייגענע אומפאַרמיידלעכע טויזנט חסרונות און מיט איין מעכטיקער מעלה וואָס וועגט אַריבער אַלע טויזנט ערנסטע פעלערן — די מעלה פון אמתער שעפערישקייט. פון אויפשפּילן אין זיין ווערק דאָס גרויסע, טרויעריקע, בלוטיקע שפּיל פון לעבן — אין וועלכן קיין זייטיקע, פּאַסיווע צושויערס זיינען נישט פאַראַן; אין וועלכן ער פאַרבלוטיקט אויך — אין וועלכן מיר אַלע, קנעכט און באַשאַפער פון וואָרט, פאַרבלוטיקן זיך טויטלעך...

ניו־יאָרק, סעפּטעמבער 22, 1952.



# די לויה פון אַן עפּאָכע

(1950—1873 — צו זיין יאָרצייט)

דעם 5־טן אָקטאָבער 1950, האָט זיך געשטעלט אַ זייער שיינער, האַרבסטיקער טאָג איבער ניו־יאָרק. מיר זיינען געגאַנגען פּאַזע דעם שיינעם ברוקלינער פּראָספּעקט פּאַרק. די בלעטער האָבן געקרעכצט אונטער די טריט. די זון, אַזוי ווי אַ גרויסע, גאָלדענע ראָד, איז געשטאַנען אין מיטן הימל. איר פיין, גאָלדן ליכט האָט געשטראָמט איבער דעם געדיכטן, האַרבסטיקן פּאַרק. פּרעכטיקע דאַמען און גאַלאַנטע הערן זיינען פאַרבייגעריטן אויף פיין־געפּאַרעמטע, פּעגאַזישע פערד. דר. ד. גלאָבוס אַליין וואָלט מיט גרויס פאַרגעניגן גענאָסן פון דעם רייכן גאָלד פון אַזאַ שיינעם טאָג. ער וואָלט אַוודאי גענומען אַ פיינעם שפּאַציר פאַרביי דעם נאָענטסטן פּאַרק. אַוודאי האָט דר. גלאָבוס וועגן דער נאַטור נישט געשריבן. ער האָט נישט געהערט צו יענע שרייבער וועלכע גיבן אָפּ אַ סך ענערגיע פון זייער גאָלדענער פעדער אויף צו שילדערן די בונטע לאַנדשאַפטן פון דער נאַטור. די דאָזיקע סאָרט שרייבער זיינען די טרוימער, די ראָמאַנטיקער, וועלכע פאַרגינען זיך נישט צו געניסן דאָס שיינע, כדי עס צו באַשרייבן. וואָרעם עס איז שוין אַזוי אַז די סאַמע ענטוזיאַסטישע פּייזאַזשיסטן געניסן קוים די אידיליעס פון דער נאַטור. די סאַמע פּייערדיקסטע פּרויען־באַזינגער זיינען ס׳רוב איינזאַמע דאָן קיכאָטן. די העלדן פון גרויסע, קלאַסישע ליבעס אין דער וועלט־ליטעראַטור זיינען געשטאָרבן יונג, און זיי האָבן קוים מיט ציטערניש אומגעהאַלדזט אין חלום דעם פיינעם טאַרסאָ פון אַ פרוי. איבעריקנס, די מענטשן פון דר. גלאָבוסעס דור זיינען געלאָפן מיט גרויס ענטוזיאַזם צום מענטש, צו דער מענטשלעכער געזעלשאַפט. איינזאַמע מענטשן, וועלכע זוכן צו אַנטלויפן פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט, קומען צו דער נאַטור, ווי נאָך היילונג.

דר. ד. גלאָבוס איז געווען אַ רעאַליסטישער כאַראַקטער. אָבער אויך אַ ראַפינירטע. ער האָט ליב געהאַט דאָס לעבן. און ער האָט עס אויף זיין אופן גענאָסן. ער האָט געלעבט ביז דער בכבודיקער עלטער פון 77 יאָר. דער וואָס האָט פיינט דאָס לעבן, לעבט נישט אַזוי לאַנג. און גרייט זיך נישט אין די לעצטע יאָרן אַזוי שטאַרק צו לעבן. וועגן דעם טויט טראַכטן געוויינלעך יונגע מענטשן. ווען איך בין אַלט געווען זעכצן יאָר, בין איך געווען זיכער אַז איך וועל שטאַרבן אין דעם אַכטצניאָריקן עלטער. ערשט ווען מען געוואוינט זיך צו צום לעבן, וויל מען לעבן. דער פריער טויט קומט אויף אין געדאַנק ווען מען איז יונג. ווען מען האָט זיך נאָך נישט צוגעוואוינט צום לעבן. איבעריקנס, מען קריגט שטאַרק ליב דאָס לעבן ווען מען דערנענטערט זיך צום טויט, ווען מען הויבט אָן מורא צו האָבן פאַרן טויט. ווען מען איז יונג — איז דער טויט אַזוי ווייט, אַז מען דערלויבט זיך אַפילו מיט אים זיך צו שפּילן. צו שפּעקולירן. סיי ווי, ער איז זייער ווייט און מען האָט פאַר אים נישט קיין מורא.

די מערסטע לוויהס קומען פאר אין רעגנדיקע טעג. וואס דאס פארערגערט נאך מער די שטימונג פון די באוויינענדיקע פאמיליע. דאס געמיט פון פריינט און פון קאלעגן. דער דינער, טשעכאווודיקער רעגן נעמט אדורך דיביינער, פאטשט אין פנים, דערמאנט אין נאסער ערד פון בית־עולם. די ערד איז ווייך, כאטש זינק אריין אין דר'ערד צוזא־מען מיטן געשטארבענעם. און דא, אין דעם דאזיקן פרעכטיקן הארבסט־טאג, ווען מיר גייען צום „דהי ריווערסאיד", דרייען זיך די גאלדענע שטראלן ארום דיר, ווי לופטיקע וואולן. מיר גייען דעם קעניגלעכן וועג פון טרויער און שיינקייט. די שלאנקע רייטערינס רייטן גרא־ציעז פארביי אויף די בראנדזענע, די פעגאזישע פערד. —

און לופטיק איז אויך דער גערוימער זאל פון טויט. גיכער ווי א קאנצערט־האל, א גרויסער קאנסערוואטאריע־זאל, איידער א פיו־נעראל־הויז. און עס איז געווען גוט וואס עס פאלט נישט אזוי שווער דער טויט. דארט וואו דער ארון איז געשטאנען, איז געווען אן אומ־געוויינלעך־גרויס פענצטער. און דורכן פענצטער האט מען געקענט זען עטלעכע פיינע בוימער. עס האט סוגעסטירט אויף א וואלד. דער וואלד פון אייביקייט. דער זאל איז אין קיין שום הינזיכט נישט געווען ענלעך צו די קלאגעדיקע אידישע טויט־זאלן, וואו די לופט איז דעמפ און שווער. וואו עס רינען טראפנס חלב פון געלע, חלבנע ליכט. וואו עס איז פינצטער אויף דער נשמה. אזא שטימונג און פינצטערע אטמאספערע העלפט צו צו דערדריקן די לעבעדיקע. בשעת די אויפ־גאבן איז גאר צו לינדערן דעם שמערץ. עטוואס צו טרייסטן די אי־בערגעבליבענע משפחה. עס איז וויכטיק מנצח צו זיין דאס געברא־כענע געמיט. עס איז וויכטיק זיך צו שטארקן אין אנבליק פון טויט. דער טרויער איז סיי ווי גרויס און איבערוועלטיקנדיק. און אויף ווי וויים מעגלעך צו באזיגן די מענטשלעכע געפאלנקייט, איז א גרויסער אויפטו.

מען איז געגאנגען אין די בלויזע קעפ. מען האט זיך געפילט פריי. און דאס איז געווען אין גוטן געמיט און גייסט פון דר. ד. גלאבוס, וואס איז געווען אן אנארכיסט, סאציאליסט, שפינאזיסט, מארקסיסט און א זשיטלאווסקיאנער. אויב אלץ איז געטלעך, איז דער מענטש א טייל פון גאט. די באציאונגען צווישן מענטש און מענטש דארפן אויך זיין ריינע, קרישטאלענע.

זיצנדיק צווישן עולם, הערנדיק די הספדים, לייענענדיק די קאפ־יטלעך תהלים און די פיצלעך פיינע און קלוגע משלי, האב איך זיך דערמאנט אן אוונט וואס איז געווען אראנזשירט ביי דער אידיש־עטישער געזעלשאפט צו די שלושים פון ברוך גלאזמאנס טויט. אין אן ענגן צימערל זיינען געווען פארזאמלט א פאר מענטשן. און דר. ד. גלאבוס, ווען עס איז געקומען זיין רייע צו רעדן, האט עפעס געזאגט וואס האט אויף מיר געמאכט אן איינדרוק. ווארעם מ'שטיינס געזאגט, וואס קען מען שוין זאגן וועגן טויט עפעס אזעלכעס וואס זאל קלינ־גען אריגינעל? אנומלט האב איך דורכגעלייענט מעטערלינקס אן עסיי וועגן טויט. אוודאי איז דארט געווען מעטערלינקישע גראציע, געמיט און פיינער אינטעלעקטואליזם. א געוועב פון רוימישע און

גריכישע פראַזן, גוט־צוגעקליבענע ציטאַטן פון שווערע אַלטע וואָלומס פון די פּראַקטיש חכמים. פיין־אויסגעוויילטע שורות פון תנך און דאָ און דאָרט דעם מחברס אַ צופּוצונג, אַ דעקאָראַציע, אַ וואָרט־וויניעט. אָבער וועגן דעם עצם טויט האָט אפילו אַ מעטערלינק קוים געקענט עפּעס זאָגן, וואָס זאָל קלינגען ניי. איז, האָט דר. גלאָבוס אויפן דערמאָנטן אָוונט אומגעפער אַזוי גערעדט וועגן טויט:

— דער טויט איז אַ באַליידיקונג צום מענטש. ווארעם שטעלט אייך פאָר וואָס דער לעבעדיקער מענטש איז. זיין גייסטיקע פאַר־שטעלונג קען אַרומנעמען אומגעהויערע דיסטאַנצן. אַסטראָנאָמישע ליכט־יאָרן. געוואַלטיקע ווייטקייטן פון שטערן צו שטערן. שטעלט אייך פאָר וואָס דער מענטשלעכער געדאַנק קען אַרומנעמען אין דער ספערע פון פילאָסאָפיע. מיט וועלכע הארבע פּראָבלעמען ער ראַנגלט זיך זיין גאַנץ לעבן און ווי ער וויל נישט אַנדערש ווי לייזן דאָס געהיימעניש פון דער וועלט־אַנטשטייאונג, איר געבורט, איר פאַרוואָס, פון וואַנען און וואוהין. שטעלט אייך פאָר וואָס פאַר אַ גרויסע געפילן עס איז אימשטאַנד צו באַזיצן דאָס מענטשלעכע האַרץ: געפילן פון ליבע. פון שנאה. פון רחמנות, פון אייפערזוכט. אַלץ וועלטנטיפע, אָפּגרונטיקע, פייערדיקע געפילן. שטעלט אייך פאָר דאָס מענטשלע־כע אויג, וואָס איז אימשטאַנד אַריינצונעמען די גאַנצע וועלט, אַזוי פיל רייכע, שיינע פּייזאַזשן, שטעט, אָצעאַנען, בערג און טאָלן און פעלזן און שניי־לאַנדשאַפטן. און דאָ פּלוצלונג שטאַרבט דער מענטש. אַלץ שטעלט זיך אָפּ. ער ווערט צו אַ שטיק טויטע מאַטעריע. אַ שטיק ליים. נו, איז דאָס נישט אַ באַליידיקונג צום מין מענטש? און איצט, טראַכט זיך נאָר אַריין, וויפל רייכער פון דעם געוויינלעכן מענטש, עס איז דער קינסטלער, דער שעפער. ווי מיט אים שטאַרבן אָפּ ממש ריזיקע וועלטן, וואָס ער האָט מיט ליבשאַפט אַרומגענומען. נו, איז דאָס נישט אַ מיאוסע באַליידיקונג צום מענטש, דעם קעניג פון די באַשעפענישן פון דער ערד?!

איצט, בשעת אין אָרון איז געלעגן דער קערפּער פון דר. גלאָבוס, האָב איך די זעלבע מחשבות געטראַכט. און איך האָב זיך נאָך עפּעס דערמאָנט:

עס איז געווען, מיר דאַכט, אין אַ ווינטערדיקן, שבת־צונאַכטיקן אָוונט, אין אַ קולטור־קלוב אין די בראָנקס. דער קולטור־קלוב האָט אַראַנזשירט אַ מין משפּט איבער דר. חיים זשיטלאָווסקי. דעם „באַ־שולדיקונגס־אַקט" האָט געלייענט דער באַוואוסטער שריפטשטעלער חיים ליבערמאַן. פאַרטיידיקט דר. זשיטלאָווסקין האָט דר. ד. גלאָבוס. איר דאַרפט פאַרשטיין אַז דער באַשולדיקער האָט שטענדיק אַ לייכ־טערן „דזשאָב". חיים ליבערמאַן איז אַ פעאיקער רעדנער. ער האָט גוטע מאַניערן. ער קען זיך קאָנטראָלירן. ער האָט דאָ געהאַט אַן אידעאַלע „קעיס", ווארעם ער האָט דאָס פּראָבלעם זשיטלאָווסקי שוין זינט יאָרן שטודירט. מיט עטלעכע אומפאַרשטענדלעכע אַרטיקלען האָט זשיטלאָווסקי אַרויסגערופן די שנאה צו זיך אפילו מצד אַ סך פון זיינע פריינט און פאַרערער. היטלער האָט דעמאָלט געשאָכטן אין אייראָפּע און פאַרברענט די אידן מאַסנווייז, מיליאָנענווייז. דער עולם

אין קלוב איז געווען זייער אַ פּרימיטיווער. און, מיט רעכט זיינען די נאַציאָנאַליסטישע געמיטער געווען שטאַרק צעהיצט.

דר. גלאָבוס האָט אונטער אַזעלכע ביטערע באַדינגונגען געדאַרפט פאַרטיידיקן זשיטלאָווסקין. עס איז אַן אונטערנעמונג פאַר אַ גיגאַנט. עס איז אַ זייער אומדאַנקבאַרע ראָלע. אַן אַנדערער וואָלט צוזאַמענגעבראָכן. ווייניקסטנס וואָלט ער געווען שוואַך, צווייפלענדיק. ער וואָלט געזוכט צו ראַטעווען זיין קליענט מיט אַדוואָקאַטישע מיטלען.

דר. ד. גלאָבוס, וואָס אַן אמת, האָט מיט אַזאַ ליידנשאַפט, אַפילו מיט כּעס, אָפטמאָל מיט באַליידיקונג אויף זיין אָפּאָנענט, פאַרטיידיקט זיין קליענט. עס איז געווען אַ פּאַטעטישע סצענע: דאָס פּובליקום איז געווען מיטן בעסערן רעדנער, חיים ליבערמאַן, וואָס מיידט אויס אויפרעגונג און באַנוצט זיך מיט שלאָגנדיקע אַרגומענטן. דר. גלאָבוס קאָכט זיך, רעגט זיך אויף, פּרואווט אויף אַ קינדישן אופן געווינען זיין אומגליקלעכע „קעיס“. מיטן „דיסקרעדיטירטן“ זשיטלאָווסקין וויל ער אַרויסשלאָגן וויכטיקע פּונקטן פון אַ פּובליקום וואָס איז מער פּעבל, המון, ווי אַ קולטורעלע אוידיענץ. ווי אַ לייב קעמפט דר. גלאָבוס פאַר זיין אידעאַל — זשיטלאָווסקין. מיר אַלע האָבן דעמאָלט געהאַלטן מיט חיים ליבערמאַנען. מיר האָבן אָפן גענומען די ליבערמאַן־פּאַרטיי. וואָרעם אַזוי איז געווען גרינגער. לייכטער. באַקוועמער.

אָבער, שפּעט אין דער נאַכט האָב איך נישט געקענט איינשלאָפן פון גרויס חרטה. מיר האָט שרעקלעך לייד געטאָן וואָס איך האָב נישט געהאַט גענוג כאַראַקטער אויף צו זיין מיטן געפאַלענעם צד אין זיין נויט. די גאַנצע נאַכט האָט מיך געפּייניקט די אַלטע, אָבער מיט יוגנטלעכן ענטוזיאַזם זיך שלאָגנדיקע געשטאַלט פון דר. גלאָבוס, וואָס, אומגלייך צו דעם אינגערן חיים ליבערמאַן, האָט פאַר זיך גענומען די ראָלע פון צו שיצן אַ געפאַלענעם גאָט, פון צו גיין אַנטקעגן די פּאָפּולערע געפילן פונם פּובליקום. פון פאַרטיידיקן דאָס וואָס עס איז פון פאָראויס געווען פאַרשפּילט. שפּעטער, ווען איך פלעג טרעפן דר. גלאָבוס, האָב איך זיך פאַר אים טיף געשעמט מיט מיין דעמאָלטיקער האַנדלונג. איך האָב זיכער נישט באַזעסן יענעם מוט וואָס ער האָט באַזעסן, פאַרטיידיקנדיק דר. חיים זשיטלאָווסקין פאַר אַן אויפגעהעצט פּובליקום, וואָס האָט אין די דאָזיקע בלוטיקע יאָרן מיט רעכט געמעגט זיין אויפגעהעצט.

פּונקט אַזאַ מוט, ווי אין יענעם איינעם אָוונט, האָט דר. גלאָבוס אַרויסגעוויזן זיין גאַנץ לעבן צו דער מאָנומענטאַלער פּערזענלעכקייט פון קאַרל מאַרקס. אין יעדן פון זיינע אַרטיקלען כּמעט האָט ער דערמאָנט קאַרל מאַרקסן. ער האָט געפירט אומצייליקע דיסקוסיעס וועגן מאַרקסיזם. אין די לעצטע צענדליקער יאָרן איז עס געווען אַ זייער אומדאַנקבאַרע ראָלע. די היסטאָרישע אַנטוויקלונג האָט געבראַכט צו דעם אַז ביידע געזעצלעכע קינדער פונם מאַרקסיזם, דער סאָציאַליזם און דער קאָמוניזם, זאָלן פירן צווישן זיך אַ ברודער־קאַמף.

דאָס וואָס עס איז אַמאָל געווען הייליק, דער סימבאָל פון קאַמף פאַר פרייהייט, ווערט איצט געשענדעט. מאַרקסיזם ווערט איצט אידענ־טיפיצירט מיטן רוסישן קאָמוניזם. סטאַלינס רעזשים האָט געבראַכט דערצו אַז קאַרל מאַרקסעס נאָמען ווערט געשענדעט. אידן פילן זיך אומבאַקוועם מיט אים. אידישע זשורנאַליסטן נוצן אויס די רעאַקציאָ־נערע שטרעמונגען און וואַרפן פאַר מאַרקסן זיינע „אַנטיסעמיטישע" זינד. צו זיין היינטיקע צייטן אַ מאַרקסיסט איז אַ געוואַגטע זאַך... היטלערן איז געלונגען צו פאַרסמען די וועלט מיט אַנטי־מאַרקסיזם. די ראָלע פון מאַרקסיזם אין דער מאָדערנער וועלט־געשיכטע ווערט פאַרלייקנט. אַז אַפילו אַזעלכע מענער ווי דער ערשט־פאַרשטאָרבענער בערנאַרד שאָו האָבן צו פאַרדאַנקען זייער גייסטיקע אויסבילדונג צו אַ קאַרל מאַרקס, איז איצט אַ קנאַפּער טרייסט.

דר. גלאָבוס האָט זיך אָבער נישט געענדערט אין משך פון זיין לאַנגן לעבן. מיט זיין זין פאַרן פראָסטן אמת, מיט זיין געפיל פון הויכער לאָיאַליטעט, מיט זיין כאַראַקטער וואָס האָט נישט געליטן פון קיין שום מין אָפּאָרטוניזם, מיט זיין גראָדן שכל און זיין חוש פאַרן גוטן און פשוטן — האָט ער אַלץ פאַרטיידיקט קאַרל מאַרקסן, ממש מיט אַ געוויסער ליבשאַפט. ער געהערט נאָך צו יענעם דור וואָס זיינען אויפגעבראַכט געוואָרן אין יראת הכבוד פאַר זיינע אידאַלן, כאַראַקטערן און העלדן. ער האָט ממש ליב געהאַט קאַרל מאַרקסן און זשיטלאָווסקין. און ליבע און ליבשאַפט זיינען סוף כל סוף די איינ־ציקע זאַכן וועלכע באַוועגן צו גרויסע מעשים. אין אונזער צייט ווערט זייער פיל געטאָן אין נאָמען פון שנאה, פון צעשטערונג. דעריי־בער ווערט אַזוי פיל גערעדט וועגן מלחמה. דעריבער ווערן צוגע־גרייט די פאַרברעכנס פון מלחמה אויף אַ קאָלאָסאַלן מאַסשטאַב. מיט יאָרן צוריק האָבן מענטשן געפאָרשט די נאַטור מיט ליבע. אָט אַזוי ווי דער ראָמאַנטיש־פאַרליבטער פאָרשט די געהיימענישן פון זיין געליבטער. זייער פיל האָט די וויסנשאַפט פון אונזער צייט דער־גרייכט אויפן געביט פון נאַטור־פאָרשונג. אָבער זי טוט עס מיט שנאה. זי רייסט אַרויס סודות פון הימל כדי מיט זיי שלעכטס צו טאָן. זי אַנטצויבערט און שענדט גאָטס געהיימנישן. אין אַנדערע עפּאָכן וואָלט די אַנטדעקונג פון די קאָסמישע קרעפטן, פון אַטאָמישע ענער־גיעס, פון געהיימנישפולע אויסשטראַלונגען פון הימל, געפירט צו רע־ליגיעזער עקזאַלטאַציע. צו תפילה. צו גרויסע תהלים־לידער. צו גאָט־שיכורע הימנען. שטעלט אייך פאָר וועלכע אומגעהייערע פענצ־טער מען עפנט אין הימל אַריין. דער מאָונט פּאַלאָמאַר טעלעסקאָפּ האָט איצט דעם כוח אַריינצוקוקן אין דער נאַכט פון קאָסמאָס אַ ביליאַרד ליכט־יאָר טיף. בלויז מיט עטלעכע יאָר צוריק האָט דאָס מענטשלעכע אויג, דורכן מאָונט ווילסאָן טעלעסקאָפּ, געקענט אַריינקוקן אין הימל אַריין אויף אַ האַלבן ביליאַרד ליכט־יאָר. אַ שטראַל ליכט, מיט דער שנעלקייט פון 186 טויזנט מייל אין אַ סעקונדע, דאַרף האָבן, אויף צו וואַנדערן פון איין עק פון אונזער סאָלאַר־סיסטעם ביזן אַנ־דערן עק, גאַנצע צוויי הונדערט טויזנט ליכט־יאָר. און אַזעלכע זונען־סיסטעמען זיינען פאַראַן אין די טויזנטער אין דעם רוים.

אין אונזער צייט זיינען אָבער די וויסנשאַפטלער ברוטאַל, ווי נאַצישע דאָקטוירים. די גאַנצע נאַטור איז פאַר זיי ווי עפּעס אַן אומ־נוצלעכער קרבן, כּדי דורך אירע יסורים צו דערגיין ווי אַזוי מען קען עפעקטיווער, אין דער קירצסטער צייט, טויטן מיליאָנען מענטשן. עס איז אַ פאַקט אַז די קאָסמישע, אַסטראָנאָמישע, כעמישע און פּי־זיקאַלישע סודות ווערן היינט אויסגענוצט פאַר דער אַטאָמישער מאָרד־פּראָדוקציע. דער קאָסמאָס ווערט ברוטאַל אויפגעריסן, מיט שנאה און מיט געמיינע טענדענצן. אַזוי ווי אַ וואַנדאַל שענדעט אַ יונגע פרויענשיינהייט, נישט פאַרטראַכטנדיק זיך איבער איר הערלעכער שיינקייט, וואָס אינספּירירט צו אַ שיר השירים־ליד. דער טיפּ פון גרויסן וויסנשאַפטסמאַן, פונם גרויסן סאָציאָלאָג און דענקער, איז כּמעט פאַרשוואונדן. אַ היינטיקער וויסנשאַפטסמאַן קען גאָר מאָרגן זיין אַ סאָוועטישער שפּיאָן. וויסנשאַפט און שפּיאָנאַזש גייען היינט צו טאָג האַנט אין האַנט. דאָס פאַרקויפן זיך פאַר געלט איז היינט אַ געוויינלעכע זאַך. אין אַמאָליקע צייטן זיינען וויסנשאַפטסמענער געשטאָרבן פאַר הונגער. זייערע לאַבאָראַטאָריעס זיינען געווען זייערע הייליקע טעמפּלען. פאַרשנדיק די געהיימעניש פון דער נאַטור, האָבן זיי תּפילה געטאָן צום אַלמעכטיקן. פונקט ווי דער סאָציאָלאָג, פון טיפּ מאַרקס, באַקונין, קראָפּאָטקין, לאַסאַל, בעבעל, ליבקנעכט, פּלע־כאַנאָוו, הערצען, מיכאַילאָווסקי, האָבן נישט נאָר געפאָרשט די עקאָ־נאָמישע סטרוקטור פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט, אירע פּראָ־דוקציאָנס־פאַרהעלטענישן און פאַרטיילונג פון אָנגעזאַמלטע רייכטי־מער, נאָר האָבן שטענדיק אַנאַליזירט מיט ליבשאַפט, מיט געטריישאַפט צום ליידנדן קלאַס, מיטן צוועק אויסצולייזן די מענטשהייט פון יסורים. אָנהויבנדיק מיט די אוטאָפּיסטן־סאָציאַליסטן, ווי ראָבערט אָווען און פוריע, דורכגייענדיק אַזעלכע פערזענלעכקייטן ווי פּרודהאָן און בלאַנ־קי, און אַפילו סט. סימאָן און אויגוסט קאָמט; און די העלדן פון רוסישן „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ", דעם אידיש־רעוואָלוציאָנערן „בונד" אַריינגערעכנט, ביז צו דער רוסישער רעוואָלוציע פון 1905 און פון 1917, האָבן זיי אַלע געזאָרגט און געקעמפט מיט די הייליקסטע גע־פילן פאַר די בעסטע אינטערעסן פון דער מענטשהייט.

און דר. ד. גלאָבוס, אפשר נישט זייענדיק קיין ספּעציעל אָרי־גינעלער גייסט, האָט זיך אָבער געוואַרעמט אינם פייער פון די דאָזיקע אידעאַלע פערזענלעכקייטן און ער האָט אין זיין פּאָפּולערן שרייבן שטענדיק אָנגעווענדט זייערע עטישע פּרינציפּן און הייליקע צוועקן.

דר. גלאָבוסעס שרייבן איז געווען פּשוט און פאָלקסטימלעך. זיין שפּראַך איז נישט געשטאַנען העכער ווי די גוטע, קלאָרע שפּראַך פון פאָלק, פון דער אינטעליגענץ. וואָרעם וואָס פאַר אַ זין וואָלט פאַר אים געהאַט צו שרייבן אין אַ שפּראַך וואָס דאָס פאָלק פאַרשטייט נישט. ער האָט זיין שרייבן באַטראַכט נישט ווי אַ צוועק פאַר זיך, נאָר ווי אַ מיטל צום צוועק: ווי אַזוי קלאָרער צו מאַכן די באַציאונגען אין דער מענטשלעכער געזעלשאַפט. ווי אַזוי אויפצוקלערן די ברייטע מאַסן. ווי אַזוי אַריינצובערענגען אין די מוחות פון פאָלק די אויס־

שטראָלונגען פון מאָדערנעם סאָציאָלאָגישן און פילאָסאָפישן געדאַנק. ווי אַזוי צו דערקלערן די אורזאַכן פון פינצטערניש און פון שלעכטס אין דער וועלט. ווי אַזוי קלאָר צו מאַכן קאָמפּליצירטע, סאָציאַלע פּראָבלעמען. ער איז געווען אַזוי נאַאיוו צו גלויבן אַז דער מענטש קען איבערמאַכן, איבערשאַפן די יסודות פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט. ער האָט געהערט צו אַ דור וואָס האָט געגלויבט אַז אַלע מענטשן זיינען ברידער. אַז אַלע קולטורן זיינען הייליק. אַז אַלע ווערטן זיינען וויכטיק פאַר דער קולטור פון דער וועלט. ער האָט געגלויבט אַז אַלע מענטשן האָבן געמיינזאַמעס און שיינעס. און אַז מען קען מיט דער צייט דערציען אַלע פעלקער צו איין ברידערלעכער מענטשהייט. ער האָט געגלויבט אין פרייהייט און טאָלעראַנץ.

אין אונזערע טעג שטייען מיר פאַר אַ רואינע פון דער דאָזיקער גרויסאַרטיקער וועלט, ווי די אַמאָליקע דענקער, סאָציאָלאָגן, פּאָעטן און אַפילו אַטעאיסטן האָבן זי געזען. יאָ, נישט נאָר די דענקער און די מכלומרשט טרוקענע סאָציאָלאָגן. אויך די פּאָעטן האָבן געשילדערט און אויסגעמאָדעליר׳ט אַזאַ אידעאַלע וועלט. די פילאָסאָפיע, ווי צום ביישפּיל דער שפּינאָציזם, האָבן אָנגעצונדן און אינספּירירט די מוחות און הערצער פון פּאָעטן, ווי שעללי, וואָרדסוואָרטה, קאָלרידזש און געטהע. קאַנטס מאָראַל־אידייען האָבן דורכגעדרונגען די פּאָעזיע פון שיללער. די דעקאַבריסטישע רעוואָלוציאָנערן האָבן באַהערשט די אָנגעצונדענע לידער פון פּושקין און פון לערמאָנטאָוו. דער נביאישער גייסט, ווי אויך די לאָזונגען פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, וואָס איז פון איר זייט געווען אַ רינגל אין דער קייט פון סאָציאַלע אויסברוכן, וועלכע זיינען אַלע אינספּירירט געוואָרן דורכן תנך, האָבן באַווירקט די אויפריכטיקע פערזענלעכקייטן פון דער ליטעראַטור. אַפילו קאַרל מאַרקס, זיין צייט־גענאָסע, האָט באַווירקט היינריך היינען און אַרויסגערופן אין גרויסן, רעוואָלוציאָנער־ראָמאַנטישן פּאָעט ענטוזיאַסטישע לידער פאַרן קאַמף פון די אונטער־דריקטע אַרבעטער. (אַזאַ ליד, צום ביישפּיל, ווי „די וועבער״ א.אַ.). די גאַנצע וועלט־ליטעראַטור איז פאַקטיש געווען באַווירקט פונם סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערן געדאַנק, פון פּראָגרעס און קולטור. פון דעם דערהויבענעם ווילן צו העלפן די מענטשלעכע געזעלשאַפט נישט נאָר עקאָנאָמיש, און איר מאַטעריעלער נויט — נאָר אויך אינטעלעקטועל, ספּיריטועל, גייסטיק. עס איז געווען אַ געהיימער, אָבער פייערלעכער בונד צווישן פילאָסאָפיע, סאָציאָלאָגיע און ליטעראַטור. אַ טייל פּאָעטן האָבן אַפילו, ווי לאָרד בייראָן, דער אונגאַרישער פּאָעט אַלעקסאַנדער פּעטיעפי, געקעמפט אין די פרייהייטס־אַרמייען קעגן אונטעריאָכן און טיראַניזירן קליינע פעלקער און לענדער.

קיין סימן נישט פון דעם אַלעם אין אונזער צייט. אַ שטורעם פון פינצטערן נאַציאָנאַליזם האָט חרוב געמאַכט די פונדאַמענטן פון יענעם וועלט־מאָדעל, אין וועלכן אַלע פעלקער, ווי עס ווערט פּראָקלאַמירט אין דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, אין דזשעפערסאָנס קאָנסטיטוציע, אין לינקאָלנס רעדעס, זיינען געווען גלייכבאַרעכטיקטע בירגער. נאַציאָנאַליזם, וואָס האָט אין פאַריקן יאָרהונדערט דער־

וועקט צום לעבן אַ צאָל אונטערדריקטע פעלקער און האָט אָנגעהויבן צו צינדן אַ צאָל זייער וויכטיקע קאַמפן קעגן גרויסע, מאַכט־גיריקע מלוכות און אַמביציעזע צאַרן און קייזערס און קעניגן, האָט זיך פּאַק־טיש געענדיקט מיט די גרויסע אַנטוישונגען פון אונזער צייט. די וועלט איז אַריין אין אַ טעמפּן ווינקל. צו זיין אין די היינטיקע צייטן אַן אינטערנאַציאָנאַליסט, אַ קאָסמאָפּאָליט, אוניווערסאַליסט, טראָגן דעם נאָמען גלאַבוס אויף די אַקסלען, דעם סימבאָל פון פעלקער־ברידער־שאַפט, איז איצט אַ גאַנץ נאַאיווע און אַ געוואַגטע זאַך. עס שמעקט פּשוט מיט חוזק און מיט טורמע אין אונזערע צייטן. אין דער צייט פון מלחמה — אַפילו מיט אַ קריגס־געריכט. די וועלט איז היינט אַרומגענומען פון אַ מיליטערישער קייט. נישט די אידעלע מוחות פון דענקער, פּאָעטן און סאָציאָלאָגן הערשן אין אונזער צייט, נאָר גענע־ראַלן און מיליטערישע סטראַטעגן. און די שרעק איז אַזוי גרויס אַז מיר טוליען זיך ממש צו אַ ליאַדע גענעראַל. נישט גאָט, נישט קיין מענטשלעכקייט, נאָר דער סאָלדאַטסקער שינעל דאַרף עס אונז ראַ־טעווען און אונזער פאַרצווייפלונג און שרעק. צענדליקער טויזנטער פּאָליטיש אַנדערש־דענקענדיקע זיינען ליקווידירט געוואָרן פיזיש אין סאָוועט־רוסלאַנד. דער פאַשיזם און נאַציזם האָבן אויסגעשאָכטן מיליאָנען אידן שוין נישט צוליב זייער פּאָליטישע אָפּאָזיציע — נאָר צוליב ראַסן־טעאָריעס. און וואָס שייך די פאַראייניקטע שטאַטן, מוזסטו ביי יעדער געלעגנהייט אויפדאָסניי אַקצענטירן אַז דו ביסט אַ קעגנער פונם סטאַלין־רעזשים, וואָרעם ווען דו טוסט עס נישט, ווערסטו צו־גערעכנט פאַר אַ קאָמוניסט. עס איז היינט צו טאָג כמעט נישטאָ קיין לאַנד וואו דער מענטש קען פריי דענקען און אורטיילן פריי, לויט זיין מענטשלעכער און אינטעלעקטועלער אורטיילס־קראַפט און ראַציע.

דר. ד. גלאַבוס האָט מיט זיך אַלזאָ פאַרגעשטעלט אַלע גוטע שטריכן און אייגנשאַפטן פון דער פאַרגאַנגענער עפּאָכע. ער איז געווען ווי געזאָגט, אַזוי נאַאיוו־ענטוזיאַסטיש, גלויבנדיק אַז מען קען אומ־ענדערן די סטרוקטור און איבערבויען דעם גרונט־ פונדאַמענט פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט. ער האָט זיין לעבן און זיין שרייבן געווידמעט אין די אינטערעסן פון פאָפולער מאַכן די אידייען פון זיינע גרויסע לערערס. ער האָט געגלויבט אין פרייהייט פון מיינונג, אין אמתער טאָלעראַנץ און אין רעספּעקט צום אַנדערש־דענקענדיקן מענטש. ער האָט אויך געגלויבט אַז די אידישע שפּראַך, איינמאָל גע־שאַפן, קריסטאַליזירט און זיך באַנוצט מיט איר אין אַ משך פון אַ יאָרטויזנט פון דעם פאָלקס־ליידנדיקער און שעפערישער היסטאָריע, איז געבוירן געוואָרן און געשליפן געוואָרן דורך פילע דורות כדי מיטן פאָלק צו בלייבן און צו לעבן אויף אייביק. אים זיינען פרעמד געווען די אַלע מאָדערן־טאָטאַליטאַרע מיטלען און וועגן פון ליקווי־דירן נישט נאָר פּאָליטישע קעגנערס, נאָר אויך צו ליקווידירן שפּראַכן, קולטורן, אָנגעזאַמלט גייסטיק עשירות און אויסגעהאָרעוועטע פאָלקס־אוצרות. זיין שכל, ווי געזאָגט, איז געווען אַ גראַדער און ער האָט נישט געקענט און נישט געוואָלט פאַרשטיין די אַלע ווילדע זאַכן וואָס געשען אין אונזער צייט.

דר. גלאָבוס איז פֿאַרבליבן ריין און ערלעך אין זיין גלויבן. ביזן לעצטן טאָג האָט ער פֿאַרטיידיקט יענע פּרינציפּן וואָס ער האָט אָנ־געהויבן צו פּראָפּאַגירן אין די ערשטע יאָרן פֿון זיין אינטעלעקטועלן באַוואוסטזיין. ער איז געווען אַ גאַנצער, אומקאָמפּליצירטער, איינ־הייטלעכער מענטש, פֿריי פֿון סתירות, קאָנפֿליקטן און געשפּאָלטנקייטן, ווי עס זיינען געווען די מענטשן פֿון זיין דור און פֿון זיין קלאַס.

דר. גלאָבוס איז פּערזענלעך, אין לעבן, געווען דאָס וואָס ער האָט געפּרעדיקט. ער איז געווען אָנגענעם און ליבלעך אין זיינע באַציאונגען צו מענטשן. ער האָט אויך זיינע סימפּאַטיעס און אַנטיפּאַטיעס ניט באַ־מיט זיך צו פֿאַרבאָרגן און צו באַהאַלטן. אויב אין אונזער צייט באַ־טראַכט מען ווי דאָן קיכאָטיזם די יעניקע וואָס גלויבן נאָך אַז דער פּרינציפּ פֿון גערעכטיקייט דאַרף הערשן אין דער וועלט, איז דר. ד. גלאָבוס געווען אַזאַ געבענטשטער אידעאַליסט און דאָן קיכאָט. — —

אין דעם גערוימען זאַל האָבן די רעדנער זיך געזעגנט מיט דר. גלאָבוס. עס איז געווען, ווי געזאָגט, אַ פּרעכטיקער אָקטאָבער־טאָג. די זון האָט אַריינגעלויכטן דורך די גרויסע פֿענצטער. פֿייערלעך און ערנסט איז געווען די נאַטור. און די גאַנצע צייט פֿון דער לוויה האָב איך געטראַכט די געדאַנקען וואָס איך האָב דאָ אָנגעוואָרפֿן. דאָס איז די לוויה פֿון אַלע יענע הייליקע אידעאַלן און האָפֿענונגען פֿונם ניינצנטן יאָרהונדערט. אַדיע צו די גרויסע טרוימען פֿון פֿעלקער־פֿרייהייט. אַדיע צום גלויבן אַז דער מענטש האָט אַ רעכט צו דענקען פֿריי און זיך אויסצודריקן פֿריי און אין וועלכן לשון ער וויל. אַדיע צו דער האָפֿענונג אין ברידערלעכקייט פֿון די מענטשן. דאָס איז די לוויה פֿון די פֿיינע, נאָבעלע אידעאַלן פֿון דר. גלאָבוס און פֿון זיין דור פֿון פּיאָנערן. דער וועלט־גלאָבוס איז איצט באַוואָפֿנט פֿון קאָפּ ביז צו די פֿיס מיטן שוידערלעכן אַטאָמישן וואָפֿן. די וועלט לעבט, אָן גוזמא, אין פֿינצטערער שרעק יעדער געציילטע מינוט פֿונם טאָג.

מען האָט אַרויסגעפֿירט דעם אָרון מיט דר. גלאָבוסעס קערפּער. מען האָט לאַנגזאַם געפֿירט דעם אָרון מיט די אידעאַלן און קאַמפֿן פֿון פֿאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט צום בית־עולם. די זון האָט זיך טרויעריק פֿאַרנייגט און האָט זיך אַרונטערגעלאָזט צו מאַכן טאָג אויפֿן אַקסל פֿון אַן אַנדערן קאָנטינענט. די נאַכט פֿאַלט פֿינצטער צו — די גרויסע נאַכט פֿון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט. די נאַכט פֿון דער אַטאָ־מישער עפּאָכע...

ניו־יאָרק, נאָוועמבער 22, 1950.



# נעקראָלאָג נאָך נחום באָמזע

„ווי ס׳רייסט זיך אָפּ אַ שטיק פון ערד
און טראָגט אַוועק זיך מיט דער כוואַליע פונם טייך, —
אַזוי רייס איך זיך אָפּ פון מיר אַליין,
פון מיינע פיס וואָס זיינען מיד צו גיין,
פון מיינע הענט און רינגען פון דער כויט,
פון מיינע אברים וואָס זיינען פול מיט טויט.״

נחום באָמזע.

אַ גאַנצע נאַכט בין איך שלעכט געשלאָפן. איך האָב געטראַכט: אין „גאַרליקס פיונעראַל הײם״ (מ׳שטיינס געזאָגט: אַ „היים״...) ליגט נחום באָמזע שוין די צווייטע טויטע נאַכט, לי־טאַי־פּאָ׳ס איבערזעצער און קאָלעגע. די לבנה האָט זיך זילבערן און גאָלדן געדרייט פאַרביי מיינע פענצטער. אינמיטן נאַכט האָב איך זיך אויפגעכאַפּט: ס׳טייטש, קען די שטאָט אַזוי רואיק שלאָפן ווען אַ פּאָעט ליגט אין „פיונעראַל היים״ און וואַרט אויף זיין פרימאָרגנדיקער לוויה?..

***

אין דער פרי האָבן מיך די פייגל אויפגעוועקט מיט אַ געצווי־טשער־יי. אומשולדיקע פייגל, ווען די זון דערשיינט נאָר, זינגען זיי. דער מענטש באַדאַרף דאָך לערנען אָפּטימיזם און פרייד ביים פויגל. די מענטשהייט וואָלט באַדאַרפט צאָלן מיט גאָלד פאַר זייער מוזיקאַלי־שער לעקציע צו אונז. פונדעסטוועגן, האָט זיך מיר געדאַכט, אַז אַפילו אין זייער העלן געזאַנג זאָגן זיי מיר אָן:

— אין „גאַרליקס פיונעראַל־היים״ ליגט אַ אידישער ליריקער. ער האָט איבערגעזעצט כינעזישע לידער. ער האָט זיך געשפּילט מיט לי־טאַי־פּאָ׳ס אייביקע לידער: אין לי־טאַי־פּאָ׳ס מעלאַנכאָלישן זכות וועט ער לעבן, באָמזע.

ער האָט נישט נאָר איבערגעזעצט דעם כינעזער, נאָר ער איז געוואָרן איין גייסט מיט אים. זיין אייגן ליד האָט עפּעס געקראָגן די שטילע מעלאַנכאָליע פון לי־טאַי־פּאָ׳ס זילבער און גאָלד געהאָפטענעם ליד. ער האָט זיך עפּעס אַריינגעלעבט און אַריינקאָנטעמפּלירט אין לי־טאַי־פּאָס׳ דיכטונג. און זיין אייגענע דיכטונג איז געוואָרן ליריש־כינעזיש. די אידן אין באָמזעס לידער זעען אויס ווי שטילע, פאַרטראַכ־טע, פאַרצעליי־בלאַסע כינעזער. די שוועסטערן באָמזעס זיינען ענלעך צו לי־טאַי־פּאָס׳ מעלאַנכאָלישע פּרינצעסינס. באָמזע האָט אָנגענומען דעם שטילן גאַנג און די איידעלע פּאָזע פון דעם וואונדערלעכן כינעזער. גיי צו באָמזעס לוויה. זיין טרויעריק פלייש וואַרט אויפן לעצטן כבוד...

— גיי וויס, — האָב איך צו זיך אַליין געזאָגט, — אַז היינטיקע פייגל קענען ליטעראַטור און זינגען ליטעראַרישע קריטיק. אָבער, מיר איז דאָס שטאַרק געפעלן. די פייגל, ווי יונג זיי זינגען, זיינען אַלט, אוראַלט. זיי האָבן געקענט לי־טאַי־פּאָן. נישט אומזיסט וואוינען

זיי אין די געזימסן און וויטראַזשן פון ביבליאָטעקן און טעמפּלען. זיי לערנען די מענטשלעכע קולטורן.

***

גיין צו זיין לוויה? איך בין ממש געלאָפן. ס'האָט מיך ממש געטריבן ווי אַ ווינט־און־וויכער. אין סאָבוויי זיצנדיק האָב איך זיך עפּעס דערמאָנט: ס'איז געווען אין דער שטאָט דענווער. דאָרטן איז אין סאַנאַטאָריום, וואו איך האָב זיך אויפגעהאַלטן, מיט אַרום צוואַנציק יאָר צוריק, געשטאָרבן נחום באָמזעס אַ ברודער. ער האָט זיך זייער גוט געלערנט. ער האָט געהאַט אַ זעלטענעם מוח. ער איז געווען ענערגיש. ער האָט געמאַכט געלט. עפּעס אין אַ לבנה־נאַכט, אין קילן ווינט פון די ראָקי־בערג, זיינען אין דרויסן געזעסן זיינע פריינט און האָבן מיר פון אים דערציילט. באָמזעס ברודער און נתן ניומאַן, דער פּראָטאָטיפּ צו ה. לייוויקס פּאָעמע „די באַלאַדע פון דענווער סאַנאַטאָריום", זיינעןביידע געווען גוטע פריינט. און צוביידן בין איך געפאָרן אויף קבר אָבות אויפן בית עולם אין דענווער, נעבן די ריזיקע ראָקי־בערג. באָמזעס ברודער האָט זיך געהייסן פאַרברענען. עס רוט דאָ אויפן קליינעם בערגל מיט קברים און דינע מצבות זיין ביסל אַש... פון דער אַנדערער זייט, פון טאָל, זעט מען די גראַניטענע מצבה פון דוד עדעלשטאַטס קבר...

און די גוטע פריינט האָבן מיך דעמאָלט געבעטן אַז איך זאָל שרייבן נחום באָמזען קיין וואַרשע אַז מען זאָל פון זיין ברודערס איבערגעבליבע־נער ירושה שיקן געלט אויף אַ מצבה פאַרן ברודער... נחום באָמזע האָט מיר געשריבן אַז איך זאָל לייגן אַ קראַנץ בלומען אויף זיין אַש...

אין סאָבוויי פאָרנדיק דערמאָן איך זיך דאָס. ווי לאַנג צוריק דאָס איז שוין, טראַכט איך. איך דערמאָן זיך פון דעם זייער דינעם, ציכטיקן ביכעלע וואָס באָמזע האָט מיר דעמאָלט צוגעשיקט: „לי־טאַי־פּע־איבערדיכטונגען", 1937. גייענדיק גאַנץ אָפּט שפּאַצירן צו באָמזעס ברודערס קבר, האָב איך מיטגענומען דאָס ביכעלע. איך האָב פאַר זיינס ברודערס גייסט געלייענט פון די דינע לידער:

„איך מאָל אותיות, באַהויכט פון איינזאַמקייט און וויי.
דער באָמבוס כוואַליעט ווי אַ ים.
אויף בלעטער גלאַנצט דער טוי ווי פּערלשנירן;
איך שרייב לידער אויף גלימערנדע פּאַפּירן,
ווי פלוימען־צוויט אויסגעשיט אויף שניי.
ווי לאַנג דויערט דער מאַנדאַרין־ריח אונטערן אָרעם פון אַ פרוי?
ווי לאַנג בליט דער שניי אין זונענשיין?
אָ, ליד מיינס, וואָס איך שרייב אין איינזאַמקייט,
זאָלסט קיינמאָל, קיינמאָל נישט פאַרגיין!"

אין סאָבוויי זיצט אַ פרוי מיט צוויי קליינע קינדער. אַלע דריי זיינען קינדער. איינע פון זיי איז די מוטער פון די אַנדערע צוויי. נאָר אַלע דריי זיינען דריי ליבע, חנוודיקע קינדער.

***

עס איז געווען זוניק ווען איך בין אַרויס פון סאָבוויי. און „גאַר־

ליקס היים״ פאַר די טויטע איז פול מיט בלאָסע אידישע שרייבער. מען האָט שטאַרק מורא פאַרן מלאך המות מיט זיינע פינף און זיבעציק טויזנט בליציקע אויגן. דער מלאך המות האָט נישט ליב לעצטנס קיין אידישע שרייבער.

אָבער, ווי גרויס עס איז די שרעק פאַרן מלאך המות, מוז מען זאָגן אַז מען לאָזט דאָ נישט קאָנטעמפּלירן. מען לאָזט נישט זיין מיט זיך אַליין. מען פאַרשוועכט מיט ליטעראַרישע ביזנעס. מען מאַכט פאַרבינדונגען. מען גיט זיך אפילו קאָמפּלימענטן. מען קומט צוליב אַלערליי געשעפטן.

איך מוז מאַכן אַ פאַרוואורף דעם אידישן שרייבער: עס פעלט אים „דיגניטי״. עס איז אַוודאי פאַראַן וויטיק. אָבער עס באַדאַרף אויך זיין דער זין פאַר דאָס אייביקע. אַ קאָלעגע ווערט איצט אַריינגעשטעלט אין דער אייזיקער ראָם פון אייביקייט. טאָ שווייגט אַ מאָמענט. רעדט נישט אַזוי פיל. פירט זיך אויף מיט קולטור. פאַרשוועכט נישט דעם העכסט־טראַגישן, דערהויבענעם מאָמענט. רוט אָפּ זעליש אין דער אָנוועזנקייט פון דעם ערשט־אָפּגעשיידטן גייסט. דאָ געפינט זיך זיין גאַנצע אויסגעשאָכטענע משפּחה.

די לופט איז דאָ פול מיט אומגעקומענע אידן פון סאָסאָווו. דאָ קומען צוגיין דעם פּאָעטס יוגנט־חברים. דאָ שוועבן מיט גאָלדענע פליגל די סאָסאָווער פאַרברענטע פריינדינס זיינע... דאָ פליען אַרום אידישע אויף קויל פאַרשרפהטע קינדער.

האַלט זיך ווירדיק, מיינע פריינט...

*
**

איך האָב דאָ באַמזען מורא געהאַט אָנצוקוקן. איך האָב נישט געוואָלט אָוועקגעבן מיין געדענקעניש פון אים ביי זיין לעבן: רואיקע האַלטונג. אינערלעכע ווירדע און ווערדע. ערנסט און שווייגזאַם. שטילע רייד. קיינמאָל נישט קיין גרילץ — נישט אין ליד, נישט אין מינדלעכן וואָרט. שטענדיק אויף דער הויך פון זיין פּאָעט. שטענדיק — דיכטער. ווירדיק אין שאָטן פון זיין גרויסן, אונשטערבלעכן רבין — לי־טאַי־פאָ . . .

*
**

מען פירט שוין דעם אָרון. דער קאַסטן פון פּאָלירטן האָלץ גייט אָנטקעגן. ברייטער אָרון־אַנצוג פאַרן ערדישן פון נחום באַמזע. דאָס האָלץ איז אויף ברוין פּאָלירט געוואָרן. דאָך שמעקט עס מיט וואַלד פון די טאַטרעס־בערג, מיט קאָרע און מיט זשיווויצע וואָס טריפט זוניק אין דער זון ווי האָניק. נאָכן קאַסטן פירט מען אַ מיידל. אַ כלה. מען שושקעט זיך: עס איז באַמזעס כלה. דער חתן פון דער כלה ליגט נעבעך שווער געטראָפן פון אַ וואונד אין האַרצן. ער ליגט אָט דאָ אין קאַסטן. די כלה גייט מיט געבראָכענע קניען און איר מיידלש וועזן איז לויטער פאַרקלעמט געוויין. ער האָט זיך געגרייט חתונה צו האָבן, נחום באַמזע. ער האָט זיך געוואָלט אויפשטעלן אַ היים. אַ הויז. אַ ביבליאָטעק. אַ שטוב מיט אַ פרוי און מיט אַ קינד... אַ הויז מיט אַ „שטיל־לעבן״ אויפן וואַנט. מיט גייסט און געמיט און אַ בלומענוואַזאָן אינם ראָם פון פענצטער...

די כלה גייט בלינד דעם וועג פון טרויער. אָן שמחה, אָן אַ

חתונה, אָן שום יום־טוב — איז זי דערגאַנגען צום סאַמע טיפסטן טרויער וואָס אַ פרוי גייט דורך: זי באַגלייט איר חתן צום קבר.

די כלה איז מיר עפּעס קענטלעך. איז זי נישט „די יונגע פרוי אויפן טורעם", פון לי־טאַי־פּאָ'ס ליד — אין באַמזעס איבערדיכטונג:

„אויפן טורעם שטייט אַ יינגע פרוי און וואַכט.
פון די יענטשי-בערג, ביים אָנקום פון דער נאַכט,
פלאַטערן בלעטער — ברוינע פייגל איבער וועגן —
אויף אַלע פעלדער לויערן געפאַרן.
דורך דונער, בליצן, האַרבסט און רעגן
גרייטן זיך אין מדבר די באַרבאַרן.
אויפן טורעם שטייט די יינגע פרוי און וואַכט.
יונגע העלדן, גרייטן צו דער שלאַכט,
וואַרטן אויפן שונא — זיגן, אָדער שטאַרבן!
דורכן רויטן טויער רייט אַוועק דער כאַן-שליח,
רויטער זון-פלעק בלוטיקט אויף זיין פליך.
דער טויטן-וואָרעם פּיקט אין יעדן שאַרבן,
אויפן טורעם שטייט די יונגע פרוי און וואַכט".

***

פון דער טונקעלער מאַסע מענטשן ווערט אַלץ ווייניקער. מען צעפּאָרט זיך. מען צעגייט זיך. מען דערווייטערט זיך. מען פאַרבלאָנ־דזשעט זיך. עפּעס ווערט פּלוצלונג ליידיק פאַר דיר דער טראָטואַר. דער שאָסיי ווערט קלאָרער. די עגלה — דער אויטאָמאָביל — איז שוין אַוועקגעפאָרן. זיי טראָגן זיך דאָרטן איבער די וועגן קיין ברוק־לין — אַ קאַראַוואַן פון שוואַרצע אויטאָמאָבילן. ס'איז וואונדערשיין דער טאָג. אַזאַ גאָלדענער טאָג איז נאָר פאַראַן אינם ליד. דער טאָג איז אַרויסגעגאַנגען פונם ליד און זיך געשטעלט אין דינסט צום פּאָעטס לוויה. אין אַזאַ גאָלדענעם טאָג גייט מען נעבעך לייגן דאָס לייב פון אַ יינגן פּאָעט אין דר'ערד אַריין. עס זיינען גרין אויפן וועג די בוימער.

ווער בלייבט דאָ שטיין אויפן נאַקעדיקן טראָטואַר? איך — און אַ איד מיט אַ ברייטער, מעשענער באָרד. ער האַלט אין זיין בלייערנער האַנט אַן אייזערנע, פאַרזשאַווערטע פּושקע און ער טראָגט זי מיר אונטער נאָענט צו די אויגן. עס גייען אויף די היימישע לוויהס פון שטעטל. „צדקה תציל ממות". ראַטעוועט טאַקע צדקה פון טויט? ס'איז נאָך אַ וואונדערלעכע פראַזע אין דעם גרויסן פראַזן־אוצר פון מענטשלעך גייסט־און־לשון.

איך פאָר אַהיים. איך נעם אַרויס באַמזעס בוך „אַ חתונה אין שטעטל". עס ציטערט אויף זיין לויטער געמיט. זיין קלאָר וואָרט. זיין קיינמאָל נישט איבערלאָדן זיינע דיכטערישע כוחות מיט איבע־ריקן באַלאַסט. זיין שטענדיק זיך האַלטן אין די ראַמען פון זיין טאַלאַנט. זיין מעלאַנכאָלישער טאָן און דיכטעריש געמיט. זיין בויען לידער פון רעמיניסענס. פונם פאַרגאַנגענעם. פון סאַסאָווער שטייגער־לעבן און פון יוגנט־איבערלעבעניש. זיין אַריינבעמען די משפחה, די פריינט,

די אידן פון סאַסאָוו אין זיין פּאָעזיע. זיין פאָלקסטימלעכקייט, זיין פשטות און זיין ראַפינירטעט פון אַ מאָדערנעם דיכטער.

איך לייען די פיינע לידער פון לויטער געמיט און דיכטערישע שטימונג. איך טראַכט פון דער וויינענדיקער כלה. און ווען ס'איז שוין שפּעט אין דער נאַכט, פאַרענדיק איך מיט באַמזעס ליד — אין לי־טאַי־פּאָס ווערטער:

„איצט, אין אָוונט-דעמער, לאָמיר זיך דערמאָנען:
דאָ, וואו דאָס ווילדגראָז וואַקסט און שמעטערלינגען
פלאַטערן, איז אַ קייסער-שלאָס געשטאַנען.
אין טאָל האָט דאָס פערד געהירזשעט,
אַ מיידל האָט געזונגען אויפן טורעם פאַרן זון-פאַרגאַנג.
אָ, וואו איז דער קייסער און דער פּאַלאַץ, וואו איז דאָס פערד און דאָס מיידל?
אַלץ פאַרפלויגן, ווי די כוואַליעס אין די טיפע וואַסערן פון יאַנג-טסע-קיאַנג" . . .

ניו־יאָרק, 16 מאַי, 1954.

## פון תהילים

„לויטער פּראַכט איז די בת־מלכה אינעווייניק (אין פּאַלאַץ),
פון געקעסטלטן גאָלדוועב איר מלבוש.
אויף געשטיקטע געוואַנטן ווערט זי צום מלך געפירט;
הינטער איר יונגפרויען, חברטעס אירע, ווערן צוגעבראַכט.
זיי ווערן געפירט מיט פריידן און לוסטיקייט,
זיי קומען אין פּאַלאַץ פון מלך" (תהלים)

עס ווערט ליכטיק ווען דו לייענסט די אוראַלטע שורות פון תהלים. עס ווערט ליכטיק פון דעם פאַרטרעט וואָס דער פּאָעט מאָלט פון דער פּרינצעסין. ווי זי ווערט מיט לוסטיקייט געפירט אין דעם פּאַלאַץ פון קעניג. עס איז ווי אַן אָפּגעבראָכענער פראַגמענט פון אַ געצנדינערישער פּאָעמע. עס איז אַ שטיקל דיכטונג וואָס פאַרבלענדעט די אויגן מיט דער שיינקייט פון דער פּרינצעסין, מיט אירע טייערע קליידער, מיט די שמעקעדיקע יונגפרויען וואָס רינגלען איר אַרום, מיט דער זיסער מוזיק און מיט דער מאַיעסטעטיק פון קעניגלעכקייט. פון די אוראַלטע פערזן פון ספר תהלים האָט פלוצלונג אַ פּרינצעסין אַרויסגעשטעלט איר גאָלדענעם קאָפּ...

## דער אָרגל

עמעץ טראָגט מיר אונטער ערגעץ אין פעלד אַן אָרגל. דער אָרגל ברעכט אַרויס מיט אַ שטורעם, מיט מעלאָדיעס, מיט תהי־לים־לידער. עס יאָמערן פון זיין טיפעניש אַרויס טויזנט נש־מות, פאַרשאָלטענע גייסטער. עס טרעפט: איך גיי אַליין אין טיפער איינזאַמקייט. און פּלוצים ברעכט אויס דער אָרגל מיט זיין פינצטערן לאַמענט. מיט זיין סימפאָניע פון טרויער.



# די גיגאַנטן האָבן ליב די פּעדער

גרויסע שרייבער שרייבן אַ סך. עס איז ביי זיי נישט פאַראַן קיין גרענעץ צום שרייבן. דאָס שרייבן ווערט זייער גאַנץ לעבן. זיי לעבן זיך אויס אין שרייבן. טראָץ דעם בלייבט ביי זיי גענוג לעבן אויף צו לעבן אויך. גרויסע שריפטשטעלער, ווי מיר ווייסן, לעבן אַ סך. דער וואָס שרייבט ווייניק, שאַפט ווייניק דער וואָס שאַפט ווייניק, לעבט ווייניק. ער לעבט נישט אין זיין ווערק. ער לעבט נישט אין זיין לעבן. דער וואָס אומפאַסט נישט די אומגעהייערקייט פון שאַפן, אומפאַסט נישט די קאָלאָסאַלקייט פון לעבן. פונדעסטוועגן, אין דעם קאַמף פון ליטעראַטור, וואָס קומט כסדר פאָר, פּאַראַלעל צום שאַפן און דעם קרעאַטיוון פּראָצעס; אין דער קאָנקורענץ־שלאַכט צווישן די שרייבער כּדי צו פאַרטזעצן זייער עקזיסטענץ און פאַרן זיך אַריינגאַגלען אין דער אייזערנער וואַנט פון אייביקייט, צו וואָס יעדער שעפעריש מענטש שטרעבט און שלאָגט זיך — איז געשאַפן געוואָרן אַ זייער „באַליידיקנדיקער״ עפּיטעט:

— איר שרייבט דאָך אַ סך!

דערמיט וויל מען אָפּזאָגן דאָס לעבן, בעסער געזאָגט, דעם קינסטלעריש־הויכן ווערט, פון דעם יעניקן קינסטלער וואָס שרייבט אַ סך, וואָס שאַפט פיל, וואָס טראַנספאָרמירט כסדר דעם רוי־מאַטעריאַל פון לעבן צו קונסט.

— וועלכע מענטשן זאָגן עס?

— געוויינלעך די יעניקע וועלכע שרייבן ווייניק. וועלכע דרייען זיך אַרום אויף דער אידישער גאַס, אויף דער ליטעראַרישער עוועניו, און זיי פאַראַדירן מיט זייער שרייבן קנאַפּ. פאַר מיר איז עס פּונקט ווי אַן אימפּאָטענט וואָלט פאַראַדירן מיט זיין אימפּאָטענץ. ווי אַ בלאָסער סריס וואָלט אָפּלאַכן פון דעם קעניג וועמענס הונדערט רייצנדע האַרעם־ווייבער ער היט אָפּ... וואָס איז עס אַזאַ גדולה אויפן אויסגעטריקנטן קאָפּ פונם „ווייניק־שרייבער״ וואָס ער שרייבט ווייניק? באַשאַפט ער דען דערמיט גרעסערע ווערק? האָט ער טיפערע געדאַנקען? האָט ער פייערדיקע זעאונגען? טוט ער אַריין מער כוח און לעבן אין זיין ווערק? ווייל סוף־כל־סוף הענגט אָפּ די ליטעראַרישע קוואַליטעט פון אַ ווערק נישט לויט דעם ווייניק אָדער פיל שרייבן, נישט לויט דעם זיך נעמען צייט אָדער זיך איילן — נייערט לויט דעם סכום כוח און ענערגיע וואָס ער האָט דערין אַריינגעלעגט. אַ ווערק קאָסט געזונט. אַ ווערק קאָסט לעבן. אָבער ווי אַזוי קאָן אַ קינסטלער באַזיצן די אַלע קוואַליטעטן, ווען ער ווערט נישט געטריבן פון די עלעמענטאַרע כוחות פון שאַפן? ווי אַזוי ווייסט ער פון גאָט, ווען ער באַזיצט נישט גאָטס אימפּעטיקן, קאָסמישן טריב צום שאַפן? וואָס ווייסט ער פון די מענטשן, אויב ער איז נישט פאַרשאָלטן אָדער געבענטשט פון זייער ריזיקער טעטיקייט? וואָס ווייסט ער פון דעם מענטשלעכן טרויער, אויב ער ווערט כסדר נישט געטריבן צו זיצן אין די נעכט און צו געבן אויסדרוק צו דעם מענטשלעכן טרויער?

מענער ווי טאָלסטאָי, באַלזאַק, דיקענס, ריטשאַרדסאָן, וויטמאַן, טאָראָ, עמערסאָן, פּלאַטאָ און קאַנט — האָבן אַ סך געשאַפן, אַ סך געשריבן, אַ סך געאַרבעט. וויטמאַן זינגט אין זיין גאַנצער פּאָעזיע וועגן אַרבעט פון די מענטשן. וועגן דער טעטיקייט פון די שטאָטן. וועגן דעם וואַקסן פון אַמעריקע. וועגן דעם בויען זיך פון דער מעכטיקער דעמאָקראַטיע אין דער וועלט. גאָר זיין פּאָעזיע איז דורכגענומען פון דער טעטיקייט פון מענטש און פון נאַטור. די שטערן זיינען איילנדיק אין זייער גאַנג אַרום דער ערד. די זון איז אַקטיוו פיר און צוואַנציק שעה אין מעת־לעת. און ער אַליין, דער פּאָעט, ער לויפט אַרום אַן ענטוזיאַסטישער איבער די שטאָטן. ער פאַרשפּרייט זיין וואָרט. ער דרוקט אַליין זיינע לידער. ער פאַרקויפט די טאָמען פּאָעזיע. ער וואַנדערט איבערן קאָנטינענט זוניק צו פּריידיקן זיין וואָרט פון יושר און אמת. און פון מענטשנברודערשאַפט און ליבשאַפט. ער איז טעטיק אין דעם פעלד פון פּאָעזיע. ער העלפט צו צום וואַקסן פון דער גרויסער דעמאָקראַטישער געזעלשאַפט אין אַמעריקע מיט זיין מעכטיקער פּאָעזיע.

פּונקט אַזוי איז אין 17־טן יאָרהונדערט טעטיק אַ וואָלטער. ער שרייבט דראַמע און היסטאָריע. ער שרייבט פילאָסאָפיע און פּאָעזיע. ער מאַכט געשיכטע מיט פּאַמפלעטן. ער ווייסט אַרונטער די גאָלדענע דעכער פון דער קירכע מיט זיין בייסיקער קריטיק. ער איז אומגעהויער טעטיק אַלס אַדוואָקאַט פון די אונטערדריקטע. ער רוט נישט קיין איין מינוט. זיין מעכטיקער חוזק מאַכט ציטערן די פונדאַמענטן פון דער מאָנאַרכיע. ער באַהערשט דעם גאַנצן יאָרהונדערט, דעם יאָרהונדערט פון וואָלטער.

פּונקט אַזוי שרייבט באַלזאַק זיינע ראָמאַנען וואָס נעמען אַרום גאַנצע הונדערט בענדער, און וועלכע ער האָט געשטרעבט צו דערציען צו אַ ריזיקער קייט פון הונדערט און פופציק סאָלידע ספרים, וואָס זאָלן זיין ווי די זיילן פון זיין ריזיקער געביידע — די „מענטשלעכע קאָמעדיע". שרייבן פאַר באַלזאַקן איז נישט קיין קאַפּריז, קיין שטימונג, קיין לייכטזיניקייט. דאָס איז אַ גרויס פייער, וואָס פאַרצערט אים. דאָס איז פאַר אים אַ נאַפּאָלעאָנישע מלחמה. דאָס איז אַ קאַמף מיט דער וועלט. דאָס איז די מעכטיקע טעטיקייט פון אַ ריזיקע גייסטיקע פאַבריק. באַלזאַק וויל אויפבויען אַ וועלט מיט זיין פּיראַמידאַלן ווערק־געבוי.

ער אַרבעט אַליין פאַר הונדערט טויזנט שקלאַפן. ער מויערט אַריין זיין בלוט און מאַרך און לעבן. ער גייט געבן אַ פרעסקאָ פון זיין צייט, פון זיין עפּאָכע, פון זיין צייטאַלטער. ער גייט געבן אויסדרוק צו אַלע געפילן, געדאַנקען, מנהגים, אימפּולסן, אַקטן און קעגנזייטיקע באַציאונגען פון דער גאַנצער מענטשלעכער געזעלשאַפט פון זיין צייט.

די גרויסע מענער פון דער פען האָבן פיל געשאַפן. און ווי שוין געזאָגט, זיי האָבן פיל געלעבט. פאַראַן ביי אונז פּאָעטלעך פון אַ פּאָר צענדליק לידער אין זייער שאַפונגס־קאַסע. דערציילער פון אַן ערך עטלעכע צענדליק דערציילונגען צו זייער קרעדיט. שרייבער

וועלכע ווערן גרוי און אַלט אויף דער עוועניו פון גייסטיקער אימ־פּאָטענץ. און זיי וואַרפן אייך שטענדיק צו :

— איר שרייבט דאָך אַ סך !

דאַרויף קען מען זיי ענטפערן :

— איר זענט סנאָבן. ביי אייך איז דאָס שרייבן אַ מאַניר. איר פּאָזירט מיט דער פּעדער. איר זענט בלוט־אָרעם. איר זענט נישט דורכגענומען פונם פייער פון שאַפן. דער אמתער שריפטשטעלער טראַכט נישט צי מען דאַרף וויניק שרייבן. עס איז אַ קנאַפּע טוגנט אין שרייבן וויניק, פּונקט ווי עס איז נישט קיין אויפטו אין גאָר־נישט שרייבן. דער אמתער שריפטשטעלער האָט נישט קיין צייט צו שפּעקולירן. ער ווייסט אַז די וויניק־שרייבער האָבן נישט קיין כוח. דער וואָס האָט כוח, שרייבט. ער מוז שרייבן. שטערט צו שרייבן אַ מאַקסים גאָרקי, אַ טשעכאָוו, וועט ער משוגע ווערן.

די אידישע קלאַסיקער וועלן אייך אָנקוקן ווי משוגע, ווען איר וועט זיי זאָגן, אַז זיי שרייבן אַ סך. פּרץ, שלום עליכם און מענ־דעלע האָבן פיל געשריבן. אַש און שניאור און רייזען זיינען פּראָ־דוקטיוו. די קלאַסיקער האָבן געטריי געדינט דער ליטעראַטור, דעם פאָלק. ליטעראַטור איז נישט קיין מאַניר. אויך נישט קיין דעקאָ־דענטיזם. אויך נישט קיין בלויזע שטימונג. ליטעראַטור איז שאַפן. שאַפן איז — לעבן. שאַפן איז ביישפּיל. אַרויספאָדערונג־אַקציע. אימפּולס. שאַפן איז דער דראַנג צו פרייהייט. שאַפן איז אַנטביג־דונג פון די רעוואָלוציאָנערע כוחות. פון דעם פּראָגרעס און פון געשיכטע. עס איז אַ קאַמף אויף לעבן און טויט. עס איז אַן אָנשטרענ־גונג פאַרן וועלט־קיום. עס איז אַ שטרייט מיט די פינצטערע כוחות פון דער נאַטור. אַ פאַרמעסט מיט די עלעמענטאַרע סטיכיעס. עס איז אַ קאַמף פאַר קלאָרקייט. אַ גיראַנגל פאַרן אמת. אַ דועל מיטן וועלט־גורל. עס איז אַ רעליגיע. אַ דינען צו גאָט אין הייליקסטן עקסטאַז פונם נפש. עס איז אַ קאָסמישער אַקט. עס איז אַן אָרגאַזם פאַר וועלט־באַשאַפונג.

קונסט איז אַ קאָמבינאַציע פון אַלע מענטשלעכע טעטיקייטן — מיט גאָט, מיט עוואָלוציע, מיט מלחמה פאַר פּראָגרעס. און די אמתע קינסטלער זיינען איבערגעגעבן מיט לייב און מיט לעבן צו דעם דאָזיקן וועלט־פּראָצעס. צו דער וועלט־געשטאַלטונג. צום איבער־שאַפן און איבערגעשטאַלטיקן די וועלט.

דאָס איז נישט קיין קינדערשפּיל. און דאָס קען נישט גענומען ווערן לייכט און לייכטזיניק. אַריבער די קעפּ פון די וויניק־שריי־בער גייען די אמתע קינסטלער צו זייער ציל, צו זייער טעטיקייט פון גייסט. איינעם קאָסט עס אַ פערטל לעבן. איינער באַצאָלט מיט אַ האַלב לעבן. איינער ברענט זיך אויס ווי אַ שטערן. איינער שטירצט אויס זיינע פלאַמען יונגערהייט. אָבער זיי אַלע געהערן צו דער קאָנסטעלאַציע פון גיגאַנטן, וואָס מיינען עס אמתדיק. וואָס נעמען זייער מיסיע טויט־ערנסט. וואָס וואַרפן זיך אַריין אין דער אַרבעט מיט אַ ריזיקן אימפּעט. און די דאָזיקע עלעמענטאַרע, אָנגעצונדענע גייס־טער וועלן קיינמאָל נישט פאַרשטאַנען ווערן דורך די סנאָבן, דורך

די פּאָזערן, דורך די אַנעמישע, אָפּגעפּוצטע שטיקלעך טאַלאַנט, וואָס דערשרעקן זיך פאַר דער סימפּאַניע פון אַ גאון, און זיי ציען פאַר אַ ביליקע סערענאַדע צום גראַנדיעזן אויסדרוק און אויסשטורעם פון אַ דונער. —

אַזוי איז שוין דער גאַנג פון די שעפערישע מענטשן. די ווייניק־שרייבער וועלן גיין אויפן ריינעם טראָטואַר און דער ווינט וועט זיי ווי טויטע בלעטער פאַרווייען. אויפן ברייטן שליאַך וועלן גיין די שעפער און שטורממענטשן וואָס האָבן נישט קיין מורא פאַרן אורוואַלד און פאַרן בליץ; אויף די ברייטע וועגן פון דער נאַטור טראָגן זיך מיט אַן עלעמענטאַרן אימפּעט די גיגאַנטן פון דער ערד. זיי גייען אַריין אין דער וועלט צו באַגעגענען אומגליק און טרויער. זיי האָבן נישט קיין מורא. זיי ווערן געטריבן פון אמת און פון גערעכטיקייט. און פון אַ גרויסער, ברענענדיקער ליבע צום מענטש. זייער גורל גיבן זיי איבער אין די הענט פון פאָלק. און פון די קומענדיקע דורות דערוואַרטן זיי זייער משפט. —

ניו־יאָרק, 12 נאָוועמבער, 1949.

## מאָטאָ צו מיין לעבנסווערק

איך נוץ אויס אַלע שטימונגען — פאַר לידער. איך פאַרוואַנדל אַלע שטימען אין מיר — אין סימפּאַניעס. איך באַשרייב די יונגפאַרשטאָרבענע. די שעמעוודיקע און די פאַרשאָלטענע ברענג איך אַרויס אין גרויסן טאָג־ליכט. איך אַנטהיל די באַשיידענע און די פאַרשאָטנטע. די צאַרטע און די נאַקעטע דעק איך צו מיט וואָלקןפליושן. איך טרייסט די קראַנקע. איך בויג זיך שמערצפול אַריבער איבער די יסורימדיקע אין אַגאָניע. איך רוף אַרויס דורך די יאָרטויזנטער — די ווייטע און די אין ציימן פאַרזונקענע. איך אומאַרם די ליידנדע. איך וועק אויף די פאַרגעסענע. דאָס, מיר דאַכט, איז די מיסיע פון מיין אַרבעט, פון מיין מיט פייער־אַנגעצונדענעם וואָרט...

ניו־יאָרק, יאַנואַר 12, 1945.

## איך קום אַהיים

ווען עס איז קאַלט, שפּעט ביינאַכט, קום איך אַהיים — פון אַלע דאַמען אַן איינזאַמער; פון אַלע פריינט — אַ פרעמדער; פון אַלע ווינטן פון דער וועלט געשלאָגן. פון אַלע שטערן אויסגעחוזקט. דעמאָלט צינד איך אָן דאָס פייער פון קאַמין. מיר איז דעמאָלט גוט צו זיצן לעבן פייער. דאָס איז פון איינזאַמקייט צעגייט. עס איז ווי דער אורמענטש, וואָס האָט ביים פייער, אין דזשאַנגל, זיך געפילט היימישער. מענטש איז נאָך אַלעם געבליבן דער אורמענטש. אַרויסגעריסן פון דער אורלאַנדשאַפט אַרויס.

די לבנה גייט אויף איבערן הימל אַזוי ווי אַ צאַרטע פרוי. זי צעוואַרפט אין דער נאַכט אירע גאָלדענע האָר. זי גייט שלאָפן...

# אינפֿאָרמאַציע וועגן מיכל ליכט

(1887—1953)

אַן אמתער דיכטער לעבט אינם רוים פֿון דער גאַנצער וועלט. פֿונדעסטוועגן האָט געטע געהייסן באַזוכן דאָס לאַנד פֿונם דיכטער, כדי אים בעסער צו קענען און צו פֿאַרשטיין. עס איז קלאָר: אַ פּאָעט איז אַ רעזולטאַט פֿון קאָסמאָס. ער איז אַ קוויאַט פֿון זיין פֿאָלק. אַ קינד פֿון זיין לאַנד. ער איז געבוירן געוואָרן און ער האָט געשעפּט זיין יניקה פֿון דער נאַציאָנאַלער סביבה, הגם זיינע פֿליגל האָבן אָנגערירט אַלע ספֿערן פֿונם וועלט־רוים.

איך גיי נישט נאָר צום לאַנד פֿון אַ דיכטער, נאָר אפֿילו צו זיין הויז. צו זיין גאָרטן. איך זוך די ערד וואו ער האָט אין גרויסער מעלאַנ־כאָליע געשטעלט זיינע וויטיקלעכע טריט. עס איז גוט אַריינצואָטעמען נאָענט דעם פּערפֿיום פֿון זיין נשמה. איך וויל אים פֿיזיש אָנרירן. איך בין מיין גאַנץ לעבן עולה רגל צום דיכטער. אַ געהיימנישפֿולער דראַנג ציט מיך צו זען זיין הויז און זיין היים. צו פֿאַרנעמען די גרויסע שטיל־קייט וואָס ער האָט אַרום זיך געשאַפֿן און וואָס איז אויף אייביק גע־בליבן שטיין אינם רוים.

איך האָב עולה געווען צו די קברים פֿון היינע און סלאָוואַצקי. באַלזאַק און וויקטאָר הוגאָ. אָסקאַרד ווײַלד און לודוויג בערנע. איך בין געגאַנגען צו דעם הויז וואו וואָלט וויטמאַן איז געבוירן געוואָרן און וואו עס שטייען נאָך די לאַנדשאַפֿטן און די בעז־בוימער וואָס ער האָט באַרירט אַלס קינד מיט זיין אויג און וואָס ער וועט שפּעטער איינלאָדן אין זיין דיכטונג. איך האָב באַזוכט דאָס הויז וואו פּאָו האָט געשריבן „די ראָב״ און וואו ער איז אין איינזאַמקייט געזעסן ביים בעט פֿון זיין שטאַרבנדיקן ווייב, ווירדזשיניאַ.

ווען עס איז געשטאָרבן דער פּאָעט מיכל ליכט, האָב איך געליי־ענט אין אַ צייטונג פֿון 12טן יוני, 1953: „דער טויט איז געקומען פּלוצ־לינג, ווען ליכט איז געווען אין דעם פּאַרק פֿון פֿאָרדהעם היל, בראָנקס. ליכט האָט אין די לעצטע יאָרן געוואוינט אויף 2411 ועבּ עווענױ, בראָנקס. ער לאָזט איבער זיין פֿרוי עוועלין.״

פֿון דעם טאָג אָן האָב איך געוואָלט גיין אין דאָזיקן פּאַרק, וואו אַ אידישער דיכטער האָט איינזאַם אויסגעהויכט זיין נשמה. איך האָב געוואָלט זיין אין דאָזיקן הויז, וואו אַ אידישער שריפֿטשטעלער האָט צום לעצטן מאָל מיט זיינע קלוגע אויגן אויף דער וועלט געקוקט. איך האָב געוואָלט רעדן מיט דער דאָזיקער פֿרוי, עוועלין, וואָס איז געווען דעם דיכטערס יאָרנלאַנגע באַגלייטערין אין דעם פֿיינלעכן לעבן זיי־נעם אויף דער ערד.

ווען איך בין אין אַ זוניקן טאָג פֿון חודש יולי, אין יאָר 1953, אָנגעקומען אין הויז פֿון עוועלין מאַרקאָן־ליכט, האָב איך אַרויסגע־קוקט דורך די גרויסע פֿענצטער. ס'איז גרדיס און גערוים געווען דאָס שטיק וועלט וואָס מען האָט פֿון דאָנען אויס געזען. מען האָט געקענט זען אַ ריזיקע פּאַרציע פֿון די בראָנקס און דאָס אויג האָט אַזש דער־

גרייכט שטיקער פון דער פיכטער און גרינער לאַנג־אײַלאַנד. מען האָט געקענט זען נישט ווייט, ביים פּאַרדהעם פּאַרק, אַ גרויסע, אַ שטיינערנע קירכע. איך האָב געקוקט אויף אַלע זאַכן וואָס דער דיכטער האָט באַטראַכט מיט זיינע קלוגע אויגן. ער האָט אַרומגענומען יעדן פרימאָרגן די וועלט־ראַם. ער האָט באַטראַכט דאָס גראַנדיעזע הימלישע געמעלעכץ, די פאַרביקע וואָלקן־ וויטראַזשן פון אַלע פיר זייטן פון דער וועלט. ער האָט אַריינגענומען אין זיך דעם מיסטעריעזן עכאָ פון אַ געוואַלטיקער שטיינערנער שטאָט. זיינע אויגן האָבן זיך אוודאי געמוזט אָפּשטעלן ביי דער גראַניטענער קירכע. קיין פרומער איד איז מיכל ליכט נישט געווען, אויף ווי־ווייט איך ווייס. אָבער וועלכער אמתער פּאָעט שטייט נישט אין מיסטישן עקסטאַז פאַר דער מיסטעריע פונם וועלט־באַשאַף? און אַ מענטש ווי מיכל ליכט, וואָס האָט ליב געהאַט אַלץ צו פאַרשטיין, די גאַנצע פּאַנאָראַמע פון דער מאַטעריע צו באַנעמען, האָט אוודאי געמוזט זיין אַ רעליגיעזע נאַטור.

צוויי פּרויען זיינען געווען אין דער דאָזיקער געררוימער שטוב: צוועלין ליכט און מרס. פאַני מעלעקער, די שוועסטער פונם פּאָעט. עס זיינען ס'רוב די וויינענדיקע פרויען וועלכע בלייבן איבער ביי דעם נאָר־וואָס פאַרשאָטענעם קבר פונם הערלעכן פּרינץ... און אַנטקעגן די צוויי פרויען האָב איך זיך שטיל און פאַרשעמט און מינדערוויכטיק געזעצט מיט מיין טינט־אַנגעפּאַיעטער פען און מיטן קאַיעט וואָס שליסט אין טאָג ביכעריש אַלע מיינע איבערלעבענישן. די פען האָט געצייכנט פשוטע אינפאָרמאַציע־נאָטיצן. וואָרים עס ברענט נישט מיט דער קריטיק. די מאַדאַם קריטיק קען אין דעם דאָזיקן מאָמענט אַביסל צו וואַרטן. איבערהויפּט אין אונזער אידישער סביבה, ווען די ליטעראַרישע קריטיק אז סיי־ווי־סיי פון קנאַפּער באַדייטונג, ווען עס פעלט אַ לעבעדיק פובליקום. מיינס אַן אויספירלעכע אַרבעט, לאָמיך דאָ פאַרציייכענען, איז דערשינען מיט אַ צייט צוריק אין „ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט". לאָמיר אויך אָנגעבן פּינקטלעך די דאַטע: 2טער אַפּריל און 9טער אַפּריל, 1948. די זעלבע אַרבעט איז אויך אַריין אין מיין בוך: „שניט פון מיין פעלד", ניו־יאָרק, 1949.

מיר וועלן דאָ ברענגען אַביסל אינפאָרמאַציע, וואָס עס איז אפשר נייטיק צו פאַרציייכענען, כדי מען זאָל וויסן עפּעס וועגן אַ פּאָעט מיכל ליכט, אויב די קונפטיקע דורות וועלן נאָך בלעטערן אַ אידיש בוך. און מיט ביאָגראַפיעס און מאָנאָגראַפיעס פון אידישע קינסטלער איילט מען זיך דערוויל אויך נישט, בפרט וועגן אַזאַ אומפּאָפּולערן פּאָעט ווי מיכל ליכט איז געווען. — — —

פרייטיק, דעם צוועלפטן יוני, 1953, איז פאָרגעקומען די לויה פון מיכל ליכט. דעם 22טן יולי, פון דעם יאָר 1913, איז מיכל ליכט געקומען קיין אַמעריקע, פונקט מיט פערציק יאָר צוריק. ער איז געקומען אויף אַ וויזיט צוזאַמען מיט זיין מוטער און מיט זיינע זיבן שוועסטער און ברידער. מרס. פאַני מעלעקער, וואָס זיצט דאָ אין שטוב, בשעת איך מאַך נאָטיצן, איז געווען דאָס צווייטע קינד. מיכל ליכט איז פון איר געווען עלטער מיט צוויי יאָר. מיט ניינצן יאָר צוריק, גענוי דעם זעלבן טאָג פון מיכל ליכטס טויט, איז אויך זיינס אַ ברודער געשטאָרבן. זיין

פעטער און מומע האָבן מיכל ליכטן אַדאָפּטירט אַלס זייער אייגן קינד.

דער דיכטער איז געבוירן געוואָרן אינאַ דערפל וואָס האָט געהייסן פליסק, אין די גרינע שטרעקעס פון וואָלינער גובערניע. די שוועסטער זאָגט: „ס'איז געווען אַ וואונדערשיינע דערפל, מיט גרינע בערג, מיט אַ קאַשציאָל".

איך טראַכט: וועלכעס דאָרף איז דען נישט שיין? און ביאַליקס דאָרף איז געווען מיאוס? און פּרצעס זאַמאָשטש איז געווען שלעכט? און שאַגאַלס וויטעבסק איז נישט געווען גראָז־גרין? און מאָריס ראָזענפעלדס באָקשאַ, וואו זיינע עלטערן האָבן געכאַפּט פיש, איז נישט געווען קיין אידיליע? און אַש'ס שטעטל קוטנאָ איז נישט געווען פרום? און שניאורס שקלאָוו איז נישט געווען קיין קעניגרייך פון שיינקייט? און חאַימאָוויטשעס ישיבה־שטעטל מיר האָט נישט געהאַט אַ הערלעכן שלאָס? עס איז יעדעס גרינע ווינקל וואונדערשיין. און דאָרט וואו אַ דיכטער עפנט זיינע ליכטיקע אויגן, דאָרט שטראַלט די נאַטור מיט געטלעכקייט. און נישט נאָר די שווייץ און איטאַליע זיינען שיין. יעדעס נאַטור־ווינקל געדענקט זיך שענער צו דעם וואָס איז דאָרט געבוירן געוואָרן ווי אַ טויזנט שווייצער לאַנדשאַפטן.

און עפּעס פּלאָנטערט זיך ביים געבורט פונם דיכטער אַ קאַש־ציאָל. דער קאַשציאָל וועט וואַנדערן צו דער לעצטער לאַנדשאַפט, אין די בראָנקס, ביז צו די לעצטע טעג . . .

עס איז געווען דער טאַטע אַ פּאָסעסאָר פון וועלדער און פעלדער. עס איז נישט קיין שלעכטע מלאכה. אויך אַ פּאָעט איז אַ פּאָסעסאָר פון וועלדער און פעלדער. ס'האָט יעדער דיכטער צו זיין דיספּאָזיציע דעם גאַנצן רוים. און וואָס ער וויל טאָן מיט אים, טוט ער, אין קעניגטום פון זיין אויסדערוויילטן ליד. מיכל ליכט האָט טיף ליב געהאַט די טאָלן און בערגער און פרעסקאָס פון דער נאַטור. ווי אַ מאָדערנער דיכטער האָט ער שוין צופיל ליב געהאַט די נאַטור. אין זיין יעדן ליד האָט זיך אריינגעבראָכן אַ לאַנדשאַפט. ער האָט אָבער די נאַטור רעאַנראַזשירט אין זיין ליד. ער האָט זי געגעבן אין אַ ניי־אימאַזש און ניי־פאָרם.

איר האָט צוטאָן מיט אַ פּאָעט וואָס מאָלט ווייך מיט ווערטער ווי מיט זייד'ענע פּענדזלען. אָט ווי ער טוט אַ מאָל מיטן אידיש־לשון־פּענדזל — און אַמאָל אפילו מיט פולער באַרשט קאָלער און גאָלד:

„אין אַ גרינעם בערגלס טעלער ליגן
קומט דער נעגל פאַרסקאַרזלעטער צאָפּ
מיט די קאָלטענעס און באָרד. די קופּערנע זון
פיבערט אין זיינע שלשלת־געפּלאָכטענע הערנער
ווען טאָג הייבט אָן פאַרמאָלן פעלערן
און פאַרלייזן שטיקלעך אָפּגעלושעטע קאָלירן
רוקן פינגער זיך אַרויס פון בערגלס וועלדל,
פינגער פון פאַרשפּינוועבטע שאָטנס,
ביז אַ זיסער טראָפּן פונם הימל
וואַשט אַרום דעם אַלטן
פון זיין אויסערלעכן שימל.

די האַרט־הייסע הענט ביי אים מיט בייזן מאָך־געל —
געל ווי אמבער אין דעם זון־געשפּיל.״

— ווען, אומגעפער, האָט מיכל ליכט אָנגעהויבן צו שרייבן?

עס ענטפערן בײדע פרויען צוזאַמען: ווען ער איז געווען נאָך אַ קליין אינגעלע פון אַ יאָר זיבן, אַכט. אַזוי שנעל ווי זיין יונג הענטל האָט גענומען די פען אין דער האַנט אַריין, האָט ער שוין זי געפּרוּווט פירן אין די רעגיאָנען פונם מיסטעריעזן וואָרט.

מיכל ליכט, עס וועט זיין אינטערעסאַנט צו וויסן, האָט צו פערצן יאָר שוין געשיקט אַ פּאָעמע צום גראַף לעוו טאָלסטאָי. און דער מעכ־טיקער רוסישער שריפטשטעלער, טאַקע טאָלסטאָי אַליין, דער גראַף וואָס האָט פאַרריכט שיך און האָט זיך געחברט מיט פויערים, האָט אים געענטפערט מיט אַ בריוו. ער האָט געלויבט די פּאָעמע. די פּאָעמע איז ערגעץ וואו פאַרפּנטלעכט געוואָרן. דער בריוו איז אוודאי ערגעץ וואו פאַרלוירן געוואָרן. אָבער עס איז טיפּיש פאַר מיכל ליכטן — דער פאַר־נעם: צו שיקן זיין וואָרט־שאַפונג, ביי די סאַמע ערשטע שריט זיינע, צום גרעסטן רוסישן מייסטער. מיינט עס דאָך אויך אַז ער האָט זיך, אין זיינע אינגלערישע אַמביציעס, פאַרנומען גאָר אויף רוסיש, נישט אויף אידיש.

מיכל ליכט האָט, קומענדיק קיין אַמעריקע, געהאַט פּלענער צו פאָרן קיין ליעזש, (בעלגיע), כדי צו שטודירן אין דעם דאָרטיקן אוני־ווערזיטעט. אָבער די ערשטע וועלט־מלחמה ברעכט אויס, איז ער שוין דאָ פאַרבליבן. מיכל ליכט איז געווען אַן אמתער געלערנטער, אַ גרוי־סער סאַוואַנט, אין פולן זינען פון וואָרט. ער איז אַ צייט געגאַנגען אין מאַנהעטן קאָלעדזש. אויך אין רענד־סקול. ער האָט גענומען קורסן אין פאַרשיידענע שולן. ער איז געווען אַ לערער אין דער שטאָטס צוגרייי־טונג־שולן, פאַר אימיגראַנטן. אָבער מערסטנס איז ער געווען אַן אווי־טאָדידאַקט. ער האָט זיך אַלץ אַליין אויסגעלערנט. און ער האָט טאָג און נאַכט געלערנט. ער האָט זיך כסדר באַרייכערט מיט פרישן וויסן.

מערקווירדיק איז געווען זיין חוש און רייכע קענטעניש פון מוזיק. אין משך פון יאָרן האָט ער אָנגעזאַמלט אַ גרויסע ביבליאָטעק וועגן מו־זיק. אַ מאַסע רעקאָרדס. ער אַליין האָט גוט געשפּילט אויף אַלע מוזי־קאַלישע אינסטרומענטן. נאָך איין־און־איינציקער לעקציע האָט ער באַ־הערשט דאָס שפּילן אויף דער צאַרטער טשעלאָ. זאָגט צו אים איינמאָל אַ באַדייטנדיקער מוזיקאַנט:

— דו האָסט באַדאַרפט זיין אַ קאָנדוקטאָר.

ווען מיכל ליכט האָט געהערט אַ מוזיקאַלישע זאַך, לאָמיר זאָגן, אַן אָפּוס פון הידען, איז ער באַלד געגאַנגען צו דער מוזיקאַלישער ענציקלאָפּעדיע. ער האָט פריער דורכגעקוקט אַלץ אין זיין ביבליאָטעק. ער האָט געלאָזט שפּילן די פאָנאָגראַפן. ביז ער האָט פאַרצייכנט און אויסגעפונען די גאַנצע ליטעראַטור אַרום דעם באַטרעפנדיקן ווערק

ער האָט געמאַכט אַ ריזיקן קאַטאַלאָג פון אַלע זיינע מוזיקאַלישע אוצרות. ער האָט געזוכט די לידער פון אַלע מוזיק־שטיקער. ער האָט געווי פאַרצייכנט נעמען און דאַטעס. ער האָט וועגן די ענינים געפירט

קאָרעספּאָנדענץ מיט פריינט. ער האָט צונויפגעשטעלט ריזיקע אַנטאָ־לאָגיעס מיט די לידער פון דער מוזיק, וואָס ער האָט געקענט און געהערט.

מיכל האָט באַזעסן אַ פענאָמענאַלן זכרון, געוואַלטיקן געדולד, פּרעציזקייט און אָרדנונג, סיסטעם און ענערגיע. אין אַלע זיינע ביכער, וואָס ער האָט געלייענט, האָט ער געמאַכט נאָטיצן און באַמערקונגען. אַלץ איז געווען מיט גרויס סיסטעם אָרגאַניזירט און געשלאָסן. ער האָט שטודירט טאָג און נאַכט. ער האָט ניט געהאַט גענוג צייט אינם פיר־און־צוואַנציק שעהדיקן מעת־לעת. אַלץ איז דורך אים געוואָרן געלייענט און וויסנשאַפטלעך שטודירט.

מיכל ליכט האָט אויך געקענט געזעץ. עס זאָגט איינמאָל צו אים אַ גרויסער אַדוואָקאַט:

— דו ווייסט מער וועגן געזעץ ווי איך. דו האָסט באַדאַרפט זיין אַ ריכטער.

מיכל ליכט האָט אויך גוט געקענט מאָלעריי.

איך פרעג:

— וואָלט ער דאָס אַלץ געטאָן ווען ער וואָלט געווען געזונט? איז עס נישט געווען דער אינטעלעקטועלער צייט־פאַרטרייב פון אַן אינ־וואַליד?

— אפשר נאָך מער וואָלט ער דאָס געטאָן ווען ער וואָלט געווען געזונט! — זאָגט זיין פרוי עוועלין. — ער האָט פּאַקטיש אָנגעהויבן צו זאַמלען פאָנאָגראַפן ווען ער איז געווען געזונט.

איך קוק זיך אַרום אין דער געררומער שטוב: דאָ שטייען די שענקלעך מיט זיינע רעקאָרדס, מיט זיין מוזיקאַלישער ביבליאָטעק. דאָ הענגען אויף די ווענט די וואַסער־קאָלירן פון עוועלין מאַרקאָן־ליכט. דאָ ליגן אויף דער פּאָדלאָגע די שטילע, ווייכע טעפּיך־לאַנדשאַפטן. דאָ זיצן ביידע פרויען, אָנגעקליידט אין טרויער און אין לאַמענט. דאָ, אָט־דאָ, האָט געוואוינט דער דיכטער מיכל ליכט. דאָ האָט ער געטראַכט און גע־לייענט. דאָ האָט ער געררים שפּאַצירט און האָט פאַרבראַכט זיינע שעהן, ווען די פרוי איז געגאַנגען צו איר אַרבעט און ווען די זון האָט אויפגעלויכטן אויף צו פאַרקונדיקן די גרויסקייט פונם נייעם טאָג.

מיכל ליכט האָט לעצטנס אָבאָנירט אַ געוויסן ענגלישן זשורנאַל אויף פינף יאָר פאַרויס. האָט ער געגלויבט אַז ער וועט לעבן אַזוי לאַנג?

מיכל ליכט גיט דערויף אַן ענטפער. ער פלעגט זאָגן:

— דו דאַרפסט לעבן ווי דו וואָלסט זיך גרייטן צו לעבן אַן אייבי־קייט. דו דאַרפסט אַלץ צוגרייטן אַזוי ווי עס וואָלט געווען דיין לעצ־טער טאָג.

אָט אַזוי האָט ער געאַרבעט יעדן טאָג, ווי עס וואָלט געווען דער לעצטער טאָג. און דאָך האָט ער געוואָלט לעבן לאַנג. ער האָט אַלץ גע־טאָן מיטן לעצטן כוח.

אין דער סביבה פון אידישע שרייבער — און יעקב גלאַטשטיין אין זיין קאָלום וועגן דעם דיכטער, האָט אפילו אויף דעם מאָטיוו איראָ־ניזירט — איז אָנגענומען אַז מיכל ליכט האָט שטאַרק מורא געהאַט פאַרן טויט. אַז ער האָט געלעבט אַ טויט לעבן כמעט ניינצן יאָר צייט.

לויט פאַקטן שטימט דאָס נישט מיטן פולן אמת. אוודאי האָט מיכל ליכט זיך אָפּגעהיטן. אוודאי האָט ער נישט פּראָוואָצירט דעם מלאך־המות. אוודאי האָט ער געלעבט אַ זייער פּאָרזיכטיק לעבן. אָבער, לויט דעם עדות זאָגן פוןביידע פרויען, איז ליכט געווען צוגעגרייט צום טויט. ער האָט זיך פאַרן טויט נישט געשראָקן. ער האָט אפילו דעם טויט אויפגענומען באהבה. ווען איינמאָל נעמט ער אַ שפּריץ־באָד און קיינער איז נישטאָ אין הויז, זאָגט צו אים שפּעטער זיין שוועסטער אַז ער באַדאַרף זיך באָדן ווען עוועלין איז אין הויז. זאָגט מיכל ליכט אַז ער האָט אַבסאָלוט נישט קיין מורא פאַרן טויט און אַז ער קען קומען ווען אים געפעלט.

מיכל ליכט האָט אַלץ, ווי שוין געזאָגט, געטאָן מיט גרויס פּרעציזקייט און אָרדנונג. די זאַכן וואָס ער האָט געטאָן, האָבן אים נישט אויפגערעגט. פאַרוואָס מיכל ליכט האָט יאָ מורא געהאַט, איז פאַר דעם פייער פון ליטעראַטור. ליטעראַטור איז געווען די גרויסע ליידנשאַפט פון דעם דאָזיקן איינזאַמען דיכטער. ליטעראַטור איז געווען זיין גרויסע דראַמע. און ער פלעגט זאָגן, אַז ווען ער וואָלט זיך געפילט פיזיש שטאַרק, וואָלט ער אָנגעפירט אַ גרויסן קאַמף. ער וואָלט אַרויסגעגעבן אַ זשורנאַל. ער וואָלט אָנגעפירט אַ מעכטיקע פּאָלעמיק מיט זיינע קעגנער, יענע צופרידענע, זאַטע און פיליסטערישע פּאָעטן, וואָס פּאַטשן זיך אין די בייכער, אַזוי שטאַרק צעפרידענע מיט זייער שלאָבעריקער שאַפונג. מיכל האָט זיי גוט געקענט. ער, דער נאָבעלער ריטער, אָבער צוגעגרייט צום קאַמף מיט אַ שאַרפן לאַנצעט, מיט אַ דינער שפּיז פון זיין געוואַלטיקן וויסן אין דער וועלט פון דיכטונג, מיט זיין לאָגיק און חכמה, וואָלט אַן צוויפל צעמישט, צעטומלט און פאַרשעמט זיינע קעגנער, די געקרוינטע פּאָעטן, וועמענס יעדעס וואָרט מען פאַרשטייט, מ׳שטיינס געזאָגט... אָבער וואָס קומט אַרויס פונם גאַנצן פאַרשטייק, ווען עס פעלט דאָס איביקע וואונדער פון דיכטונג?..

מיכל ליכט, דער מאָדערניסט און אומקאָמפּראָמיסלער, וואָס האָט אין זיין יעדער ליד זיך באַמיט צו זיין ניי, אַנדערש, דערפרישנדיק; וואָס האָט געזוכט שטענדיק צו ברעכן יענע מאָנאָטאָניע און יענע קלאַסישע פּאָעטישע מאַנעריזמען, וואָס אַ דיכטער באַדאַרף האָבן נישט נאָר טאַלאַנט, נאָר געוואַגטקייט און כאַראַקטער זיי אויסצומיידן, זיי אויסצוברעכן מיטן פייער פון ניי־וואָרט, ניי־זעאונג, ניי־אַראַנזשירונגאון ניי־קלאַנג; מיכל ליכט דער מאָדערניסט האָט וואויל געוואוסט אַז ניינציק פּראָצענט פון דער דיכטונג פון זיינע קאָנטעמפּאָרערים איז פאַרטיקער אָנוואַקס, אומשעפּערישער שאַבלאָן, וואָס פריערדיקע דיכטער האָבן געשאַפן. וואָרים ליטעראַטור פאָדערט כסדרדיקע באַנייאונג, אַנדערש, חזרט זי בלויז איבער דאָס שוין לאַנג געזאָגטע און לאַנג־געזונגענע.

מיכל ליכט וואָלט ריטעריש געקעמפט פאַרן חשיבות פון וואָרט. נאָר, נעבעך, דער וואונדערלעכער ריטער האָט געטראָגן אַ טיפע וואונד אין האַרצן... ביים מינדסטן אָנשטרענג פלעגט ער צוזאַמענברעכן. די וואונד אין האַרצן האָט יעדעס מאָל אויפדאָסניי אויפגעבלוטיקט...

ליטעראַטור איז געווען זיין גרויסער ראָמאַנס. ווי אַן ערשטע גע־ליבטע, האָט ער זי געטראָגן צאַרט אין זיין פאַררוואונדעטן האַרצן. ווען ער פלעגט רעדן וועגן ליטעראַטור, פלעגט ער ווערן אויפגערעגט, הוסטן, פאַרלירן דעם אָטעם און דעם נעקסטן טאָג פלעגט ער זיין אַ טויט־קראַנקער.

די אייביקע טראַגישע איראָניע פון דער נאַטור! דער וואָס האָט אַזוי געוואַלטיק ליב ליטעראַטור, האָט געמוזט אָוועקשטיין פון ליטע־ראַטור.. און זיינע קעגנער האָבן רואיק געקענט חוזקן. וואָרים דער ריטער איז קראַנק... דער ריטער קען זיך נישט פאַרטיידיקן...

אין יאָר 1926 איז אין „פאַרלאַג גראַהאַר און סטאַדאָלסקי״, אין ניו־יאָרק, דערשינען מיכל ליכטס איבערזעצונג פון „יורגען״, קאָמע־דיע פון גערעכטיקייט, פון דזשיימס ברענטש קעבל. די איבערזעצונג איז געווען אַ מייסטערשטיק פון קעבלס קלוגער, איראָנישער און פולבלו־טיקער פראָזע. איך האַלט אין האַנט דעם עקזעמפּלאַר וואָס קעבל האָט דעדיקירט:

“This Copy of “Jurgen”, inscribed for Michel Licht, with all the best wishes of James Branch Cabell.
20 March, 1927.

ווען דזשיימס ברענטש קעבל האָט געקראָגן אַ קאָפּיע פון דער איבער־זעצונג, האָט ער געשריבן צום פאַרלעגער:

“The Jiddish “Jurgen” is indeed a most welcome and surprising volum. So far as I can judge the tranlation is apt and faithful; it is true I can decipher only the numerals in the Chapter readings.”
“World”, 4-10-27.

דזשיימס ברענטש קעבל האָט איינגעלאַדן מיכל ליכטן צו קומען צו גאַסט אויף זיין פאַרם, אין ריטשמאָנד היל, ווירדזשיניאַ, וואו עס זיינען געווען פאַרזאַמלט די אַלע אויסגאַבן פון די „יורגען״־איבערזע־צונגען. וואָלט מיכל ליכט אַהין געפאָרן, וואָלט ער אודאי פאַרבראַכט אָנגענעמענע שטונדן מיטן קלוגן מחבר פון „יורגען״. מיר וואָלטן גע־קענט שילדערן אַ סצענע, ווי אויפן שטילן, גרינעם וועג, צווישן ני־דעריקע און געטריע קאַרשנבוימער, באַוועגן זיך צוויי לויכטנדיקע מענטשן: זיי באַלויכטן די שטילקייט מיט זייערע גייסטער. צוויי חכמים: מייסטער און איבערזעצער...

נאָר, גיט צו אומעטיק די שטילע, לײדנדע עוועלין:

— מיכל ליכט האָט קיינמאָל נישט קיין צייט געהאַט צו פאָרן ערגעץ...

זי זאָגט נישט: ער האָט נעבעך קיינמאָל קיין כוח נישט געהאַט צו פאָרן ערגעץ...

עס וואָלט זיין אומגערעכט, ווען מען פרעטענדירט צו געבן ליטע־ראַרישע אינפאָרמאַציע וועגן מיכל ליכט, נישט צו דערמאָנען איינעם, וואָס האָט געהאַט דעם פאַרשטאַנד מקרב צו זיין דעם דיכטער נאָך אין אַ צייט, ווען ער האָט כמעט געשטעלט זיינע ערשטע ליטעראַרישע טריט. און דאָס איז קאָלעגע יצחק ליבמאַן.

ווארים, ווען איך האָב אין איילעניש דורכגעבלעטערט די דיקע יאָרגאַנג־וואָלומס פון „אונדזער בוך״, אַ צוויי־מאָנאַטלעכער זשורנאַל, וואָס יצחק ליבמאַן האָט אַרויסגעגעבן, און וואָס איז דערשינען אין די יאָרן 1930—1926, בין איך איבעראַשט געוואָרן פון דעם שטיק מאָדערנע אידישע ליטעראַטור, וואָס עס איז דאָ אָפּגעדרוקט געוואָרן. אויף די געלבע, געדיכט־באַדרוקטע בלעטער, באַקעגענען מיר נעמען פון די סאַמע קאָריפעען פון דער אידישער ליטעראַטור, ווי יהואש און אברהם רייזען. ממש די גאַנצע מאָדערנע אידישע ליטעראַטור האָט דאָ געשטעלט אירע ערשטע, נישט־זיכערע טריט. (ווארים דאָס איז דאָך געווען, מען טאָר נישט פאַרגעסן, מיט דריי צענדליק יאָר צוריק). שוין פונם אַרויסהויבן פון דאָזיקן קוואַליקן ברונעם פון „אונדזער בוך״ אַ פּאָר נעמען, וועט זעעוודיק מאַכן־פאָרן לייענער וואָס דאָ האָט זיך אָפּגעטאָן. איך פּרוביר געבן אַ ביסל נעמען: אַלקוויט, באַסין, בימקאָ, ברוך גלאַז־מאַן, הערמאַן גאָלד, משה נאַדיר, יעקב גלאַטשטיין, א. ראַבאָי, נ. פּערלמאַן, אפרים אויערבאַך, מאַרק שווייד, מאטעס דייטש, ש. לעוו, יעקב סטאָדאָלסקי, ש. קורץ און מיכל ליכט. און פון די עלטערע: א. רעוואוצקי, דר. יצחק ריבקינד, דר. שאַצקי, דר. מוקדוני.

ווי געזאָגט, „אונדזער בוך״ שטעלט מיט זיך פאָר אַ שטיק ליטע־ראַטור־געשיכטע. זיינע בלעטער זיינען ממש היסטאָרישע פּאַרמעטן, אין וועלכן ס׳איז אַריינבאַשריבן אַ וויכטיק קאַפּיטל אידישע ליטעראַטור. די דאָזיקע אַלע נעמען זיינען דעמאָלט געווען מיט דרייסיק יאָר אינגער, דאָס מיינט: אָנהויבער, פּיאָנערן, מיט אומגעניטע הענט־און־פּענעס, נישט דרייסט נאָך מיט זייער שאַפונג. אַ סך, גאָר אַ סך פון די דאָזיקע ערשטע טריטלער זיינען שוין איצט אָנערקענטע שריפטשטעלער. גאָר אַ סך האָבן שוין פאַרגעסן זייער אַמאָליקן רעוואָלוציאָנערן אָנהויב. גאָר אַ סך האָבן שוין פאַרגעסן זייער דרייסטן און מוטיקן רעדאַקטאָר, יצחק ליבמאַן. ווארים ביי די אומות העולם גיט מען אָפּ כבוד אַ פּיאָ־נערישן רעדאַקטאָר, וואָס האָט געוואָגט צו דרוקן, אַרויסצופירן די שאַ־פונגען פון פּיאָנערן. און ביי וועלכע, מ׳שטיינס געזאָגט, באַדינגונגען ער האָט שוין דעמאָלט געקעמפט פאַרן עקזיסטענץ פון זשורנאַל און פאַר דעם ליטעראַרישן מאַטעריאַל פון „אונדזער בוך״. אין זיינע עטלעכע קריטישע אַרבעטן זעט מען שוין דעמאָלט ליבמאַנען אין קאַמף מיט אַזעלכע קריטיקער ווי אַלגין, ניגער און שאַצקי. קריטיקער וואָס האָבן זיך פאַרמאָסטן אויף די דעמאָלט נאָך גאָר יונגע און איצט שוין היפּש־איינגעבירגערטע, אידיש־וועלט־אָנערקענטע און אָן ספקדיק־עטאַבלירטע טאַלאַנטן.

דער זשורנאַל איז געווען געווידמעט צו ליטעראַטור־קריטיק און די בעסערע, מאָדערנע, עסטעטישע שאַפונג אין ליטעראַטור. דאָס איז געווען אַן אומקאָמפּראָמיסלעכער זשורנאַל פאַר העכערע קונסט־שטאַנ־דאַרטן. אין אַ מאָדערנעם טאָן און זשאַנר.

אַן אויבנאויפיקער, ווי געזאָגט, אַריינבליק און אַריינבלעטער אין די שוין געלבע, היסטאָריש־חשובע בלעטער פונם זשורנאַל, וואָס וועקן פּיעטעט און דורכאויסיקן דרך־ארץ, דעקט אָפּ, אַז יצחק ליבמאַן איז דאָ

געוועז דער אמתער יצחק ליבמאַן — ביים אָנפאַנג פון זיין קאַריערע, אַן שום קאָמפּראָמיסן. פון די דאָזיקע זשורנאַלן קען מען זיך מאַכן אַ פאָרשטעלונג וואָס ליבמאַן וואָלט געקענט זיין ווען ער האָט ברייטע מעגלעכקייטן פאַר רעדאַקטאָרישער און פאַרלעגערישער טעטיקייט.

און טאַקע דאָ אין „אונדזער בוך” — באַגעגנט מען ברייטע, רחבותדיקע סעריעס העכסט־מאָדערנע לידער פון דעם דעמאָלט יונגען, אָבער שוין מיט אַן אייגענעם דיכטערישן פנים, מיכל ליכט. דאָ האָט דער מאָדערניסט זיך געקענט ברייט צעפירן די הענט איבער עסטעטישע פּראָבלעמען פון ליטעראַטור; דאָ לייענט מען זיינע גלענצנדע אָפּשאַ־צונגען פון דער אַמעריקאַנער און ענגלישער פּאָעזיע, וואָס איז שוין אויך איצט עטאַבלירט און האָט נאָך דעמאָלט געהאַלטן ביים אויסקעמפן און אויספעכטן זיך מיט דער שווערט אַ פּלאַץ אונטער דער ליטעראַרישער זון. מיכל ליכט איז געווען, מען קען זאָגן, דער איינציקער ספּעציאַליסט אין דעם דאָזיקן פעלד. מען קען זאָגן, אַז איבערזעצונגען פון אַזעלכע ענגלישע און אַמעריקאַנישע שעפער ווי עזרא פּאַונד, קאַרל סאַנדבורג, וואַלאַס סטיוועגס, מאַריאַן מור, דזשאַן גולד פלעטשער, ט. ס. עליאָט, גערטרוד סטיין, אַלפרעד קריימבאָרג, וויליאַם קאַרלאָס וויליאַמס, און אפילו פון אַזאַ עלטערן, אָבער אייביק יונגן, שטראַלנדיקן פּאָעט ווי פּ. ב. שעלי — האָט געמיינט געוואַגטקייט פון מיכל ליכטס זייט די דאָזיקע קאָמפּליצירטע, מאָדערנע פּאָעטן אַריינצופירן אין דער אידישער לי־טעראַטור. ס'האָט געמיינט גרויס קענטניש פון דער אַמעריקאַנער און ענגלישער ליטעראַטור און ס'האָט געמיינט די דאָזיקע פּאָעטיש־בייע פאָרמען — ביי אפילו פאַר דער אַמעריקאַנער פּאָעזיע — אַריבערצופירן אויף דער דיכטערישער קאַרעטע אין לשון־אידיש.

וואו איז איצט די אידישע איבערזעצונג פון דער וועלט־ליטעראַ־טור? געשטאָרבן. אייסען און לאַפּין האָבן זיךביידע אָנגעזעצט אויף שעקספּירס סאָנעטן. אָבער ווער זעצט עס איצט איבער — דריי יאָר־צענדליק שפּעטער — די פּאָעטן וואָס זיינען שוין איצט זקנים און אַ סך פון זיי טויט און וואָס זיינען צו יענער צייט געווען רעוואָלוציאָנערן, נאָוואַטאָרן פון פערז?!

אין „אונדזער בוך” האָט זיך מיכל ליכט געפונען דיכטעריש און איבערזעצעריש. וואָרים דאָ האָט ער געשאַפן אין זיין מיליע. דאָ איז ער אינספּירירט געוואָרן צום נייעם, שעפערישן וואָרט. מיכל ליכט האָט קיינמאָל, אין פאַרלויף פון די אַלע יאָרן, זיך נישט געדרוקט דאָרט וואו עס איז ניט געווען זיין מיליע, זיין סביבה. וואו ס'האָט זיך ניט געפילט דער אַראָמאַט פון עפּעס מאָדערן־עסטעטישעס. וואו דער גאָרטן איז נישט געווען ריין.

ווי געזאָגט, עס פירט זיך אין דער וועלט־ליטעראַטור אַז מען דער־מאָנט מיט כבוד און מיט ליבע יענע פּיאָנערן־רעדאַקטאָרן וואָס האָבן מוטיק אַרויסגעפירט אין דער שלאַכט פון וואָרט די נייע וואָרט־באַשע־פער. ביי אונז קומט פאַר עפּעס פאַרקערטעס: נישט נאָר מען באַדאַנקט נישט אַזאַ רעדאַקטאָר — נאָר מען פאַרלייקנט אַבסאָלוט יצחק ליבמאַנס ווערט און ראָלע פאַר דער נייער אידישער ליטעראַטור. די פאַרליי־

קענונג ווערט סיסטעמאַטיש דורכגעפירט אין דער אידישער ענציקלאָ־פעדיע, אין געשיכטע־ביכער פון דער אידישער פרעסע אין אַמעריקע. עס פאַרלייקענען געגוי אפילו די יעניקע וואָס האָבן אַליין מיטגעאַרבעט אין יצחק ליבמאַנס זשורנאַלן.

וואָסאַרא ווארט קען מען באַנוצן צו אַזעלכע „אומפאַרטייאישע" פראָפעסאָרן, קריטיקער און „וויסנשאַפטלער" ?

יאָ, מיר קומען צום לעצטן טאָג פון דעם פאָעטס לעבן...

עס איז געווען דינסטיק, אין דעם לעצטן אָוונט וואָס דער צום טויט־פאַראורטיילטער מיכל ליכט האָט נאָך געקענט האַלטן אָפן די אויגן און ארויסקוקן דורך די ברייטע פענצטער אויף דעם שטיק וועלט וואָס מיר רופן אָן בראָנקס — און אַ שטיק לאָנג־איילאַנד, דאָרטן ווי־טער, וואו עס לאָזט זיך בלוי אַרונטער ביי די ראַנדן פון דער ערד דער הימלישער פאָרהאַנג. אייגנטלעך איז דאָך יעדער מענטש, מיר ווייסן וואויל, פאַראורטיילט צום טויט. נאָר מיכל ליכט איז געווען פאַראור־טיילט צו שטאַרבן שוין דעם נעקסטן טאָג, מיטוואָך, און היינט אָוונט איז דינסטיק... שטעל דיר פאָר, לייענער, ווי די לעצטע מינוטן, שטונדן, טריפן, טריפן מיט אַ געוואַלטיקער שנעלקייט... ווען אַ מענטש זאָל וויסן אַז דאָס איז זיין לעצטער טאָג, זיין לעצטע נאַכט, זיינע לעצטע שטונדן...

יאָ, מענטשן האָבן דאָס געוואוסט... און וואָס זיי האָבן איבער־געלעבט, דאָס ווייסט קיינער נישט.

עס איז אַ טעמע פאַרן גרויסן נאָוועליסט... אין פלוג דאַכט זיך אַז אַזאַ מענטש וואָלט באַדאַרפט אויסשרייען אַ געשריי ביז צום הימל הויך... אויפרייסן זיינע אויגן ביז צום פלאַצן. אָבער, עס קומט פאָר דאָס פאַרקערטע: די גרויסע, טיפע שטילקייט קומט. די רעזיגנאַציע נידערט אַראָפּ פון די בערג, ווי דער פאַרנאַכט צום טאָל פון טויט. די רעזיגנאַציע קומט שטיל, מיט סאַמעט־וויכע שיך, צום שטאַרבנדיקן מענטש...

שטייט אַזוי דער צום טויט־פאַראורטיילטער מיכל ליכט אין זיין לעצטן דינסטיקדיקן אָוונט ביים פענצטער. עס צינדן זיך אָן די פייערן פון אַלע הייזער אין די בראָנקס. אויך די נאָענטע שטיינערנע קירכע ווערט אילומינירט פון איר גרויסן עלעקטרישן צלם. און מיכל ליכט קוקט אויף אַלץ און ער זאָגט:

— עוועלין, עס איז אַגרויסע פּריווילעגיע דאָ צו וואוינען און אַרויסקוקן דורך די פענצטער אויף דער וועלט!

יאָ, עס איז געווען אַ גרויסע פּריווילעגיע — צוויי יאָר צייט. וואָ־רים, ווען עוועלין האָט זיך דאָ אַריבערגעצויגן פון מאַנראָ סטריט, ביים איסט ריווער, איז זי דאָ געקומען אַליין. מיכל ליכט איז געווען אין שפּיטאָל. און ווען זי האָט אים געוואָלט אַהיימנעמען צו זיך, זאָגט צו איר דער דאָקטאָר:

— דו טאָרסט אים נישט אַהיימנעמען, וואָרים עס וועט ניט זיין וואָס אַהיימצונעמען...

עס איז יאָ געווען וואָס אַהיימצונעמען. וואָרים ווען עוועלין נעמט אַהיים מיכל ליכטן, טראָץ דער פינצטערער נביאות פונם דאָקטאָר,

לעבט ער נאָך גאַנצע צוויי יאָר... און צוויי יאָר לעבן ביי אַזאַ אינ־טעלעקטועל־רייכן מענטשן ווי מיכל ליכט איז געווען, קען קוים אַ פע־דער אָפּשאַצן און באַשרייבן וואָס דאָס מיינט. עס מיינט אַן אייביקייט...

נו, דער לעצטער דינסטיק אָוונט רינט אויס אַזוי ווי אַ רויך. די שטונדן רוקן זיך אויפן גרויסן ציפערבלאַט פון דעם זייגער אינם קיר־כע־טורעם. עס איז שוין מיטוואָך בייטאָג. און ווען עוועלין גייט אַוועק אין דער שולע, וואו זי לערנט קונסט, גייט מיכל ליכט, נאָכדעם ווי ער הערט מוזיק און מאַכט זיינע געוויינלעכע נאָטיצן, אַראָפּ אין דעם קליי־נעם פּאָרדהעם פּאַרק. די קינדער שפּילן זיך צווישן די גרויסע, אַלטע בוימער, עס טרייבט אַ אינגל אַ גרויסע ראָד, אַזוי ווי די זון, איבערן וועג. עס וואַקסן פּשוטע פעלד־בלומען ביי די זייטן פון די ראָוון, אַזוי ווי אין די ערשטע, קינדישע יאָרן, ווען ברייט איז געווען דאָס פעלד, אָן פול מיט קינדישע בלומען. מיכל ליכט באַטראַכט די וועלט צום לעצטן מאָל. עס איז שיין די גרויסע, די טייערע וועלט. עפּעס רייסט זיך פון דער טיפעניש פון האַרצן אַ גרויס און אַ מעכטיק ליד. אָ, ער וואָלט אָנגעשריבן די ערשטע פערזן פונם ליד מיט אַ שטיק קרייד אויפן קאַנוועז פונם האָריזאָנט. אָ, ווי גרויס און ווי מעכטיק דאָס ליד איז. דאָס גרויסע ליד — דאָס גרעסטע ליד — מוז ער אָנשרייבן.

און עס דאַכט זיך מיכל ליכטן אַז ער גייט דעם וועג פון דער קינד־הייט. ס'איז ווייט דער וועג, און באַשטעלט פוןביידע זייטן מיט געדיכ־טע בוימער. ער הערט פון וואַלד אַרויס דעם הימישן קו־קו, דעם פרו־מען פויגל פון וואָלינער וואַלד. ער זעט ביים טייך די מאַמען. זי וואַשט גרעט אויפן ברעג. נאַקעט באָדן זיך קליינע שקצימלעך אין וואַסער. ער זעט זיינע שוועסטערן, קליינע מיידעלעך, וואָס שפּילן זיך אין שטרול־קעס. דער טאַטע דער פּאָסעסאָר פּלאָנטעט אויף אין זון־אונטערגאַנג. זיין באָרד צינדט זיך פלאַמיק אָן. די באָבע און דער זיידע גייען אויף. פּלאַ־מיקע פּנימער פון דורות פון קרעטשמערס, אַרענדאַרן און בעלי־מלאכות. עס דעקט זיך אָפּ אַ שטיק משפּחהדיקע געשיכטע. די גרילן הייבן אָן צו זעגן. וואָס קומט דאָ אייגנטלעך פּאָר? ווי אַזוי איז אַ שטיק פּוילישער פּייסאַזש אַריינגעשוואומען אין דעם פּאָרדהעם פּאַרקל?

אָבער פּלוצלינג טוט אַ קום אָן דער אומגעהויערער מלאך־המות מיט הונדערט טויזנט בליציקע אויגן. ער כאַפּט אָן מיכל ליכטן פאַרן גאָרגל. ער זעצט אַריין אין אים די גרויסע שווערט. — — —

די מענטשן אין פּאַרק האָבן נישט געוואוסט אַז מיכל ליכט איז אַ איד. אַ מענטשן צווישן די בוימער זיצנדיק איז נישט גוט געוואָרן. האָבן זיי צום גוססדיקן, פרעמדן מענטשן, גערופן דעם גלח פון דער טאָלענטיין־קירכע. דער גלח קומט און ער וויל דעם אומבאַקאַנטן מאַן געבן די סאַקראַמענטן. ער וויל זיין נשמה אַריינפירן אין הימל אַריין מיט קריסטלעכער פּאַראַדע. אָבער עמעצער זאָגט אַז דער אומבאַקאַנ־טער מאַן איז אַ איד. דער גלח זאָגט מיטן שטאַרבנדיקן אידישן פּאָעט, מיכל ליכט, אַ קאַפּיטל תהילים אין לאַטייניש. וואָרט פאַר וואָרט זאָגט נאָך דער שטאַרבנדיקער פּאָעט. ער קען לאַטייניש. ער קען גוט דעם תהילים. און יעדעס ליד אינם גרויסן תהילים איז אים וואויל באַקאַנט.



To my friend
Shea from
Moses Soyer

און מיטן לאַטיינישן קאַפּיטל תהילים אויף די בלויע ליפּן שטאַרבט אָפּ מיכל ליכט...

צען מינוט שפּעטער, ווען עוועלין קומט אַהיים פון דער שולע, זעט זי ווי אַן אַמבולאַנס פאָרט אַוועק פונם פאָרדהעם פּאַרק. עוועלין ווייסט נישט אַז אינעם אַמבולאַנס געפינט זיך דער נאָך וואַרעמער גוף פון אַ מאַן, וואָס געהערט זיך איר אָן: זי האָט מיט אים חתונה געהאַט אין יאָר 1924. דער אַמבולאַנס פאָרט שנעל איבער די גאַסן פון די בראָנקס. אָבער, עס איז זיך נישטאָ וואָס צו איילן: דער דיכטער איז שוין טויט. זיין גוף קילט זיך שנעל אָפּ פונם פלאַם פון זעכציק יאָר לעבן.

עוועלין גייט אַרויף אין איר געראַמען אַפּאַרטמענט: וואו איז מיכל ליכט? עס הערט זיך נישט קיין מוזיק אין צימער. ביי די שראַנקען פון זיין ביבליאָטעק זיצט נישט מער אַ פאַרטיפטער דער דיכטער...

---

עוועלין מאַרקאַן־ליכט איז געבוירן געוואָרן אין ניו־יאָרק סיטי. קנאַפּע דרייסיק יאָר צייט האָט דער דיכטער געקרענקט און זי האָט געדולדיק געטראָגן די לאַסט: זיין אַ קראַנקענשוועסטער צום פּאָעט. ברענגען פּרנסה אין הויז. רייניקן די שטיבער. קאָכן און צוגרייטן דאָס מאָלצייט. זיין דעם דיכטערס אינטעלעקטועלע פריינדין.

איך קוק אויף איר פּנים: איך לייען דערין די געשיכטע פון די לעצטע ניינצן יאָר פון יסורים און ליידן. אירע אויגן רעדן אַ טרויעריקע שפּראַך. די שפּראַך פון אַ מאַרטירערין, וואָס אין גרויסן שווייגן אַנטפּלעקט זיך איר מעכטיקע גרויסקייט.

עוועלין־מאַרקאַן ליכט האָט פאַרנאַכלעסיקט איר קאַריערע אַלס מאָלערין. זי האָט שטודירט אין „אַרטס סטודענטס ליג." זי לערנט קונסט אין אַ דזשוניאָר הויכשול. אויפן וואַנט הענגען אירע אידעלע וואַסער־קאָלירן. עס זיינען דאָרט אַריין די בוימער פון די זומער־וואַקאַנצן, וואו זי האָט מיט איר מיכל ליכטן פאַרבראַכט אין די קאַרגע וואָכן פון וואַקאַציע. עס איז אַריין די זון וואָס האָט אין יענע טעג געלויכטן און אַנגעטרונקען מיליאָנען בוימער מיט זוניקן ליקער. עס איז דאָ געבליבן שטיין אַ שיף, וואָס זי האָט געזען אויף מאַנראָע סטריט, שטיל שווימענדיק אויפן צעבראָכענעם שפּיגלטער פונם איסט־ריווער. זי האָט אויך געצייכנט מיכל ליכטן מיט וואַסער־פאַרבן: ער איז דאָ געבליבן שטיין אַזוי ווי אַ פּרינץ מיט די בלומען און מיט די בוימער. די וואַסער־קאָלירן זיינען רייך אין קאָליר און פריש מיט לופטיקער אַטמאָספערע. איך קלייב אויס פאַר זיך אַ וואַסער־קאָליר. עוועלין באַמערקט אַז ליכט האָט ליב געהאַט אירע מאָלערייען. ער האָט נישט געלאָזט קיינעם אַוועקגעבן קיין וואַסער־קאָליר.

— פאַרוואָס מאָלט איר בלויז אין וואַסער־פאַרבן — און נישט אויך אין אויל, אין פּאַסטעל?

— ווייל עס איז דער שנעלסטער פּראָצעס פון מאָלן. — זאָגט עוועלין.

קלאָר: ווייל עוועלין האָט קיינמאָל נישט געהאַט קיין צייט, האָט זי אין איילעניש געמאָלן די וואַסער־קאָלירן... ...

און איצט געזעגן איך זיך מיט ביידע פרויען: מיט מרים פון

מגדלה און מיט מרים דאָס ווייב פון קלופסן... ניין, כ׳מיין: מיט עוועלין־מאַרקאָן ליכט און מיט מרס. פּאַני מעלעקער...

— איך דאַנק אייך האַרציק פאַר דער אינפאָרמאַציע וועגן מיכל ליכט, אייער מאַן און אייער ברודער...

און, איך גיי אַריין אין פּאַרק, אין דעם קליינעם פאַרדהעם פּאַרקל, וואו צווישן די ביימער העננגט מיכל ליכטס לעצטער אָטעם...

---

איך זיץ אין פּאַרק אַ שטילער און אַ געבוייגענער. פּלוצלינג ציטער איך אויף... איך טראַכט: אָט זיץ איך איצט אפשר אויף דער באַנק וואו ער איז געזעסן אין דער לעצטער שטונדע. דאָרטן, וואו די זון פאַרגייט, סקריפּעט אַ וואָגן: ס׳איז אפשר דאָרט אַרומעט דער אַמבולאַנס אַרויסגעפאָרן פון פּאַרק. סיי־ווי־סיי, דאָס איז געווען זיין וויאַ דאָלאָראָזאַ, זיין לעצטער שמערצפולער וועג. ס׳האָבן דאָ צווישן די ביימער אָפּגעקלונגען די שטיקלעך לאַטיינישע ווערטער פון דעם תהילים, וואָס ער האָט כּיִרכלעדיק און גוססדיק נאָכגעזאָגט. איך דערמאָן זיך אויך: דאָ, אין דעם פאָרדהעם געגנט, נישט ווייט, שטייט דאָס הויז וואו ס׳האָט געוואוינט עדגאַר עללען פּאָו. עס איז דאָ געשטאָרבן זיין יונגע פרוי, ווירדזשיניאַ קלעם־פּאָו...

איך פאַרזינק אין מחשבות. דאָס איז געווען, לויט מיין טאָג־בוך, דעם 24טן אַפּריל פון יאָר 1951. דריי פריינט האָבן באַזוכט דעם פּינצטערן און קרעציקן איוב, וואָס האָט געעפנט די ערשטע געוואַלטיקע דיסקוסיע מיט גאָט. די דריי האָבן געהייסן: אָליפז דער תימני, בלדד דער שוחי און צופר דער נעמתי.

און דריי פריינט האָבן באַזוכט אין דעם דאָזיקן דערמאָנטן טאָג מיכל ליכטן.

זיי האָבן געהייסן: יצחק ליבמאַן, יעקב סטאָדאָלסקי און מיין ווייניקייט. דריי שטונדן זיינען מיר אין הויז פונם קראַנקן פּאָעט געזעסן. דריי שטונדן צייט האָט מיכל ליכט געהאַלטן אין איין אינטעלעקטועלן רעדן. וועגן וואָס אַלץ האָט ער דען דעמאָלט נישט גערעדט? ווער ווייסט: אפשר איז עס געווען זיין לעצטער טיפערער שמועס מיט קאָלעגן...

מיט מיכל ליכטן איז שווער געווען צו דיסקוטירן. ערשטנס איז ער געווען אַ צו גרויסער קענער אַז מען זאָל וואַגן צו ווידערשטעלן זיך זיינע אינטעלעקטועלע אַקסיאָמעס. צווייטנס, איז זיין פיזישער צושטאַנד געווען אַזוי פראַגיל, אַז מען האָט באַדאַרפט זיין אַן אכזר אים אויפצורעגן. דריטנס — מען האָט געפילט אַז דער מענטש האָט ווייניק טעג פון יום־טוב. און אַז דריי געטרייע פריינט זיינען שוין צו אים געקומען, מיט דער שטילער און פייערלעכער רעווערענס פון תלמידים, טאָר מען אים דאָס דאָזיקע ביסל אינדזלדיקן יום־טוב נישט פאַרשטערן.

זיינע געדאַנקען זיינען געווען אַזעלכע וואָס עס איז שווער אָנצונעמען אין אַ צייט ווען דאָס האַרץ רעכנט זיך מיטן אָפּפלוס פון מיליאָנען אידנס בלוט. מיכל ליכט האָט אָבער באַזעסן אַ פרייען גייסט און אַן אינטעלעקטועל־ראַציאָנאַלן אורטיילס־קראַפט. אָט האָט מיכל ליכט

אויסגעדריקט אומגעפּער דעם געדאַנק אַז די אידן, די אַזיאַטן, די אַרי־ענטאַלן, האָבן קיין ליטעראַטור נישט געשאַפן. דער תנ״ך איז אייגנט־לעך נישט מער ווי גאָטעסדינסט. רעליגיעזע ברוך־שטיקער פון אור־אַלטע מיסטעריעס. דער תנ״ך איז פול מיט געצנדינערישקייטן.

מיכל ליכט האָט אין אַ נאַכט געבלעטערט די הגדה און געפונען די באַצייכנונג פון בעל. אפילו האָמערס ווערק זיינען אויך שטיקער מסורה, אגדה, פאָלקלאָר. נאָר האָמער גייט שוין צו מיט פּאָעטישע מיט־לען, מיט מעטאַפאָר. די אַראַבישע טויזנט און איין נאַכטס־מעשות זיינען פאָלקלאָר אויף דער שוועל פון ליטעראַטור. אַלץ וואָרצלט אין אוראַל־טע, רעליגיעזע שאַפונגען. געשאַפן ליטעראַטור האָט איראָפּע. נישט העברעאיש — נאָר די אידישע שפּראַך האָט אין זיך אַ געמיש פון איי־ראָפּעאישע שפּראַכן. זי שמעקט מיט איראָפּע. איראָפּע האָט געשאַפן דעם מאָדערנעם צוגאַנג צום לעבן — אַלס ליטעראַטור. ביז איראָפּעס לי־טעראַטור־באַוואוסטזיין איז ליטעראַטור געווען גאָטעסדינסט. רעלי־גיעזער אָפּריכט. מיסטעריע־שפּיל און ריטואַל. ליטעראַטור ווי אַ באַ־וואוסטזיניקע, ליטעראַרישע שאַפונג, לויט מיכל ליכטן, איז אויפגעשטאַ־נען און האָט אויפגעלויכטן אין איראָפּע.

לויט מיכל ליכטן, וואָס רעדט געוויינלעך מיט אַ שמערצפולן שמייכל, מיט קוים־אָטעם אין די לונגען, אגב זייער אַמביציעז אין אויס־דרוק אויף זיין פּנים און מיטן זשעסט פון אַן אומאָפּפרעגבאַרער אוי־טאָריטעט, זיך פילנדיק ווי אַ רבי מיט זיינע תלמידים — זיינען עליאָט און עזרא פּאָונד די גרעסטע פּאָעטן אין דער מאָדערנער וועלט־ליטע־ראַטור. פּאָונד איז נאָך גרעסער ווי עליאָט. פּאָונד האָט אָנגעמאַכט אַ טומל אין דער אַמעריקאַנער ליטעראַטור. ער איז געקומען קיין ענגלאַנד און האָט אפילו דאָרט געמאַכט אַ שטורעם, נאָך פינף הונדערט יאָר טראַ־דיציע אין דער ענגלישער ליטעראַטור. עליאָט, אַ קאָמבינאַציע פון זשול לאַפאָרג און די עליזאַבעטהאַנער, האָט אויסער זיינע פּאָעטישע און דראַמאַטורגישע פאַרדינסטן, געשאַפן אַ נייעם דרך אפילו אין דעם קריטישן צוגאַנג און אינם פאַרשטיין „האַמלעט."

לויט מיכל ליכטן איז משה לייב האַלפּערן אַ גוטער פּאָעט, נאָר ער האָט נישט קיין שפּראַך. אַזוי אויך האָט מאָריס ראָזענפעלד נישט קיין לשון, טראָץ זיין הויכן פּאָעטישן טאַלאַנט.

מענדעלען קען מען איצט נישט באַנעמען. אָבער ער איז געוואַלטיק רייך אין לשון. ער האָט אַ שלל מיט שפּראַך־אוצרות. ביי מיכל ליכטן שטייט אַ זאַץ מענדעלע, וואָס איז נאָך געווען געדרוקט אין וואַרשע.

דער אידישער שרייבער י. ש. ו. איז געגאַנגען קויפן ביי מיכל ליכטן זיין רייכע ביבליאָטעק. האָט ער זיך מיט אים שרעקלעך גע־דונגען. עס איז געוועג טרויעריק אַז ער גייט צונעמען ביי מיכל ליכטן זיין רייכע ביבליאָטעק...

מיכל ליכט האַלט אַז די אידישע שרייבער פאַרברענען יעדעס מאָל אויפדאָסניי די זעקס מיליאָן קרבנות. ער זעט די פאַרשוועכונג פון די קדושים יעדן טאָג. מען טאָר נישט שרייבן, לויט ליכטן, קיין לידער וועגן דעם אפילו ווען מען ליידט שרעקלעך. מען דאַרף וואַרטן צוואַנ־

ציק יאָר ביז מעזמעג זיך צורירן צו דער טעמע. מען מוז שרייבן קיל — נישט אין פייער. עס פרעגט זיך היטלער:

— איך האָב פאַרברענט זעקס מיליאָן אידן. אָבער פאַרוואָס ברענט איר זיי יעדן טאָג אויפדאָסניי?

מיכל ליכט, דאַכט זיך, פעלט מיטלייד און באַציאונג צום איד און צום מענטש. דאָס איז וואַרשיינלעך אַן אויבנאויפיקער איינדרוק. עס איז טיפער זיין קריינקונג פון פאַרוואַנדלען ימים בלוט אין שלעכטע לידער. עס איז דאָ גיכער פאַראַן אַ הויכע עטיק ווי די נישטיק־עקסהיביציציאָניסטישע פראַקטיק פון געוויסע פּאָעטן וואָס מוזן דווקא אויסשרייען פאַר כלל־ישראל: — זעט ווי איך לייד! זעט ווי איך בראָט זיך אין יסורים! זעט ווי איך בין כסדר מיט די נשמות אין טרעבלינקע! זעט ווי איך בין די האַרף אויף וועמענס סטרונעס עס ציטערן אַלע מענטשנס ליידן...

מיכל ליכט איז אַ צו ריינע פּערזענלעכקייט. אַ צו שטאָלצער דיכטער צו קענען יענעמס בלוט פאַרוואַנדלען אין אַ ליד פאַר וועלכן מען גיט אָפּ כבוד.

מיכל ליכט, עס איז כאַראַקטעריסטיש, דרוקט נישט זיינע לידער, ווייל ער האָט מורא פאַר גרייזן. גרייזן זיינען זיין פאָביע. איך צווייפל צי ער האָט אַזוי שטאַרק מורא פאַרן טויט — ווי פאַר גרייזן. מיט צען יאָר צוריק, צום ביישפּיל, איז אין זיינס אַ ליד אַריינגעפאַלן אַ גרייז. מיכל ליכט דרוקט שוין נישט צען יאָן צוליבן דאָזיקן גרייז. געוויינלעך רעדט ער וועגן גרייזן אין דעם אָדער אין יענעם ליד. ער וויל נישט אַז דער זעצער זאָל געשטרויכלט ווערן... אין יצחק ליבמאַנס „אונזער בוך" האָט ער געדרוקט אַ ליד אָן אַן איינציקן גרייז. ש. ניגער האָט דעמאָלט געשריבן אַז עס איז גראַפאָמאַניע. אַכט יאָר שפּעטער דערשיינט דאָס זעלבע ליד מיט אַ גרייז. ש. ניגער שרייבט דעמאָלט אַז ווען מיכל ליכט וויל, קען ער שרייבן פּאָעזיע...

האָבן אַ ווירקונג מיט זיין פּאָעזיע וויל מיכל ליכט נישט. ער האַלט אַז ער איז נאָך נישט געבוירן געוואָרן. ער באַדאַרף ערשט געבוירן ווערן און דערגיין צו פּאָעזיע...

מינקאָוו, צום ביישפּיל, האָט ביי אים געכאַפּט עטלעכע לידער. איין ליד „שלאַנגען" האָט ער געוואָלט צוריק, ווייל ער אַליין פאַרשטייט עס נאָך נישט. ער מוז דאַרויף אַרבעטן. ביז היינט צו טאָג פאַרשטייט ער נישט דאָס ליד. אָבער מינקאָוו האָט זיך אויסגעלאַכט דערפון.

ב. צ: גאָלדבערג בעט מיכל ליכטן צו שרייבן וועגן פראַנק העריס, דער באַרימטער ענגלישער שריפטשטעלער און אָסקאַר ווילד־ביאָגראַף. מיכל ליכט ענטפערט:

— זיין אויטאָביאָגראַפיע האָב איך נישט געלייענט. וועגן זיינע סענסאַציאָנעלע שטריכן קענט איר אַליין שרייבן. העריס דער שעקספּיר־אָלאָג וועט אייערע לייענער נישט אינטערעסירן...

כמעט אין דעם זעלבן דרך האָט ער געענטפערט, ווען מען האָט אים געבעטן צו שרייבן וועגן ט. ס. עליאָט:

— דאָס באַנאַלע וועגן אים קענט איר אַליין שרייבן. עס איז נישט

נייטיק אַז איך זאָל אין אייער צייטונג שרייבן וועגן ט. ס. עליאָט דעם פּאָעט... דערצו באַדאַרפט איר נאָך דערציען היפּש אייערע לייענער...

דער קלוגער מיכל ליכט האָט צופיל געוואוסט וואָס אַ צייטונגס־מענטש קען פון אים פאַרלאַנגען: פאַרוואולגאַריזירונג פון אַ וויכטיקע ליטעראַרישע טעמע. ביים קריגן דעם נאָבל־פּרייז איז וויכטיק פאַר די פּרימיטיווע צייטונגס־לייענער צו צעשמירן די געהיימע ליבעס און סענסאַציעס פון דער באַטרעפנדיקער פערזענלעכקייט. נישט מיכל ליכט איז דער מענטש צו כאַפּן שיריים פון אַ צייטונגס־מענטש. נישט ער איז פאַראינטערעסירט אין ביליקער, זשורנאַליסטישער פּובליסיטי. ער איז אפשר דער איינציקער מענטש וואָס האָט אין פאַרלויף פון זיין גאַנץ לעבן אויסגעהיטן זיין פעדער פון דער מינדסטער פאַרשוועכונג.

מיכל ליכט האָט פאַרהאַלטניסמעסיק זייער ווייניק געשריבן. פונדעסטוועגן זאָגט ער צו מיר איינמאָל, בשעת אַ פריערדיקן באַזוך:

— הלואי וואָלט איך געשריבן אַ דריט חלק פון דעם וואָס כ׳האָב געשריבן. איך האָב צופיל געשריבן...

עווע‌לין ליכט האָט אַריינגעבראַכט טיי, קוכן און שאָקאָלאַדע: מיר האָבן געטרונקען. איך האָב באַטראַכט די אויסערגעוויינלעכע ציכטיקייט אינם צימער. די פיינע וואַסערפאַרבן אויף די ערשט־געמאָלעוועטע ווענט. נאָר מיך האָט מער פאַר אַלץ געהאַלטן געשפּאַנט די פערזענלעכקייט מיכל ליכט: איך האָב פאַר זיך דערזען אַ זייער קראַנקן, זייער סענסיטיוון, זייער פראַגילן מענטש מיט אַן אויסערגעוויינלעכן אינטעלעקט. עטוואָס ביטער, פאַרביטערט, פערזענלעך געקריוודעט. אָבער, אַלע זיינע מיינונגען און אָפּיניעס דיקטירט פון אַ העכערער מאָראַל. ער מעסט און וועגט און אורטיילט אַבסאָלוט נישט פון אַ שמאָל־עגאָאיסטישן שטאַנדפּונקט. ער איז דאָס אָביעקטיווע אויג וואָס זעט אַלע אומגערעכטיקייטן אין דער ליטעראַטור. ער איז דאָס נביאיש־פּלאַמיקע אויג, פאַר וועלכן מען קען נישט פאַלש פאָזירן. ער איז צו קלוג צו פאַרזען יענעמס שוואַכקייטן. ער ווייסט אַלץ וואָס מענטשן טוען אָפּ צוליב קאַריערע: ער קוקט בליציק אַרונטער אין דער מענטשלעכער נאַכט פון אַמביציעס און יאָגענישן פאַר געלט, כבוד און אייביקייט. ער האָט אָפּגעטויט אין זיך אַלע אַמביציעס. ער האָט קיין שום דראַנג נישט צו ווירקן. ער איז דאָס קאַלטע אויג וואָס זעט די באַוועגונגען פון אַלע געשעענישן. ער האָט דערגרייכט ריינקייט, הייליקייט. די יסורים האָבן אים פאַרוואַנדלט אין אַ צדיק. ער איז מענטשלעך־שוואַך — אָבער ער באַזיגט אַלע שטרויכלונגען אין גאַנג צו אַבסאָלוטער ריינקייט. וואָס ער האָט אין זינען — איז די ליטעראַטור ווי אַ גאַנצע וועלט פאַר זיך. מיט איר אייגענער לאָגיק, אייגענע געזעצן, אייגענע עסטעטיק.

ליכט קען אויסגעצייכנט די שרייבער פון זיין דור און סביבה ווי שוואַכלינגען און קריפּלען: ער זעט די שרייבער אין אַלע זייערע געמיינקייטן. ער קען גוט די דאָזיקע קליינע און נישטיקע מענטשעלעך. אָבער ליכט אורטיילט זיי נישט מיט קנאה און מיט שנאה. אויך אפילו נישט פון מאָראַלישן שטאַנדפּונקט. ער ריכטעט זיי פונם שטאַנדפּונקט פון דער מאָראַל אין קונסט. ער האָט זיין אייגענע מאָראַל — די פון דער

קונסט. קיין אַנדערע מאָראַל אָנערקענט ער נישט. ער איז אַ מין טיראַן פון ריינער, פּאָגאַנישער קונסט. ער פאָדערט אַבסאָלוט די ריינע פול־קאָמענקייט פונם קונסט־צעך. ער פאָדערט בלויז איין העכסטע קוואַלי־טעט: ריינקייט פון די כוהנים פון דער קונסט. ער פאָדערט די מאָראַל אין נאָמען פון דעם גאָט פון קונסט.

מיכל ליכט האָט אפשר נישט די מאָראַל פון אַ איד, פון די נביאים. ער האָט נישט די מאָראַל פון גאָט. פון דער רעליגיע. זיין מאָראַל איז אַ ריין־קינסטלערישע. אין נאָמען פון דער דאָזיקער מאָראַל איז ביי אים עזרא פּאָונד ריינער ווי, לאָמיר זאָגן, יוסף אָפּאַטאָשו. אין נאָמען פון זיין געצנדינערישער קונסט איז ביי אים ט. ס. עליאָט אַ כהן־גדול פון דער קונסט.

ווען מען גיט אַ טראַכט ווי יעדעס צייטונגס־זשורנאַליסטל פּאַראַ־דירט מיט גאַנצע טאָנען נאַציאָנאַליזם, ליבשאַפט צו זיין פאָלק און עקסהיביציאָניסטישן אויסשטעל פון זיינע מענטשלעכע אייגנשאַפטן (?) — וואַקסט אויס די פיגור פון אַ מיכל ליכט צו אַ קרישטאָלענער ריינ־קייט. שוין אין דער וואַגונג צו זיין אָביעקטיוו אין אַן אויפגעהעצטער וועלט־סביבה איז פאַראַן נישט־דורכשניטלעכער כאַראַקטער. דאָס נישט גיין מיטן פעבל. דאָס פאַרבלייבן איינזאַם־שטאָלץ און אומקאָמפּראָמיס־לעך־ריין. דאָס נישט אויסקלייבן דעם גרינגסטן און פּאָפּולערסטן וועג פון ביליקער רעקלאַמע און זיכערן דערפאָלג. דאָס אַלץ איז אמתע גרויסע פערזענלעכקייט.

דאָס לעבן וואָס מיכל ליכט האָט געפירט פאַר די לעצטע צוואַנציק יאָר, איז געווען אַ מאָנאַכיש, אַסקעטיש לעבן. דאָס האָט מיכל ליכטן דערמעגלעכט צו שטיין אַריסטאָקראַטיש־איינזאַם אין אַ זייט פון לעבן, אין אַ זייט פון דער דזשאַנגלדיקער ליטעראַרישער סביבה. דאָס גיט אים אויך די מעגלעכקייט צו שטיין אויפן שפּיץ פונם טורם און צו זען מענטש־לעכע שוואַכקייטן מיט דער אָביעקטיוויטעט פון אַ האַלב־גאָט... זיין מאָראַלישע מעסט־שנור איז איינציק און אַליין די ליטעראַטור. ער נויטיקט זיך נישט, ווי שוין געזאָגט, אין רעליגיע, מאָראַל, נאַציאָנאַליזם, ליטעראַרישן רחמנות, כדי צו העלפן דער ליטעראַטור שטיין אויף אירע פיס. ווי פאַרן אמתן שעפער פון קונסט, איז די ליטעראַטור אַן אייגענע, באַזונדערע וועלט, וואָס האָט איר אייגענע מאָראַל און אירע אייגענע ריכטער. ליכט נויטיקט זיך נישט אין די נביאים פון תנ״ך. זיינע נביאים זיינען די מענער וואָס שאַפן קונסט. זיינע שעפער פון קונסט זיינען נישט שטענדיק דווקא אידן. אָפטמאָל גאָר — ריינע גויים... אָבער, ווי געזאָגט, מיכל ליכט אורטיילט נישט קיין קונסט־שעפער לויט מאָראַל, פּאָליטיק און לויט זייערע פערזענלעכע מעשים — נאָר לויט דער קוואַ־ליטעט פון דעם קינסטלערישן ווערק. ווי פאַר ניטשיע און פאַר אָסקאַר ווײַלד, עקזיסטירן נישט פאַר אים קיין מאָראַלישע אָדער אומאָראַלישע ביכער — נאָר גוטע צי שלעכטע ביכער...

(דער שרייבער פון די דאָזיקע שורות, איבערגעבנדיק אָביעקטיוו מיכל ליכטס געדאַנקען וועגן ליטעראַטור וואָס ער האָט זיינערצייט פאַרצייכנט געענוי אין זיין טאָג־בוך — איז נישט אינגאַנצן און שטענדיק מסכים מיט מיכל ליכטן...).

דער פּאַרנאַכט איז צוגעפאַלן. איך האָב פאַרמאַכט אין דמיון די בלעטער פון מיין טאָג־בוך. אינם פאַרדהעם־פּאַרקל איז געוואָרן טונקל. צוויי מענטשנשאָטנס האָבן זיך שטילערהייט באַוועגט צווישן די בוימער: מיכל ליכט און עדגאַר עללען פּאָו... אויך פּאָו האָט באַזעסן די העכערע מאָראַל פון ריינער קונסט. אויך פּאָו האָט צו קיין מענטשן נישט געשמייכלט. אויך פּאָו האָט זיך נישט געזוכט אַריינצוברעכן אין דער ליטעראַטור מיט נישט קיין שטענדיק זויבערע מיטלען. אויך פּאָו האָט געהאַט זיין מאָראַל — די מאָראַל פון קונסט אַליין.

איך בין אַהיימגעפאָרן פון די בראָנקס מיט אַ גוטן געפיל. איך האָב געלעבט אַ טאָג, אַ גאַנצן טאָג, און אַ היפּשן חלק פון דער נאַכט, אינם גייסט פון אַ אידישן פּאָעט. איך האָב זיך פאַרטיפט אין זיין אינטעלעקטועלער וועלט. אין זיין קאָנצעפּציע פון ליטעראַטור. איך ווייס, אַז מיכל ליכט, דער פּרינץ און דער אַריסטאָקראַט פון גייסט, איז מיר טיף דאַנקבאַר... ער שמייכלט צו מיר איידל אַרויס פון די הימלישע רעגיאָנען, וואו ער שפּאַצירט געמיטלעך, אָן האַרץ־וויטאָקן, און ער קאָנווערזירט עלעגאַנט מיט זיינע גריכישע און רוימישע קאָלעגן אין די טיפע ענינים פון וועלט־ליטעראַטור און וועלט־פילאָסאָפיע. איבערהויפּט זיינען זיינע נאָבעלע קאָלעגן פאַראינטערעסירט אין זיינע מיינונגען איבער דער ענגלישער פּאָעזיע, אין וועלכער מיכל ליכט איז געווען אַ ספּעץ.

איך קום שפּעט ביינאַכט אַהיים. איך עפן אויף מיכל ליכטס ביכער: „וואָזאָן", „עגאָעמען", „פּראָצעסיעס"; איך הענג אויף עוועלינס אַקוואַרעל אויף דער גרינלעך־בלויער וואַנט פון מיין צימער. איך זעץ פּאָר צו זיין אין דער שטימונג און אין דעם גייסט פון מיכל ליכט... אויפן הימל שטייט אַ דינער לבנה־פּענעץ — אַזוי ווי אַ גאָלדענער כוס מיט רובין־רויטן וויין...

ניו־יאָרק, אויגוסט 3, 1953.



# פ. בימקאָם פּראָזע

עס איז אינטערעסאַנט אַז פ. בימקאָם ביידע בענדער, דער ניינטער און דער צענטער באַנד געזאַמלטע שריפטן, פאַרנעמען זיך מיט מלחמה, מיט דער ערשטער וועלט־מלחמה. נאָר בשעת די גויאישע פעלקער, און זייערע גרויסע, עפּישע שרייבער, גלאָריפיצירן די מלחמה, פון די עלטעסטע צייטן אָן, פון טיפן אַלטערטום — גייט פ. בימקאָ אין די פוס־טריט פון די נביאים. די נביאים האָבן פאַראַכטעט מלחמה. ישעיהו הנביא האָט געזען די באַרימטע וויזיע פונם סוף פון מלחמות צווישן די פעלקער און דעם שלום אויף דער ערד. פ. בימקאָ באַשעפטיקט זיך ווידער און ווידער מיט מלחמה, עפּעס ווי דער דאָזיקער קעלצער פּראָזאַאיקער, דער דאָזיקער טיפּיש־פּוילישער ייד, וואָלט נביאיש אַריינגעקוקט אין דעם פינצטערן עניין פון מלחמה און ער וואָלט דערפילט די שיקזאַלהאַפטיקייט פון דעם יידישן פאָלק און די מלחמה פון די פעלקער. די ערשטע וועלט־מלחמה איז דאָך געווען אַ קינדער־שפּיל אין פאַרגלייך צו דער דריטער וועלט־מלחמה. אָבער אין יענע יאָרן איז פ. בימקאָם טאַלאַנט אַלס דראַמאַטורג און פּראָזאַאיקער רייף געוואָרן. און די מלחמה איז געווען זיין גרויסע איבערלעבעניש. די מלחמה באַשעפטיקט אים קינסטלעריש. די מלחמה מיט איר טראַגיק און דראַמע איז אַריין אין זיין אַרטיסטישער פּסיכיק, אין זיין האַרץ און געביין.

מיר האָבן שוין באַהאַנדלט פ. בימקאָס צענטן באַנד אין אַ באַזונדערער אַרבעט. לאָמיר איצט לייענען פ. בימקאָס ניינטן באַנד „קעלץ". ס'הייסט ווי די מלחמה קומט פאָר אין זיין געבורטסשטאָט קעלץ. קעלץ איז אַריין אין דער יידישער ליטעראַטור דורך פישל בימקאָ, פּונקט ווי זאַמאָשץ איז אַריין דורך פּרץ'ן, ווי קוטנאַ דורך אַשן, ווי שקלאָוו דורך שניאורן, ווי קיידאַנאָוו דורך רייזענען. דאָס יידישע שטעטל — דאָס איז די אייביקע טעמע פון די קלאַסישע און די נאָך קלאַסישע יידישע ליטעראַטור.

די ערשטע וועלט־מלחמה, ווי געזאָגט, איז נישט די צווייטע וועלט־מלחמה, וואָס איז פייערדיק אויסגעשפּרייט פון דער ערד ביזן הימל, וואָס נעמט ממש אַרום קאָסמישע דיסטאַנצן. דער עראָפּלאַן איז נאָך בשעת דער ערשטער וועלט־מלחמה אַ סענסאַציע. זיינע פליגל פאַרשפּרייטן נאָך נישט יענע שרעק און שאָטן, וואָס אין אונזערע אַטאָמישע צייטן. עס איז נאָך די מלחמה אויף דער ערד, פון דער ערד. ס'איז נאָך די מלחמה וואָס רירט אָן די נאַטור. עס ליידן די מענטשן און אַפילו די ביימער. עס ליידט דער ייד. און מיט די ליידן פונם ייד פאַרנעמט זיך בימקאָ. דער ייד — דער מענטש. דעם יידנס שיקזאַל — דער גורל פון מענטש, פון וועלט.

פ. בימקאָ דער פּראָזאַאיקער שילדערט די מלחמה בילד נאָך בילד, פאַרב נאָך פאַרב, שילדערונג נאָך שילדערונג. אָבער אויך דער דראַמאַטורג שטעקט דאָ אַריין די נאָז. אים באַשעפטיקט די גרויסע דראַמע פון מלחמה, די איבערקערעניש פון וועלטן. אים האַלט געשפּאַנט דער ייד און זיין שיקזאַל אין דער מלחמה. דראַמאַטורג און פּראָזאַאיקער האָבן זיך

געגעבן די שפּעפערישע הענט. זיי גייען געמיינזאַם אַפּטאָן אַ שטיקל אַרבעט. זיי גייען דאָ געבן אַ שטיק לעבעדיקע, דראַמאַטישע עפּיק פון מלחמה.

פ. בימקאָ רעדט אַ סך, ווי שלום־עליכם, ווי מענדעלע. ער האָט אַ פול מויל מיט לשון. יאָ, ער גערעט אַביסל אַריין אין אונזערע קלאַסיקער. ער האָט גאַרנישט געלערנט ביי פּרץ'ן. זיין לשון איז פּויליש־יידיש. שמעקט מיט יידישן דיאַלעקט אין פּוילן. אַ דיאַלעקט וואָס איז אַריין אין דער יידישער ליטעראַטור און איז געוואָרן דאָס סאַלאָן־לשון פון יידיש. בימקאָ רעדט ווי אַ פּוילישער ייד. זיין גערעדט, ערדיש און קערנדיק לשון שמעקט מיט היי און מיט סמאָלע און מיט בלעטער און מיט צימערינג פון פּויליש־יידישן לעבן. זיין לשון שמעקט מיט גערעדטן, פעטן און אויסגע־האַמערטן לשון אין דער קוזשניע פון טויזנט יאָר יידיש לעבן אין פּוילן. מיטן דאַזיקן לשון האָבן מענדעלע און שלום־עליכם, נאַדיר און גלאַט־שטיין, שניאור און בימקאָ געמאַכט ליטעראַטור. ביי בימקאָ קומט עס אַרויס נאָך עכטער, ווייל נישט צוגעשמירט מיט קיין אייראָפּעאישער קולטור. זיין לשון שמעקט מיט האָלץ און זוניקער זשיוויצאַ פון פּוילישע טיף־וועלדער. „קריגן אַ ברויט, אַ לעק זאַלץ, אַ קאַפּ מילך" האָט מען שוין לאַנג נישט געהערט. ווען ס'זאָל חלילה אונטערגיין די גאַנצע יידישע לי־טעראַטור, וועט מען פון פ. בימקאָס יידיש קענען אויפשטעלן דעם יידישן לשון פון פּוילישן יידנטום.

וואָס פ. בימקאָ פאַרמאָגט אויסער גערעדטן, פעטן און קערנדיקן רוי־ערד־לשון — איז בילדלעכקייט. אָפטמאָל גיט ער אַ בילד אין איין שורה, ווי אַ שטייגער: „האָט שוין דער טאָג געריסן אַ פאַס פונם פינצטערן הימל". אָדער איר לייענט אַזאַ שורה: „גייען וואָלקנס, קלעטערן, זיי פאַר־שטעלן די שיין פונם טאָג, אין אַ פינצטערקייט, וואָס איז מער ווי פון דער נאַכט, נעמט אַריין די ערד אין זיך, ווי אַ פיש נעמט אַריין אַ וואָרים אין בויך. און אימה נידערט אַראָפּ איבער די פעלדער, און צעגייט זיך ווי לעבעדיק צווישן ביימער".

פ. בימקאָ איז אַ מאָלער וואָס וואַרפט גערעדט אָן מיט ווערטער — בילדער, לאַנדשאַפטן, פאַרבן און שילדערונגען. איבּ באַשעפטיקט דער מענטש, דער ייד, מיט זיין שיקזאַל, מיט זיין געראַנגל. מיט זיין העל־דישן פאַרמעסט אַנטקעגן אַ וועלט וואָס וויל אים פאַרניכטן. וואָס גייט אַנטקעגן אים מיט פייער און מיט שווערד. וואָרום אַפילו אין רעלאַטיווע שלום־צייטן דראָט דאָך פון אַלע זייטן אויפן ייד געפאַר און שרעק און פאַרניכטונג, בפרט נאָך אין מלחמה־צייטן. פ. בימקאָ האָט דערייבער נישט קיין צייט פאַרן דרויסן. פאַר דער דינער לירישער נאַטור. פאַר ביימער, ווינט און וואָלקן. ער זעט נישט די דאָזיקע „נאַרישקייטן". ער באַשעפטיקט זיך נישט מיט לירישקייטן. פונדעסטוועגן טוט ער פּלוצלונג אָן אַנטפּלעק גרויס כוח ווען אים קומט אויס צו שילדערן אַ שטיק נאַטור. ער מאָלט מיט גרעדיכטע פּענדזלען שטיקער נאַטור. די געוואַלטיקע אימה פון ווינט און וועטער.

פ. בימקאָ, ווי שלום־עליכם, איז צופיל פאַרנומען מיט דער שפּאַנונג פון דעם מענטשנס — איבערהויפּט פון דעם יידנס פאַנטאַסטישע שפּעקו־לאַציעס אין אַ וועלט וואָס ברענט ממש אונטער די טריט און איבערן

קאָפּ. נאָר אַז טוט ער אַמאָל אַ פליץ מיט אַ שטיק נאַטור־שילדערונג און דו זעסט אַז ער האָט געמאָלן מיטן נאָכן טוי פון וואַלד איינגעטונקען אין פריען, קאַלטן באַגינען. ער כאַפּט ממש אין דער נאַטורס מיליאָנען פענדזלען ביים סאַמע כוואַליען און כוואַליען געדיכטע שטיקער נאַכט, ווי אַ שטיינער:

„דאָ איז גרויסער, אויפגעפּאַלענער טאָג, הימל ריינער, זעלטן שיינער, אָבער די נאַכט האָט זיך נישט געקענט אַפּנים, נאָך פאַרנעמען מיט אַלעם, און ס'האָט געמוזט בלייבן אַ פלעק, אַ לעק פון אַ פלעק, וואָס זאָל אים פאַרמיאוסן."

דער טעאַטער־מענטש בימקאָ זעט דאָ אַ שטיק בינע־צוגרייטונג, ווען די נאַכט האָט נאָך נישט, אין איר גרויסן געאייל, געקענט איבערשטעלן דאָס מעבל צום נייעם אַקט — דעם טאָג. אָבער, ווי געזאָגט, דאָ איז נישט פאַראַן קיין נאַטור־שילדערונג לשם נאַטור־שילדערונג. נישט אין קונסט פון שילדערן נאַטור גייט דאָ. נישט קיין זעלבסטצוועק איז די נאַטור, ווי ביי אַנדערע שריפטשטעלער. פ. בימקאָ איז פאַרנומען מיטן מענטש. מיטן יידישן מענטש. ער איז דראַמאַטורג. אים אינטערעסירט דאָס שטייגן און דאָס פאַלן פון מענטשן און פעלקער. נאַטור איז בלויז אַ דאַך אין וועלכן מענטש באַוועגט זיך און שפּילט זיין גרויסע מענטשנשפּיל. אָבער דאַ, ווי געזאָגט, ווו בימקאָ רירט אָן די נאַטור — טריפט עס פון איר מיט וועלדער פאַרב און מיט געדיכטער מאַלעריי.

נישט לייכט איז פ. בימקאָס ווערק צו לייענען. זיין סינטאַקס, זיין זאַץ־בוי, איז קורץ און שווער. ער האַקט כסדר איבער זיך אַליין. ער קריכט אַריין אין זיינע אייגענע רייד. ס'איז ס'רוב פאַראַן אומאָרדנונג און כאַאָס אין זיין אופן פון שרייבן. איבערהויפּט אין זיינע ערשטערע ווערק, געשריבן אין פּוילן. דער נייעטער באַנד געהערט טאָקע צו די דאָזיקע פּוילישע ווערק זיינע. דאָס לשון איז נישט קלאָר. דער זאַץ־בוי איז אַ שלעכטער. די פּונקטואַציע הינקט שטאַרק אונטער. און דאָך, דו געוווינסט זיך צו צו די אַלע צרות און פעלערן. ווייל בימקאָ שרייבט ממש מיטן לעבן זעלבסט. ער שרייבט מיט פינצטערן טינט — נאָר ער טריפט מיט בלוט און מיט טרערן. דאָס יידישע לעבן ממש דערלאַנגט אים אין איילעניש אַ פּען און הייסט אים שרייבן און פאַרקריצן אויף שטיין איר געדיכטע, שווערע עפּיק. בימקאָ יאָגט זיך, איילט זיך, לויפט איבער שטאָק און איבער שטיין, כדי אָנצוזאָגן די געדיכטע, פינצטערע, קלעפּיקע כוואַליעס יידישע יסורים און ווייטיקן און זיי צו פאַרשרייבן און צו פאַרקריצן און פּראָזאַאיש־עפּיש צו פאַראייביקן. ער שרייבט ממש מיטן לעבן זעלבסט, מיטן אייגענעם און מיטן פרעמדן לעבן פאַרזיגלט ער שריפטשטעלעריש זיין דור, זיין שטאָט, זיין פאָלק און זיין לאַנד.

ליטעראַטור קען נישט שילדערן קיין מאַסנמאָרדן. ליטעראַטור איז באַשאַפן צו שילדערן דעם איינצלנעם מענטש, דעם איינצלנעם כאַראַקטער, דעם העלד. די צווייטע וועלט־מלחמה האָט נאָך — און וועט אפשר קיינמאָל נישט — געפינען איר עפּיקער־מייסטער. מען מוז אַוועקגיין אין אַ זייט כדי צו זען דאָס גאַנצע גרויזאַמע און שוידערלעכע. אין בימקאָס מלחמה־שילדערונג איז וויכטיק דאָס געמעל פון שטימונג און אַטמאָספערע פונם איינצלנעם ליידנדן מענטש. אין דער שילדערונג ווי אַזוי אַ קינד ווערט

קראנק רייסט אויף בימקאַ אַ שטיק ליטעראַטור. עפּעס ווי ער וואָלט געפּלייצט מיט דיקע שטיקער ווערטער־וואַפּנע און אויפגעשטעלט שווערע, זעדנדיקע פּרעסקאָפּ פון שילדערונג. שווער אים צו לייענען. דו גייסט אין אַ זייער געדיכטן וואַלד. נאָר אַט איבערראַשט דיך די געדיכטקייט זעלבסט. דער באַרבאַרישער אופן פון שילדערן. ער רייסט ממש אויס גאַנצע זשמעניעס לעבן פון פּויליש־יידישן לעבן. ער פּרוווט דאָס לעבנס־ביטערניש און גאַליקייט און געזאַלצנקייט אויף די אייגענע ליפּן. עס פּלייצט פון זיין פּען מיט כוואַליעס פייער און שטימונג. ער וואַרפט אָן, ממש אומבאַמערקטערהייט, אַטמאָספערע. ער כאַפּט דיך אריין אין דער נעץ פון זיין שווערער, אומהיימלעכער פּראָזע — אָבער אַן אָנגעפּילטע מיט יידנליבשאַפט און אויף יידן־רחמנות. עס ווייעט ממש מיט טרעגערישן לשון. אָבער אויך מיט דער טיפער, גראָבער ליבשאַפט פון אַ טרעגער, פון אַ קצב־יונג, צו זיין טיף־געליטענעם, אייביק מיט שווערע, שיקזאַליקע קלעפּ געשלאָגענעם פאָלק.

אַ שטיק פּראָזע פון פּרעכטיקסטן סאָרט איז די שילדערונג ווי עס ווערט קראַנק־אַ יידיש ייִנגל און די פּיַנצטערע איבערלעבענישן פון די עלטערן און די שרעק און זיין גענעזן ווער־ן. דאָ דערפילט מען ממש די תלמודישע פאָרמולע אַז איין לעבן איז ווי אַ גאַנצע וועלט לעבן. די נאַטור אַליין נעמט דאָ אָנטייל אין אַ סצענע אויף אינגאַנצן אַ קאַרגע צוויי־דריי זייטלעך. גאָט לאָזט כמעט אָפּ דעם גאַנצן קאָסמאָס מיט אַלע אוניווערסאַלע בעלי־הבית׳ישקייטן און ער ווערט אריינגעצווונגען אין דער שיקזאַלהאַפטיקייט פון אַ קראַנק קינד. ס׳איז גרויס־הומאַניזם. ס׳איז דער עסענץ פון ליטעראַטור: קליינער איינצלנער מענטש ממש, אַ נישטיק קינד — ווי אים ווערט אָפּגעגעבן מיט דער גאַנצער קראַפט און שיינקייט די פּען פונם שריפטשטעלער און ווי הימל און ערד ווערן איינגעלאַדן צום גרויסן קריזיס פון געשוועב צווישן לעבן און טויט און וואָסער־אַ איבערוף פון דערלייכטערונג ווען דעם ייִנגל ווערט בעסער. דער גאַנצער בלאָס־פּייכטער באַגינען אָטעמט פרייער אָפּ פון די אַנגסטן. די הימלען ווערן דערלייכטערט. דאָס האַרץ פון דער וועלט קלאַפּט פרייער אָפּ מיט די דערלייכטערטע און דערלייזטע הערצער פון טאַטע־מאַמע: זייער קינד איז ב״ה גענעזן געוואָרן...

דאָס איז קינסטלערישע פּראָזע: דאָס אויפהייבן די גראַנדיעזע וויכטיקייט אינם קאָסמאָס פון דעם גורל פון אַ קינד. דאָ איז די עטיק, די פילאָזאָפיע פון לעבן; — אַ פּאַטש אין פּנים דער פּינצטערער מלחמה־מאָראַל פון די פעלקער וואָס קענען פאַרניכטן אַ מיליאָן יידישע קינדער. דאָס איז גראַנד־הומאַניסטישע קונסט: די קאָלאָסאַלע וויכטיקייט און די באַדייטונג פון דעם געזונט ווערן פון איין און איינציק ביצל ייִנג אין אַ קאַטאַקליזם פון מלחמה און גאַלע פאַרניכטונג און צעשטערונג. אָט דאָס איז קינסטלערישע יידישע פּראָזע.

בשעת די יידן ווערן געיאָגט און געפּלאָגט פון דעם רוסישן מיליטער, שטאַרבט אויפן וועג אַן אַלטער ייד. איין און איינציקער זקן שטאַרבט. מאָלט בימקאָ אין געציילטע שורות דעם מאָדנעם טרויער און סיטואַציע פון אַ טויטן ייד אין זייער מיטן. דאָ האַנדלט זיך נישט וועגן

מיליאָנען יידן — נאָר וועגן איין און איינציקן ייד. יידן טראָגן דעם טויטן זקן אויף אַ ברעט, אַ געוואַלטיקע טראַגיק שטייגט אויף: מען קוקט אָן בלויז איין און איינציק: אַלטן ייד... מען טראָגט אַ מת פון אַ יידן אונטער די פינצטערע און מלחמה־אָנגעצונדענע, פייערדיקע הימלען... עבעס האָט עס די טראַגישע סימבאָליק פון גאָיאָס אַ מעכטיקע דיכטונג פון דעם בלוטיקן טאָג־בוך פון מלחמה...

יאָ, די מלחמה אין פישל בימקאָס ווערק איז נאָך די מלחמה פון דער ערד, פון דעם סאָלדאַט. עס איז נאָך די מיליטערישע מלחמה — נישט די פריוואַטע, די טאָטאַלע מלחמה. דער ציווילער מענטש איז נאָך אומ־שטאַנד זיך צו באַהאַלטן. די ערד האָט נאָך גענוג היילן, לעבער און גריבער אים צו פאַרבאָרגן. די וועלדער טיף באַהאַלטן נאָך דעם מענטש אין זייערע פינצטערע טיפענישן. די ערד עפנט איר געהיימען שויס צום געט־יבענעם און געשלאָגענעם און באַליידיקטן מענטש. בלויז דער כאַל־דאַט איז אויסגעשטעלט פראַנק און פריי צום טויט. און — עס איז אויסגעשטעלט דער אייביקער מאַרטירער — דער ייד. אינם ייד נעמט מען נקמה. דער ייד באַדאַרף שפּילן זיין גרוים שיקזאַלס־שפּיל מיטן גאַט פון מלחמה. דער ייד — ער איז דער וואָס קריגט די פּעטש. דער ייד — ער באַדאַרף געפינען וועגן ווי אַזוי אויסצומיידן דעם טויט. ווי אַזוי צו קענען שפּעקולירן. ווי אַזוי צו שאַפן פּרנסה פאַרן הויזגעזינט. ווי אַזוי אונטער דער סאַמע נאָז פון בלוטיקן גאָט מאַרס צו מאַכן אַ קערבל. און דאָ איז בימקאָ דער דראַמאַטורג אין זיין סאַמע עלעמענט: שיקזאַל. דאָס שטייגן און פאַלן, קויף און פאַרקויף. שפּעקולאַציע מיטן אייגענעם לעבן. אייביקע געפאַר. פאַרמעסט מיטן היסטאָרישן יידישן גורל.

פ. בימקאָ שרייבט מיט הומאָר. מיט אַ געזונטן הומאָר פון פאָלק. פאַראַן ביי אים אַ סצענע ווי אַזוי ער קומט אָן אויף יענער וועלט אין חלום, בשעת ער זיצט אין קאָזע — איז עס אַ שטיק גראַנד־הומאָר. עס איז די פאָלקס־פאָרשטעלונג פון „יענער וועלט". מחנות יידן שטראָמען פון אַלע זייטן. דאָס ביסל מומעס און פעטערס טוען זיך אַ וואָרף אויף זיי־ער קרוב, דעם מחבר. איבערהויפּט גייט אויף בולט דאָס געשטאַלט פון זיין זיידע ר' וועלוול:

„דער זיידע וועלוול, כאָטש ער איז שוין נישטאָ אַ קימאַ לן, דרייסיק יאָר, האָט זיך נאָך מיט אַלעם געהאַלטן ווי דאָ, און גאָר אַ זשוואַווע יידל, מיט דער גאַנצער באָרד, — ס'האָט נישט געברויכט פעלן פון איר קיין האָר! אַז ער האָט מיר דערלאַנגט אַ האַנט, איז דאָס נאָך אַלץ געווען אַ האַנט, וואָס מ'וואָלט געקענט מיט איר אריינכמאַליען אַ פּאָר פּויערים אין פרעסער אריין. כ'וועל דיר זאָגן: ס'איז מיר אַזש היימלעכער געוואָרן מיט אים: אַז מ'קען דאָרט אַזוי לאַנג אָנהאַלטן — און נאָך עטלעכע און דרייסיק יאָר, קיין עין הרע, ליגן אין דר'ערד אַזוי זיין ביי די כוחות, איז דאָך גאָרנישט אַזוי שלעכט דאָרטן?"

דער דאָזיקער איילנדיקער אריינבליק אין האַדעס, אינם לאַנד פון די שאָטנס, איז טיפּיש בימקאָ'ארטיק. וואָרום דער פאָלקסמענטש וועט דאָך נישט גיין פילאָזאָפירן ווי דאַנטע. אויך וועט ער נישט אָפּמאָלן די גלאָריע פון גן־עדן, צי די פייערן פון גהינום. דער פאָלקסמענטש זעט זיינע פעט־טערס און מומעס — אָן ווערם, אָט אַזוי ווי זיי האָבן געלעבט ביי אונז,

אויף דער ערד. דער פֿאָלקסמענטש זעט יענע וועלט אַזוי פּשוט און פּראַ־זאַאיש ווי די דאָזיקע, די לעבעדיקע וועלט. וואָרום „ס'קומען דאָרט יעדע רגע אָן אַזוי פֿיל מענטשן, אַז מ'קוקט זיך גאָרנישט אום אויף זיי, און מען מאַכט מיט זיי נישט קיין צימעס".

דאָס אַריינקוקן דעם טויט ממש אין די אויגן און בלייבן ביים פֿולן, קרעפּטיקן אָפּטימיזם, איז געווען די אייגנשאַפֿט פֿונם פּוילישן ייד. און גישל בימקאָ איז אַ לייבלעכער ברודער פֿונם דאָזיקן פּוילישן ייד. נישט נאָר די יידישע רעליגיע, נאָר אויך דער באַרימטער יידישער אָפּטימיזם און הומאָר איז דער סוד פֿון דעם יידנס אימוניטעט אַנטקעגן אַ ברוטאַלער וועלט פֿון טרויער, שרעק און גרויזאַמקייט. אויף שריט און טריט לויערט אויפֿן יידן געפֿאַר. און אויף שריט און טריט לאַכט ער, דער ייד. בימקאָ באַזיצט דעם דאָזיקן מעכטיקן הומאָר אין זיין פּראָזע. ס'איז דער יידי־שער וויטאַמין אַנטקעגן זיין שיקזאַל. דער ייד האָט באַזיגט אימפּעריעס און קעניגרייכן מיט זיין שאַרזש און זיין סאַטירע. פֿינצטער און מוראדיק גייט דער גוי אין אַ פּאַרמעסט מיט זיין שיקזאַל. שווער און אָלימפּיש איז זיין מאַרש איבער דער ערד. אין דעם יידן מאַלט בימקאָ דעם מאַן פֿון בטחון. דעם וואָס טריאומפֿירט מיט גלויבן און מיט וויץ איבער זיינע געוואַלטיקע שונאים.

אין דער פּראָצעסיע פֿון סאָלדאַטן, צוזאַמען מיט זעקלעך מעל, מיט אַ לעבעדיקן אָקס, מיט קערז קאַרטאָפֿל, מיט וועגענער און מיט קעסלען באַוועגן זיך אויך „אַ וואָגן מיט טרומנעס, און מיט שוואַרצע, פֿון אייזן געמאַכטע, צלמים".

„עס איז אָפּנים באַלד אַזוי אויסגערעכנט: וואָס דאָס הייזל זעלנער ברויך האָבן אויף צו שיסן, אויף צו עסן, טרומנעס פֿאַר זיך, און צלמים אויף צוקאָפּנס, אַז מ'וועט זיי אַריינלייגן אין דר'ערד אַריין"...

ווי אַלט די מלחמה איז אויף דער ערד און ווי אַלט ס'איז דער דאָ־זיקער אמת מיט די צלמים — איז עס נאָך אַלץ אַ העכסט־אָריגינעלע סאַטירע אויף די אָבאָזן מיט מיליטער, פּראָוויאַנט און טויט. און אַזוי, בילד נאָך בילד, וואַקסט אויס אַ מוראדיקע קאָמעדיע פֿון מלחמה, וואָס דער וועלטס שטאַאַטסלייט וואָלטן באַדאַרפֿט גוט אַריינלייענען. די דאָזיקע סאַטירע פֿון מלחמה קען זיך אַוועקשטעלן אין איין ריי מיט יאַראָסלאַוו האַשעק'ס ראָמאַן „דער בראַווער סאָלדאַט שווייק". וואָרום אַנטקעגן דער פֿינצטערער און מוראדיקער ערנסטקייט פֿון מלחמה, אַנטקעגן איר גרויזאַמער, זינלאָזער פֿאַרניכטונגס־מאַשין איז קיין שום זאַך אַזוי נישט ווירקזאַם ווי הומאָר. ווי די שילדערונג פֿון דער לעכערלעכקייט פֿון מלחמה. ווי דאָס אויסלאַכן איר מיט יידישן הומאָר און מיט יידישן אָפּטימיזם.

נאַטירלעך קען מען נאָך שאַפֿן קאָמעדיע וועגן דער ערשטער וועלט־מלחמה. קאָמעדיע — ווייל עס איז נאָך געווען פּלאַץ פֿאַר קאָמעדיע. ווייל די פֿאַרניכטונג איז נישט געווען טאָטאַל. ווייל דער פּריוואַטער מענטש האָט נאָך געהאַט האָפֿנונג. ווייל דער ייד איז נאָך געבליבן לעבן, טראָץ אַלע ליידן און פֿאַרפֿאָלגונגען. אין דער צווייטער וועלט־מלחמה וואָלט שוין נישט געווען פּלאַץ פֿאַר קיין בימקאָ. די טראַגעדיע האָט דאָ שוין נישט

געקענט זיין קיין רייך. דער מענטשלעך־יידישער גניוס האָט דאָ בלויז געקענט הויך יאָמערן און צאָרנדיק פּראָטעסטירן, ווי יצחק קאַצענעלסאָן, אין זיין אומשטערבלעכן ליד פון דעם „אויסגעהרגעטן יידישן פאָלק".

ביי פּ״ש ב מקא איז נאָך מעגלעך אַזאַ שטעלע וועגן די דעמאָלט נאָך פאַרהעלטנישמעסיקע מענטשלעכע דייטשן: „דערוויייל איז דער דייטש אין זאָטל; ס'איז זיין מדינה, און די יידן — זיינע יידן! מען האָט נישט קיין גרויס נחת פון איב — נאָר וואָס קען מען טאָן? ס'לעבן איז געדריקט... נאָר דאָס איינע: אַז מ'זאָל ביי אים זיין איינגעשטעלט — איז מען גישט; די נאַכט איז מיינע, אַז כ'ליג מיך שלאָפן, ווייס איך אַז איך שלאָף".

דאָס קלינגט פאַנטאַסטיש. אָבער ס׳איז דאָך אמת. די דייטשן זענען נאָך דעמאָלט נישט געווען די תאַדיסטישע חיות ווי זיי האָבן זיך אַרויסגעוויזן צו זיין בשעת דער צווייטער וועלט־מלחמה. טויט־פאַבריקן פאַר סיסטעמאַטישער יידן־פאַרניכטונג האָבן נאָך דעמאָלט נישט עקזיסטירט. ס'איז נאָך דעריבער געווען פּלאַץ פאַר ליטעראַטור. בשעת דער צווייטער וועלט־מלחמה איז פאַרגעקומען אַזעלכס וואָס דער ליטעראַטור־זשאַנער קען נישט מער באַנעמען און באַהאַנדלען. בפרט קען מער קיין הומאָר נישט געשאַפן ווערן אין די ראַמען פון דער מלחמה.

ביי פּ. בימקאָ איז נאָך אַפילו פאַראַן אַ סאָציאַלער עלעמענט אין דער מלחמה: זי גלייכט אויס אָרעם און רייך. דער רייכער ווערט פאַרניכטעט, ער פאַלט אַראָפּ צו אָרעמקייט. בשעת דער אָרעמער ווערט גאָר רייך.

„האָב איך הנאה, און כ'קיל מיך: וואָס אָט די גבירים, די צאַפּעס, וואָס האָבן קיינמאָל נישט געקענט סובל זיין אונזערס אַ מענטש, און מ'האָט שטענדיק געמוזט שטיין און צאַפּקעווען פאַר זיי — האָב זיי אכט און אכציק... זיי מעגן אויך אַמאָל פילן דעם טעם, דעם אָרעמאַנס טעם... די וועלט מוז דען אייביק זיין זייער?"

די מלחמה מאַכט חוזק פונם גביר: „געדענקסט דאָך אין די אַלטע, גוטע צייטן, ווען אַזאַ לייזער צאַפּל מיטן פאַרגאָסענעם שוואַרצאַפּל, האָט זיך אָרומגעדרייט איבערן מאַרק (זיין מאַרק!) און מיטן בייכל (זיין בייכל!) און געבלאָזן פון זיך... און אַז ס'האָט געבראָכט צוטרעטן צו אים עפּעס אונזערס אַ מענטש, אַן עמך'דיקער, וואָס האָט דורכאויס באַדאַרפט פון אים אַז מ'זאָל אַריינגעמען ס'ווייב אין שפּיטאָל (ס'איז דאָך זיין שפּיטאָל געווען!) צי די שוויגער אין הקדש (ער איז דאָך געווען דער בעל ממונה איבער אַלעם!) און ווי ער האָט פון זיך אָוועקגעקאָפּעט: „אַ שפּיטאָל גיב זיי; אַ הקדש מוזן זיי האָבן; אַנדערש זענען זיי גאַרנישט געוווינט, די שנאָרערס!" און ווי שיין ער שטייט איצט אין דער שורה, אינאיינעם מיט ר' נפתלין, און מיט ר' מורה מורינו פיעטרישקע, — פאַר דער שיסעלע זשקע! פאַר דעם ביסל שיטערן אָנעם געקעכטס! און ווער שמועסט נאָך, אַז מ'קריגט אַהיימצוטראָגן אַ קיילעכדיק ברייטל הינטער דער פאָלע... נע־בע... וואָס אַ מלחמה קען מאַכן!"

דאָס אַלץ איז נאָך מעגלעך בשעת דער ערשטער וועלט־מלחמה... דער מחבר, וואָס שטייט געוויינלעך מיט דעם אָרעמען קלאַס, האָט דערלעבט אַ נקמה אין דעם רייכן עלעמענט יידן אין הערצער... נאַטירלעך, אין דער צווייטער וועלט־מלחמה איז נישט געווען קיין רייד פון סאָציאַלער פאַרשידנקייט... אָרעם און רייך איז געגאַנגען אין איין פּייערדיקן קעסל

אריין... אלע קלאסן־אונטערשיידן זענען זיך נישטיק צעפאלן. אלע יידן זענען געווען — אומגליקלעכע יידן.

ביידע בענדער פון פישל בימקא, דער ניינטער און דער צענטער באנד — זענען פראזע־מאנומענטן צום ייד און צו זיין דראמע און פארמעסט אויף צו בלייבן לעבן. דאס איז א גיגאנטישער פארמעסט. אוודאי זענען אויך דעמאלט יידן אומגעקומען. אבער דאס פאלק איז געבליב, גאנץ. זיינע פליגל זענען אפגעזענקט און אפגעסמאליעט געווארן. אבער זיין נשמה איז געבליבן פול מיט בטחון, גלויבן, הומאר און לעבנס־מעכטיקייט.

ס'איז פאראן ביי בימקא א דערציילונג „די אלטע קרעטשמע". ר' ישראל איז דער הויפט־כאראקטער פון דער דערציילונג. אין דעם דאזיקן ר' ישראל — קערנדיק און מעכטיק געצייכנט אויפן פאן פון זאטור און שיקזאל — האט בימקא געגעבן דעם סימבאל פון יידישן פאלק. ר' ישראל לעבט איבער אלע ווינטן, שטורעמס און מלחמות, כדי שטיין צו בלייבן ווי א דעמב און כדי צו טריאומפירן איבער אלע שונאים. די דערציילונג אליין איז געשריבן אין א געדיכטע, עפישע פראזע. דער יונגט־לעכער בימקא האט דא אריינגעבויט כוח פון שילדערונג. דא שלאגט בימקא אן ברייטע, געדיכטע עפיק. אומעטום מיט א פאלקסטימלעך, פאלק־לאריסטיש לשון גיט ער טונקעלע, ערדיקע, וואלדיקע שילדערונג. ר' ישראל, וואס לעבט בשעת דער פוילישער פאווסטאניע, בשעת די קאמפן צווישן די פוילישע העלדן מיטן צאר — ר' ישראל איז געמאלן מיט די פארבן פון דער נאטור. ער איז נישט איין מענטש — נאר דאס גאנצע פאלק. זיין עקשנות, זיין כאראקטער, זיין מעכטיקער בטחון, זיין אייזער־נער גלויבן — דאס איז די געשיכטע פון דעם יידישן פאלק. דאס איז דער גאנג פון דעם אייביקן ייד איבער די בערג און טאלן פון זיין לאנגן, היסטארישן לעבן — עד סוף כל הדורות.

פישל בימקאס בענדער דראמען און פראזע־שריפטן גייען אריין אין דער יידישער וועלט־ביבליאטעק צוזאמען מיט די קלאסיקער און די נאך־קלאסישע פראזאיקער; ער איז נישט קיין צופעליקער, קיין קאפריזנער שרייבער; ער וואָרצלט טיף אין די טראדיציעס פון זיין פאלק און פון זיין ליטעראטור. פ. בימקא איז א יידישער, נאציאנאלער שריפטשטעלער, וואס שילדערנדיק קינסטלעריש זיין צייט, האט ער אנגערירט די יידישע געשיכטע און די יידישע אייביקייט. —



# י. ה. ראַדאָשיצקי

י. ה. ראַדאָשיצקיס באַנד „ליד אין אומרו" איז אַ זאַמלונג לידער פון זיין גאַנץ לעבן. אין דעם דאָזיקן בוך קומען צום אויסדרוק אַלע פּראָבלעמען און מאָטיוון וואָס ער האָט געזונגען. מיר פּרואוון אין אַן אַנאַליז פונם בוך באַהאַנדלען ראַדאָשיצקיס לעבנס־ווערק.

אויף זייט זעכציק פון זיין בוך לידער איז פאַראַן אַ ליד, וואָס מיר ווילן דאָ ציטירן; ווייל עס איז אַזוי ווי אַ מאָטאָ צום גאַנצן בוך לידער. דאָס ליד הייסט: „שענק מיר פרייד":

„גאָט, שענק מיר פרייד:  
ציר אויס מיין האַרץ, ווי דיין ערד —  
מיט אַ זוניק קלייד;  
גיב מיר כוח, שענק מיר מוט —  
זאָלן מיינע לידער גליען  
ווי וויין און ווי בלוט.  
לאָז מיין האַרץ נישט טעמפּ ווערן  
מיט גלייכגילטיקייט — און אַלט:  
זאָל מיין יעדער וואָרט זיין  
פון דיין גנאָד באַשטראַלט,  
ווי דער בייט פון דיין אָטעם געקושט,  
מיט טוי און שפע דערפרישט.

זאָל מיין יעדער אות און קלאַנג  
פול זיין, זאַפטיק און גאַנץ,  
ווי דער יאָדערדיקער זאַנג,  
ווי דער רייפער עפּל, דער פלוים —  
אין אלול־צייט אויפן בוים".

די דאָזיקע תפילה פונם דיכטער איז פון רבונו של עולם שטאַרק באַוויליקט געוואָרן. ראַדאָשיצקי איז זייער סענסיטיוו צו דער וועלט, קודם כל צו דער נאַטור. פון כאַראַקטער אַן איינזאַמער און אַ צוריקגע־צויגענער, האָט דער דיכטער ליב צו גיין אויף זיין איינזאַמען וועג אין דער וועלט. סענסיטיוו און רעספּאָנסיוו צו דער נאַטור, צו אירע פאַרביקע דעמאָנסטראַציעס אין פרילינג, זומער, האַרבסט און ווינטער, ווי עס איז געווען דער מענטש פון קליינעם שטעטל סענסיטיוו צום פעלד, וואַלד, בוים און בלום. די געזעצן פון דער נאַטור זיינען אין שטעטל געווען נאָרמאַל און געזעצמעסיק. נישט קיין צו שטאַרקע אויפטרייסלונגען. נישט קיין ערד־ציטערנישן. נישט קיין שום ענ־דערונגען אינם וועלט־וועטער. דאָס שטילע לעבן פונם פאָלקסמענטש איז געווען געבונדן מיט דער שטילער, נישט־רעוואָלוציאָנערער נאַטור. די פּאָעזיע פונם דיכטער איז נישט איבערראַשנדיק און נישט שטורמיש. עס איז נאָך די נאַטור, דאָס וועטער, דער קלימאַט פון פאַר דער ערש־טער וועלט־מלחמה.

מען מוז ווערן באַהערשט פון י. ה. ראַדאָשיצקיס וועלט־רו, וועלט־שטילקייט און וועלט־האַרמאָניע. אין זיינע נאַטור־לידער פילט זיך די שפע פון דער נאַטור, די קאָסמישע רייפקייט, די שטילקייט, די אויסגעלייטערטקייט און די אידיליע. לויט ראַדאָשיצקיס לידער איז אין דער נאַטור פאַראַן לויטער ליבשאַפט און שלום. אַ געמיינזאַמע, אַ קעגנזייטיקע ליבשאַפט באַהערשט אַלעמען. עס איז נישטאָ די צע־ריסנקייט, די נערוועזיטעט, די מעלאַנכאָליע, ווי ביי די באַרימטע וועלט־שמערצלער פון נייַנצנטן יאָרהונדערט. עס איז נישטאָ די שרעק פאַר די נאַטור־אויסברוכן, פאַר אירע קאַטאַסטראָפעס. פאַר איר „שנאה" צום מענטש. עס איז נישטאָ די מורא, די דערשיטערונג, די טראַגיק און די ביטערע איראָניע ווי ביים פּאָעט משה לייב האַלפּערן. אין ראַ־דאָשיצקיס נאַטור־ראַם הערשט דיכטערישע רו און שלום. די גאַנצע וועלט איז איין גרויסע אידיליע. דורך דער דאָזיקע דיכטונג גייט דורך אַ שטילער, טרויעריקער מאָטיוו פונם אַלץ־פאַרגעגנגלעכן און ליריש־שמערצפולן. מען וואָלט געקענט ציטירן אַ סך פערזן פון ראַדאָ־שיצקיס נאַטור־לידער. אָבער מיר וועלן בלויז ציטירן אייניקע שורות, ווי אַ מוסטער, הגם נישט קיין ספּעציעל אויסגעוויילטע:

„אין וואַלד"

„איך שפּאַן אין וואַלד, דער קלאָרער זאַמד און וועג — מיר ליב.
דער בינען־זשום וואָס רוישט פאַרביי איז ווי מוזיק:
כ'נעם אויף דעם צאַרטן גלעט פון הייסן ווינט,
דאָס פלאַטערן פון געלן בלאַט וואָס פאַלט —
דעם פויגלס טריל וואָס טריפט אַראָפּ, באַזונט:
אַלץ פילט אָן דאָס האַרץ מיט פרישן גליק.
און ליב איז מיר דער אומבאַקאַנטער וועג וואָס גליט,
יעדעס ביימעלע וואָס שימערט גרין, מיט חן."

די תפילה אויף שפע, פרייד און גוטסקייט איז נישט קיין צו־פעליקע. פאַראַן אין בוך געננג אויטאָביאָגראַפישע לידער וועלכע מערקן אָן אויפן קוואַל, פון וואַנען דער דיכטער ציט זיין יניקה.

עס איז די טראַדיציע, דער פאָלקס־יחוס, דאָס אָנשפּאַרן זיך אין אוראַלטע שטאַמען, וואָס האָט מעגלעך געמאַכט אַז אַזאַ סענסיטיווער כאַראַקטער ווי ראַדאָשיצקי זאָל נישט גייסטיק און פיזיש אומקומען אין אַ וועלט פון רשעות און פּיין. אַ מענטש, בפרט אַ דיכטער, לעבט נישט אַליין. נייערט ער איז פאַרוואָרצלט אינם פאָלק, אין אַ מעכ־טיקן שטאַם, אין אַ געדעכעניש וואָס שטייגט אַריבער אַן איינצלנעם כאַראַקטער, אַ צופעליקן אינדיווידואום.

אינם בוך גייט אויף, צום ביישפּיל, אַזאַ קערנדיק געשטאַלט ווי דעם דיכטערס זיידע, ר' הערשל, וואָס איז געווען אַ רופא. דער דאָזיקער זיידע האָט געהאָלפן די אָרעמע קינדער אין שטעטל מיט רפואות. ער אַליין האָט אויך געהאַט קינדישע אויגן. ער איז אַליין געווען אַ גרויס קינד פון פאָלק.

ווי אַזוי דאָס שטעטל איז געווען איינגעהילט אין טרויער; ווי דאָס לעבן איז געווען חושך און ביטער; וואָס פאַר אַ אייביקע

פינצטערניש עס איז דערויף געהאַנגען, טראָץ דעם וואָס עס איז געווען אַ גאַנצע וועלט פאַר זיך און עס איז דורך דורות אָנגעגאַנגען אַ שעפערישע טעטיקייט; און די באַשיידענע ראָלע וואָס דער זיידע ר׳ הערשל האָט אינם שטעטל פאַרנומען, ווערן מיר געוואויר פון אַזאַ שטעלע — אין ראַדאָשיצקיס ליד „דער זיידע ר׳ הערשל״:

„... און אָפטמאָל:
ווען האַרבסט האָט ניט האָגלען, מיט רעגן און ווינטן
באַפאַלן דאָס שטעטל, דאָס איינזאַמע שטעטל;
עס רעגנט און רעגנט, אַלץ טאָפּיעט אין נעצקייט,
אַלץ ליגט פייכט אין אומעט פאַרנעפּלט;
עס קאָרטשען זיך אין אַלע הייזלעך אין עלנט פאַרזונקען;
עס רעגנט און רעגנט;
עס גייען די טעג אויס מיט אָטעם פון קראַנקייט,
מיט טרערן פון מאַמעשע אויגן, מיט זיפצן פון באָבעס,
מיט ווינטישן וואָיען וואָס יאָמערט אַריין
אין די אָרעמע אידישע שטיבלעך;
דעמאָלט —
זיצט שטום, ביי דעם בעט פון אַ קראַנקן, דער זיידע ר׳ הערשל;
עס עפנט דאָס קינד אויף די אויגן, פאַרנעפּלט,
וואָס בעטן זיך, בעטן״... א. אַז. וו.

דער דאָזיקער זיידע וואָס זאָגט צו אַ קראַנקן: „איך שענק דיר אַ טייל פון מיין לעבן״ און ער זיצט לעבן דעם שטומען חולא אַ צעבראָכענער און ער „קושט אים דעם שטערן״ — איז אַריין מיט זיין גרויסן האַרץ, ליבשאַפט און רחמים אין זיין דיכטערישן אייניקל.

דאָס פאָלק איז פול געווען מיט אַזעלכע פרימיטיווע, הומאַניסטישע, אידעאַלע געשטאַלטן. איינזאַם האָבן זיי געלעבט אין איינזאַם זיינען זיי אַוועק, די דאָזיקע פאַרבאָרגענע צדיקים, די געהיימע לאַמעדוואָווניקעס. אָבער, ערגעץ־וואו זיינען זיי צוריק אַרויס אויף דער אויבערפלאַך: אין די ווערק פון אַ קלאַסיקער. זיי האָבן אַרויסגעשטעקט אַ פלאַמיק פּנים אין אַ פאַרצייטישער פּאָעמע. זיי האָבן אויסגעשריגן דעם פאָלקס ווייטיק אין אַ פאָלקסליד וואָס דאָס פאָלק האָט אין די גרויסע ווינטער־נעכט געזונגען; אין די פּאָעטישע שורות וואָס אַן אייניקל האָט שפּעטער געשריבן אונטערן גרויען ברוקלינער הימל.

ראַדאָשיצקיס אַן עלטער־זיידע ר׳ אהרן איז אויך אַ פּראָמינינטע פיגור אין דער שטאָם־גענעאלאָגיע פונם דיכטער. שוין אַ ניינציקיאָריקער, איז ער געווען באַזעלט מיט האָפן, גלויבן און בטחון. פון אים האָט דאָס זיין אוראייניקל, דער דיכטער, גערירשנט דעם טראַדיציאָנעל־אידישן אָפּטימיזם און בטחון. דער זיידע ר׳ אהרן ברענגט מתנות צו די אייניקלעך. אַרום האַרבסט־צייט פלעגט דער זיידע ווערן אומעטיק. צום טיפן ווינ־קעלער פלעגט דער זיידע זיך דעמאָלט קערן. אָט ווי אַזוי ראַדאָשיצקי באַשרייבט דעם זיידנס וויין־קעלער:

„דער עלטער־זיידע ר׳ אהרן"

„אַזוי ווי די שפּייכלערס, ביי פּריצים, נאָך שניט־צייט —
אַזוי איז דער קעלער אַ פולער ביים זיידן:
דער גאָלדענער האָניק אין טעפּ, בייכלדיק, רויטע,
פאַרלייכטן די פינצטערע פּאָליצעס פון קעלער,
די פעסעלעך בראָנפן, פון כראַביעס גאָרזשעלניע —
ווארזשן און וואַרטן אויף שמחות, אויף אידישע שמחות!
סע פּלאַצן פון פולקייט די פעסעלעך מידע
און יערן ווי פליסיקער בורשטיין, אוודאי פון כמעלניצקיס צייטן,
עס שיסן די קאָרקעס אַריין אין דער פינצטער, ווען ס'שלאָפט שוין
דערזיידע,

זיי יערן און שיסן און וואַרזשן.
און קומען די טעג אָן, די האַרבסטיקע, טריבע,
מיט רעגנס און ווינטן:
הויבט אים אָן צו נאָגן אין האַרץ טיף דער אומעט —
נעמט שפּאַנען דער זיידע אַרום אין שטוב
און ברומען אַ ניגון, אַן איינזאַמען ניגון,
מיט טענער וואָס רייסן אַרויס זיך פון האַרץ אים,
ווי פייגל פון איינזאַמע שטייגן".

**דער זיידע וואָס נידערט מיטן לאָמטערנדל אַרונטער אין וויין־קעלער, דערפרישט זיין האַרץ מיט אַ בעכער וויין, צעזינגט און צעטאַנצט זיך, האָט געהאַט אַ סך לידער אין זיין האַרצן. פון דאָזיקן זיידן האָט דער דיכטער געירשנט די ליבשאַפט צום מין מענטש, דעם עקסטאַז און דעם ניגון. דער דאָזיקער ר׳ אהרן האָט מיט זיין פרייד און התלהבות געראַטעוועט דאָס שטעטל אידן פון זיין טרויער, פון זיין אייביקן אומעט. ער האָט אינם גרויסן בעכער גאַל און טרערן פונם קליינשטעטלדיקן לעבן אַריינגעגאָסן וויין און אַריינגעטריפט זון פון זיין מענטשלעך־זוניקן האַרץ. עס איז אין שטעטל, מיט זיינע פאַרזאָרג־טע, פאַרדאגהטע און פאַרצערטע אידן נויטיק געווען דער שמחת תורה־איד. דער אָנגעצונדענער פּורים־איד. עס איז נויטיק דאָס ביסל פריי־לעכקייט און פאַרביקע פורימדיקע יום־טובדיקייט, מיט מאַסקע און שלח־מנות, וואָס האָט אַ ביסל פאַרלייכטערט דאָס אידישע מרה־שחורהדיקע לעבן.**

**און דאָס אוראייניקל איז נישט צו ווייט אַוועק פון זיין זיידן, ר׳ הערשל. פון זיין עלטער־זיידן, ר׳ אהרן. ראַדאָשיצקי איז, טראָץ דעם וואָס ער איז דערגאַנגען צו אידיש־אוניווערסאַלער דיכטונג, געבליבן געטריי צום שטעטל, געטריי צו זיינע דערהויבענע אָבות, געטריי צו זיין טראַדיציע און צו זיך.**

**דער רופא ר׳ הערשל, דער עלטער־זיידע ר׳ אהרן, דאָס זיינען צוויי ווירדיקע שטאַם־פּאָטערס פון אַ אידישן פּאָעט. זיי לעבן און זיי ווירקן אין ראַדאָשיצקיס גייסטיקן באַנעם. אין זיין מענטאַליטעט. זיי זיינען אַקטיוו אין דעם גאַנצן בוך לידער פון זיין לעבן.**

**י. ה. ראַדאָשיצקיס מאַמע, עס איז כדאי וועגן דעם זיך אָפּצו־שטעלן, איז געווען אַ הייבאַם. מיר ווערן דאָס געוואויר פון דעם ליד „מיין מאַמע חנהלע":**

„די מאַמע מיינע איז גאַנצע נעכט ביי „געווינערינס״...
קינדער, אידישע, אָפּגענומען:
זומער אין די היצן, דורך פראָסט און שניי אין ווינטער —
טראָגט זי פרייד און טרייסט צו די שטיבלעך, אָרעמע,
און אָפטמאָל ווען די זון גייט אונטער —
שלייכט איר גוף אין שטוב אַריין, בלייך און מיד,
ווײנט דער צער אַרויס פון אירע גוטע אויגן,
פון איר יעדן גליד: —
צער, פון יענע מאַמעס צניעותדיקע —
אין דער נויט־שעה פון געבערן.
אין דרויסן, אויפן גראַנאַט־הימל
צינדן זיך שוין אָן די שטערן״ — א. אַז. וו.

**עס איז גישט צו שווער צו באַמערקן דער מאַמע חנהלעס כאַראַקטער און פּראָפעסיע אין איר זונס כאַראַקטער און באַציאונג צו דער וועלט. און וואָס איז שייך זיין טאַטן, איז ער אַן אָרעמער, ערלעכער, קליינשטעטלדיקער שניידער, איינער פון די שטילע, באַשיידענע, תמימותדיקע אידישע שניידערלעך און שוסטערלעך פון אידישן פאָלקס־ליד, פון דער פאָלקס־מעשה און פאַרביקן פאָלקלאָר:**

„מיין טאַטע״

„... ביז שפּעט אינס אָוונט פלעגט זיצן מיין טאַטע
און העפטן און שטעפּן און נייען —
די שטאָפּן ווי מאַיאיקע פעלדער צעבליטע,
און שטעפן און גלעטן די בלוי־קאָרן־בלימלעך,
וואָס שמעקן מיט ריחות פון פוילישע לאַנקעס!
ביים שטעפּן פלעגט ברומען פון הונגער, דער טאַטע
אַ זמר פון שבת, אַ ליכטיקן ניגון,
ער זינגט און זיין פּנים ווערט לויטער —
אַזוי ווי די קוויטן אַראָפּ פון די שטאָפּן
וואָס גליען און העלפן אים מיט צו דעם זמר;
און ס׳קייקלען זיך טרערן און פאַלן און פאַלן
אַראָפּ אויף די שטייפע, געבלימלטע קליידער —
ווי טויען וואָס פאַלן אויף זאַנגען אוןביימער״.

אָט אַזוי ווערן מיר געוואויר פון דעם שטאַם־בוים פון י. ה. ראַדאָשיצקי. דער שטאַם־בוים איז פון ערלעכע, געזונטע, טייערע אידן, מיט אַ נטיה צו גוטסקייט, צו שיינקייט, צו פריילעכקייט און צו אַ ביסל בגילופנדיקייט. שוין אין די דאָזיקע מענטשן איז געווען דאָס ליד. ווען די מאַמע גייט אַהיים אין באַגינען, נאָכדעם ווי זי האָט אָפּגענומען דאָס קינד ביי אַ געווינערין; ווען דאָס שטעטל איז פאַרשלאָפן אין אַ טיפן שלאָף; ווען דער זיידע ר׳ הערשל איילט זיך צו אַ שטאַרבנדיקן חולה שפּעט ביינאַכט, כדי צו פאַרלייכטערן די יסורים פון גסיסה; ווען די שטערן לעשן זיך און דער טאַטע זיצט גאַנצע נעכט און נייט און „ער העפט אַריין די הונגערצייט״; ווען דער זיידע ר׳ אהרן נידערט מיטן לאָמפּ אין קעלער פון ווייַן און ער פּרואווט פאַרטרינקען דעם

טרויער; אין אַלע יענע מאָמענטן איז צו זיי געקומען דאָס ליד, דאָס פּראָסטע, פּשוטע, אידישע ליד. זיי האָבן שטומערהייט געברומט די דאָזיקע לידער. דער זיידע ביי דער אַגאָניע פון אַ איד; די מוטער ביים געבורט פון אַ קינד; ביידע זיינען זיי געשטאַנען ביים אָנפאַנג און דעם סוף פון דעם לעבן פון אַ איד. ביידע זיינען זיי געווען דינער צום אידישן לעבן. ביידע האָבן זיי אינסטינקטיוו באַנומען די גרויסקייט פון זייער דינסט. ביידע האָבן זיי געוואוסט אַז זיי דינען צו די גרויסע געטלעכע כוחות פון אידישן לעבן, וואָס שטייגט אַריבער זייערע פּער־זענלעכע אינטערעסן און שיקזאַלן. זיי האָבן ביידע זייער פּאָעזיע געלעבט. אין אויסערגעוויינלעכע מאָמענטן האָבן זיי געאָנט די העכערע צוועקן פון לעבן. אַ העכערן באַרוף פון אידישן גורל. אַ דערהויבענע דינסט צו גאָט. זיי זיינען אין זייער לעבן און אין זייערע מעשים געווען אין שטענדיקן באַריר מיט יענעם מהות וואָס איז דער קוואַל פון דיכטונג.

און דאָס קליינע אינגל האָט זיך אָנגעזאַפּט מיט זייער ליד און לעבנס־פילאָסאָפיע. אַזוי איז עס געוואָרן אַז אַלע אידן־געשטאַלטן אין ראַדאָשיצקיס שטעטלדיקער פּאָעזיע זיינען אַזוי ווי שליחים פון דער השגחה. זיי טוען אַ העכערע עבודה. דער וואַסער־טרעגער, פון זיין גרעסערער פּאָעמע, איז ממש אַ לאַמעד־וואָווניק, און דאָס וואַסער וואָס ער טראָגט, איז ווי מים חיים, ווי וויין, וואָס ער פּאַרטיילט אין אָרעמע אידישע שטיבער. דער וואַסער־טרעגער טוט דאָס וואָס עס טוט דעם דיכטערס זיידע, דער רופא; וואָס עס טוט די מאַמע — די הייבאַם; וואָס עס טוט דער זיידע ר׳ אהרן — מיט זיין גוטן האַרץ. אַפּילו דער טאַטע דער שניידער טוט אויך עפּעס אַ הייליקע עבודה: ער זאַמלט מיט דער פּושקע געלט פאַר דער תלמוד־תורה. אַזוי ביז צום אייניקל, דעם דיכטער, וואָס דינט מיט זיין ליד צו דער הייליקייט און די גרויסקייט פון אידישן לעבן.

דאָס ליד איז אויך געווען אין שטעטל. אין דעם שבתדיקן נאָכ־מיטאָג, צו וועלכן דער דיכטער ווידמעט אַ שיין ליד „שבת־רו״. דאָס ליד געהערט צו זיינע בעסערע לידער און עס אָטעמט מיט היימישקייט און מיט מנוחה. איך ברענג עס דאָ ווי אַ מוסטער:

„שבת־רו״.

„שבת נאָכן מאָלצייט, טאַטע־מאַמע דרימלען,
און דאָס קינד אין וויגל חלומט זיס און פריש;
דורך די לאָדן־שפּאַלטן פאַלן דינע שטראַלן,
ס׳העלן שטרייפן, גאָלדיק, איבער בעט און טיש.

ס׳שפּיגלט זיך דער אָפּשיין איבער מאַמעס פּנים,
איבער אירע ליפּן איינגעדרימלט ליב;
און אַ שטראַל בלענדט גאָלדיק אויפן טאַטנס שטערן,
אויף דער באָרד דער רויטער און פאַרלעשט זיך טריב.

אַלע פענצטער דרימלען, ס׳דרימלען די גאָרדינען,
ס׳בלאָזט אַ ווידן ווינטל שמעקנדיק און קיל;

שטיל, מיט שבת־שטילקייט דרימלען מיט די לייכטערס,
דאָס קעצל אויפֿן פענצטער רואיקט, ווייס און שטיל.

בלויז די פֿליגן וואַכן, זינגען נאָך דעם זמירות —
זשומען דורך דער שטילקייט און דער שטוב אַרום;
און די שטילקייט אָטעמט פֿון אַיעדן ווינקל,
מיט אַ זומער־ניגון שבתדיק און פֿרום.

שטיל, אין זיסן דרימל רוען טאַטע־מאַמע
שבת נאָכן טיש;
דורך די לאָדן־שפּאַלטן בלאָזט אַ מילדער ווינטל
שמעקנדיק און פֿריש״.

אין ראַדאָשיצקיס פּאָעמע „ר׳ גאָדל״ גייט אויף אַ האַניקדיק־זאַטע און רייף־געצייכנטע אידיליע. די דאָזיקע פֿולקייט און רייפֿקייט פֿון דעם אידישן לעבן איז ס׳רוב אין קעגנזאַץ צו אַנדערע אידישע דיכטער, ביי וועמען עס מערקט זיך כמעט שטענדיק אַן אַטאַוויסטישע מורא, די היסטאָרישע אידישע שרעק פֿאַר שונאים, די אומהיימלעכקייט פֿון דער פֿרעמדער לאַנדשאַפֿט. אין ראַדאָשיצקיס ליד מערקט זיך עפּעס פֿון יענער ביבלישער שפֿע. אַ פֿולקייט און אַ גאַנצקייט פֿון אידישן לעבן. פֿון אידישע ימים־טובים. פֿון פֿעלדער מיט תבואה און סעדער מיט גאָלדענע פּירות.

אין דעם ציקל לידער „אידן פֿון אַמאָל״ מאָלט דער דיכטער די ריינקייט פֿון דעם אידישן לעבן אין פּוילן, אָפֿט אין קאָנטראַסט צו גויישער רשעות און גראָבקייט. עס גייט אויף אַ גאַנצע גאַלעריע פֿון פּרעכטיקע אידן־געשטאַלטן, פּוילן־לאַנדשאַפֿטן, נאַטור־פּייזאַזשן, וועלכע גיבן אַ פּרעסקאָ פֿון אידישן לעבן. אַ געלונגענע פּאָעמע איז „דער וואַסער־טרעגער״, אין וועלכער עס ווערט, ווי שוין דערמאָנט, געמאָלן אַ כאַראַקטער וועלכן מיר וואָלטן דרייסט מעגן צורעכענען צו די קלאַסישע פּערסאָנאַזשן פֿון דער שטעטל־ליטעראַטור.

אורטיילנדיק דאָס בוך אין די ראַמען פֿון י. ה. ראַדאָשיצקיס אופֿן פֿון דיכטן, איז דאָס בוך אַ פֿול, גאַנץ און געשלאָסן בוך. מיר האָבן דאָ דאָס סאַמע ערשטע ליד פֿון זיין יוגנט, ביז צום לעצטן ציקל לידער „צער״, אויפֿן טויט פֿון זיין געליבטער פֿרוי. עס איז אַ בוך — אַ מענטשנס לעבן. דער דיכטער האָט, ווי די ראָמאַנטישע פּאָעטן פֿון דער פֿאַרגאַנגענהייט, געהאַט בלויז איין ראָמאַן אין זיין לעבן. זיין פֿרוי איז געווען דער איינציקער כאַראַקטער אין דעם דאָזיקן לעבנס־ראָמאַן. איר האָט דאָ לידער וועגן די סאַמע ערשטע ראָמאַנטישע טעג פֿון זיין באַגעגעניש מיט איר, ביז צו אירע לעצטע שעהן פֿון קראַנקהייט און טרויער. פֿרייד, לוסט, ליבע און שמערץ זיינען אויסגעהאַלטן אינם טאָן פֿון ראָמאַנטישקייט און אידיליע. עס איז די נישט־קאָמפּליצירטע ליבע, וואָס ווערט נישט פּראָוואָצירט דורך אייפֿערזוכט און קאָנפֿליקט. דער טויט איז דער טזיט ווי עס נעמט אים פּרימיטיוו אויף אַ קינד פֿון פֿאָלק: מיט מורא, צער, שרעק און טרויער, וואָס הילט איין די גאַנצע לאַנדשאַפֿט.

י. ה. ראַדאָשיצקי האָט זיין גאַנץ לעבן געלעבט מיט זיין ליד. ער האָט דאָס ליד געצערטלט אַ לעבן לאַנג. אַלע אומגליקן פון לעבן האָט ער פאַרשלאָסן אין זיין ליד. אַלע רעמיניסענסן פון אידישן פאָלקס־לעבן האָט ער אַנגעטאָן אין פערזן. ער האָט אַלע אים ליבע געשטאַלטן באַהאַלטן אין זיין דיכטונג. ווען אַ אידישער דיכטער האָט געפייערט אַ יום־טוב, פלעגט ראַדאָשיצקי זאָגן: „איך האָב אים שוין געווידמעט אַ ליד". ווען זיין פרוי איז אַוועק אין דער אייביקייט, האָבן זיך אַרויס־געריסן פון זיין האַרץ אַ שטראָם לידער. ראַדאָשיצקי שרייבט נישט ווי עס טוען עס אַנדערע דיכטער, קיין לידער וועגן לידער. זיין יעדעס ליד געהערט צו אַ געשעעניש אין לעבן.

ראַדאָשיצקי באַהערשט גלענצנד זיין אידיש־לשון. זיין שפּראַך איז היימיש, אידישלעך־קערנדיק און אָטעמט מיט האַרציקער פאָלקס־טימלעכקייט. שמעקט ווי צימערינג מיטן טייערן אידיש פון די פּוילישע שטעטלעך און פון די אידישע פאָלקסלידער און פאָלקס־פּאָעטן אין דער אַמאָל אידישער מדינה פּוילן.

ראַדאָשיצקי האָט אויך אַריינגעבראַכט אין דער אידישער ליטע־ראַטור אַ צאָל לידער וואָס שטייען נישט אָפּ פון די מאָדערנע אידי־שע דיכטער. וואָרצלענדיק אין דער פּאָעזיע פון פּוילן, וואָס איז גע־ווען אַן אויסדרוק פון איינגעפּונדעוועטן אידישן פאָלקס־לעבן — האָט ער אָבער אויך דאָ, אויפן אַמעריקאַנער באָדן, אויפגעכאַפּט דעם ריטם פונם היגן אידישן לעבן, פון דער אַמעריקאַנער ווירקלעכקייט. ראַדאָ־שיצקי האָט די גרעסערע העלפט פון זיין לעבן געלעבט אין ניו־יאָרק. אין דעם ערשטן ציקל פון בוך „אויף דיין ערד — אַמעריקע" לייענען מיר אַ צאָל לידער, פון וועלכע אַ סך וועלן מוזן אַריינגיין ווי אַ וויכ־טיקער צושטייער צו דער פּאָעזיע וואָס אידישע פּאָעטן האָבן געשאַפן אויפן אַמעריקאַנער באָדן וועגן אַמעריקע. אַזעלכע לידער ווי „שיין ויינען דיינע יונג־פּרויען — אַמעריקע, „ביים האָדסאָנס שטילע וועגן", „נאַכט אויפן האָדסאָן", „אויפן 'באָרדוואָק' ביים ים", שמעקן מיט טי־פּישער אַמעריקאַנישקייט, אַפילו מיט וויטמאַנישן מאָטיוו און פאַרנעם. די ריזעדיקייט און דער פאַרנעם פון אַמעריקע — און אין קאָנטראַסט צו דעם — די איינזאַמקייט פון מענטש, די טראַגעדיע פונם אַרבעטער, פונם אַלט־געוואָרענעם לוינשקלאַף, ברעכט זיך אַדורך אין ראַדאָשיצ־קיס ליד מיט צער און צאָרן. דאָס ליד „דריי וואַנדערער" קען מיט ־עכט אַריינגענומען ווערן אין אַן אַנטאַלאָגיע פון טיפּיש אַמעריקאַנער זאָציאַלע לידער.

וואָרום אַנטקעגן דער רייכקייט און שפע פון אַמעריקע לאָזט דער דיכטער מעכטיק קלינגען דעם אויסגעשריי פון מענטש. עס זאָגט איין וואַנדערער:

„די וועלט איז רייך און וואונדערלעך,
און געטלעך אַלץ, וואָס נאָר דער מענטש באַשאַפט!
נאָר הייליקער פון אַלץ — דער גייסט,
וואָס נאָר דער מענטש פאַרמאָגט".

דער צווייטער וואַנדערער לאָזט הערן אַזעלכע אייביק־אמתדיקע רייד:

„דער מענטש איז גרויס,
און געטלעך איז זיין טאַט:
געבענטשט איז ער צו זיין די קרוין פון אונזער ערד!
ער פלאַנצט און זייט,
עס בליט דאָס ברויט, דער וויין!
ער ברעכט און בויט, גראָבט אוצרות פון דער טיף!
ער שקלאָפט און הערשט —
די גאַנצע ערד איז זיין!"
און דער דריטער — בלאַס —
פון אינערלעכן שטורעם —
דונערט אויס מיט כעס:
„געטלעכקייט און חכמה, באַלייכט די נאַכט! —
נאָר מיר גיט מאַכט, אָ, גיט מיר מאַכט!
וואָס נוצט דער שכר פון ווערן נאָר געלויבט,
אַז דער וואָס שאַפט —
דער ווערט פון אַלץ באַרויבט?!
אין יאָך איז ער פאַרשקלאַפט,
און נאַקעט בלייבט ער ווי דאָס פעלד אין האַרבסט!
און הפקר איז זיין גוף ווי אויפן וועג דער שטויב;
נישט קרוין אים בלויז מיט לויב!"

**דער גאַנג פון די דריי וואַנדערער הילכט מעכטיק אָפּ אויפן ברוק פון דער מעטראָפּאָליע, אויפן לאַנד פון אַמעריקע, דריי וואַנ־דערער — ממש דריי צאָרנדיקע נביאים...**

**„דער לעצטער גאַנג" איז אַ זייער רירנד ליד ווי מען גייט פּטור ווערן פון אַן אַלטן, אויסגעמוטשעטן און אויסגעאַרבעטן פערד. דאָס דאָזיקע פערד — מיט זיין פּאַסיוון, שטומען און מענטשלעכן צער, וואַקסט אויס ממש צו אַ מאָנומענטאַלער גרויסקייט. איך רעכן צו דאָס ליד צום דיכטערס סאַמע־סאַמע ווערטפולסטע לידער. און וויפל איך וויל זיך אָפּהאַלטן פון ציטאַטן, מוז איך אָבער דאָס ליד ציטירן אין זיין גאַנצער שיינקייט און טראַגיק:**

„פון ערגעץ ווייט, אַראָפּ פון וויליאַמסבורגער בריק,
צו אַן אָרט פון וואו מען קומט נישט צוריק —
פירט טאָני איצט זיין פערד אַוועק, דעם לעצטן גאַנג;
שלעפּט אַ לאַמער זיך דאָס פערד, בלינד און קראַנק.
אַ פערד וואָס ס'האָט דער יאָך פון אים געמאַכט אַ תל:
די פיס צעקרימט, די אויגן — נאַכט, געריסן שטיקער פעל.
און טאָני פירט אים איצט, ער וויס וואוהין ער פירט!
עס פּאַכט דאָס האַרץ אין אים, פון פיין און צער גערירט:
דאָס פערד געשלעפּט דעם יאָך, געווען זיין טרייער פריינט,
עס ווילט זיך וויינען אים, דאָך בלייבט די טרער פאַרשטיינט.
עס בלייבט נאָך יונג דער טאָג, די גאַסן — פוסט און שטיל,
אַ זומערדיקער ווינטל פעכלט פריש און קיל.
דער הימל מאַט און גרוי, די זון — נאָך נישט אַרויס,

עס שלאָפט די שטאָט ניו־יאָרק, עס דרימלט יעדער הויז,
עס הילכן אָפּ די טריט פון פערדס באַשטאָלטע קלויען,
וואָס ווערט געפירט אַצינד באַפרייט צו זיין, צו רוען...
אָט פירט מען אים פאַרביי — די גאַס איז אים באַקאַנט:
געשלעפט די שטיינער פאַר יעדן הויז־גיגאַנט!
געהאָלפן אויפבויען רייכער דאָ די שטאָט.
איצט פירט מען אים אַוועק צו טאָן אים זיין גענאָד. —
שוין אָפּגעדינט און אויס: וואָס דאַרף מען אים דאָ מער?!
שלעפט מען אים צום גאַז־הויז, מיד און שווער.
דער הימל ציט זיך גרוי, נאָך זיין לעצטן גאַנג,
נאָך לאָמען פערד וואָס שלעפט זיך בלינד און קראַנק —
אַוועק דאָרט ערגעץ ווייט פון וואו מען קומט נישט צוריק...
און ס׳קוקט אים נאָך מיט צער די וויליאַמסבורגער בריק״.

**נעמענדיק אין אַכט ראַדאָשיצקיס ערלעכקייט, גוטסקייט און געטריישאַפט; די גרויסע ליבשאַפט צו זיין ליד און צום ליד פון אי־דישן דיכטער, און, דעם מאָטאָ פון זיין גאַנץ לעבן, ווי ער זאָגט אַליין: „כ׳האָב יעדער שעה פון אונזער לעבן דאָ פאַרשריבן״, מוז מען שעצן אַזאַ לידער־און־לעבנס־זאַמלונג ווי „ליד און אומרו״. אין דעם ים פון מאָדערנע, נישט זעלטן פאַלשע, געמאַכטע, אויסגעטראַכטע לי־דער, אַפילו ווען זיי באַזיצן גרויס בעל־מלאכהשאַפט, פיינע אַרטיזאַ־נישקייט, לויכט אַרויס דאָס האַרציקע, לעבנס־געטרייע און לעבנס־ערלעכע ליד פון דעם דיכטער י. ה. ראַדאָשיצקי. זיין ליד איז עכט און קערנדיק, ווייל ער ציט זיין יניקה פון אידישן לעבן און פון דעם לעבן פון מין מענטש. פרייד און צער זיינען די הויפּט־מאָטיוון פון זיין דיכטונג. און מיר פאַרענדיקן אונזער אַרבעט מיט זיינס אַ ליד, אין וועלכן ס׳איז איינגעפאַסט דער מהות פון י. ה. ראַדאָשיצקיס לעבן און דיכטונג:**

„אַזוי איז אונז באַשערט״

„ווי די וואַנדער־שבטים, אין מדבר —
פאַלן דאַרשטיקע
איבער פריש אַנטפּלעקטע קוואַלן —
טרינקען און שטראַלן
איבערן שטראָמענדיקן **שפּיגל**:
און דאַנקען דעם וואונדער קריגל
פון דער ערד;
אַזוי איז אונז באַשערט
צו טרינקען פרייד און צער
פון דיין האַרץ אַרויס —
מוטער ערד״.



# די מעשענע מנורה!

גשווידמעט דעם אומשטערבלעכן אָנדענק פון דעם גרויסן שריפטשטעלער, פּאָעט און טייערן איד און מענטש, אברהם רייזען, וועמענס ווערק זאָל אייביק דינען און אינספּירירן דאָס לעבן פון פאָלק און פון דער מענטשהייט... — ש. ט.

איך בין געווען אין אידישן מוזעאום. עס איז געווען פאַרזאַמלט אַ פּובליקום. פּאָעטן האָבן געלייענט זייער פּאָעזיע. אַ יונגער קאָמפּאָזיטאָר האָט געשפּילט די פּיאַנאָ. אַ מאָלער האָט צום סוף גערעדט וועגן מאָלעריי. איך בין געזעסן ביים פייער־פּלאַץ פון דעם גרויסן זאַל פון די וואַרבורגס. אין אָפענעם פייערפּלאַץ שטייט די גרויסע מעשענע מנורה. אַ מעכטיקע מנורה, וואָס געטרייע הענט פון פאָלק האָבן מיט יאָרהונדערטער צוריק אויסגעשמידט אין אַ שטאָט אין קרוין־פּוילן. צום ערשט ווער איך באַוואוסטזיניק אַז איך זיץ נעבן אַ גרויסע מנורה. שפּעטער פאַרגעס איך שוין אין די פּאָעטן וואָס לייענען זייערע לידער. מיר דאַכט: זייערע לידער קומען אַרויס אַזוי קליין פאַראַלעל דער אַלטער, דער מעכטיקער מנורה. איך הער שוין מער נישט דעם מאָלער רעדן וועגן קונסט. איך טוליע זיך שוין איצט צום פאַרגליווערטן פלאַם פון דער מנורה, אַזוי ווי אַ משוגענער, וועמען עס איז אומענדלעך קאַלט אין אַן אייזיקער, פּראַסטיקער נאַכט. ווען איך בין געוואויר געוואָרן אַז אידישע הענט אין פּוילן האָבן די מנורה געשמידט, איז מיר וואַרעם געוואָרן אויפן האַרצן. ווי אַ קינד וואָס רירט אָן זיין ליאַלקע, דאָס געפּאַרבטע פלייש פון זיין שטומער ליאַלקע, וואָס איז פיל גרעסער פון אים, האָב איך אָנגערירט מיט ציטערניש די רערן פון דער מנורה. כ׳האָב אָנגערירט זיין מאַסיוון געשטעל. כ׳האָב אָנגערירט פּוילן אין זיין ברוינעם מעש. כ׳האָב אָנגערירט אַ פּוילישן זון־אונטערגאַנג אויף דער ווייכסל, פרייטיק פאַרנאַכט, ווען גאָט שיקט אַראָפּ דעם שטילן, דעם טייערן שבת אויף דער ערד. ווען אין אידישע הייזער צינדן זיך אָן די ליכט אין די זילבערנע לייכטער. איך בין אַ קליין אינגל נאָך. איך ריר אָן די רערן, די מעשענע אָרנאַמענטיק פון דער מנורה. איך צעוויין זיך: איך שעם זיך פאַר אָנוועזנדיקע לייט. אַ גלענצנדער בעל־מלאכה פון פּוילן האָט מיר אָנגעטאָן כישוף און ער שטייט דאָ פאַרגליווערט אין דער גרויסער, אייביקער מנורה. נישט ער אַליין שטייט דאָ פאַרגליווערט. נישט נאָר זיין פלאַמיקע באָרד זע איך דאָ אַרויספלאַמען אין פייער פון מעש, אַזוי ווי אַ שטור־קאַץ. נישט נאָר זיין הויך, וואוקסיק און קנאַכיק געשטאַלט. איך זע אַלע אידן פון פּוילן. פון דרייסיק דורות פּוילישע אידן. זינט די צייטן פון דעם קעניג קאַזשמיערזש דעם גרויסן, מיט זיין ברייטער, שוואַרצער באָרד. איך זע די זעקס מיליאָן אומגעבראַכטע קדושים. זיי זיינען דאָ אַריינגעשמידט און אַריינגעשמעלצט געוואָרן מיט פייער און מיט הייליקייט. איך שטיי אין ׳ערפורכט פאַר דער מנורה.

פלוצלונג דערזע איך אַ מעשענע האַנט אַרויסשטעקן פונם גוף פון דער מנורה. צום ערשט דערשרעק איך זיך. באַלד אָבער שטרעק איך אויס מיין האַנט צו דער מעשענער האַנט. איך גיב איר אָפּ שלום עליכם. אַזוי ווי עס איז טאָקע שבת צונאַכטס, זאָג איך „גוטוואָך!" מיר דאַכט אַז די האַנט שטרעקט אַרויס דער איד וואָס האָט די מנורה געמאַכט. ער אַליין באַהאַלט זיך אין דעם גוף פון דער מנורה. איך זע זיינע פלאַמענדיקע אידישע אויגן. איך זע טרערן אין זיינע אויגן. דער איד האָט געצונדן די ליכט אין דער מנורה לאַנגע יאָרן. זי איז געשטאַנען אין דער שול, ווי אַ פייער־זייל. איך זע דאָס גאַנצע אידי־שע לעבן פון האַנדל־וואַנדל דורך די טעג פון דער וואָך. אָבער, אום שבת און יום־טוב שטראַלט אויף די גרויסע מנורה מיט איר אייביקן ליכט. אידישע יוגנט ווערט באַלויכטן מיטן אייביקן פייער. עס שטראַלן אויף די הערלעכע פּנימער פון אידישע פרויען. עס בליצט אויף דאָס צירונג אויף זייערע שיינע, שטראַלנדיקע דעקאָלטעס. אין איינע פון די פרויען פון זיבעצנטן יאָרהונדערט בין איך שטערבלעך פאַרליבט. איר איז באַשערט צו זיין מיין כלה. גאָר איך בין נאָך גייסט. איך פאַרשפּעטיק צו זיין איר באַשערטער מיט גאַנצע דריי יאָרהונדערטער... איר קאָפּ קאַשטאַן־ברוינע האָר איז ווי אַ שטיק וואַלד אָפּגעבראַנדזט אין דער זון. עס שמעקט פון איר מיט פריש־פאַרבריטע טיי. צו איר, דער וואונדערשיינער, גייט מיין בליק און מיין אַנגעצונדענער קוש... אידן אין טליתים שטראַלן אויף. די טליתים זעען אויס ווי הימלישע לאַנדשאַפטן. אידן זיינען איינגעהילט אין פייזאַזשן פון חומש. אין די שמעקעדיקע סעדער פון די טעג פון די „שופטים".

די געהיימנישפולע אידישע האַנט פון פוילישע דורות צינדט אָן די ליכט אין די מעשענע רערן. די וואונדערלעכע אידישע האַנט. די האַנט וואָס האָט די מנורה געשמידט און געהאַמערט. מיט טרויער שטעקט אַרויס די האַנט וואָס האָט די מנורה געמאַכט: זי טראָגט די אידייע פון דעם טרויער פון אַלע הענט וואָס האָבן גאָר די קונסט געמאַכט. די קונסטווערק זיינען שטיין געבליבן רייך און אָנגעצונדן. די הענט זיינען צו קנאַכנס געוואָרן. צו ביינער. די הענט זיינען פאַרטי־ליקט געוואָרן. די גופים זיינען פאַרפוילט געוואָרן. עס איז די איי־ביקע טראַגעדיע פון דעם וואָס האָט דאָס ווערק געמאַכט. דאָס קונסט־ווערק איז געבליבן שטיין כדי צו דערמאָנען אין דער עקזיסטענץ פון דעם ערלעכן בעל־מלאכה, פון דעם מייסטערהאַפטן אַרטיזאַן, פון דעם קינסטלער וואָס האָט זיך פערזענלעך אויפגעלייזט אינם סימבאָל פון זיין פאָלק: אין דער מנורה. די אייביקע טראַגעדיע פון דעם קינסט־לער וואָס שאַפט און ער שטעלט אַוועק קונסטווערק אויף דער ערד, בשעת ער אַליין פאַרשווינדט אויף אייביק כדי זיין ווערק זאָל לעבן אין דער לעבעדיקער געשיכטע פון זיין פאָלק. — —

עס איז שוין געווען נאָכן ליטעראַרישן אָוונט. די מענטשן זיינען זיך שוין געהאַט צעגאַנגען. פון די זוניקע גאַבעלינען פון ווענעציע און בּרוסעל האָט אַראָפּגעלויכטן די זון פון דעם זעכצנטן יאָרהונדערט, וואָס איז אויף אייביק אַריינגעוועבט געוואָרן אין זייערע העלע, זיי־

דענע פּעדים, כאָטש יענע טעג זיינען שוין לאַנג נישטאָ. איך בין נאָך אַלץ געזעסן ביי דער גרויסער מעשענער מנורה. די האַנט וואָס האָט פון מעש געהיימנישפול אַרויסגעשטעקט, האָט מיך דערמאָנט אין איינעם פון די באַריכטן פון דער גרויזאַמער טרעבלינקע. עס איז געווען אין די פינצטערע טעג ווען די נאַציס האָבן אָנגעצונדן בערג מיט אידישע גופים, וואָס זיי האָבן צוריק אויסגעגראָבן פון די קברים, כדי צו פאַרווישן די שפּורן פון זייערע מאָנסטעריעזע פאַרברעכנס. אין איינעם אַ פראָסטיקן טאָג, ווען דער ווינט האָט געריסן דאָס פייער פון אידישע גופים, האָט פונם באַרג אַרויס פון ביינער, פונם אָנגעצונ־דענעם סנאי פון קנאָכנס, זיך אויסגעשטרעקט אַ טויטע אידישע האַנט און מיטן צייג־פינגער האָט די האַנט אָנגעוויזן אויף די מערדער, אַזוי ווי אויף צו וואָרנען און אָנזאָגן דעם סוף פון דער טייוולשער ממשלה. די דאָזיקע מעשענע האַנט דערמאָנט מיך איצט אין יענער פייערדיקער האַנט... אפשר צייגט זי אויך איצט אָן אין אַ ריכטונג און זי וויל עמעצן וואָרנען... און פון תהלים דערמאָנען זיך מיר די רייד.

„וואָרום דער אויפמאָנער פון בלוט געדענקט זיי, ער פאַרגעסט נישט דאָס געשריי פון די פאַרליטענע".

דער לעצטער בין איך אַרויס פון מוזעאום. עס איז געווען קאַלט. הזיך אין הימל האָבן די שטערן זיך פאַרמירט צו אַ ריזיקער מנורה. איר רוקנביין איז געווען דער בריליאַנטענער מילך־וועג. אירע רערן — די שטערן. די האַלבע לבנה, ווי אַ דינע, אָבער מעכטיקע האַנט, האָט געצונדן די ליכט... דער גאַנצער הימל איז אַרומגענומען געוואָרן פון דעם פייער פון דער אייביקער אידישער מנורה...

ניו־יאָרק, 28 דעצעמבער, 1952.



# די ליכטיקע פינצטערניש

עס איז געווען אַ פייערלעכער קבלת־פּנים פאַרן פּאָעט. די גאַנצע צייט וואָס די זינגער האָבן געזונגען, די רעדנער האָבן גערעדט וועגן זיין גרויסקייט, די אַקטיאָרן האָבן דעקלאַמירט זיינע לידער, איז דער פּאָעט געזעסן אויף דער סצענע אַזאַ ווייטיקלעכער. עס איז געווען ווייטיק אין זיין גאַנץ געשטאַלט. נאָר דער גרויסער שטומער ווייטיק האָט זיך קאָנצענטרירט אין זיין פּנים. עפּעס אַ ווייטיק פון מיליאָנען אַנדערע מענטשן, פון אַ סך אידן, פון זיינע געשאָכטענע לאַנדסלייט, איז אַריין אין זיין געביין, אין זיינע אויגן, אין זיין צעשניטענעם פּנים. פּאָעט איז דאָ געזעסן אַ פינצטערער, אַן אומגליקלעכער.

עס איז געווען אַ גרויס פאָלק פאַרזאַמלט. דאָס פאָלק איז געקומען איין מאָל אין אַ יובל אָפּגעבן כבוד אַ גרויסן פּאָעט. דאָס פאָלק פאַרזעט אַ סך גרויסע דיכטער. נישט טעגלעך קומט דאָס פאָלק. און דאָ זיינען פאַרזאַמלט אידן פון אַ סך לענדער. פון זייערע זיידעס און באָבעס האָט דער דיכטער געצויגן יניקה. פון טיפן געביין פון אור־דורות האָט ער געשעפּט זיינע לידער. ער איז דער פאָלקסטימלעכער דיכטער. פון פאָלקלאָר האָט ער גענומען זיינע וויזיעס, זיינע מעלאָדיעס, זיינע געשטאַלטן. דאָס פאָלק לאַכט אין זיין פאָלקלאָר. דאָס פאָלק שפּאָט פון לעבן און פון טויט. אַן איינצלנער פאַלט אַריין אין יאוש, ווען אים גייט שלעכט. אָבער אַ פאָלק פאַלט נישט אַריין אין קיין יאוש. אַ פאָלק לעבט איבער אַלע אומגליקן, זאָגט דער פּאָעט. און עס זינגט און שפּילט און שאַפט פון אַלע ווייטיקן זיין ליד, זיין וויץ, זיין זעאונג. און דער נעמלעכער פּאָעט האָט גענומען דאָס געוויין און דאָס געלעכטער פון פאָלק. ער באַנוצט זיך מיט די זעלבע פּשוטע ווערטער. נאָר ער גיסט אַריין אין די אַלטע, ליימיקע כלים ברענענדיקן וויין. דאָס פאָלק שיכורט אין פּורים. אין שמחת־תורה. דער פּאָעט שיכורט אַ גאַנץ יאָר. ער טרינקט אַלע טעג און נעכט. ער מאַכט אַ גאַנץ יאָר פּורים און שמחת־תורה. דער פּאָעט האָט פון זיין פאָלק גענומען זיינע לידער. און ער גיט זיי צוריק דעם פאָלק — נייע. אָנגעצונדענע מיט פלאַם פון וויזיע. דער פּאָעט נעמט פון זיין פאָלק דאָס גרויסע שטומע לשון. דאָס לשון וואָס דאָס פאָלק רעדט, ווייטיקט, שאַפט און מייסטערט דערין אַריין אַלע זיינע חלומות און האָפענונגען. דער פּאָעט נעמט איבער די דאָזיקע געוואַלטיקע ירושה, דאָס לשון, וואָס דורות גיבן עס אים איבער מיט אַ שמייכל, און ער גיט עס צוריק דעם פאָלק — ווידער באַנייט. אויסגעשלייערט. דיכטעריש אין אַ נייעם פלאַם געשמידט. זיין האַרץ, דעם דיכטערס, איז אַ קוזשניע. דאָס פייער ברענט דאָרט מיטן כוח פון זיין בלוט און מאַרך. דעם פאָלקס ווערטער ברענען אין פייער און קומען אַרויס נייע, געלייטערטע, גאָלדענע. דער דיכטער נעמט פון פאָלק זיינע פּרימיטיווע אוצרות און ער מאַכט פון דעם הערלעכע קונסטווערק. ליכטיקע חפצים.

דאָס פאָלק, דאָס שטומע פאָלק, יובלט זיין פּאָעט, זיין קינד. אָבער עס וויל נישט הערן קיין רעדעס. דער פּראָפעסאָר טרעט אויף

מיט אַ שטאָלצער, בייזער מינע. ער האָט פאַרן פּובליקום צוגעגרייט אַ גרויסע, ברייטע רעדע. אַ וויכטיקן אַקאַדעמישן רעפעראַט. דאָס פאָלק האָט פיינט פראָפעסאָרישע פראַזן. געמאַכטן לשון. מען אַפּלאָ־דירט אים צו שטאַרק. ער קען נישט רעדן. ער מוז אויפהערן צו לייענען זיין גרויסע רעדע. און אַזאַ טרויעריקן סוף האָט אויך דער דיכטער. אויך ער ווערט אַראָפּגעטריבן פון דער בינע*). דאָס פּובליקום ווייסט דעם ווערט פון דיכטונג. אינסטינקטיוו דערוויסט עס זיך פון עכטן גאָלד. עס איז ממש דאָס אַלטע, עכטע פּובליקום וואָס משפּט אוז פאַרמשפּט. דאָס פאָלק וואָס שאַצט אָפּ אַלע ווערטן. דאָס פאָלק, דער גרויסער, לעצטער שופט פון דער געשיכטע. די רעדנער האָבן אַלע אַ מיאוסן סוף. היינט איז פּורים. און דאָס עכטע ליד וועט היינט הערשן. כבוד דעם אמתן פּאָעט, דעם פאָלקס דיכטער פּרינץ. ווי אַ פאַרזענקטער שטייט ער אויף דער בינע. די פלאַמען פון נהינום האָבן אים אָפּגעזענקט די מלבושים, די האָר. זיי האָבן פאַרכאַפּט, די פלאַמען, אַ שטיק האַרץ.

און עס טרעטן ווייטער אויף זינגער און שפּילער. און דאָס פאָלק האָט פון זיי הנאה. און צום סוף קריגט דאָס וואָרט דער דיכטער אַליין. דער דיכטער, דערציילט מען, איז אַמאָל געווען אַ גוטער רעדנער. ער האָט גערעדט שיין, ווען כוסות וויין האָבן אים אָנגע־צונדן. נאָר עס איז נישט מער איצט דער זעלבער רעדנער. ער קעמפט איצט שווער זיך צו קאָנצענטרירן. יאָרן פון וואָגלעניש האָבן שטום געמאַכט זיין צונג. דאָס מויל קאָן קוים אַרויסברענגען רייד. טויזנט כוסות מיט וויין האָבן איצט פאַרדרייט זיין געהירן. עפּעס רעדט ער וועגן זיך אַליין. אַלס פּאָעט, אין ליד, איז ער באַשיידן. איז ער געבליבן דער נאַאיוו־ראַפינירטער „שניידער־געזעלן“. אין ליד זיינעם איז ער דער באַשיידענער שוסטער־יינג. איז ער דער פּרינץ פון דער גרויער וואָך. איז ער דער שאָטן וואָס ציט זיך הויך ביזן הימל. אין ליד איז ער קעניג פון פשטות און באַשיידנקייט. אָבער דורך די יאָרן האָט ער אַליין געקריגן גאווה. ער איז שוין לאַנג אַוועק פון די קוואַלן פון פאָלק. ער גרויסט זיך איצט אַנטקעגן דעם פאָלק. און ער האָט די בלינדע נאַרישקייט צו רעדן וועגן זיך. אַלע רעדן וועגן אים, זאָגט ער, פאַרוואָס זאָל ער אַליין נישט טאָרן רעדן וועגן זיך? איז רעדט ער וועגן זיך. זיין וועג, זאָגט ער, איז אַ געפּערלעכער. צו גיין אויף דעם וועג וואו אַלע וועלט־דיכטער זיינען געגאַנגען, איז זייער געפערלעך. אָבער אים, זאָגט ער, איז דער גאַנג אויפן סאַמע גע־פערלעכסטן וועג געלונגען. זיין ליד איז אַרויס טריאומפאַל. ווייל ער האָט זיין ליד געמאַכט צו מוזיק און צו וויזיע. און אָט אילוסטרירט ער מיט זיינע אייגענע לידער זיין טעאָריע. און ער ווייזט טאַקע ווי יעדעס ליד באַשטעטיקט זיין טעזע: אַז אים איז עס ממש אויף הונדערט פּראָצענט געלונגען. זיינע לידער זיינען דער באַווייז דער־צו... און ער דעקלאַמירט איין ליד נאָכן אַנדערן...

גרויסער, קעניגלעכער דיכטער! צו וואָס דינט דיר דיין זעלבסט־לויב? די ליטעראַטור־קריטיקער האָבן דיך דערהויבן ביזן הימל דורך אַלע יאָרן. דאָס פאָלק האָט דיך לעגענדאַריש געמאַכט. דו

ווייסט דאָך וואויל, אַז ווען אַ פאָלק וויל, קען עס אַ פּראָסטן שניידער־געזעלן פאַרוואַנדלען אין אַ גאָלדענעם פּרינץ. דו ביסט גרויס און באַרימט. נאָר די גרויסקייט איז דיך אַריבערגעוואַקסן. אַלס מענטש ביסטו געבליבן קליין אַנטקעגן דיין גרויסקייט. דו האָסט דיין עקזאַמען נישט אויסגעהאַלטן. דו ביסט געוואָרן שטאָלץ. דו, וואָס גאָט האָט דיר געגעבן אַזוי פיל רייכטימער פון פאָלק, שטייסט איצט פאַרריסן און גאווהדיק אַנטקעגן פאָלק און גאָט.

געקומען פון גרויער אָרעמקייט, האָסטו פאַרגעסן צו זיין באַשיידן און אַרויסצורופן דערמיט אַכטונג פון פאָלק. איצט קומסטו צו צעשטערן דיין אייגענע לעגענדע. דו רייסט שטיקער פון דיין גרויסקייט. אַפילו דיינע אייגענע לידער טוסטו אָן שאָדן. דו שענדסט דיינע ביכער. דו שטייסט אויף דער סצענע, אמת, מיט פיל וויטיק און צעשטערונג אין האַרצן. אָבער דו רעדסט וועגן זיך. אַפילו דער מעכטיקסטער קעניג ווערט קליין ווי אַ מילב ווען ער רעדט וועגן זיך.

דאָס פאָלק האָט דיך טאָלערירט. אָבער עס איז געבליבן אַ שלעכט געפיל אין האַרצן. דו האָסט נישט געוואוסט ווי אַזוי זיך צו באַגעגענען מיטן פאָלק. דו האָסט דיין גרויסע ראַנדעוואו מיטן פאָלק נאָך אַ סך יאָרן צער און וויטיק צעשטערט.

— — — — — — — — — — — —

שפּעט ביינאַכט גיי איך אַרויס פון דער אונטערערדישער באַן. און איך ווער פאַרכאַפּט פון דער גרויסער הימלישער פינצטערניש. עס איז ווי אַ באַנדאַזש צו מיין האַרצן. שטענדיק, פון אַלע בעלער און פון אַלע מאַסקאַראַדן, קום איך אַהיים שפּעט ביינאַכט און, די דאָזיקע גרויסע פינצטערניש וואַרט מיך אָפּ, ווי אַ טיפע טרייסט. גאָטס אומגעהייער פּנים קוקט אַרויס פונם תוהו ובוהו. דאָס פאָלק און די גרויסע דיכטער פון וואָרט קומען פון דער דאָזיקער קאָסמישער פינצטערניש, און אין איר לייזן מיר זיך אויף, ווערן מיר פאַרלוירן. די דאָזיקע פינצטערניש האָט אָנגערירט משהן און אַפילו פּרעהן. זי איז געשטאַנען ביים אָנהייב פון דער מענטשלעכער קולטור. זי האָט געזען פון ים אַרויסגיין לעבן און פון די וואָלקנס נידערן די ערשטע קאַלטע וואַסער־רעגנס אויף דער ערד. זי וואַשט אָפּ אַלע ווערטער און אַלע גאווהס און אַלע תאוותס. אומגעהייער איז איר פינצטערער אָרעם. ער גרייכט צו אַלע בעטן פון דער ערד. ווי אייזן איז זיין כוח און דער צוואַנג פון זיינע פינגער וואָס גרייפט די קרבנות. די דאָזיקע פינצטערניש גיסט זיך אויס ווי אַ ים איבער צייט און אירע באַוואוינער. זי שליסט אַלע מיטינגען און זי צעטרייבט ווי אַ ווינט אַלע פּראָצעסיעס. די פינצטערניש רירט מיך איצט אָן מיט איר קאָסמישן אָרעם. איך ציטער אויף אין פרייד און אין עקסטאַז פאַר איר אַלמאַכט. און זי טרייסט מיך איצט, און שטענדיק, מיט איר קאָסמישער באַדייטונג. ווי וואַקס צעשמעלצן אַלע געשטאַלטן אין איר שוואַרצן פייער. און אַלע שטאָלצע, גאווהדיקע און פאַרריסענע פאַרלירן זייערע קעפּ אין איר פלאַם־ווינט. פון איר קומען אַרויס אַלע דיכ־

טער און אַלע לידער. און געוואַלטיק איז איר הערשאַפט איבער גרויס און קליין.

געטריי דער דאָזיקער אומגעהייערער פינצטערניש האָב איך זיך אין בעט געלעגט. און ווי אַן איבערדעק האָט זי מיך צוגעדעקט. איך בין איינגעשלאָפן אַ געטרייסטער און אַ געזעליקטער, ווי אַ קליין קינד, באַרירט פון דער מאַמעס קלייד, אַריינגענומען ווי אַ שטויב אין די מיליאָנען כוואַליעס פון דער גרויסער, אייביקער פינצטערניש.

ניו־יאָרק, 27־טן מאַי, 1951.

**

# אן אלט בוך פון פאעמען

איך האָב געפונען אַן אַלט בוך פון פּאָעמען; ווען איך האָב אָנגעהויבן צו שרייבן די ערשטע לידער, האָב איך דאָס בוך געבאָרגט אין דער קליינשטעטל־דיקער, פּולאַווער ביבליאָטעק. עס איז געווען לייב נײַדוס'ס „דאָס בוך פון פּאָעמען". איך האָב יעדע פּאָעמע געלייענט אַ סך מאָל. איך האָב ליב געהאַט דעם פּאָעט. די פרויען האָבן אין די פּאָעמען געלויכטן ווי גרויסע זונען. פלאָרינע און זשאַזעפינע און הערא זיינען צו מיר געווען אינטימע און טייערע פרויען. אַ פערטל יאָרהונדערט שפּעטער געפין איך דאָס בוך אין אַ בראָנקסער הויז. איך זיך אויף דער אַלטער ווערענדע צווישן בוימער, ווי ריזיקע וואַזאָנען. גרויסע בוימער שטייען אויפן גאַס, גרויסע בוימער, אַזוי ווי די הייליקע צדיקים. עס איז פאַרנאַכט. די גאָלדענע זון גייט אונטער אין פלאַמען. מיינע הענט ציטערן. אַ פערטל יאָרהונדערט שפּעטער מיש איך די צאַרטע בלעטער. ניין, די שיינקייט איז נישט פאַרוויאַנעט געוואָרן. די פּאָעזיע איז ריין און דורכזיכטיק ווי קריש־טאָל. די לידער זיינען געבליבן פריש ווי ווייַן. פריש ווי טייערע פּנימער פון מאַרמאָרנע סטאַטועס — אין דער טיפער ערד קיל פּרעזערווירט. אַנטיקע געטער לויכטן דאָ אַרויס ווי פון דער לבנה העל באַלויכטן. לאַנדשאַפטן זיינען דאָ שטיין געבליבן אַזוי ווי אין די טעג פון יוגנט. ניין, איך האָב זיך נישט גענאַרט. איך באַדאַרף זיך נישט שעמען מיט מיין דעמאָלטדיקן געשמאַק. איך בין נאָך איצט שטאָלץ אויף מיין פּאָעט לייב נײַדוס. ס'האָט דאָ קיין איינציקע בלום נישט אָפּ־געבלאָקירט. ווי אײדלשטיינער לויכטן אַרויס די בלומען. און ווי בלומען לויכטן אַרויס די אײדלשטיינער. דאָס בוך איז פאַרוויאַנעט. די בלעטער — געלע ווי דער האַרבסט. נאָר די טענץ, די געזאַנגען, די פיעסטאָס און די פייערלעכקייטן ברעכן זיך הערלעך אַרויס פון די געלבע בלעטער. אַ מעכטיקער דיכטערישער כוח שטראָמט פון די פערזן פון זיין „די ערד דערוואַכט"; עלעמענטאַר שטראַלט די שיינקייט פון דער טראַגישער פּאָעמע „הערא און לעאַנדער"; ווי אַמאָל, קוק איך אויך איצט אַרונטער מיט שרעק אינם מיסטעריעזן אָפּגרונט פון אַט־לאַנטידע; נאָר איצט גיי איך איינזאַמער און פאַרקלערטער אַרום צווישן די פּראַכטפולע וואַגעזן; מיט שטוינונג באַוווּנדער איך די מאַרמאָרנע פּאַלאַצן, די בריליאַנטענע געמאַכן וואָס שטייגן אַרויס גאָלדנגעפּאַסטע פון אונטער די פערזן פון דעם דיכטער'ס שטערבענדע הענט; נאָך אַ פערטל יאָרהונדערט זיץ איך פונקט ווי דעמאָלט ביים געלבן בוך און טרינק דאָס געהיימניספולע ליכט פון זיין שיינקייט. וואָס האָט אין דאָזיקן קליינעם בוך אַזוי פיל אַריינגעטאָן פון זיין האַרצנס־גאָלד...



# דער אַלטער זינגער

דערציילונג

מלך ראָזענגאָלד איז שוין געווען אַן אַלטער זינגער פון אידישע פאָלקס לידער. ער האָט געהאַט אַ הויכע, אימפּאָזאַנטע פיגור און אַן אָפענעם, שטראַלנדיקן פּנים. איך פלעג אים אָפט באַגעגענען אין „קאַפע ראָיאַל״, אין דער געזעלשאַפט פון עלטערע אידישע אַקטיאָרן. איך האָב מלך ראָזענגאָלדן אָפּגעגעבן כבוד. מיר פלעגן אָפט זיצן ביים טישל און טרינקען אַ גלעזל וויין. טאַקע איצט זיינען מיר ביידע צוזאַמען געזעסן און געטרונקען פון געשליפענע גלעזלעך גאָלדענעם וויין. עס איז שוין געווען שפּעטלעך אין דער נאַכט. די געסט זיינען זיך שוין געהאַט צעגאַנגען. מלך ראָזענגאָלד איז לעצטנס געהאַט צוריקגעקומען פון דער וועסט, וואו ער האָט פאַרבראַכט אַ סך יאָרן. טרינקענדיק דעם וויין, האָט זיך זיין פּנים מאָלעריש פאַררויטלט. די אויגן האָבן ביי אים אויפגעלויכטן.

— איר זענט דאָך אַ שרייבער. ווייס איך, אַז איר וועט דאָס פאַר־שטיין. איך וויל אייך עפּעס דערציילן...

— דערציילט, פריינט ראָזענגאָלד, עס וועט אוודאי זיין אינטערע־סאַנט. איהר האָט דאָך דורכגעמאַכט אַ רייך לעבן...

— מיט עטלעכע וואָכן צוריק, ווען איך בין אין אַ טאָג אָנגעקומען קיין ניו־יאָרק, האָב איך געזוכט אַ צימער, וואו צו וואוינען. איר ווייסט דאָך ווי שווער עס איז היינטיקע צייטן צו געפינען אַ צימער. נו, בין איך דורכגעגאַנגען, נישט צו זאָגן קיין גוזמא, הונדערטער הייזער און אַלץ נישט געקענט געפינען קיין פּאַסיקן צימער. נאָר ביי איין הויז, אין דעם נידעריקערן געגנט פון שטאָט, בין איך געבליבן שטיין. דאָס איז געווען אַ צימער אויפן צווייטן גאָרן. די טרעפּ, ווי געוויינלעך עס איז דער פאַל אין די דאָזיקע אַלטמאָדישע הייזער, זיינען געווען אויסגע־ריבענע, פאַרקרומטע. טרעפּ וואָס האָבן געקענט דערציילן פון טויזנטער מענטשן וואָס האָבן אויף זיי באַטראָטן דורך די טעג און די נעכט. די פרוי, וואָס האָט מיך געפירט כדי צו ווייזן דאָס צימער, איז געווען אַן אַלטע פראַנצויזקע. זי האָט גערעדט ענגליש מיט אַ טיפּישן פאַריזער אַקצענט. איך האָב ליב ווען מענטשן רעדן מיט אַן אַקצענט. זיי דער־מאָנען מיך אין דער אַלטער היים... מאַדאַם גאַראָ האָט געעפנט די טיר פון אַ קליינעם, מעבלירטן צימערל. דער שטויב, די ווילגאָטנע לופט, האָט מיר אַ שלאָג געטאָן אין פּנים אַריין. דאָס צימערל איז געווען קליין, אָבער עס האָט געהאַט אַ געוויסע אײדלקייט און אַטראַקציע. דאָס צימערל איז מיר עפּעס געווען נאָענט... נאָר אין וואָס אייגנטלעך די נאָענטקייט באַשטייט, האָב איך נישט געוואוסט. עס איז דאָ געשטאַנען אַן אייזערנע בעטל. אַ קליין טישל. עטלעכע אַלטע שטולן. אַ פּאָר בילדער זיינען געהאַנגען אויף די ווענט. אין אַ ווינקל איז געשטאַנען אַ שאַפקעלע מיט ביכער...

איך האָב לאַנג נישט געקלערט. איך האָב מאַדאַם גאראַ באַצאָלט די פּאָר טאָלער. זי האָט מיר דערלאַנגט אַן אייזערנעם, אַלטמאָדישן שליסל און איך בין אַראָפּגעגאַנגען מיט די אַלטע, די צעבויגענע טרעפּ. עס איז געווען פאַר מיר מאָדנע אַנגענעם צו זיין אין דער געגנט. איך האָב די געגנט געדענקט נאָך פון די צייטן ווען איך האָב דאָ געוואוינט. דאָס איז געווען מיט אַרום פופציק יאָר צוריק. יאָ, פונקט מיט אַ האַלבן יאָרהונדערט צוריק... די שטיינער פון דעם ברוק, די ווענט פון די הייזער, אַלץ איז מיר געווען באַקאַנט. נאָר נישט די מענטשן. נישט די פּנימער זייערע. עס זיינען דאָ געווען נייע מענטשן. וואו זיינען די אַלטע? אוודאי אויסגעשטאָרבן. זיך אַוועקגעצויגן. קראַנק געוואָרן. בלינד און אַלט געוואָרן. די צייט מאַכט דאָך אַ תל פון די מענטשן... אין פופציק יאָר אַרום ווערט דאָך די וועלט אינגאַנצן אַנדערש...

עס איז געווען פאַרנאַכט. אויפן איסט־ריווער איז פאַרגאַנגען די זון. אירע פלאַמען זיינען געפאַלן אויפן מוטנעם, נאַפט־פאַרפלעקטן וואַסער, אויף די זיך־שלעפנדיקע, שווערע און פינצטערע באַרזשעס. יאָ, איך געדענק דעם איסט־ריווער. איך פלעג דאָ צוגיין, אַלס פינף און צוואַנציק יאָריקער יונגערמאַן, שטיין ביים ריווער, קוקן אין דער ווייט־קייט. זיך צוריק פאַרבענקען צום קליינעם שטעטל, ערגעץ אין וואָלינער גובערניע, דאָרט וואו איך האָב דעמאָלט געלאָזן אַ וויינענדיקע מאַמען, אַ קליינע, צאַרטע שוועסטער, אַ כלה מיט בלויע אויגן, וואָס האָט מיר מיטגעגעבן צוואַנציק קערבלעך אויפן וועג און מיר האָבן זיך געשוואוירן ביים ליפּע־בוים אייביקע ליבע... איך האָב געקוקט צו יענער זייט ברעג... ס'האָט זיך מיר דעמאָלט געגלוסט אַלץ צו לאָזן שטיין און אַוועקצופאָרן מיט אַ שיף צוריק צום קליינעם שטעטל, צו דער הייזקע מיטן שטרויענעם דאַך. צו דער מאַמען, צו שוועסטער, צו דער שטילער, וואַרטנדיקער כלה, איר אָפּצוגעבן צוריק די צוואַנציק קערבלעך און דאָס גאַנצע האַרץ איר אַוועקצוגעבן...

ווי געזאָגט, דאָס איז אַלץ געווען מיט פינף צענדליק יאָר צוריק. איך האָב זיך, אַזוי שטייענדיק ביים איסט־ריווער, דערמאָנט, אַז איך באַדאַרף גיין אָפּנעמען מיינע זאַכן פון דער באַן־סטאַנציע. ס'האָט אָנגעהויבן צו ווערן טונקל. די נאַכט איז צוגעפאַלן. איך בין אַוועקגעגאַנגען אין דער באַן־סטאַנציע. כ'האָב גענומען מיינע וואַליזעס און האָב זיך מיט זיי אָפּגעשטעלט אין דער „קאַפע ראָיאַל", כדי אויסצוטרינקען אַ גלעזל ווייַן מיט אַלטע פריינט און צו זינגען אַ טרויעריק וויין־ליד... מיר האָבן טאַקע יענעם אָוונט גוט פאַרבראַכט. איך האָב באַגעגנט אידישע אַקטיאָרן און שרייבער, וואָס איך האָב זיי נאָך געקענט אַלס אינגלעך כמעט, ווען זיי האָבן גענומען שטעלן די ערשטע טריט אַלס קינסטלער, אַלס שוישפּילער. יאָ, אַ לאַנגע צייט איז אַדורך... ווארום זיי זיינען שוין אַלע גרוי און אַלט געוואָרן. ווי געזאָגט, אַ סך זיינען שוין אויף דער אמתער וועלט...

אַביסל שיכורלעך, שוין אַרום דריי ביינאַכט, האָב איך גענומען מיינע וואַליזעס און האָב זיך אָנגעהויבן צו שאַרן איבער די נאַכטיק־שטילע גאַסן פון ניו־יאָרק. די גאַס, וואו איך האָב פריער געדונגען דאָס

צימער, איז מיר באַלד אַנטקעגנגעקומען. איך האָב זיך צוגעשאַרט צום הויז. אַזוי ווי עס איז געווען פינצטער, און דער לבנהס ליכט איז געווען צו קאַרג פאַר מיינע אַלטע אויגן, אויף אימשטאַנד צו זיין צו דערזען דעם נומער, האָב איך אַביסל לענגער געזוכט דאָס הויז. נאָר אָט דערזע איך אַ בוים, אַן אַלטן, מאַסיוון בוים ביי אַ ווערענדע. דער בוים איז מיר עפּעס קענטלעך. מיט פופציק יאָר צוריק האָט איך געוואוינט אין אַ הויז וואָס האָט ביים אַריינגאַנג געהאַט אַזאַ שטילן, מעכטיקן בוים. איך פרעג ביי אַ פאַרבייגייער דעם נומער פון הויז. דער מאַן איז אָבער נאָך שיכורער פון מיר. ער באַמיט זיך צו זען דעם נומער און ער פאַלט אום נעבן מיינע פיס. זיך וועלנדיק אָפּטשעפּן פונם שיכורן מאַן, בין איך אַריינגעגאַנגען אין הויז, באַטראַכטן די טרעפּ מיט די וואַליזעס. איך פּרואוו אָפּשליסן די טיר מיטן אייזערנעם שליסל — יאָ, איך האָב גע־טראָפן. עס איז מיין ערשט־געדונגענער צימער... דער גוטער בוים האָט מיך נישט פאַרפירט.

איך צינד אָן דעם לאָמפּ. איך טו זיך אויס און איך גרייט זיך צו לעגן אינם אייזערנעם בעטל. איך ליג אַזוי אינם בעטל און כ'הייב זיך אָן צו באַטראַכטן וואו אייגנטלעך איך געפין זיך דאָ. און אָט דערזע איך דאָס שאַפקעלע מיט ביכער. דאָס שאַפקעלע האָט מיך אינטריגירט. דאָס רויטע פאָרהענגעל איז מיר עפּעס געווען באַקאַנט. איך גיי אַרונטער־פון בעט, איך טו אַ שאַר דאָס פאָרהענגעל און איך דערזע אַלטע, צו מיר גוט־באַקאַנטע ביכער... איצט איז מיר שוין אַלץ געווען קלאָר: דאָס איז דאָס צימער וואו איך האָב געוואוינט מיט אַ האַלבן יאָרהונדערט צוריק...

איך נעם די ביכער אין דער האַנט. דאָס זיינען ראָמאַנען פון קנוט האַמסון, ביערנסטענע ביערנסאַן, הערמאַן באַנג, גערהאַרד הויפּטמאַן, טאָלסטאָי, קאָראָלענקאָ, וויקטאָר הוגאָ, און ביכער פון אידישע קלאַ־סיקער: מענדעלע, פּרץ און שלום עליכם. איך מיש די געלע בלעטלעך פון איבסענס, זודערמאַנס און סטרינדבערגס דראַמען. אָט איז אַ באַנד מיט מאָריס ראָזענפעלדס לידער, וואָס איך האָב געקויפט ביים בוכ־הענדלער און פאַרלעגער מאַקס ב. מייזיל. אָט זיינען די לידער פון דוד עדעלשטאַט און מאָריס ווינטשעווסקי. פון שאַרקאַנסקי און אליקום צונזער. אַ דינער באַנד פּאָעזיע פונם דעמאָלט נאָך זייער יונגן אברהם רייזען. די ביכער זיינען געווען מיינע אייגענע... איך האָב זיי דעמאָלט, פונקט אַזוי ווי איצט, געלייענט און געזאַמלט... איך לייען די שורות, איך מיש די בלעטלעך, איך צעוויין זיך אין דער שטילקייט פונם צימער... יאָ, אַ האַלבער יאָרהונדערט איז דורך דער צייט אַוועק...

עס איז שוין איצט, אין דער זייער שפּעטער שטונדע פון דער נאַכט, נישט געווען קיין רייד פון צו גיין שלאָפן. איך האָב ממש געשלונגען די אותיות, די ווערטער, די חכמה און די לירישע באַשרייבונגען פון יעדער בוך באַזונדער... איך האָב זיך איצט איינגעקוקט אין די ביל־דער, וואָס זיינען געווען צעהאַנגען אויף די ווענט. איך האָב זיי דער־קענט... דאָס זיינען געווען מאָלערייען וואָס די דעמאָלטיקע אייגנ־טימערין פון הויז, אַ אידישע פרוי פון בעסאַראַביע, האָט געמאָלן...

די פרוי האָט אַ סך יאָרן געוואוינט אין אַריזאָנאַ, אין קאַליפאָרניע, אין פלאָרידאַ. זי האָט געהאַט אַ מאַן. זי האָט געהאַט קינדער. זי האָט צוליב אַ סיבה אַלץ געלאָזן שטיין און האָט זיך באַזעצט אין ניו־יאָרק. זי האָט געמאָלן איר טיפע איינזאַמקייט אויף די לייוואַנטן. זי האָט אויסגעהאָנגען אויף די ווענט פון איר וואוינונג פּייזאַזשן פון אַריזאָנאַ און קאַליפאָרניע. ס׳האָט די זון אַראָפּגעלויכטן פון די בילדער אפילו אין רעגנדיקע טעג. איך האָב דאָס צימערל ביי איר געדונגען און איך האָב מיר אויסגעהאָנגען די ווענט מיט אירע בילדער. די פרוי איז געווען שטאַרק איינזאַם. אָבער אויך עקשנותדיק. זי האָט צו איר מאַן נישט געוואָלט צוריקגיין. זי האָט איר פאַמיליע נישט געוואָלט זען. זי האָט טאָג און נאַכט געמאָלן.

— וואו איז די פרוי? — האָב איך זיך געפרעגט אין דער טיפער נאַכט. — וואו זיינען אַלע אירע בילדער? וואו זיינען אַהינגעקומען די אַלע מענטשן וואָס האָבן דאָ געוואוינט, וואָס האָבן געהאַנדלט און געוואַנדלט אויף די גאַסן דאָ אַרום? וואו זיינען די בילדער פון אַריזאָנאַ, פון קאַליפאָרניע און פון דער גאָלדענער פלאָרידאַ?

איך האָב געהאַט מיט זיך אַ קליין פלעשל מיט גוטן קאָניאַק. איך האָב דאָס איצט אויסגעפּאַקט פון די וואַליזעס און האָב פון דעם אָנגעהויבן צו טרינקען. איך האָב ווידער באַטראַכט די עטלעכע איבערגעבליבענע בילדער. יאָ, קיין ספק נישט. זיי געהערן צו יענער מאָלערין. אַ בוקעט מיט לויכטנדיקע בלומען. אַ מיידל אין זייד וואָס האָט מיר אפילו איצט נאָך פאַרכאַפּט דעם אָטעם מיט די שאַרפע קאָנטורן פון אירע בריסט... מיט דער גלייכער ליניע פון איר האַלדז און איר קאָפּ מיט שוימיקע בראָדז־האָר. און אַ לאַנדשאַפט פון דער וועסט: פלעגמאַטישע קאַקטוסן אויף אַ גאָלדן שטיק פעלד. וואָלקנס ציען אויפן הימל פאַרטראַכטע.

איך האָב איצט אָנגערירט דאָס פאַרהענגעל. ווער, וועלכע איידעלע פרויענהענט האָבן דאָס געמאַכט? זי, די אַכצן יאָריקע געליבטע וואָס פלעגט צו מיר קומען יעדער נאַכט און מיר פלעגן פאַרברענגען צוזאַמען אין ליבע און ביים לייענען... איך בין געווען אַזוי נאַריש וואָס איך האָב דעמאָלט מיט איר נישט חתונה געהאַט... זי האָט געהאַט אַ האָרץ ווי גאָלד און אויגן ווי סאַמעט. און אַ קערפּער — בויגיק און נאָכגיביק צו אַלע מענלעכע פאַרלאַנגען און קאַפּריזן. איך בין געווען יונג, אומדעצידירט. נאַריש און פאַרבענקט. איך האָב נישט געוואוסט צי איך זאָל צוריקפאָרן קיין רוסלאַנד, צי איך זאָל דאָ בלייבן און פאַר זיך בויען אַ היים. פינף צענדליק יאָר זיינען אַדורך און איך ווייס נאָך אַלץ נישט וואָס צו טאָן... יאָ, איך האָב געזונגען דער וועלט מיינע לידער. אומעטום האָב איך געזונגען מיט גרויס ענטוזיאַזם... איך האָב אַלעמענס הערצער זיס איינגעשלעפערט מיט מיינע געזאַנגען. אָבער די לידער וואָס איך האָב דאָ אין צימערל מיט מרימען געזונגען, געדענק איך אַלע, אַלע...

עס האָט אָנגעהויבן צו טאָגן. אַ גרינע ליכטיקייט האָט זיך גע־

שפּריַיט פאַר די פענצטער... איך האָב נישט געקענט איַינשלאָפן. עס וואָלט זיַין אַ צו גרויסער לוקסוס צו פאַרשלאָפן די דאָזיקע איבערלע־בענישן... איך האָב זיך צוריק אָנגעטאָן. איך בין אַראָפּגעגאַנגען וואַנדערן איבער די גאַסן. יעדעס הויז, יעדער שטיין, יעדער באַלקאָן, איז מיר איצט געווען טייער... עס איז ווי איך וואָלט געהאַט צוריקגע־קומען פון עפּעס אַ לאַנגע, אַ וויַיטע נסיעה...

איך האָב זיך איצט דערמאָנט אין די מענטשן פון די גאַסן, וואָס איך האָב דאָ געזען מיט יאָרן צוריק. ביַים ראָג פון גאַס איז געווען אַ קעלער. און דאָרט האָט געהאַט זיַין שוסטעריי אַ קליינער הויקער, האַנס זאַקס, אויפן נאָמען פונם דיַיטשן שוסטער־פּאָעט האַנס זאַקס. זאַקס איז געווען אַ איד פון אָפּאָטשנע, דאָס זעלבע שטעטל פון וואַנען ס׳האָט, לויט דער לעגענדע, געשטאַמט די שיינע אסתרקע, די פרוי פון פּוילישן קעניג קאַזשימיעזש דער גרויסער. זאַקס איז געווען אַ פאַרברענטער אַנאַרכיסט. ער פלעגט תמיד ציטירן באַקונינען און קראָפּאָטקינען. ער האָט געגלויבט אין שטירצונג פונם צאַריזם נאָר דורך אינדיווידועלן טעראָר. זאַקס׳ס פרוי איז געווען אַ פרומע, אידישע פרוי, וואָס פלעגט יעדן פריַיטיק צו נאַכטס אָנצינדן ליכט אין אַ גרויסן, מעשענעם לייכטער. און צוליב דעם פלעגט צווישן זיי פאָרקומען קריגעריַיען. זיַין פרוי איז סוף־כל־סוף באַגאַנגען זעלבסטמאָרד. זאַקס האָט אויסגעזען ווי דער פילאָזאָף סאָקראַטעס. געווען אַ שטילער, נאַאיווער מענטש, דער שוסטער האַנס זאַקס, וואָס האָט קוים פון דער דראַטווע אַרויסגעשלאָגן דאָס ביסל פּרנסה. ער פלעגט אַרבעטן גאַנצע נעכט ביַי אַ קליינעם לעמפּל, שלאָגנדיק די הילצערנע שטיפטן, ציענדיק אַ דראַטווע און זינגענדיק מיט אַ גמרא־ניגון די אַנאַרכיסטישע לידער וועגן קאַמף קעגן דעם דעספּאָטישן צאַר...

געווען דאָ אַ בלומענפאַרקויפער, אַ גריך. ער פלעגט שטיין אַנטקעגנ־איבער דער פּוילישער קירכע. דער גלח, אַ פּאָליאַק, פלעגט יעדעס מאָל קויפן ביַים גריך אַ קראַנץ מיט בלומען. דער גריך האָט שטענדיק גערעדט, נאָר מען האָט קיין איינציקן וואָרט נישט געקענט פאַרשטיין. אויף די יונגע מיידלעך, וואָס פלעגן צוקומען קויפן בלומען, פלעגט ער זיך בייזערן. איינמאָל האָט ביַי אים אַ וואונדערשיינע מיידל געקויפט אָן איינציקע בלום. איך בין געשטאַנען פונדערווייטנס און האָב אָבסערווירט די סצענע. ווען זי האָט אַ שמייכל געטאָן, בין איך שיעור אויסגעגאַנגען פון ליבשאַפט צו איר. זי האָט געהאַט טויזנט חן. זי איז אַליין געווען אַ הערלעכע בלום. ווי יונג זי איז געווען, האָט זי געהאַט ברייטע, רייפע היפטן. די פולקייט פון אירע בראָנדזענע בריסט האָט געבראַכן דעם דעקאָלטישן פאַרצוים פון זייד. די ווייבלעכקייט האָט אין איר געבליט מיט גרויס קינסטלערישער מאָלערישקייט. אפילו דער אַלטער גריך, דער בלומענ־פאַרקויפער, איז געווען פלאַמענדיק אין זיַין אַנטציקונג פאַר דעם הער־לעכן מיידל. זי האָט באַצאָלט מיט די לעצטע מטבעות פאַר דער גרויסער בלום. ס׳האָט די בלום אַזוי שטאַרק געפּאַסט צו אירע טונקעלע האָר ווי די זון צו אַ לאַנדשאַפט.

איך האָב געדאַנקט גאָט וואָס איך זע אינמיטן גאַס אַ נס פון שטראַלנדיקער שיינקייט. ס׳האָט געלוינט צו לעבן כדי צו זען אַ יונגע,

הייליק־לויכטנדיקע פרוי, אַזוי ווי אַן אַנגעצונדענער מלאך, און אַ בלום, אַזוי ווי אַ גאָלדענע וואונד אין קאָסמאָס . . .

מענטשן האָבן מיר דערציילט, אַז שוין זינט יאָרן ווי דער גריך שטייט דאָ מיט זיין קיישל בלומען. בייטאָג, ווען עס איז נישט געווען קיין גרויסער געדראַנג דורך די גאַסן, פלעגט ער זיצן אויף אַ הילצערנע קעסטעלע און דרימלען. ער פלעגט אַזוי אָפּשלאָפן די טעג. איך האָב געטראַכט: פון וואָס חלומט אַזאַ מאָדנער גריך? ער זעט אוודאי אויפּ־גיין פון זיין קיישל בלומען אַ גאַנצן גריכישן גאָרטן מיט שטראַלנדיקע בלומען, ערגעץ אין גריכנלאַנד . . . ער זעט דעם אקראָפּאָליס. רואינען ווערן צוריק גאַנץ. צאַרטע גריכינס טאַנצן צווישן די בוימער מיט עלעגאַנטע מענער. עס שפּאַצירן אויפן שטילן וועג די פילאָסאָפן. די לבנה גייט אויף שאַרף און קינזשאַליק אויפן הימל. דער גריך חלומט פון די צייטן ווען אַטען איז געווען דער קולטור־צענטער פון דער דעמאָלסטיקער וועלט.

מיר איז געפעלן וואָס אין דעם שטויביקן ניו־יאָרק, וואו מענטשן ווילן ווערן רייך און וואו די אַמביציעס פאַר לוקסוס, כבוד און מאַכט צעשפּילן זיך ווי פייער, האָט אַ מענטש דווקא אויסגעוויילט פאַר זיין פרנסה צו פאַרקויפן זיידענע בלומען.

נעבן דעם גריך איז געווען אַ צייטונגס־קיאָסק. דאָרטן פלעגט זיצן אַ אידענע און זיך שטענדיק טומלען. זי האָט אויסגעשריגן אַלערליי נייעסן און פאַסירונגען. זי האָט מיך נערוועז געמאַכט. זי האָט אַלעמען אָפּגעשראָקן. אָבער דווקא ווייל זי האָט אַזוי שטאַרק געטומלט, איז דער גריך זיך רואיק געזעסן אויפן הילצערנעם קעסטעלע און האָט פאַרקויפט זיינע שטילע בלומען, זיינע שטראַלנדיקע בלומען . . . גאָרנישט האָט דעם גריך אינטערעסירט, אויסער זיין איידעלע סחורה . . . ער פלעגט מיט גרויס זאָרגפעלטיקייט איבערשטעלן די בוקעטן. רעאַראַנזשירן די קאָמבינאַציעס פון די בלומען. ער האָט געהאַט זיינע שטענדיקע קונים, מענער און פרויען, וואָס אַרויסקומענדיק פון דער סאָבוועי, האָבן זיי ביי אים געקויפט אַ בינטל בלומען פאַר זייערע קליינע, מעבלירטע צימערן . . . זיין שטילקייט, ווי געזאָגט, זיין באַשיידנקייט, האָט אין מיר געוועקט רעספּעקט פאַר אים. עפּעס פון אַ טיפער רעזיגנאַציע און סטאָאיציזם איז געווען אין זיין כאַראַקטער. עפּעס אַ רעליגיעזע שטילקייט. איך האָב קיינמאָל נישט געוואוסט וואו ער וואוינט און צי ער האָט אַ פאַמיליע. דאָס וואָס אַ מענטש פאַרקויפט בלומען, איז מיר שטאַרק געפעלן. פאַרשטייט זיך, אַז יעדן פרימאָרגן האָב איך ביי אים געקויפט אַ זוניקע נעלקע פאַר מיין לאַץ . . .

איצט, אין דעם פייכטן באַגינען, האָב איך ווידער געוואָלט קויפן אַ נעלקע ביי אים. אָבער, ער איז נישט מער דאָ געווען, דער שלאָפנדיקער גריך . . . ערגעץ, ערגעץ וואו אין דער ברוקלינער ערד, ליגט דער גריך און אַלע זיינע בלומען, וואָס ער האָט אין זיין גאַנץ לעבן פאַרקויפט, קומען צו אים צוריק און זעצן זיך אויף זיין קבר, שיין צו מאַכן דאָס בערגל ערד זיינס, דאָס ליימיקע בערגל ערד . . .

פאַרביי די גאַסן פלעגן דורכגיין איטאַליענישע כלי־זמרים מיט

זייערע הילצערנע קאַטערינקעס. זיי פלעגן דרייען אַ קאַרבע און שפּילן איטאַליענישע, סענטימענטאַלע מעלאָדיען, אויך די „מאַרסעליעזע״. צוויי אַלטע לייט האָב איך באַזונדערס ליב געהאַט. איינער פון זיי פלעגט קומען רעגלמעסיק יעדן שבת, אין די פרימאָרגן שטונדן. און דער צווייטער, יעדן „בלויען מאָנטיק״. איך האָב ביידע אַלטע מענער טיף רעספּעקטירט. זייערע פּנימער זיינען געווען ערלעכע און ערנסטע. יענע שטילע איטאַליענישע פּנימער וואָס דערמאָנען דיך און די רענע־סאַנס־מייסטער, וואָס האָבן אַזעלכע טיפן גענומען פון דער גאַס, כדי צו פּאָזירן פאַר די קעניגן און די אָבות פון תנ״ך. איך פלעג דורך מיין פענצ־טער זאָרגפעלטיק אַראָפּוואַרפן אַ זילבערנע מטבע, איינגעוויקלט אין אַ שטיקל צייטונגס־פּאַפּיר. דער כלי־זמר פלעגט אַריינלעגן דאָס פּעקעלע אין קעשענע.. מיר דאַנקען, הייבן אין דער הויך זיין אַלטן, צעקנייטשטן הוט און עקסטרע שפּילן פאַר מיר ווערדיס אַ מעלאָדיע. ער האָט שוין געוואוסט, אַז איך האָב ליב די מעלאָדיע, לויט דעם ענטוזיאַזם פון מיינע אַפּלאָדיסמענטן. אויך דער צווייטער כלי־זמר פלעגט צו מיר אַרויסווייזן זיין טיפע דאַנקבאַרקייט און פאַר מיר שפּילן די „מאַרסעליעזע״ . . .

אַמאָל, אַז עס פלעגט טרעפן און די איטאַליענער פלעגן איבערהיפּן אַ טאָג, און נישט דערשיינען אויף דער גאַס, פלעגן זיי מיר שטאַרק אויס־פעלן. איך האָב זיי זייער גערן געהאַט און זיי זיינען געווען אַ טייל פון מיין אונטערהאַלטונג. איינמאָל האָב איך געזונגען אַן איטאַליעניש ליד און דורכן אָפענעם פענצטער האָט דער איטאַליענישער כלי־זמר מיר אַפּ־לאָדירט און מיר געגעבן אַ קאָמפּלימענט, אַז מיין שטימע דערמאָנט אים אין קאַרוזאָס זינגען. איך האָב דעמאָלט געלאַכט און אים האַרציק גע־דאַנקט.

וואו זיינען איצט יענע איידעלע, באַשיידענע, איטאַליענישע כלי־זמרים אויף די גאַסן פון ניו־יאָרק ? . . .

איינמאָל בין איך אַריינגעגאַנגען אין דער פּוילישער קירכע. ס׳האָט אינעווייניק אויסגעזען ווי דער קאָשציאָל פון דעם פּוילישן דאָרף, וואו איך האָב מיין קינדהייט פאַרבראַכט. מיך האָבן טיף גערירט די ליכטלעך וואָס האָבן געטריפט מיט הייסע טראָפּנס געלן חלב ווי מיט טרערן. די שטיל־קייט וואָס האָט אַראָפּגעווייעט פון די בילדער, וואָס זיינען געווען צע־האָנגען אויף די ווענט. דער גלח האָט מיך באַמערקט און האָט מיך פיין באַגריסט, אַלס אַ אידישן זינגער. ער האָט מיר אָפּגעגעבן גרויס כבוד. דער קאָשציאָל איז נישטאָ שוין מער. אויף איר באָדן שטייט אַ גרויסע הויז מיט ביוראָס פון דאָקטוירים און דענטיסטן.

און אָט בין איך צוגעקומען צום בית עולם. דאָס איז אַ היסטאָריש בית עולם. דאָ ליגן וויצע־פּרעזידענטן און מעיאָרס פון דער שטאָט. די מצבות זיינען פלאַכע. די רויטע בלעטער פאַרדעקן די מצבות. מען קען קוים לייענען די אויפשריפטן, די נעמען, די דאַטעס, פון זיבעצענטן און פון אַכצענטן יאָרהונדערט. דאַך שלאָגט זיך דאָ און דאָרט קלאָר אַרויס דער נאָמען פון אַ צאַרטער פרוי . . . די קירכע איז אַן אַלטע. ס׳האָט דאָ אַמאָל זיך אָנגעזען דאָס הויכע, דאָס אימפּאָזאַנטע געשטאַלט פון פּרעזידענט וואַשינגטאָן . . . איך האָב אַמאָל דאָ געבלאָנדזשעט, מיט

פופציק יאָר צוריק, צווישן די פלאַכע קברים... געזוכט דאָס קבר פון מאַרטהאַ, די יונג־פאַרשטאָרבענע געליבטע פון וואַשינגטאָן אירווינג, ז״עם באַרימטן אַמעריקאַנער שריפטשטעלער... די בלעטער זיינען געווען צעוואָרפן איבערן בית עולם, בלעטער פון פאַראַיאָרן, פון פאַר צוויי יאָר צוריק, פון די הערבסטן פון הונדערט יאָר... ווי ווייט איז דע־מאָלט צו מיר געווען דער טויט... — — —

אָט אַזוי האָב איך אין פריען באַגינען אַרומגעבלאָנדזשעט. איך בין אַריינגעגאַנגען אין אַ קליינעם אַרמענישן רעסטאָראַן. איך האָב געגעסן פרישטיק און געטרונקען שוואַרצע קאַווע. איך האָב זיך געפילט ווי חונה המעגל, וואָס איז געשלאָפן אונטער אַ שטיין זיבעציק יאָר צייט... יאָ, איך בין אָפּגעשלאָפן גאַנצע פופציק יאָר... וואָרים וואָס איז דאָס אַלץ געווען, אויב נישט אַ חלום...

דעם נעקסטן אָוונט בין איך פריער אַהיימגעקומען אין מיין צימער. איך האָב דאָ ווידער עקזאַמענירט יעדעס ווינקעלע... אין אַ זייט איז געווען אַ טיפע נישע. און דאָרט איז געשטאַנען אַ קליינע, בראָנדזענע סטאַטוע פון אַ לאַכנדיקן מיידל. זי איז דאָ געשטאַנען אויך דעמאָלט, ווען איך האָב דאָ געוואוינט, מיט אַ האַלבן יאָרהונדערט צוריק. איך בין געווען טיף גערירט: איך בין דעמלט געווען פאַרליבט אין דעם מיידל. זי האָט זיך אויף אַ מינוט נישט געעלטערט אפילו... די פיינע פאָרם פון אירע גלידער; די שאַרפע שטריכן פון איר דינעם פנים; דער גליקזעלישער שמייכל און דער פאַרחלומטער בליק פון אירע אויגן; אַלץ האָט מיך דעמאָלט, און אויך איצט, פאַרכישופט. זי האָט דאָ, אין איר טיפער באַשיידנקייט, געוואַרט אויף מיר פופציק יאָר צייט... טרערן האָבן זיך מיר גענומען גיסן פון די אויגן. איך האָב זיך איינגע־בויגן איבער מיין בראָנדזענעם מיידל און איך האָב מ״יי גרויס איידלקייט אָפּגעפּרעסט אַ קוש אויף איר שטראַלנדיקן פנים. איך האָב ממש דערפילט ווי זי קושט מיך צוריק. פון אירע בראָנדזענע ליפּן איז געגאַנגען וואַ־רעמקייט און ליבשאַפט.

— טייערע, — האָב איך צו איר גערעדט אין דער טיפער שטילקייט פון דער נאַכט, — איך בין אָוועק פון דיר מיט פינף צענדליק יאָר צוריק. דורך דער צייט האָב איך פיל פרויען געליבט, פילע שיינקייטן באַזעסן. איך האָב אַ סך מענטשן דערפרייט מיט מיין זינגען. איך האָב אין גאָר דער וועלט געגעבן קאָנצערטן. איך האָב פאַרוויילט און פאַר־שפּילט די מענטשהייט מיט מיינע ניגונים. איך האָב אַלעמען אַמוזירט. איצט קום איך צוריק צו דיר, מיין בראָנדזענע מיידל, אַן אַלטער מאַן שוין, אַ גרייז־גרויער זינגער, איינזאַם און רעזיגנירט. אַזוי ווי אַ חלום איז דער לעבנס־מאַסקאַראַד פאַרביי. ווי אין דער יוגנט, אין די טעג פון חלום, קום איך צוריק צו דיר, בראָנדזענע כלה מיינע. איך קום צוריק צום אייזערנעם בעטל, אַוועקצולעגן מיינע מידע ביינער. איך קום צוריק צום שאַפּקעלע מיט ביכער, צו יענער רייכער וועלט־ביבליאָטעק, פון וועמענס קוואַלן איך האָב געשעפּט חכמה און שיינקייט...

דאָס בראָנדזענע מיידל האָט מיך געדולדיק אויסגעהערט און זי האָט אַלץ געשמייכלט. זי האָט שטיל געשמייכלט... און די לבנה האָט

צוגעשפּאַצירט מיט גאָלדענע לעטשלעך צו מיין פענצטער און האָט צערט־
לעך אַריינגעשטראַלט, זי האָט אָנגערירט מיט אירע גאָלדענע הענט
מיין קאָפּ גרייז־גרויע האָר· און דאָס וואונדערלעכע פּנימל פון דעם
שטילן בראָנדז־מיידל, וואָס האָט מיך געדולדיק אויסגעהערט, האָט אַלץ
געשמייכלט, אַלץ געשמייכלט... ניו־יאָרק, 2טן אָקטאָבער, 1953.

## איינזאַמע

קלאַנגען זענען שטענדיק דאָ אין דער לופט. דו דאַרפסט זיי נאָר הערן. אַ גרויס געוויין שפּאַרט שטענדיק פון איינעם אַ מענטשנס צעבראָכע־נעם פּנים. אין די פּאַרוואַלקנסטע טעג פליט אַרום מאַנכער מלאך מיט אַ גאָלדן פּנים, פאַרגאָסן פון טרערן, און ער שפּילט זיין לאַמענט אויף אַ גרויסן מעשענעם טראָמפּעט. די לופט איז שטענדיק פול מיט קרעכצן און מיט זיפצן פון די איינזאַמע, וואָס זענען פאַרגעסן פון מענטשן און פון גאָט.

## די פּוילישע קאַפּע

איך בין היינט געווען אין אַ פּוילישן סאַלון. אַ יונגע מיידל, ווי ערשט אַרויס פון אַ פּוילישן דאָרף, אין איר גראָז־גרינעם קליידל, איז גע־זעסן צווישן די שיכורים. לויט איר בלייכקייט וואָלט זי געקענט זיין אַ גע־ליבטע פון שאָפּען. צוויי אַלטע פּאָליאַקן זענען געזעסן און געטרונקען הויכע קופּלעס ביר. מיר האָט זיך געדאַכט אַז צווישן זיי זיצט דער פּאָעט ציפּריאַן נאָרוויד און ער זשליאָקעט גרויסע קופּלעס ביר. זיין שטערן פלאַמט. אויפן וואַנט הענגט אַ בילד פון פּאָעט יוליוש סלאָוואַצקי. סלאָ־וואַצקי איז איינגעהילט אין פיבער. איך האָב אויפגעציטערט. עס איז מיר געוואָרן היימלעך. איך האָב דערזען אין אַ פּרעמדער, אומהיימלעכער סביבה מיין טייערן ברודער יוליוש סלאָוואַצקי, מיטן בלייכן פּנים פאַרהילט אין פלאַמען. אַ פּוילישע פרוי האָט דערלאַנגט ביר און זי האָט הייזעריק צוגע־זונגען. איך האָב זיך פּלוצלונג געפונען אין פּוילן. אויפן גאַס איז געשטאַ־נען אַ פּוילישער בוים און געגרינט אין זוניקן מאַי. אין אַ שטייגל האָט אַ קאַנאַרעק איינזאַם געציטערט און געטרעלט מיט פּוילישע קלאַנגען. גע־דיכט איז געווען דער רויך. סלאָוואַצקי האָט געפלאַמט ווי אַ זון־אונטער־גאַנג. ציפּריאַן נאָרוויד האָט געטרונקען מיט די פּוילישע שיכורים. —

## אינמיטן רוים

דו ביסט שטענדיק אינמיטן רוים. וואוהין דו זאָלסט דיך נישט ווענדן — נעמען דיך אַרום מיליאָרדן שטערנס מיט זייערע בריליאַנטענע אָרעמס. דו ביסט שטענדיק אין צענטער פון דעם וועלטאַל — און אַן אומגעהויער לעבן שפּרייט זיך שטורמיש אַרום דיר. וועלטן גייען אויף אין אַ געוואַלטיקן באַלעט פאַרביי דיינע אויגן. דו ביסט איינגעהילט אין דעם ליכט פון גאָט ווי אין אַ ריזיקן באַלדאַכין. דיך בינדן שטערן־גאַלאַקסיעס ווי בריליאַנטע־נע גאַרטלען. דו ביסט שטענדיק אינמיטן פון אַן אומגעהויערע סימפאָניע פון לויכטנדע, פון שטורמישע און אייביקדזיך־שאַפנדיקע וועלטן, וואָס טאַנצן און יובלען אין אַן עליפּטישן טאַנץ אַרום גאָט. דו ביסט קיינמאָל נישט אַליין. קיין איינזאַמקייט קען דיך נישט דערגרייכן. וווהין דו ווענדסט דיין אָפּענעם אויג, זעסטו דעם שטורם פון לעבן וואָס דערהייבט זיך פון אַלע ווינקלען פון וועלטאַל און שטייגט אין אַן אַפּאָטעאָז צו גאָט. —

# דער קופערנער טשייניק און דער גלעזערנער כוס

שלמה טייטלבוים, דער יונגער מאָלער, מאָלט אָפט אונזער נאָענטע פאַרגאַנגענהייט. אָט איז זיינס אַ שטיל־לעבן: צוויי לייכטער שטייען אויף אַ טיש, וואָס איז שבתדיק איבערגעצויגן מיט אַ ווייסן טישטוך. עס שטייט דער טשייניק מיט הייסע טיי. עס זעט זיך דאָס האָלבע, בלאַנדע גלעזל טיי. דער צעשניטענער ציטרין ליגט דאַנעבן. עס שטראַלט אַ כוס מיט ווייַן. די אַלטמאָדישע, דינע, בקעבענע ברילן ליגן אויפן אָפענעם ספר. אַלץ דערמאָנט אין שבתדיקער מנוחה. דאָ האָט אַוודאי דער מאָלער גע־מאָלן זיינע עלטערנס היים. עס פילט זיך דער טעם פון אַ יידישער שטוב. אויף אַ ווײַלע איז דער טאַטע אַוועק פון טיש און ער האָט געלאָזן ליגן דאָס אָפענע ספר און די פאַרהויכטע ברילן. און די פאַרנאַכטיקע זון באַרירט מיט אירע גילדערנע הענט די אותיות פון אַ יידישן ספר. די זון רירט אָן דעם כוס מיט ווייַן, דאָס מאַסיווע, געשמידטע קופער פונם טשייניק, דעם בלייכן בלעך פון די ברילן. כ'איז די יידישע זון פון קליי־נעם שטעטל, וואָס לויכט אין דעם יידיש־אידילישן וועלטאַל... ווו גאָט איז נאָך דער גרויסער יידישער גאָט — פרע דעם קאָלאָסאַלן מאָרד פון זעקס מיליאָן, דער יידישער גאָט — ערב זיין באַנקראָט...

יאָ, אַ יידישער מאָלער האָט געמאָלן אויף אַ יידישער טעמע. אין דעם דאָזיקן שטיק־לעבן שטעקט יידישע סביבה, יידישער שבת און יום־טוב. איך שטיי ביים בילד אין הוילער ציטערניש. איך זע דעם גרויסן קופערנעם טשייניק וואָס מיין מאַמע האָט אויפגעהיטן אין משך פון אַ סך צייטן.

איך בין איינמאָל געבליבן שטיין פאַרן דאָזיקן טשייניק, אין גרינעם שימל געהילט, אַ טשייניק, אַזוי ווי אַ פערסישע קרוג, נאָר אין טונקעלן קופער פעסט געהאַמערט ער האָט געהאַט אַ קליין מיילעכל. עס איז אוממעגלעך געווען צו זען זיין אינעווייניק דורכן שמאָלן העלדזל.

— מאַמע, וואָסערא טשייניק איז דאָס?

— ס'איז דעם זיידנס, ר' יונהס, טשייניק. און ער האָט אים גערשנט פון זיין עלטערזיידן.

— ווי אַלט איז דער טשייניק?

— אפשר אַ צוויי הונדערט יאָר, מיין זון...

איך בין געבליבן שטיין אַ פאַרציטערטער. דרך־ארץ איז געגאַנגען פון מיין הארץ צו אַ שטומער כלי. אַזוי בלייבט מען שטיין פאַרן טיפן עלטער פון זאַכן. הוראָם צייט איז די גרעסטע אַריסטאָקראַטקע: זי גיט צו צו אַלע זאַכן אַן אָרעאָל פון איידלקייט. צייטן זענען די ציגל צו דער אייביקייט. צייט גיט צו נאָבילימעט צו פאָרם. אַ קינד איז שיין. אָבער אַ קלוגער זקן וועקט חשיבות. די הויט פון אַן אַלטן מאַן איז ווי ברוי־נער זייד. צייט האָט כישוף אין אירע שטאָלצע פינגער. וואָס זי רירט נאָר אָן, פאַרענדיקט זי צו קונסט, פאַרוואַנדלט זי אין אַנטיקער שיינ־קייט. און אַזוי איז פון דאָזיקן טשייניק געגאַנגען היסטאָרישער רעמיני־

סענס. משפחהדיקע פּיעטעט. ס׳האָט פון דעם אַלטן קופּער אַרויסגעשטראַלט דעם זיידן ר׳יונהס שטראַלנדיק פּנים. הדרת־פּנים מיט לאַנגער, גאָלדענער באָרד ווי פון בראַנדז. ברענענדיקע יידישע־אויגן. עקשנות אין יעדער קנייטש פון זיין נאָבל פּנים. פון די קופּער־ליפּן גייט שמייכל און איראָניע — היסטאָרישע איראָניע, חכמה, וואָס דערמאָנט אין שלמה המלך׳ס חכמה. דאָס איז געווען אַ שטאָלצער, דעמביקער ייד, וואָס האָט גע־שטראַלט מיט עקשנות און מיט אייזערנעם גדולה. ער פלעגט פאָרן צום לובלינער רבין, ר׳ עקיבא איגר. ער האָט שווער געקעמפט פאַרן שטיקל ברויט, געקעמפט כל־ימיו מיטן פּוילישן ווינט, מיט פּוילישער זאַווערוכע, מיט שניי און רעגן און בלאָטעס. און ער איז געבליבן שטיין אין דער יידישער אייביקייט אַזוי ווי אַ זייל פון גאָלד.

דער טשייניק באַדאַרף אַריינגיין אין גן־עדן. ער האָט אַזוי פיל גוטס געטאָן. אין די נעכט פון פרייטיק אויף שבת האָט ער געגליט אין די היי־מישע באַק־אויוונס. און ביי דער גרויסער סעודה, שבת ביי־טאָג, האָט ער אָנגעגאָסן צען גלעזער מיט הייסע טיי. ס׳איז שטראַליק געגאַנגען די זיל־בערנע פאַרע אַרויף צום הימל. דער קופּערנער טשייניק האָט אָנגעוואַרעמט יידישע מענטשן, יידישע דורות. אַ טשייניק אַ הייליקער אַזאַ. כ׳האָב גע־דריקט צום האַרצן זיין אַלטע קופּער. כ׳האָב זיך געפרייט מיט זיין פרי־מיטיווער פאָרם. כ׳האָב אָנגערירט אין זיין קופּערנעם לייב דאָס לייב פון דורות. כ׳האָב אָנגערירט יידישע אייביקייט.

---

און, דער כוס מיט וויין. ער דערמאָנט מיך אין דער מומע נעכעס כוס. דאָס איז געווען אַ גרויסער, גלעזערנער כוס, אין וועמענס טיף ס׳האָט געקענט אַריין אַ סך וויין. ער האָט געהייסן „אליהו הנביאס כוס״. ס׳האָט פון זיין טיף דער וואונדערלעכער, אומזעבאַרער גייסט פון אליהו הנביא דעם וויין געטרונקען.

די מומע נעכע איז געווען אַ קליינע, אַ צאַרטע. ס׳האָט פון איר געווייעט מיט אַמאָליקער ראָמאַנטיק. ווען זי פלעגט קומען צוגאַסט, זיך אוועקזעצן אויף אַ טאַבורעטקע ביים קאַפלאַנאָוון אויוון, און אָנהייבן צו דערציילן מעשיות, איז געווען וואָס צוהערן. איר קליין, דינטשיק און אויסגעדאַרט פּנימל האָט געקראָגן אַן אָפּשיין פון איר אַמאָליקער פרווי־לעכער שיינקייט. פון די ליפּן זענען געגאַנגען גאָלדענע רייד פון ליבע. ווען זי פלעגט קומען צו דראַמאַטישע מאָמענטן, פלעגט זי פּלוצלונג אָנהייבן צו רעדן דייטש. אירע אויגן פלעגן זיך אָנצינדן. גרויסע דראַמעס האָבן זיך געשפּנט. זי האָט געקענט גאַנץ פּוילן און רוסלאַנד. פאַר איר זענען צאַרישע גענעראַלן און פּאָלקאָווניקעס געגאַנגען מיט די קעפּ אין דר׳ערד. ס׳האָבן זיך באַרימטע קינסטלער אין איר געליבט. אָפּיצערן האָבן זיך געשאָסן פון גרויסע פּיסטאָלעטן. די מומע נעכע איז געווען גאָלע ראָמאַנ־טיק. ס׳האָט פון איר געווייעט מיט גרויסער דראַמע. מיט ליבע־דעמיגיר־סענסן. מיט קעניגלעכע הויף־אינטריגעס און מיט חסידישע רביים און חסידים און הייף פון גרויס פּראַכט און פייערלעכקייט.

שוין אַלס קליין יינגל פלעג איך באַוואונדערן די שפּראַך פון איר דערציילן, די קלאָרע בילדלעכקייט, די פּאָעזיע און די פרישקייט פון וואָרט

און בילד. זי פלעגט שטענדיק מיטברענגען א גרויסן בוקעט מיט רויזן. זי פלעגט אים אוועקשטעלן אינמיטן שטוב, אויפן טיש, אין אן אנטיקער וואזע און יעדער ווײלע פלעגט זי מיט איר דינעב, געשניצטן נעזל א שמעק טאָן צו די בלומען און פלעגט אָנהייבן צו דערציילן, ווי די בלאסע פרינצעסין שעכערעזאַדע, א פרישע מעשה.

איר מאַן איז געווען דער פעטער מאָטיע, א וואַלד־ייד. בשעת דער פעטער מאָטיע פלעגט זיצן אין וואַלד, פלעגט די מומע נעכע פירן אירע גרויסע ליבעס מיט צארישע גענעראַלן און אָפיצערן. זי האָט געוווינט אין דעמבלין, ווו עס איז געווען א צארישע פעסטונג, מיט א האַלבן יאָר־הונדערט צוריק האָט זי געמוזט זיין א בילד־שיינקייט.

ווען מיין שוועגערין טיליע איז נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה געקומען צוגאַסט פון אמעריקע קיין פולאַוו, האָט די מומע נעכע איר איינ־געלאַדן צו זיך. איר מתנה צו טיליען איז געווען „אליהו הנביאס כוס", וואָס איז איינגנטלעך געווען דעם פעטער מאָטיעס כוס. בשעת מעשה האָט זי געשטעלט כיבוד: ווײן, לעקעך מיט פירות. און אליהו הנביאס גרויסער כוס איז אָנגעפילט געוואָרן מיט ווײן. ער האָט ווידער געשטראַלט מיט גאָלדיקן ווישניאַק.

טייערער אליהו הנביא! כ'האָב דיך געזען אויסטרינקען דעם פולן כוס. אָ, ווי דאָס פאָלק האָט דיך ליב געהאַט. ס'האָבן נאָך דעמאָלט גע־לעבט אויף דער וועלט מיליאָנען יידן. אין יעדער יידישן הויז האָט מען פאַר דיר מיט גרויס ליבשאַפט צוגעגרייט דעם כוס מיט ווײן. אין יעדער הויז האָבן קינדערלעך דיך אָפּגעוואַרט מיט פרייד. ס'האָבן אין זילבער־נע און אין גאָלדענע לייכטער געשטראַלט די ליכט. טאַטע־מאַמע זענען געווען קעניגן. די האָסט אויסגעטרונקען מיליאָנען כוסות אין יידישע הייזער. אָבער, דאַנקען גאָט, נישט דו ביסט שיכור געוואָרן, נישט די יידן זענען אָרעמער געוואָרן. ס'איז געווען א סך ווײן ביי יידן. די נעכט האָבן געשמעקט מיט פרילינג. דער הימל איז געווען ווי בלויער פלוש. די לבנה איז געווען דיין גאָלדענער כוס אין הימל. די פוילישע נאַכט האָט געשמעקט מיט סדרים. דאָ, אויף דער פוילישער ערד, האָבן געלעבט דורות מיט דורות יידן. די טירן זענען געווען אָפן. ס'איז געווען יידי־שער הימל. יידישע נאַכט. יידישע סעדער מיט יידישע פירות וואָס האָבן אָנגעזאָגט דעם נביאס קומען. אָ, כ'האָט געשמעקט מיט געשיכטע, שווערע יידישע געשיכטע. דער הימל איז געווען איין גרויסע יידישע הגדה, רייך אילומינירט מיט בליציקע שטערן און מיט גאָלדענע לבנה...

רבי אליעזר, רבי יהושע, רבי אלעזר בן עזריה, רבי עקיבא און רבי טרפון זענען געזעסן ביי א זילבערנעם טיש פון שטערן געמאַכט און זיי האָבן געלייענט די הגדה ביזן גרויען, ביזן בלויען און זיידענעם באַגינען. און אין דער דאָזיקער גרויסער נאַכט פליט אליהו הנביא פון הויז צו הויז און ער טרינקט גרויסע כוסות מיט טייערן ווײן און מעד און וויש־ניאַק. אָ, אליהו הנביא, איך זע ווי דו שוועבסט איבערן ברייטן יידישן פרוכת־הימל. איך באַטראַכט דיינע אומגעהויערע גאָלד־פליגל. איך קוש די שפּיצן פון דיינע פליגל מיט גרויס עקסטאַז. איך ריר צו מיינע פון בענקשאַפט פאַרברענטע ליפּן צום גרויסן כוס מיט ווײן. איך באַגעז מיין

נשמה מיטן פלאמיקן עליקסיר. איך טרינק אריין דיין אייביק־לויכטנדיקע עקזיסטענץ אין א טראָפּן וויין. איך טרינק אריין אין זיך די יידישע געשיכטע. איך ווער שיכור מיט דער יידישער אייביקייט. — — —

יאָ־ן שפּעטער שרייב איך די דאָזיקע שורות. אין רעמיניסענס נאָכן קופּערנעם טשייניק. אין בענקשאַפטס־געדענקעניש נאָך אליהו הנביאס כוס. אָנשטאָט בלומען אויף די קברים פון דער מומע נעכע און דעם פעטער מאָטיע און דעם זיידן ר׳ יונה — שרייב איך די דאָזיקע נאָסטאַלגישע שורות, אָנגעצונדענע, באַווירקטע פון שלמה טייטעלבוימס שטילער מאַלעריי

— ווו זענען זיי איצט, די נשמות פון די דאָזיקע טייערע קרובים אונזערע? ווו זענען די הייליקע נשמות פון די מיליאָנען יידן? און ווו זענען אהינגעקומען די אַלע קברים פון אונזערע זיידעס און באָבעס, אונזערע פעטערס און מומעס? ווו קען מען לייגן א פייערקראַנץ אויפן קבר פון אומבאַקאַנטן קינד — אין דער געוואַלטיקער אַרמיי פון אומשטערבלעכע יידישע קדושים?

די בלעטער פון דעם פייערקראַנץ פאַלן אויף גאַנץ פוילנס פאַרבלוטיקטער ערד, אויפן גאַנצן, מיט יידישן בלוט אָנגעפּליצטן פּלאַנעט...



# אַקוואַריום

אין דער שפּעט־האַרבסטיקער נאַכט בין איך אַריינגעפאַלן אין דעם אַקוואַריום־געשעפט. דער אייגנטימער איז אַ וועטעראַן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. ער רעדט ענגליש מיט אַן אויסלענדישן אַקצענט. ער איז צוריקגעקומען פון דער מלחמה מיט עפּעס אַ פיזישן דעפעקט. און מיט אַ וויסטן טרויער אין האַרצן. און פון דער מלחמה, וואו מענטש טויטעט מענטש, קומט ער מיט אַ ליבשאַפט אין האַרצן צו די פיש, צו די פאַרביקע שטיקלעך לעבן.

פון דרויסן ווייעט אַריין האַרבסטיק און אומהיימלעך מיט רעגן און מיט ווינט. מיט נאַסע, געלע בלעטער. און דאָ איז אַזוי טרויעריק און אַזוי אומהיימלעך. איך שטיי פאַר די קליינע אַקוואַריומס ווי פאַר טראָפּישע לאַנדשאַפטן. ווי די אינטעלעקטועלע רייזענדע אין זשול ווערנס „צוואַנציק טויזנט מייל אונטערן וואַסער", שטיי איך דאָ און קוק דורכן גלאָז צו די מאָדנע באַשעפענישן. דער דאָזיקער אייגנטימער, וואָס אים ציט צו איינזאַמקייט און צו פיש, וואָלט געקענט זיין אַ מין קאַפּיטאַן נעמאָ. דער דאָזיקער טיפער קעלער איז זיין אַנטרינונגס־אינדזל.

אין יעדער אַקוואַריום ראַיעט זיך מיט לעבן. עס דאַכט זיך אַז די פיש פליען אין וואַסער. שווימען איז דאָך נאָר אַן אַנדערע פאָרם פון פליען. און איז דען נישט דאָס גיין — שוועבן. און איז דען נישט שוועבן — דאָס גיין אין דער לופט. און איז נישט טראַכטן — פליען דורכן רוים, פליען דורך אומענדלאָזע אַסטראָנאָמישע שטרעקעס.

אָט איז דער סיאַמעזער פיש. די מענער פון דעם סיאַמעזער פיש זיינען שטאַרק קריגעריש. עטלעכע פיש אין אַזאַ אַקוואַריום מוזן זיין אָפּגעטיילט מיט דיקע, גלעזערנע ווענט. און זיי טשאַטעווען אויף זיך בייטאָג און ביינאַכט. זיי זוכן־זיך אַרום פאַר אַ קאַמף. פאַר אַ בלוטיקן געשלעג. די ווייבלעכע סיאַמעזערין איז אפשר גאָרנישט דאָ אין דעם גאַנצן אַקוואַריום. נאָר די מענער קענען אויסגיין אין אַ פינצטערע און פירכטערלעכע שלאַכט — ביזן טויט. די מענטשן וואָס זיינען הונגעריק נאָך קאַמפּס־סצענעס, אַראַנזשירן שלאַכטן צווישן די קריגערישע פיש. זיי געוועטן זיך אויף זיי מיט סומעס געלט. און די ביידע סיאַמעזער פיינט עפּעגען אויף אַ קאַמף. זיי בייסן זיך איין טויטלעך איינע אין די אַנדערע. אָפט פאַרבלוטיקן ביידע צום טויט.

אַזוי ווי חיות אין אַ שטייג, טשאַטעווען זיי שטענדיק צום אַרויסגאַנג. זיי ווייסן נישט פון זייער אמתער לאַגע, אַז זיי זיינען אַלע געפאַנגען ביי אַ הערשער, וואָס איז געפאַנגען דורך אַ גרעסערן הערשער אין קאָסמישן אַקוואַריום... זיי ווייסן נישט אַז די קליינע, גראַציעזע סיאַמעזערין איז געבליבן שטעקן אין די ווילדערנישן פון די טיפע, פרעמדע וואַסערן. זיי זיינען גרייט צו קעמפן דעם דועל פאַר דער דאַמע... פאַר דער טראָפּישער פרינצעסין... און זיי זיינען וואונדערלעך־שיין, אַזוי ווי די פאַוועס. פאַרבנרייך, רויט אָנגעצונדן ביי די

צאַרטע עקלעך. קליינע שטיקלעך פייער אין דעם אומגעהייערן, קאַלטן ים. און טונקל זיינען זיי און מוראדיק ביי די קעפּ. ווילד אין קאַמף — פּאַר דער אויסדערוויילטער דולצינעע — ביזן טויט...

גיי און פאַרשטיי זייער קאַמף און זייער צאָרן. און צו וואָס גאָט האָט זיי בכלל באַשאַפן, די דאָזיקע נישטיקע ברואים, וואָס קומען אַלע אום אַלס קרבנות פון גרעסערע פיש אין גרויסן ים־דזשאָנגל. וואָלט נישט געווען בעסער ווען זיי פאַראייניקן זיך אין אחדות אַנט־קעגן אַ געמיינזאַמען, שטאַרקערן שונא?

און אַנטקעגן די סיאַמעזער פיש זע איך אַן אַקוואַריום מיט מלאכים־פישעלעך. די גרויסע מוטער שטייט אין אַ ווינקל פונם אַקוואַריום און קוקט אויף אירע קינדער. זי האָט זיי אַלע געהאַט. זי האָט זיי אַלע פון אירע הייסע אינגעווייָדן צו דער וועלט אַרויסגע־וואָרפן.

זי קען האָבן פינף הונדערט קינדער מיט אַמאָל. און די פאַרביקע פיצלעך לעבן באַוועגן זיך אין די וואַסערן פון אַקוואַריום, ווי אין אַ טיפן ים. זיי האָבן דעם ים נישט געזען. זיי האָבן נישט די קאָנצעפּציע פון אַ ים אַפילו. דער אַקוואַריום איז פאַר זיי די גאַנצע וועלט. דער גאַנצער, גרויסער, טיפער ים. זיי זיינען ווי קליינע, דינע פּערל. זיי זיינען דורכזיכטיק און דו קענסט זען ווי עס אַרבעטן זייערע לעבנס־זעלן... זייער „מאַשינעריע״... קענסט דורכקוקן דורך זיי ווי דורך קרישטאָל.

און אָט זיינען די העקלעך־פיש. דינע און שאַרפע ביי די העלד־זער ווי העקלעך...

קליינע הערלעכע לעבנס. בלומען פון ים. זיי זיינען אַלע פאַרזאָרגט מיט די שענסטע פאַרבן. מיט די איידלסטע פאָרמען. דאָס זיינען נישט קיין ווערים — נאָר קונסטווערק. אויסגעטראַכטע דורך קינדער־פּאָעטן...

עס קומט אַריין די פרוי פון „קאַפּיטאַן נעמאָ״, ווי מיר רופן דעם אייגנטימער פונם געשעפט. אַ וואונדערשיינע, בלאָנדע פרוי. אירע גרויסע אויגן באַלייכטן דעם קעלער. דורך דעם קלייד קענסטו זען ווי פיין מאָדעלירט זי איז. אויסגעטאָקט אין אַלע אירע ווייבלעכע גלידער. איך פרעכטיקן מאַרמאָרנעם אָרעם האַלט זי אָנגעשפּאַרט אויף אַן אָפענעם אַקוואַריום, וואו עס באַוועגט זיך אַ קליינע, גרינלעך־טונקעלע טוירטל...

איך באַטראַכט דיביידע קרעאַטורן: די בלאָנדע פרוי און די טוירטל. אוןביידן האָט איין גאָט מיט זיינע פלאַמיקע הענט גע־קנאָטן און באַשאַפן. ביידע זיינען אַרויס פון דער קוזשנע פון דער נאַ־טור. גיי פאַרשטיי דעם זין און דעם צוועק. דו טראַכסט פון דעם קאָלאָסאַלן עוואָלוציאָנערן וועג פון דער טוירטל ביז צו דעם ראַפי־נירטן מענטשלעכן ווייב...

אויף זיין קייט יאָמערט און וואָיעט דער שוואַרצער, ליבער הונט. די פרוי גייט צו, טשעפּעט אים אָפּ פון דער קייט. ער שטרעקט אויס זיינע פאָדערשטע לאַפּעס, ווי סענסיטיווע מענטשלעכע הענט.

אין דער הויך, זי אַרומצונעמען. ער קושט איר. די פרוי בויגט זיך איין. אויך זי וויל געליבט ווערן פון גאַר דער וועלט. אויך פון דעם העלדישן, גרויסן הונט...

און אין די אַקוואַריומס באַוועגן זיך אַזוי ווי שטראַלן די מיס־טעריעזע פיש. קיין קלאַנג לאָזן זיי נישט אַרויס. שטום און קאַלט איז זייער וועלט. און זיי באַוועגן זיך מאַנאַטאַן, אַזוי ווי צום ריטם פון עפּעס אַן אומדערהערטע, אָבער באַשטימטע מעלאָדיע. עמעץ, אַ געהיימער גייסט, שפּילט ערגעץ אויף אַ געהיימען אינסטרומענט, און די אַלע לעבנס באַוועגן זיך אויף און אָפּ צום ריטם פון אָט דעם געהיימניספולן לעבנס־ליד...

אַלע גייען מיר איצט אַרויס. מען לעשט אויס דאָס ליכט. נאָר אין דער פינצטערניש לייכטן די פיש ווי שטערן אין אַ פינצטערער נאַכט. עס איז דאָך פאַראַן אַ שייכות צווישן די דאָזיקע לעבנס אין דער פינצטערניש פון די אָקעאַנען — און די שטערנס הויך אין דעם קאָסמישן ים...

ניו־יאָרק, 17־טן אויגוסט, 1949.

## די באַנק

די מענטשן האָבן קוים צייט אָפּצוגעבן אַ שבח צו דער באַנק, צו דער אַלטער באַנק, וואָס שטייט ביים קרייץ פון וועגן, אַ ביסל אַראָפּגערוקט פונם הויפּט־וועג, אונטער געטרייע אַלטע בוימער. דו גייסט שעהנלאַנג, אַ מידער פון וועג. די זון ברענט אויס אין דאָזיקן טאָג דאָס גאַנצע פייער פון איר האַרצן. דער וועג איז שטויביק. עס איז נישטאָ קיין אויסזיכט אויף קיין אָפּרו. און דו ווייסט אַז אומענדלעך ווייט איז דער וועג. פּלוצלונג בלייבסטו שטיין פאַר־וואונדערט: אַזוי ווי פון הימל אויס איז דאָ אויסגעוואַקסן אַ באַנק. דו פאַלסט צו צו דער באַנק אַ טויט־מידער. אַ, ווי עס איז גוט זיך אָפּצורוען. צום ערשטן ביסטו אַזוי שטאַרק צופרידן אָפּצורוען די מידע פיס, אַז דו ביסט נישט אימשטאַנד גאַרנישט צו באַטראַכטן. דו זיצסט צווישן הימל און ערד מיט איין זיסן געפיל: דעם געפיל פון רוען. נאָר ווען דו רוסט זיך שוין אָפּ אַ ווײַלע, דו קומסט צו זיך, הויבסטו אָן צו ווערן באַוואוסטזיניק פון דער באַנק. דו זעסט: אַן אַלטע, אויסגעריבענע, מידע באַנק. דאָס האָלץ איז צעבויגן און צע־שניטן. דאָס האָלץ קומט פון איינעם פון די בוימער וואָס שטייען געטריי צו שיצן אין זייער שאָטן דעם פאַרבייגייענדיקן. ווער עס האָט די באַנק אַוועקגעשטעלט דאָ, איז געווען אַ הייליקער מאַן. די באַנק איז זיין ערנסטער, זיין שטומער מאָנומענט. וואָס האָט מען פון די פּאָמפּעזע, פאַרריסענע מאָנומענטן פון בראָנז און פון מאַרמאָר, אויב מען קען זיך נישט אַוועקזעצן געמיטלעך אין שאָטן פון אַ בוים?

דו הויבסט איצט אָן צו זען די וועלט. דעם וואַלד, וואָס ציט זיך אומענדלעך ביים זייט פון וועג. און פייגל־אַקטיאָרן טרעטן אויף אויף די בוימער־בינעס, צווישן די גרינע, די גאָלדענע צווייגן. זיי שפּילן און זיי זינגען. די אַלטע פויגל, דיינע אַלטע פריינט, פון קינדהייט אָן. אַ כאָר פון פאַרשטעלטע מענטשן זינגען דאָ. און עס

הויבט זיך אָן אויסצושיילן פֿאַר דיין אויג בוים און בלאַט און אינסעקט. מילי־מיליאָסן אינסעקטן האָט דער וואַלד. און דו גענויסט דעם מאָמענט אַזוי ווי דו וואָלסט געגאָסן פֿון טייערע געטראַנקען. וואונדערשיינע וואַלד־טעכטער קומען אַרויס פֿון די וואַלד־גרינע מאָך־טיפֿעניש און זיי גיבן דיר צו טרינקען טייערע כוסות מיט וויין. די וואַלד־טעכטער טאַנצן און זינגען אַזוי לאַנג ביז זיי שלעפֿערן דיך איין. דו זעסט ווי די זון, אַ גרויסע, גאָלדענע ראָד, קאָלערט זיך שוין באַרג אַרונ־טער. דער אָווגט — אַ קליין נעגעריש אינגל, קאָלערט די זון מיט זיינע שוואַרצע הענט איבער דעם אָנגעגליטן האָריזאָנט.

מיט דאַנקבאַרקייט צו דער באַנק הויבסטו זיך אויף, כדי צו ציען ווייטער אויף דיין וועג. דו טראָגסט אַוועק אַזאַ פֿיינעם געפֿיל פֿון ־ער דאַזיקער באַנק. זאָלן זיין געבענטשט די הענט וואָס האָבן זי דאָ אַוועקגעשטעלט ביים קרייץ פֿון די וועגן. —

צומאָרגנס וועט מיט די וועגן אָנקומען אַן אַלטע, מידע פֿרוי. זי וועט צופֿאַלן צו דער באַנק ווי צו אַן אָאַזיס, כדי אָפּצורוען אירע מידע פֿיס, איר אַלטן, יסורימפֿולן גוף. עס וועט דאָ אָנקומען אַן אַל־טער מאַן, מיט אַ פּעקל אויף זיינע אַלטע פּלייצעס. ער וועט זיך צוזעצן צו דער באַנק אַ פֿאַרטראַכטער. עס וועלן דאָ אָנקומען אַ יונגע פּאָרל, און די באַנק וועט זיין זייער מזבח פֿון ליבע. דאָ וועלן זיי זיך קושן און האַלדזן, פֿון גילדערנע מלאכים באַוואַכט. און דער פּאָעט וועט דאָ קומען און רואיק זיצן אַזוי ווי אַ מאָנומענט. ער וועט אַריינגעמען אין זיין אויג די גאַנצע הימלישע לאַנדשאַפֿט. ער וועט אַריינגעמען אין זיין האַרץ גאָר די קאָסמיש־אָנגעצונדענע פּאַנאָראַמע. גאָר די רעאַליטעט פֿון דער ערד, וואָס איז איינגעראַמט אין אַ געוואַלטיקער ראַם פֿון רוים.

זיי וועלן אַלע דאַנקען דעם אומבאַקאַנטן גוטן מענטש וואָס האָט דאָ אַוועקגעשטעלט די באַנק כדי גוטס צו טאָן צו די מענטשן, די באַנק, וואָס ווען קיין מענטש זיצט דאָ נישט, קומען צו די פֿויגל און שטעלן זיך אַוועק אויף איר מיט ליבשאַפֿט. די באַנק — דער מאָנומענט צו די גוטע מענטשן פֿון לאַנד...

ניו־יאָרק, יוני 29, 1950

---

## דאָס גרויסע וואָרט

באַזוכנדיק מיינס אַ פֿריינט, אַ שריפֿטשטעלער, אין שפּיטאָל, האָב איך זיך דאָרטן באַקאַנט מיט זיינע שכנים, די פּאַציענטן, פֿון פֿאַר־שיידענע פֿעלקער און ראַסן. עס איז דאָ, אין שפּיטאָל, וואו אַלע פֿאַראורטיילן פֿאַרשווינדן. וואו געמיינזאַמע ליידן דערנענטערן דעם מענטש. פֿאַרוואָס הערשט נישט אין דרויסן, אויסער דעם שפּיטאָל, אַזאַ באַציאונג צווישן מענטש און מענטש? איז נישט די וועלט איין ריזיק שפּיטאָל? פֿאַרוואָס זאָלן פֿעלקער און ראַסן נישט לעבן בשלום צווישן זיך?!

איך האָב זיך, אין פֿאַרלויף פֿון מיינע באַזוכן, צוגעקוקט צו פֿאַר־שיידענע פּאַציענטן און צו זייערע פֿריינטלעכע באַזוכערס. אַזוי ווי

די פּאַציענטן זײַנען געװען מענער, זײַנען אין די באַזונד־שטונדן געקומען מערסטנס באַזוכערס פון שײנעם געשלעכט; װײַבער, שװעסטער און טעכטער. און אױך פרײַנדינס.

מען װאָלט געקענט שרײַבן פון יעדן פּאַציענט באַזונדער. נאָר פון אַלע, איך װײס נישט פאַרװאָס, האָב איך אױסגעװײלט בלױז אײנעם, כדי אים צו באַדינען מיט מײַן פּען. עס איז דװקא דער װאַקס־טער און פאַרבנאָרעמסטער מענטש. עס איז דװקא אױך דער װאָס איז געװען צום װײַטסטן פון מײַן פרײַנט. אין אַ װינקל פונם צװײטן עק זאַל איז ער געלעגן. ער האָט אין די געשפּרעכן נישט אָנטײלגענומען. ער האָט נישט שפּאַצירט אױפן זאַל. זײַנע בײדע פיס האָבן אים געפעלט. אָבער אַזױ װי ער פלעגט שטענדיק זיצן אין בעט, װאָלט איך דאָס נישט געװאוסט, װען מײַן פרײַנט װאָלט עס מיר נישט דערצײלט. צום „בילד״ אַלזאָ האָבן זײַנע פיס מיר נישט געפעלט. װאָס עס האָט געפעלט, איז זײַן שטימע, זײַן מענטשלעך קול. לײדנדיק פון אַן אַפּאָפּלעקציע, האָט דער אָרעמער איטאַליענער פאַרלױרן זײַן פעאיקײט צו רעדן.

עס קומט צו אים יעדן טאָג זײַן אַלטע פרױ. מען זעט אַז זײ האָבן זײער לעבן פאַרבראַכט אין שטילע טעג און נעכט. אַז עס האָט צװישן דאָזיקן אָדם און חוה געהערשט שלום. װאָרעם זי װערט נישט מיד צו קומען צו אים יעדן טאָג. מיט אירע אַלטע הענט גלעט זי אים אי־בערן קאָפּ, איבערן פּנים. זי גלעט אים שנעל און זי קושט אים װי אַ יונגע, פאַרליבטע פרױ קושט לײדנשאַפטלעך אַ מאַן. זי רעדט און אים אַרײַן מיט גרױס ליבשאַפט. זי רעדט צו אים װי אין די ערשטע טעג פון זײער ליבע. זי דערצײלט אים אַלץ װאָס איר האַרץ האָט צו דערצײלן. איר מאַן הערט אַלץ אױס, צװױנקט זיך יעדעס מאָל, ער װאָלט אַװדאי איר װעלן אָפּענטפערן. ער װאָלט װעלן איר דערצײלן אַלץ װאָס ער לעבט דאָ איבער. נאָר אױף אַלע אירע רײד האָט ער בלױז אײן װאָרט: מאַמאַ!

דאָס איז אַלץ װאָס עס איז אים געבליבן פון זײַן מענטשלעכן לשון. פון זײַן גאַנצן לעבנס־רעדן איז אים בלױז געבליבן דאָס דאָזיקע אײנציקע װאָרט. ער חזרט עס איבער צו זײַן פרױ הונדערטער מאָל, װי פּאָוס ביזאַרע ראַב האָט בלױז אײן לײטמאָטיװ. װי דער פּאָפּוגײער פון דער כינעזישער באַלאַדע, אין דעם פאַבלהאַפטן פּאַלאַץ פונם קעניג. אַלע װײסן אַז דער איטאַליענער קומט פון אַ פאָלק װאָס האָט אַ רײַכע שפּראַך. אױף איטאַליעניש האָט דער מײַסטער פּעטראַרקע געשריבן די שענסטע ליבע־סאָנעטן צו לאַורא. ס׳האָט דאַנטע בעאַ־טריטשען באַזונגען אױף איטאַליעניש, צו להכעיס די לאַטײנישע און גריכישע געלערנטע. ס׳האָבן טאַסאָ און אַריאָסטאָ פאַרפאַסט עפּישע פּאָעמען װעגן פאַרגאַנגענע צײַטן אױף איטאַליעניש. ס׳האָט באָקאַטשיאָ דערצײלט רײצנדע מעשהלעך אַזעלכע, װעלכע האָבן נאָך איצט טױזנט טעם. און נישט קײן קלענערער שפּראַך־מײַסטער װי ד׳ אַנונציאָ האָט אױף איטאַליעניש געשריבן זײַנע לײדנשאַפטלעכע ראָמאַנען. דזשיאַקאָמאָ לעאָפּאַרדי, דער זײַנזאַמער, אַריסטאָקראַטישער הױקער,

האָט אין די נייע צייטן באַקלאָגט דעם גורל פון מענטש אויף איטאַ־ליעניש לשון. דער אָרעמער, שטומער פּאַציענט קומט פון אַ לאַנד פון גרויס קולטור און ראַפינירטן אויסדרוק אין אַלע פאָרמען פון קונסט. נאָר רעד און טו אַז עס איז פאַרט ביי אים די איטאַליענישע שפּראַך פון ווערדי און ראָסיני רעדוצירט געוואָרן צו איין וואָרט, וואָס ער האָט פון ים פון ווערטער קוים געראַטעוועט בשעת זיין אומ־גליק. דאָס איינע ציטערדיקע וואָרט: מאַמאַ!

ווען ער באַדאַרף עפּעס פון דער קראַנקנשוועסטער; ווען ער בעט אַ ביסל מעדיצין אָדער שלאָף־מיטלען; ווען ער באַדאַרף אַ ביסל פרישע וואַסער; ווען אים טוט שרעקלעך וויי אין די טויטע פיס וואָס ער האָט נישט מער; דעמאָלט שרייט ער, קראַקעט ער אַרויס ווי אַ וואָראָנע פונם הייזעריקן גאָרגל: מאַמאַ!

ווען עס קומט אָן דער דאָקטאָר; און דער דאָקטאָר שמייכלט צו אים מיט סימפּאַטיע; ער פרעגט אים ווי ער פילט; דער צו קינד געוואָרענער מאַן וואָלט וועלן פרעגן דעם דאָקטאָר, פונקט ווי די אַנדערע פּאַציענטן:

וואָס ווייזט די עקס־רעי? וועל איך נאָך פון דאַנען אַרויסגיין אַ „גאַנצער"? זיינען נאָך אַ סך טעג און וואָכן פאַר מיר אָנגעגרייט פון דער אייביקייט? ווארעם צייט איז דאָך פאַראַן גענוג אין דעם ים פון אייביקייט. און אַ פּאָר יאָר פאַר אַן אַלטן מאַן, וואָס האָט אין זיין לעבן שווער געאַרבעט, מאַכט אָסור אויס אין גאָטס מעכטיקער באַנק פון גאָלד־צייט... נאָר גיי און פרעג ווען דאָס קרומע מויל קען קוים אויסרעדן צום דאָקטאָר איין וואָרט: מאַמאַ!

אַמאָל ברענגט מיט אַ קרובה אַ קליין קינד. דאָס קינד דרייט זיך פריילעך אַרום דעם אַלטן זיידן. און ס'רעדט צו אים מיט זיינע קינ־דישע רייד. עס פרעגט אים פראַגן. נאָר דער זיידע, נאָך זיבעציק יאָר רעדן, קען בלויז זאָגן צום קינד דאָס סאַמע ערשטע וואָרט, מיט וועלכן ער האָט זיינע ליפּן צום ערשטן מאָל געעפנט פון זיין וויגל אויס — דאָס איינע וואָרט: מאַמאַ!

דאָס קינד וואונדערט זיך און פרייט זיך: דער גרויסער זיידע איז אויך אַ קינד ווי ער... און ער רעדט פונקט ווי ער זיין רייכע שפּראַך... וואָסאָראַ מאָדנע, אַלט און פינצטער קינד דאָס איז.

ביים פענצטער שטייט גאָלדן די פולע לבנה. אַלטער מאַן זיצט אין בעט, געבויגן ווי אין תפילה. עס ברעכט זיך אָפּ אַ דעריינערונג פון דער קינדהייט אין זיין אַרטעריאָ־סקלעראָזישן מוח. עס קומט עפּעס אַ ווייט ליד אין האַרץ אַריין. אַ מעלאָדיע גייט ערגעץ אַראָפּ פון אַ גיטאַרע. די שטילע געגנט ביי סאָרענטאָ ציטערט אויף אַזוי ווי אַ נאָך פייכט־געמאָלענע לאַנדשאַפט. עס ווילט זיך אין אַזאַ מאָמענט שמייכלען און אויסרעדן אַ וואָרט צום נאָענטסטן שכן אינם הויכן, אייזערנעם בעט. נישט איין וואָרט — נאָר טויזנט ווערטער, אַ מבול פון רייד ווילט זיך אַרויסברעכן פון פאַרוואונדעטן האַרצן. נאָר גיי און רעד ווען די ליפּן קענען בלויז מורמלען דאָס איינע וואָרט: מאַמאַ!

און אפשר, אַלטער מאַן, איז עס טאַקע דאָס ריכטיקע וואָרט

וואָס איז דיר פֿאַרבליבן פֿון דיין רייכן לשון. די שפּראַך האָט ניט נאָך אַזאַ טייער וואָרט אין איר דיקסטן ווערטערבוך. ס׳האָט „וועבסטערס״ אַפֿילו נישט קיין גרעסער וואָרט. און אפֿשר האָט אויך נישט די גאַנצע וועלט־דיכטונג קיין שענער וואָרט. און אפֿשר רעדט גאָר דער צע־בראָכענער זקן צו דער גאַנצער וועלט איצט אין וואָרט — אין געט־לעך וואָרט — איידער עס ווערט אין דער וועלט צו שפּעט. אפֿשר רעדט אַ שטומער נביא מיט זיין געליימטער צונג דאָס גרעסטע וואָרט פֿון אַלע ציטן. אפֿשר וואָרנט ער די פֿעלקער. אפֿשר דערמאָנט ער צו די שטאַטסמענער. אפֿשר ווענדט ער זיך צו סדום. געוואַלט, מענטשן, באַרעכנט זיך. איר קומט אַלע פֿון צערטלעכע מוטערס. איר זענט אַלע פֿון דעם פֿייער פֿון ליבשאַפֿט געבוירן. איר זענט אַלע קינדער פֿון איין גאָט. געוואַלט, דערמאָנט אייך אייערע קינדער־יאָרן, זייט מענטש־לעכער און פּשוטער. לאָזט נישט דער מענטשהייטס האַרץ און הענט זיך אָפּבריען פֿון אייערע טייוולישע אַטאָמען. איך רוף צו אייך, פֿעל־קער, באַדענקט זיך, איך דערמאָן אייך אין אייערע ערשטע ווערטער, ווען איר זענט געווען זייער קליין: מאַמאַ!

נאָר קיינער קוקט ניט אויף אים. ווער האָט עס אין זינען אין דעם דאָזיקן וועלטן־ווירבל אַן אַלטן מאַן, וואָס האָט שוין נישט קיין פּיס אַפֿילו כדי מיט „איין פֿוס צו שטיין אין קבר״. ווער איז פֿאַראינטערע־סירט אין עפּעס אַ שטומען מענטשלעכן פֿויגל וואָס האָט נישט קיין צונג אין מויל און נישט קיין פֿעדערן אויפֿן קראַנקן לייב, וואָס יאָמערט פֿון אַ ווינקל פֿון שפּיטאָל אויס יעדער ווילע זיין איין־און־איינציק מענטשנוואָרט: מאַמאַ!

נאָר די איינציקע, די געבויגענע „מאַמאַ״, זיין פֿרוי, וואָס איז אַן אמתע מוטער צו אים, קומט יעדן טאָג צו איר מאַן, און אין גרויסן אומגליק האָט ער אַלע ווערטער פֿאַרלוירן — נאָר אין שטומער, אין געוואַלטיקער דאַנקבאַרקייט האָט דער מענטשנזון איין וואָרט פֿון אַלע זיבעציק לשונות פֿאַר איר געראַטעוועט — דאָס איינע וואָרט מיט וואָס איר אויסדריקן די לעצטע, טיפֿע דאַנקבאַרקייט פֿון אַ געפֿאַלענעם מענטשנקינד. ער האָט דעם טייוול פֿון צעשטערונג, ווען ער האָט אים מיט דער אייזערנער האַנט געשלאָגן איבערן קאָפּ, נישט געלאָזן צוזרויבן ביי אים דאָס לעצטע, דאָס טייערסטע וואָרט, וואָס ער טראָגט פֿאַטעטיש און מיט עקשנות אין זיינע ציין — דאָס וואָרט וואָס אדם האָט נישט באַזעסן אָבער וועלכן דער לעצטער מענטש פֿון דער ערד וועט שטאַרבנדיק מורמלען: מאַמאַ!

# לזאַסאַן־סטאַדיום

ווי כוואַליעס טינט פאַלט צו די נאַכט איבער אַלעמענס פּנימער. פּערציק טויזנט מיידלשע און מענערישע אויגן זענען פאַרכישופט אין דעם צויבער פון אַ סימפאָניע. וואָסער געט־לעכער זיווּוג דאָס איז: רויִם און מוזיק. עס איז ווי מוזיק וואָלט אויפגעריסן די שטילקייט פון דעם אוניווערס. מענטש־לעכע גאונות ברעכט אויף די געטלעכע מאַנאָטאָניע פון רוים. דאָ שטראַלט די יוגנט אין ליבע און ענטוזיאַזם. אין מיר וועקן זיך אויף רעמיניסצענצן פון אַטען. אַ גריכיש פּובליקום זיצט אין שטומען, דערהויבענעם שווייגן. מען קען זען די פּנימער פון אַריסטאָפאַנעס און סאָקראַטעס. צווישן די מאַרמאָרנע זיילן זע איך גריכישע שטאַטסמענער. די לבנה, אַ פרוי אין אַ רויט קלייד, הערט זיך אויפמערקזאַם צו מיט איר גאָלדענעם אויער צו דער מוזיק פון וואָרט.

דער קאָסמאָס האָט דרך־ארץ פאַרן מעכטיקן אויסשאַל, פאַרן שטאָלצן, מענטשלעכן האַרץ...

# נעגער - פאַמיליע.

זיי האָבן אויסגעשפּרייט אַ קאָלדרע אַ ברייטע אַזוי ווי אַ גרינע לאָנקע. ס'האָבן זיך אַוועקגעלייגט מאַן און ווייב, די־זיקע, הויכע, מיט ערדיש־קערנדיקע פּנימער. און צווישן זיי — זייער טעכטערל דאָס טונקעלע. מיר איז געפעלן די רו צווישן דער שוואַרצער אדם און חוה. די שטילקייט, וואָס האָט צווישן זיי געהערשט; ווי אַ האַרפע פון אַלט־גאָלד איז צווישן זיי געשטאַנען די שוואַרצע טאָכטער. אַמאָל האָט דער שוואַר־צער טאַטע באַרירט מיט טיפער פרייד די סטרונעס פון דער לעבעדיקער, גאָלדיקער האַרפע, אַמאָל האָט מוטער אויפגעצי־טערט מיט געבעט איבער די גאָלדענע סטרונעס פון איר קינד. דאָס קינד איז געווען זייער תנ"ך, זייער אָנגעצונדענער תהי־לים פון שוואַרצן פייער. זיי האָבן בײדע געטריי געזאָגט תהי־לים. אַרום דער גוטער פאַמיליע האָבן געטאַנצט די וועווערי־קעס, די טויבן, טונקל ווי טינט, וואָס האָבן אין דער שווערער היץ געהאַלטן אָפּן די שנאָבלען. ס'האָט פון אַלע זאַכן גע־ווייעט מיט ביבלישער פּשטות.

# יונגע פרוי.

אין דער האַרבסטיקער אַלייע גייט אַ יונגע פרוי. דו וואָלסט שווערן: זי איז אַרויסגעגאַנגען פון לעאָנאַרדאָ דאַ ווינטשיס אַ מאָלעריי. איר שמייכל, איר גראַציע, איז ווי פון דאַ ווינטשיס אַן איידעלער מאַדאָנע. זי גייט מיטן שטילן וועג, אין אַ וואָאַל פאַרהילט. בלעטער פאַלן ווי גאָלדענע מטבעות אויף איר וועג, אויף איר איינזאַמען וועג.

***

מיט פרילינג דיר איך אָן דיינע בריסט,
מיט פינגער דינער ווי זייד.
אָ, געליבטע! איך נעם דיך אַרום ווי דער הימל
נעמט אַרום די לבנה.
איך קעם דיינע כוואַליעס שוואַרצע האָר
מיט ווינט וואָס האָט לופטיקע ציין,
זילבערנע ציינדלעך.
איך קעם צו דיינע האָר מיט די כוואַליעס
פון מיין קינדישן טייך.
איך וואַש דיינע פיס מיט טוי פון גראָזן,
מיט דער בריליאַנטענער ראָסע פון באַגינען,
פון די פעלדער פון מיין קינדהייט,
פון די וועלדער פון מיין גרינער קינדהייט.
איך גיי באָרפוס אַרום דיר,
דאָס לעדער פון מיינע שיך
ליגט נאָך ברוין אויפן לעבעדיקן פערד
אויף וועלכן דער טאַטע זעצט מיך רייטן.
טייערע! ביי די גרעסטע ליבע־דיכטער,
ביי סאַפאָ און פעטראַרק און קאַמאָענס
לערן איך זיך דעם כישוף פון וואָרט
און איך פרוּוו דיר סערווירן מיין ליד
אויפן טעלער פון דער לבנה —
פון דער טיפעניש פון מיין האַרץ.

טייערע, איך ניי דיר אויף אַ פּאָר שיך
פון דעם גאָוגענישן געל פון האַאיטי־לאַנדשאַפט.
איך שנייד דיר אויס אַ זיידענע העמד
פון דעם פייערפאַרשפּריצטן זון־אונטערגאַנג.
פון די בלעטער פון דער טיפעניש פון אורוועלדער
שער איך אויס פאַר דיר דאָס קלייד
וואָס דו טראָגסט ווי אַ קעניגין אין מיין ליד.
אָ גאָט, איך בעט דיך צו מאַכן רעגענען
כדי איך זאָל דיך, געליבטע, אויפהייבן איבער די שטראַליקע טייכלעך
פון אויסגעריבענע טראָטואַרן
און איך זאָל דיך אַדורכטראָגן דורך די געפערלעכע אָפּגרונטן
אַזוי ווי אַ פויגל טראָגט אין זיין שנאָבל דעם גרינעם בלאַט
כדי צו בויען זיין וווּנדערלעכע נעסט.

טייערע, דו פילסט אוודאי דאָס צערטלעכקייט פון ליד.
ס׳האָבן צוויי פרויען — דו און דער בריליאַנג —
עס אויפגעוועקט אין דעם הארצנס, בראַנדזענעם גלאָק.
איך האָב דאָס וואָרט פאַרן ליד געוואַשן
אין דעם פייער פון מיין בלוט,
אין דעם גרויסן זון־אויפגאַנג פון דער וועלט.
איך האָב מיט טויזנט לאַנגע שווערטן אויסגעשניצט מיין וואָרט
און כ׳האָב דאָס געפוצט אין שוימיקע ניאַגאַרא־פאַלס.
כ׳האָב פאַר דיר פון דעם זייד פון וואָלקנס
אָפּגעבראָכן דאָס בראַנדזענע וואָרט.
כ׳בין געגאַנגען דורך זיבן פייערן און דורך זיבן שנייען
און כ׳האָב פון הימל צוגעגנבעט ווערטער
כדי צו קאָנסטרואירן פאַר דיר דאָס מענטשלעכע ליד
פון ריינער ליבע.

איך סערוויר עס דיר מיט פינצטערן טינט אויף פאַפיר,
מיט פאַרבנבלוט פון האַרץ,
מיט זון־אונטערגאַנג פון מיין בלוט.
נאָר ס׳איז פאַרשריבן נאָך טיפער —
ס׳איז אויסגעקריצט אין מיין עקזיסטענץ,
ס׳איז מיט פלאַמען־אותיות —
אין מאַנוסקריפּט פון דער אייביקייט פאַרשריבן. —

ניו־יאָרק, 23 מערץ, 1954



# דאָס קליינע ליד

דו קומסט דו באַטרעטסט די שוועל פון הויז
דו ברענגסט מיט ברויט מיט קעז מיט פוטער
דיינע קליידער שמעקן מיט טיי און מיט רויז
און צערטלעכקייט ברענגסטו ווי א מוטער

דו קומסט מיט די שטראַלן פון דער זון צוגיין
דו רעדסט צו מיר אַזוי ווי א פלייט
דו טוסט זיך אויס בלייבסט נאַקעט שטיין
א מלאך א זילבערנע קאָלדרע שפרייט

דו זאָגסט לאָז אָפן די פענצטער דאָ
די וואָלקנס זאָלן אונז אַנרירן פריי
דו זאָגסט דיין הימל ער שמעקט מיט בלאָ
אָ דו געליבטע דו שמעקסט מיט היי

דו קומסט דו גייסט כ'בלייב זיצן אַליין
פון דער זון ס'איז אַלץ געוואָרן געל
אין דער שמאָלער פלאַש פלאַמט דער ווין
דיין פנים בליט אין א פאַסטעל

ניו־יאָרק, 23 מערץ, 1954



## דיך האָט גאָט אויף מיין האָריזאָנט אויפגעשריבן

וועז אין ליב דיך — האָב איך מורא כ'זאָל דיך נישט צעברעכן.
וואָרים דו ביסט צאַרטער ווי א כינעזיש וואַזע.
כ'האָב מורא כ'זאָל מיט מיין נעגל־שטאָל נישט צע־אַצן
דיין ליב וואָס איז ליכטיקער ווי גאָלדענער טאַו.
דיך גענים איך ווי א ברוט — נאָר ס'פלאַצן אין מיר
שטראָמען דיקע כוואַליעס מיט צערטלעכקייט.
דיינע אויגן קוש איך — שוואַרצע ווי די סאַזעס
ווען דאָס לבנה מעסער אויפן הימל־פאַסטעך שטייט.
ס'האָט אין סאָנעטן שעקספיר שוין געשריבן יענע ווערטער
וועגן צייט וואָס גריזשעט מיט איר מויל פון בליי
די פאָרם פון דער אויסדער־ווייל־טער. כ'האָב מורא דיך צו גלעטן
ס'זאָלן מיינע הענט נישט שפּרייטן שאָטנדיקן גרויל
אויך איבער דיר. אָבער, זיי ווייסן, ווי אַן אייביקע מאָדעל
ביסטו אין מיין זכרון געטלעך שטיין געבליבן.
אומצעשיידבאַר איבער צייט מיר שוועבן פעסט געאָרעמט.
ס'האָט גאָט דיך אויף מיין האָריזאָנט אָנגעשריבן.

ניו־יאָרק, 8 פעברואַר, 1954



# אינהאַלט:



* * *

מיט האַרציקן דאַנק צו די חשובע אידישע קינסטלער פאַרצייכן איך די רשימה פון זייערע אָר־גינעלע צייכנונגען:



* * *

# ביכער פון ש. טענענבוים

---

„עאופאַריאַן"

פּאָעמע, אַנטווערפּן, 1931.

„ביי דער וועלט צו גאַסט"

רעפּאָרטאַזשן און דערציילונגען, וואַרשע, 1937.

„דער ספינקס"

נאָוועלע, שיקאַגאָ, 1938.

„קינדער פון דער זון"

עסייען, מעקסיקאָ סיטי, 1942.

„גאָלד און זשאַווער"

דערציילונגען, מעקסיקאָ סיטי, 1943.

„די שריפט אויפן האָריזאָנט"

דערציילונגען און עסייען, ניו-יאָרק, 1947.

„שניט פון מיין פעלד"

עסייען, דערציילונגען און מיניאַטורן, ניו־יאָרק, 1949.

„אין גאָט'ס געשטאַלט"

מיניאַטורן, ניו־יאָרק, 1951.

„אַ האַנט פאַרשרייבט".

מיניאַטורן, ניו־יאָרק, 1953

„דיכטער און דורות".

עסייען, ניו־יאָרק, 1955